# גריגאָרי גערשוני

## זיין לעבען און טעטיגקייט

רעדאַקטירט פון

**וויקטאָר טשערנאָוו**

ארויסגעגעבען פון

גריגאָרי גערשוני סאָצ. רעוו. בר. 247 ארבייטער רינג

ניו יארק, 1934

# אינהאַלט



## פון גערשוני'ן אליין:

# פאָרוואָרט פון די ארויסגעבער

(1933—1908)

דער זאַמלבוך „גריגאָרי גערשוני" איז אַ יובילעאום און מעמאָריאַל אויסגאַבע צוגלייך.

אונזער ברענטש 247 אַרבייטער רינג האָט זיך געגרינדעט אין יאָהר 1908 און מיר האָבען אויסגעקליבען אַלס דעם פּאַסיגסטען אופן צו פייערען דעם 25־יאָהריגען יובילעאום פון אונזער טעטיגקייט ארויסצוגעבען אַ זאַמעלבוך געווידמעט דעם אַנדענקען פון דעם גרויסען רעוואָלוציאָנערען טוער, גריגאָרי גערשוני, וועלכער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1908, און וועמעס נאָמען אונזער ברענטש האָט די עהרע צו טראָגען.

די לעזער, וועלכע האָבען געלעבט אין יענער צייט, ווען גערשוני איז געווען טעטיג, נויטיגען זיך געוויס ניט אין קיין דערקלערונג פאַרוואָס א אידישע ארבייטער־אָרגאַניזאציע, וועמענס מיטגלידער האָבען דאָס רוב געהערט צו דער זעלבער פאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, וואָס איהר גלענצענדיגסטער פאַרטרעטער איז געווען גריגאָרי גערשוני, האָט דאמאָלסט אויפגענומען אָט דעם נאָמען, און פאַרוואָס אויך איצט איז די פייערונג פון איהר יובילעאום קודם כל פאַרבונדען מיט גערשוני׳ס אָנדענקען. זיי ווייסען און פאַרשטעהען עס. די אינגערע אָבער, די פאַר וועמען גערשוני און זיין צייט, די קאַמפען און די שטימונגען פון יענער צייט, זיינען נישט מעהר ווי אַ קאַפּיטעל געשיכטע, זיי נויטיגען זיך אין א קורצער דערקלערונג, וואָס מיר באַצוועקען מיט דעם בוך. מיר וואָלטען וועלען, אז יענער קאַפּיטעל געשיכטע זאָל זיי ווערן נאָהענט און טייער און פארשטארקען אין זיי די סאָלידאריטעט מיט די פריהערדיגע דורות פון קעמפער פאר פרייהייט און גערעכטיגקייט.

דער אַרבייטער רינג, אַחוץ זיין אויפגאַבע פון גענענזייטיגער מאַטעריעלער הילף, איז גייסטיג אן אָרגאַנישער טייל פון דער באפרייאונגס־באַוועגונג פון דעם אידישען ארבייטער־קלאס דאָ אין לאנד, האָט אויף זיין פאָהן אָנגעשריבען די אידעאלען פון סאָציאַליזם און פרייהייט. אונזער ברענטש איז דורכגעדרונגען מיט דעם זעלביגען גייסט, און אלס סימבאָל פון טרייער איבערגעבענקייט צו די אלגעמיינע פרינציפען פון סאָציאליסטישער ארבייטער־קאמף זאָל דינען דער נאָמען גרעגאָרי גערשוני,

דער גרויסער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער, דער רוסיש־אידישער קעמפער פאַר פרייהייט.

דער אינטערנאַציאָנאַליסטישער גייסט איז ביי אונז, אידישע אַרבייטער, שטאַרק אַנטוויקעלט. מיר אינטערעסירען זיך מיט דער אַרבייטער־באַוועגונג פון אַלע פעלקער און אַלע לענדער, אָבער גאָר אַ באַזונדער פלאַץ פאַרנעמט רוסלאַנד אין אונזערע הערצער. און דער גרונט פאַר אָט דער באַזונדער אינטימער באַציהונג פון דעם אידישען אַרבייטער צו דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איז אַ טיפער און בלוטיגער. עס איז געווען אויפ'ן רוסישען באָדען וואו עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע און אַ זעהר וויכטיגע פאַזע אין דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק, די אַנטשטעהונג ווי אַ מאַסען־באַוועגונג פון אַ אידישען קאַמף פאַר סאָציאַליזם און פרייהייט. די קרבנות, וואָס אונזערע אידישע ברידער האָבען געבראַכט אויפ'ן מזבח פון רוסלאַנד'ס באַפרייאונג, האָבען אויסגעשמידט דעם בונד צווישען אונז און דער רוסישער רעוואָלוציע. און דער גרעסטער קעמפער און דער ריינסטער קרבן וואָס מיר האָבען איהר געגעבען, איז ג ר י ג אָ ר י  ג ע ר ש ו נ י.

גערשוני, דער גרויסער רעוואָלוציאָנער, איז אויך געווען אַ באַוואוסט־זיניגער און שטאָלצער איד. אין דר. זשיטלאָווסקי'ס זכרונות וועט דער לעזער געפינען ווי טיף גערשוני האָט געפילט זיין חוב צו דינען דעם אידישען פאָלק. די וואָס האָבען איהם נאָהענט געקענט ווייסען וויפיל אידישעס עס איז געווען אין זיינע אינטימע געפיהלען און איבערלעבונגען. איניגע שטעלען פון אָט דעם בוך שילדערען, ווי שטאָלץ ער איז גע־שטאַנען אַנטקעגען דעם שונא אַלס איד, באַהערשט פון די הויכע מאָראַ־לישע פאָדערונגען וואָס זיין אידישקייט שטעלט צו איהם. די גאַנצע גרויס־קייט פון אידישען דורות־לאַנגען שטרעבען צו יושר און גערעכטיגקייט איז געווען פאַרקערפערט אין איהם, און דאָס האָט איהם געמאַכט פאַר דעם גרעסטען פאָרשטעהער פון דעם נייעם אידישען קאַמף־גייסט.

זיין באַזוך דאָ אין לאַנד, אויפ'ן וועג פון סיביר איבער יאַפאַן דורך אמעריקא צוריק צום קאמף־פעלד אין רוסלאַנד, האָט איהם דערנעהנטערט צו דער הינער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג. ער האָט זיך דאָ פארהאַלטען בלויז עטליכע וואָכען — שטורמישע און העכסט דערפאָלגרייכע עטליכע וואָכען אין פראָפאַגאַנדע און געלט־זאַמלונג פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע. אָבער פאַר די אידישע מאַסען דאָ זיינען יענע וואָכען געווען אַ צייט פון אויסערגעוועהנ־ליכע איבערלעבונגען וואָס ווערען קיינמאָל נישט פאַרגעסען. עס איז געווען ווי ער וואָלט אין זיין פערזאָן מיטגעבראכט גליהענדע פונקען פון דעם רוס־לענדישען רעוואָלוציאָנערען בראַנד און דערמיט אָנגעצונדען די הערצער פון די טויזענטער וואָס זיינען געלאָפען איהם זעהן און הערען. אויף איהם אַליין האָט געמאַכט אַ שטאַרקען רושם דער גייסטיגער בונד, וואָס ער האָט דאָ געפונען צווישען די אידישע אַרבייטער אין אַמעריקא און דעם רעוואָ־לוציאָנערען רוסלאַנד. דאָס האָט איהם איבערראַשט גלייך ביי זיין אָנקומען

אין לאַנד, ביי זיין ערשטער באגעגעניש מיט'ן אידישען עולם אין סאַן־פראַנציסקאָ, און וואָס ווייטער אַלץ מעהר ביז זיין אָפּפאָהרען פון ניו יאָרק. דאָ האָט זיך אַנטפּלעקט אַ נייער טאַלאַנט אין זיין אַזוי אויך רייכער פּערזענ־ליכקייט. דער קאָנספּיראַטאָר, דער אָרגאַניזאַטאָר פון געהיימע קרייזען, דער אונטערערדישער פאַרשווערער, דער טעראָריסט, האָט דאָ זיך פאַנאַנדערגעבליהט אין אַ פאָלקס־רעדנער, וואָס האָט געריהרט די הערצער פון טויזענטער מיט זיין מעכטיגען וואָרט!

*
**

כדי ארויסצוברענגען מיט דער נויטיגער פולקייט די ליכטיגע געשטאַלט פון גריגאָרי גערשוני אַלס מענש און קעמפער, האָט אונזער ברענטש זיך געמיהט צוצוציהען אלס מיטארבייטער א צאָהל מענשען, וועלכע האָבען איהם געקענט אין פארשיידענע צייטען פון זיין טעטיגקייט און אונ־טער פאַרשיידענע אומשטענדען. מיר האָבען אַ ביאָגראַפישע נאָטיץ פון גריגאָרי גערשוני, געשריבען פון זיין ברודער דר. וו. א. גערשוני. „באַבושקא“ ברעשקאָווסקאַיאַ שרייבט וועגען איהר ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט גערשוני'ן אין רעוואָלוציאָנערער אַרבייט. וויקטאָר טשערנאָוו, זיין נאָהענטסטער פריינד און פיהרער פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, פון וועלכער ער איז צוזאַמען מיט גערשוני'ן געוועזן דער גרינדער, גיט אַ גרינדליכע אָפּשאַצונג פון גערשוני'ן. דר. זשיטלאָווסקי, מענדעל ראָזענבאַום און נ. רוסאַנאָוו גיבען אַ פולע כאַראַקטעריסטיק פון איהם אַלס מענש, אַלס רעוואָ־לוציאָנער און אלס איד. י. לאַזאַרעוו און וו. זענזינאָוו באשרייבען זיינע העלדישע רעוואָלוציאָנערע אויפטואונגען. אונז איז אויך געלונגען צו געבען די לעזער אַ ברייטע און טיפע אָפּהאַנדלונג וועגען דער טעאָריע און טאַקטיק פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, געשריבען פון א. דאַליעוו.

וועגען גערשוני'ס אַמעריקאַנער טעטיגקייט איז דאָ אַן אינטערעסאנטער ארטיקעל פון אב. קאהאן. ערינערונגען פון היגע פארטיי־טוער, איבער־געגעבען דורך אלטער עפּשטיין.

צו לעצט און צום ליבסטען וועט דער לעזער געפינען דעם געטרייסטען בילד פון גערשוני'ס רייכען נשמה־לעבען אין זיינע אייגענע רעדעס, שריפ־טען און בריוו צו זיינע חברים. דיזע רעדעס, בריוו און שריפטען זיינען אזוי הארציג, ליב און טייער וויל זיי ברענגען ארויס אונמיטעלבאַר גערשוני'ן אין זיין גאַנצער גרויסקייט אַלס מענש, דענקער, פיהרער און רעוואָלוציאָנער.

*
**

דער הויפּט רעדאַקטאָר פון בוך איז וויקטאָר טשערנאָוו. דער סעק־רעטאר פון דער רעדאַקציע איז א. גורוויטש. די רעדאַקציע פון דעם אידישען טעקסט איז דורכגעפיהרט געוואָרען טיילווייז פון דעם ניט־לאַנג פארשטאָרבענעם א. ליטוואַק און מעהרסטענטיילס פון דר. י. א. מעריסאָן.

די איבערזעצונגען פון רוסיש זיינען געמאַכט געוואָרען פון מנחם (באַ־רווישא), ב. ריווקין און דר. י. א. מעריסאָן. דר. ח. זשיטלאָווסקי האָט פיל מיטגעהאָלפען אַלס ראַטגעבער בנוגע רעדאַקציאָנעלע ענינים. די אַרויס־געבער דריקען אויס זייער דאַנקבאַרקייט צו די חברים מ. ל. סלאָנים און וו. מ. זענזינאָוו פאַר זייער הילף אין באַקומען פאַרשיידענע מאַטעריאַלען פאַר דעם בוך, און מ. מונוועז פאַר זיין ווערטפולער טעכנישער און אָרגאַ־ניזאַציאָנעלער אַרבייט.

דער בוך־קאָמיטעט פון ברענטש איז באַשטאַנען פון די פריינד א. גור־וויטש, נ. הענדעלמאַן, ג. זלאַטין, ע. ליפשיץ, מ. מונוועז, ח. מוראַוושיק, ה. סלוצקי, מ. פאַליי, מ. פערדער און מ. קאַווינסקי. אין באַראַטונגס־קאָמיטעט האָבען זיך געפונען די פריינד דר. י. א. מעריסאָן, י. ווייגבערג, י. באַסקין, פּ. געליבטער, נ. כאַנין און דער פאַרשטאָרבענער א. ליטוואַק.

די אַלע דערמאָנטע פאַרדינען אונזער הארציגסטען דאַנק.

**גריגאָרי גערשוני ס. ר. בר. 247 ארבייטער רינג.**

וויקטאָר טשערנאָוו

# גריגאָרי גערשוני.

פון די זכרונות פון זובאַטאָוו'ס גלענצענדסטען תלמיד, דעם „גענעראַל פון זשאַנדאַרמעריע" א. אי. ספּירידאָוויטש און פון דער קאָרעספּאָנדענץ פון באַריהמטען קעניג פון די פּאָליטישע געהיים־אַגענטען „יעווסטראַטקאַ" *) דערוויסען מיר זיך, ווי הויך די זעלבסט־הערשאַפט האָט געשאַצט אַזאַ שונא איהרען, ווי גריגאָרי אַנדרעיע־וויטש גערשוני. דער „אָדלער" אַליין — אַזוי האָט מען אין דער מיניסטערשער סביבה גערופען דעם אַלמעכטיגען הערשער פון יענער צייט, דעם אַלטען באַזיגער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וויאַטשעס־לאַוו קאָנסטאַנטינאָוויטש פּאָן־פּלעווע — איז געשפּרונגען פון דער הויט, פּאַרוואָס מ'האָט אַזוי לאַנג נישט געקענט כאַפּען דעם מענשען, וואָס האָט געקענט ווידער ברענגען צום לעבען דעם אָרגאַניזירטען טעראָריסטישען קאַמף, נאָכדעם ווי דער דאָזיגער מין קאַמף איז אַראָפּ פון דער פּאָליטישער סצענע צוזאַמען מיט'ן אומקום פון אַזעלכע מענשען ווי זשעליאַבאָוו, פּעראָווסקאַיאַ, קיבאַלטשיטש, אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, קוויאַטקאָווסקי און אַנדערע. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז פּלעווע האָט איינמאָל גערופען צו זיך זובאַטאָוו'ן און

---

*) אונטער דעם דאָזיגען צונאָמען איז אין אָנהויב פון זיין קאַריערע באַקאַנט געווען יעווסטראַטי פּאַוולאָוויטש מעדניקאָוו, אַ פּראָסטער פּאָליציאַנט (גאָראָדאָוואָי), וואָס האָט זיך אַרויפגעאַרבייט ביז צו דעם אַמט „נאַטשאַלניק פון דעם פליהענדיגען אָפּטייל", וואָס האָט איבער גאַנץ רוסלאַנד געזוכט און געניסטערט די רעוואָלוציאָנערע הידרע (אַ פאַנטאַסטישע שלאַנג מיט אַ סך קעפּ), און ענדליך איז ער געוואָרען „פאַרוואַלטער איבער דער גאַנצער אויסער־ליכער השגחה אין דער רוסישער אימפּעריע", אַ פּאָסטען, וואָס איז ספּעציעל פאַר איהם באַשאַפען געוואָרען. מ'האָט גערעכענט, אַז איהם שטעהט פאַר די הויכע שטעל פון וויצע מיניסטער פון אינערן צו פאַרוואַלטען איבער דער גאַנצער פּאָליטישער פּאָליציי. אָבער ער האָט זיך פון דער דאָזיגער שטעלע געמוזט אָפּזאָגען. אַפילו קיין וויצע־דירעקטאָר פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט האָט ער נִיט געקאָנט ווערען — צוליב דעם, וואָס, ווי ער אַליין האָט זיך מודה געווען, איז ער געווען צו ווענִיג „גראַמאָטנע" — אַ קראַנקהייט, פון וועלכער ער האָט זיך קיינמאָל נִיט אויסגעהיילט, אויך שפּעטער, בעת ער האָט זיך געהויבען איבער'ן לייטער פון זיין פּאָליציייִשער קאַריערע.

האט איהם דערקלערט: „געדענקט — איך שטעל אוועק אויף מיין טיש גערשוני'ס פאטאגראפיע און וועל זי נישט אראפנעמען ביז מ'וועט איהם נישט כאפען". נאך מעהר: דער צאר אליין האט צוגעזאגט „אפצוגילטען" יענעם, וואס וועט ארעסטירען גערשוני'ן און איהם באפרייען פון גערשוני־קאשמאר. ביז וואס־ווען האט מען אונטערגעטריבען דעם פליים פון די לאקאלע אכראנע־מאכערם און זשאנדארמען מיט א קלאנג וועגען א 15,000־רובעל באלוינונג פאר כאפען גערשוני'ן, און דער גרעסטער פראוואקאטאר פון יענער צייט האט זיך געדונגען מיט'ן פאליציי־דעפארטאמענט פאר גערשוני'ס קאפ און האט פארלאנגט פאר איהם 50,000 רובעל. דערווייל האט מען אין פארשיידענע ערטער ארעסטירט — צוליב אויבענ־אויפיגער עהנליכקייט — כלומר'שטע גערשוני'ס און מ'האט זיי דערנאך געמוזט ענטווישט ארויסלאזען. ביז א בלינדער צופאל האט ענדליך איבערגעגעבען אין די הענט פון דערמאנטען ספירידאָ־וויטש'ן א ידיעה אז גערשוני איז אנגעקומען קיין קיעוו. און מ'האט געדארפט זעהן וואס פאר א מאביליזאציע פון אלע איהרע באאמטע — די קאנצעלאריסטען איינגעשלאסען — די קיעווער אכראנע האט דעמאלט דורכגעפיהרט. מ'האט צייטווייליג אראפ־גענומען די אויפזיכט פון אלע אנדערע רעוואלוציאנערע ארגאניזא־ציעס. אלע קרעפטען זיינען אוועק בלויז אויף איין איינציגען שפור, אלע פארבארייטונגען זיינען געשטעלט געווארען אויף א מיליטע־רישען שניט (מ'האט אפילו דורכקאנטראלירט די נאגאנעס און בראונינגס). און ווען מ'האט זיך דערוואוסט, אז דער ארעסט איז געלונגען, האבען זיך די באאמטע פון אכראנע מיט די טוער פון דער פראקוראטור געווארפען איינער דעם אנדערען אויפ'ן האלז און זיך געקושט. די בעאמטע און דער גרעסטער בעל־שמחה, ספירידאָ־וויטש, האבען מיט גרוים דרך ארץ אויפגענומען די קאמפלימענטען און קושען אפילו פון אזעלכע פערזאנען ווי דער דעמאלטדיגער קיעווער גענעראל־גובערנאטאר, דער באריהמטער גענעראל דראגא־מיראוו. מ'האט אויך געדארפט זעהן ווי — נישט קוקענדיג אויף דעם וואס לויט א טעלעגראפישען באפעהל פון פעטערבורג האט מען גערשוני'ן גלייך געשמידט אין קייטען — אט דער זעלבער ספירידאָוויטש האט שפעטער קיין נעכט נישט געשלאפען, איהם האט נאכאנאנד געפייניגט א גרויסער שרעק: און טאמער אנטלויפט ער פארט? און ענדליך — וואס פאר א שמחות עס האבען זיך אנ־

געהויבען „גאָר אויבען״, וואָס פאַר א פייערונגען מיט שאַמפּאַניער, מיט באַגריסונגס־טעלעגראַמעס צום בר־מזל, וועלכער איז שיער נישט משוגע געוואָרען פון גליק, און וואָס פאַר א רייכער רעגען פון נאַגראַ־דעס, טשינעס און אָרדענס עס האָט זיך עס אויף איהם א גאָס געטאָן!

יאָ, די דינער פון דער זעלבסטהערשאַפט האָבען געהאַט אַלע גרונדען אויפצונעמען דעם דאָזיגען, פאַר זיי גליקליכען, טאָג, ווי א יום־טוב. זיי האָבען געהאַט גענוג פאַלען אָפּצושאַצען און באַזונדער צו פאַרצייכענען אין זייערע מעמואַרען און בריף די „טיפע איבער־צייגטקייט״ פון זייער שונא, זיין „אייזערנעם ווילען״, זיין „אויס־שליסליכע פעהיגקייט צו באַהערשען די מוחות און הערצער פון מענשען״ — א פעהיגקייט, אין וועלכער ס'האָט זיך זיי גע'חלום'ט אפילו עטוואָס פון שטן״...

לענין איז אריין אין דער געשיכטע מיט דער רעפּוטאַציע פון דעם סאַמע באַדייטענדסטען כאַראַקטער, פון דער פיגור מיט'ן שטאַר־קען ווילען, צווישען די טוער פון דער רעוואָלוציע. געוויס איז ער אין דעם פּרט געווען א פיגור פון אויסשליסליכען פאַרנעם. גערשוני איז נישט דערגאַנגען ביז'ן נצחון פון דער רעוואָלוציע און האָט ווייט נישט פאַנאַנדערגעוויקעלט אַלע זיינע פעהיגקייטען. אָבער אין פּרט פון ווילענס־קראַפט האַלט איך איהם פאַר א נאָך באַדייטענדערע פיגור ווי לענין.

וואָלט לענין געשטאָרבען אזוי ווי גערשוני ביים סוף פון דעם נישט־געראָטענעם פּראָלאָג פון דער רעוואָלוציע, ד. ה. נאָך דעם אויפריים פון 1905—1906, וואָלט ער אין בעסטען פאַל אריין אין דער געשיכטע מיט דער רעפּוטאַציע פון איינעם פון די פילע קריגע־רישע גלחים פון די רעוואָלוציאָנערע סעקטעס, א שאַפער פון אומ־צאָהליגע שפּאַלטונגען, קריגערייען און פּאָלעמיקעס, א העלד פון צווישן־פראַקציאָנעלע רייסערייען און מחלוקות, וועלכער מיינט, אז ער „מאַכט אָן א שטורעם אין די הימלען״ און אין דער אמת'ן פאַר'חידוש'ט ער בלויז זיין נעסט פון מוראשקעס. אזא שפּרונג פון א „מוראשקע־נעסט״ ביז דער ארענע פון א וועלט־פאַרנעם קאָן געמאַכט ווערען נאָר ווען עס קומען אָן די גרעסטע קריזיסען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט, די אמת'ע סאָציאַלע ערד־ציטער־נישען, פון וועלכע עס וואַרפען זיך אין קאָנוואולסיעס גאַנצע פעל־קער און לענדער. בלויז אין אזעלכע עפּאָכעס גלייכט זיך א פער־

זעגליכקייט אוים אין איהר גאַנצען וואוקס און וויקעלט פאַנאַנדער אין דער פולער מאָס אַלע כחות וואָס די נאַטור האָט איהר געשענקט. גערשוני האָט געלעבט און געאַרבייט אין דער אומדאַנקבאַרסטער צייט פאַר אַ היסטאָרישער פערזענליכקייט — אַ צייט פון נישט־אָנגעזעהענע, מאָלעקולאַרע פּראָצעסען, אַ צייט פון אונטערערדישער, באַהאַלטענער צוגרייטונגס־אַרבייט; אַ צייט פון וואָכעדיגער, פון שוואַרצער אַרבייט. פון דעם וואָס פאַר אַ כחות ער האָט אין אַזאַ צייט אַרויסגעוויזען, האָבען מיר אַ שוואַכע אָנדייטונג אויף דעם, צו וועלכע הויכען ער וואָלט דערגרייכט אין דער עפּאָכע פון העכסטען אויפשוואונג פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע...

אָבער אויך אָהן דעם בלייבט ער אַן אומגעוועהנליך־בולט'ע, אַן עכט אויסגעגאָסענע און מאָנומענטאַלע פיגור, וואָס פאַרקערפּערט אין זיך דעם „ערב־רעוואָלוציע". דאָס איז איהר „שטורם־אָנזאָגער".

ער דערמאָנט זיך מיר ווי אַ לעבעדיגע פאַרקערפּערונג פון איינגעצאַמטער, קאָנצענטרירטער, אין זיך פאַרגראָבענער קראַפט. אין טאָג־טעגליכען פאַרקער איז ער געווען קאַרג אויף ווערטער. ער פלעגט אָפט זיצען און אַרומגעהן פאַרזונקען אין זיינע אייגענע מחשבות. אויף זייטיגע האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון געוויסער איינגעשלאָסענקייט. זיין שטענדיגע זעלבסט־באַהערשונג, דער שטענדיגער געלאַסענער טאָן און די רוהיגע מאַסקע אויפ'ן פּנים האָבען פונדעסטוועגען קיינעם נישט געקענט אָפּנאַרען: ער האָט מיט גוואַלדיגער אינטענסיווקייט איבערגעלעבט אַן אמת'ן „שטורם אונטער'ן שאַרבען־דעקעל". זיין מה איז געווען פון גרויסען טעמפּעראַמענט, אַן אָנגעשטרענגטער, אַ ליידענשאַפטליכער. ער אַליין האָט עס געוואוסט, און האָט צייטענווייז ליב געהאַט איהם אָפּצוקיהלען מיט אַ לייכטער איראָניע, מאַכענדיג אַביסעל חוזק פון אונז אַלעמען און פון זיך אַליין אפילו אין די סאַמע דערהויבענסטע פּסיכאָלאָגישע מאָמענטען.

אין דער טיפעניש פון זיין נשמה איז גערשוני געווען דער גרעסטער ראָמאַנטיקער. אָבער ער האָט געלעבט און געאַרבייט אין אין אַן עפּאָכע, ווען ריידען אין אַ געהויבענעם סטיל פון אַ וויקטאָר הוגאָ וואָלט געווען לעכערליך. אין דער אמת'ן וואָלט אָבער גראָד אָט דער סטיל געווען אַם בעסטען צוגעפּאַסט צו זיין גייסטיגער געהויבענקייט. דאָס דראַמאַטישע אין דער רעוואָלוציע האָט ער איבערגעלעבט אויף אַזאַ אופן, אַז ווען ער זאָל דעם גרויסען כח פון

זיין גייסטיגער אויפלעבונג אויסדריקען אין די פאסיגע ווערטער וואָלט עס פאר אַלע זייטיגע אויסגעזעהן ווי א גוזמא, ווי אן אויפגעבלאָזענע מליצה. דערפון האָט זיך גענומען דאָס, וואָס קאַלטבלוטיגע און געמעסיגטע מענשען האָבען גאַנץ אָפט געהאַט טענות צו די אויסער־ליכע פאָרמען, אין וועלכע ער טוט אָן די טעראָריסטישע אַקטען, וואָס ער האָט אָרגאַניזירט. אָט די אויפשריפטען, וואָס זיינען אויס־גראַווירט געוואָרען אויף׳ן בראַונינג — „לויט אייערע מעשים וועט אייך באַצאָהלט ווערען״, אָדער „טויט דעם צאַרישען תליון און שונא פון פאָלק״ — האָבען אויף א סך מענשען געמאַכט דעם איינדרוק פון צופיל אויפגעבלאָזענע און דעקאָראַטיווע. איך געדענק — איך האָב אַליין געפאָדערט מעהר איינפאַכקייט, און באוויזען, אז אין פשוט׳קייט איז דאָ מעהר קראַפט. אָבער אָהן דער דאָזיגער ראָמאַנ־טישער דעקאָראַציע וואָלט גערשוני׳ן געפעהלט די האַרמאָניע צווישען פאָרם און אינהאַלט, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק געזוכט. פאַר איהם איז קיין איין וואָרט נישט געווען קיין „קלינגענדיגער קופער און הילכיגער צימבאַל״, פאַר איהם איז אין דעם אפילו ניט געווען קיין רמז אויף שווערע שרייענדיגע מליצה, אזוי נאַטירליך האָט זיך דאָס ביי איהם געריסען פון א האַרץ, וואָס איז פול געווען מיט מוטיגע אַקאָרדען פון קעמפערישען דראַנג און צאָרן.

גערשוני איז געגאַנגען צום נסיון פון טויט ווי צו א שמחה. דערמאָנט זיך ווי ער גיט איבער אין זיינע זכרונות די שטימונג פאַר׳ן געריכט:

„פאָראויס מאָלט זיך דער פּראָצעס — דער ערשטער גרויסער פּראָצעס פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. מ׳האָט צונויפגע־נומען א סך עולם און א גוטען עולם. אַלץ באַקאַנטע און פריינד. מיר וועלען „זיי״ ווייזען, ווי אזוי מען פיהרט מלחמה! מוטיג, פרעהליך קוקסטו פאָראויס. דער ערשטער פּראָצעס פאַר א רעוואָ־לוציאָנער — דאָס איז אזוי ווי דער ערשטער באַל פאַר א זעכצעהן־יאָהריג מיידעל. עס מאַכט נישט אויס וואָס דער ערשטער איז אָפט אויך דער לעצטער, וואָס נאָכדעם קומט די תליה: געהסט צום שלאַכט ווי צו א יום־טוב . . . ״

אין איהם האָט זיך געשאַפען יענע באַזונדערע שטימונג פון העכערער געהויבענקייט, ביי וועלכער ער האָט למשל געקושט די קייטען, וואָס מ׳האָט אויף איהם אָנגעטאָן, א שטימונג, וואָס וועגען

איהר האָבען קיין באַגריף נישט געהאַט יענע „מיטעלע" פּראָזאאישע נאַטורען, מיט אַ מיטעלען קליינעם רעגיסטער פון דער גייסטיגער שטימע, וואָס אין זיין הויבען זיך און פאַלען געהט ער ניט ווייט אוועק פון טאָג־טעגליכען דורכשניט.

איך אליין האָב נישט מיט אמאָל פאַרשטאַנען, אַז ביי גערשוני'ן איז דאָס זוכען איבערגעטריבען־שטאַרקע, כלומרשט שרייענדיגע אויסערליכע פאָרמען נישט מעהר ווי אַ נשמה־געשריי וואָס ער קען נישט בייקומען. אין לעבען זיינען מיר געוואוינט צו אַ ריטמישער גלייכגילטיגקייט פון קול. מיר און אונזערע ווערטערליכע פאָרמען זיינען פאַר גערשוני'ן געווען צו אַלטעגליך. וואָלט דען אויף די מעהרסטע פון אונז, און אפשר אויך אויף אַלעמען, נישט געמאַכט אַ מאָדנעם — און אפשר אויך אַ קאָמישען איינדרוק — אַ מענש, וואָס וואָלט אין אַלטעגליכען לעבען פלוצלונג אָנגעהויבען צו ריידען סקאַנדירענדיג, ריידען אין פערזען? אזא מענשען וואָלט מען באַלד חושד געווען אין טעאַטראַלישקייט. און פונדעסטוועגען איז דאָך פאַראַן אזא מדרגה פון קראַפט און אָנשטרענגונג פון געפיהלען, פאַר וועלכער די פּראָזאאישע פאָרמע פון ריידען איז שוין מעהר נישט צוגעפּאַסט, נישט קוקענדיג אויף איהר גאַנצער „נאַטירליכקייט" און אידעאַלער „פשטות", און עס פאָדערט זיך גראָד אזא כלומרשט „אומנאַטירליכע" פאָרם, מיט אַ באַזונדערען ריטם, באַזונדערע נישט־פשוט'ע געזעצען פון אויסשטעלען דעם זילב און טראָפּ, און אַ באַזונדערע האַרמאָניע פון קלאַנגען, גראַמען און אַסאָנאַנסען. אין דער פריהער יוגענט שרייבען כמעט אַלע מענשען פערזען — אַ סימן, אַז אזא מין פייערליכע געהויבענקייט פון געפיהלען און שטימונגען איז אַן אַלגעמיין־מענשליכע באַדערפניש. אָבער די מעהרסטע מענשען שטעלען אָט די באַדערפעניש צופרידען אויף אַ שלעכטען אופן און בלויז ווען נישט ווען, און בלויז געצעהלטע אויסגעוועהלטע ווערען געבוירען פּאָעטען און בלייבען דערביי. גערשוני איז פון געבוירען געווען אַ פּאָעט אין דער נשמה. דערין וועט זיך איבערצייגען יעדער איינער, וואָס וועט נאָר איבערלייענען זיין איינציגע, איהם זעהר טייערע, פריה־אָנגעשריבענע ליד אין פּראָזע: „די חרוב'ע דאַמבע". דער עולם האָט דעמאָלט זעהר געוואָלט האָבען, אַז דאָס ליד שטאַמט פון מאַקסים גאָרקי, און אין דער אמת'ן איז עס ווי אַ שוועסטער־ליד צו גאָרקי'ס „שטורם־אָנזאָגער" און „ליד וועגען סאָקאָל". פון גערשוני'ן איז קיין פּאָעט נישט אַרויסגעקומען, ער האָט

מעהר קיין לידער נישט געשריבען. אָבער ער האָט אויפגעטאָן מעהר. ער האָט פון זיין לעבען געמאַכט „אַ געשאַפענע לעגענדע", ער האָט זיין לעבען פאַרוואַנדעלט אין אַ דורכאויסיגע „העראָאישע פּאָעמע".

„אין עלענדער זייהער פון דער פרייהייט, איז ער אַרויס פאַרפריה, נאָך פאַר'ן מאָרגען־שטערען"... די ערשטע אויפגאַבע פון זיין לעבען איז געווען — דורכצוברעכען דעם אייז. אַ פּיאָנער פון אָפענעם קאַמף מיט געוועהר אין האַנט, איז ער אַרויס אויף דער פּאָליטישער אַרענע דעמאָלט, ווען אויף אַלץ איז נאָך געלעגען דער גרויער בין־השמשות פון איבערגאַנגס־צייט, פון צווישען־צייט. די רעוואָלו־ציאָנערע באַוועגונג האָט זיך נאָך געטאַפּטשעט אויף די שיידוועגען, נישט זעהענדיג קיין גלייכען, ברייטען וועג און פאַרהאַלטענדיג זיך אויף די שלענגעלדיגע זייטיגע סטעזשקעס. עס איז געגאַנגען אַ מוראשקע־אַרבייט, אָהן פאַרנעהם, אָהן ברען, אָהן העלע פאַרבען, אָהן דעם שאַרפען גליק פון קריגען און געבען טויט־קלעפּ אין קאַמף מיט'ן שונא. דאָס געוועהר, וואָס איז אַמאָל אַרויסגעפאַלען ביי דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" פון די הענט אויפ'ן „פעלד, פאַרזייט מיט טויטע ביינער", האָט נאָך דערוויילֿ קיינער נישט פּרובירט אויפ־צוהויבען. און ס'איז נישט לייכט געווען זיך אויף דעם צו אַנט־שליסען. די גראַנדיעזע פיגורען פון זשעליאַבאָוו, פעראָווסקאַיאַ און זייערע חברים, זייער איבערמענשליכע ענערגיע און — סוף כל סוף דאָך די פולע מפּלה און צושמעטערונג — איז דאָס דען נישט געווען אַ בילד, וואָס האָט דערדריקט די פאַנטאַזיע און פאַראַליזירט דעם ווילען? און נישט אומזיסט זיינען געווען די טיפע קנייטשען, וואָס האָבען דורכגעגראָבען גערשוני'ס פּרעכטיגען, מוטיג־צוריקגעוואָרפע־נעם שטערען. נישט אָהן באַהאַלטענער אומזיכערקייט, נישט אָהן ציטער האָבען די הענט פון די קאַמף־פּיאָנערען זיך גענומען פאַר דעם פאַטאַלען געוועהר פון פּאָליטישען טעראָר. די אַנטשלאָסענקייט איז אָנגעקומען נישט גרינג. זי איז געקויפט געוואָרען פאַר'ן פרייז פון לאַנגע פּיינליכע איבערטראַכטונגען און איבערלעגונגען, זי איז דורכ־געגאַנגען דעם קאַלך־אויוועז פון באַוואוסטזיין פון דער גרעסטער היסטאָרישער אחריות. מ'קען זיך פאָרשטעלען וואָס אַזעלכע מענשען ווי גערשוני האָבען איבערגעלעבט, ווען פון זייער אייגענעם סאָציאַ־ליסטישען לאַגער האָט מען זיי דערנאָך מיט אַ לייכטען געמיט גע־וואָרפען די באַשולדיגונג אין — רעוואָלוציאָנערען אַוואַנטוריזם.

ווייל קיינער האָט אַזוי קרענקליך־שאַרף נישט געפיהלט די

מאָראַלישע משא פון באשלוס צו געהן מיט'ן דערנערדיגען וועג פון טעראָר, ווי די איניציאַטאָרם פון טעראָריסטישען קאַמף אַליין. ווער עס דאַרף האָבען ראיות, זאָל זיך פאַרטראַכטען איבער דעם וואָס גערשוני האָט איבערגעלעבט און געשריבען וועגען זיינע געפיהלען אין דער צייט פון דער ערשטער רעוואָלוציע אין 1905, ווען עס האָט זיך שוין אַ געוויסע צייט גערדאַכט, אַז אין רוסלאַנד זיינען שוין אויסגעקעמפט געוואָרען פרייהייט און דעמאָקראַטיע. נאָך נישט גלויבענדיג, אָבער נישט קענענדיג אָפּכאַפּען דעם אָטעם פון דורשט צו גלויבען און אַ פאַרכלינעטער פון „אומגעריכטער פרייד", האָט ער געפרעגט ביי זיך און ביי אונז — און איין פראַגע האָט זיך פיבערהאַפט געשטויסען אין דער אַנדערער:

„און וועט מען שוין אין דער אמת'ן אין רוסלאַנד קענען לעבען? מ'וועט שוין נישט דאַרפען הרג'ענען? מ'וועט שוין נישט דאַרפען שטאַרבען פאַר מאָרדען? איז שוין טאַקע געקומען דער געבענשטער מאָמענט? אָט דער בלוטיגער קאַמף, וואָס מיר אַליין האָבען פאַרפלוכט, דער בלוטיגער קאַמף וואָס דער בלוטיגער רעזשים האָט ארויפגעלעגט אויף אונזערע פּלייצעס — איז שוין טאַקע אוים מיט איהם? צי קען מען שוין דעם רעוואָלווער און די באָמבע איבערלאָזען דאָרטען, הינטער'ן שוועל פון נייעם לעבען, ווי אַ פינסטערע ירושה פון חושכ'דיגער רעכטלאָזיגקייט, ווי אַ פינסטער געוועהר געגען דעם ווילדען ווילקיר און געוואַלט פון די מעכטיגע און שטאַרקע איבער די רעכטלאָזע און שוואַכע? האָט זיך שוין דאָס אַלץ געענדיגט? דאָס אויסגעפייניגטע לאַנד וועט מעהר נישט פאַרלאַנגען קיין מענשליכע קרבנות? די שטילע און ליבענדע וועלען מעהר נישט געצוואונגען זיין צו נעמען אין די הענט אַריין דעם בלוטיגען שווערד? און האָבען שוין די קעמפער פאַר גליק און פרייהייט פון די האָרעפּאַשניקעס ענדליך זוכה געווען צו קענען זיך באַנוצען מיט'ן וואָרט פון פרייהייט און גערעכטיגקייט אַנשטאָט מיט דעם רעוואָלווער און דער באָמבע?"

אויפ'ן גורל פון גערשוני'ן איז אויסגעפאַלען דאָס גליק — וואָס האָט איהם אין פאָראויס און פאָלשטענדיג פאַר אַלץ באַלוינט — דאָס גליק צו זאַמלען ארום זיך דעם קערן פון ערשטען קעמפערישען אוואַנגאַרד, צוזאַמענגעשטעלט פון מענשען, וואָס זיינען געווען אויסערגעוועהנליך אין זייערע גייסטיגע מעלות. פון פאַרקעהר מיט די דאָזיגע מענשען — די קאַלאַיעווס, סאַזאָנאָווס, שווייצערס, באַלמאַשאָווס,



גערשוני אין מינסק, ביי זיין קולטורעלער אַרבייט.

פּאָקאָטילאָװוס, בלינאָװוס — האָט מען באמת „געקענט זיך פאַר־זאָרגען מיט הײליקע זכרונות אױף'ן גאַנצן לעבען", װי מיכאַילאָװסקי האָט אַמאָל געזאָגט װעגן דער עפּאָכע װען ער איז געװען פאַרבונדען מיט דער „נאַראָדנאַיאַ װאָליאַ". יאָ, פון פײנע באַגײסטערטע נאַ־טורען, פון קרישטאָל־רײנע, צאַרטע נשמות איז באַשטאַנען אונזער קאַמפּס־אָפּטײל אין אָנהױב פון יאָהרהונדערט — אַזױ װי יענער אָפּטײל פון די רױמער, װאָס האָבען איבערגעגעבען זײער לעבען די אונטערערדישע געטער, זיך אָנגעטאָן אין װײסען לײװענט אָנשטאָט פּאַנצערס און זיך געװאָרפען אױף אַ זיכערען טױט... אױב דאָס איז ניט שװער צו באַנעמען מיט'ן מח, איז אָבער נישט גרינג זיך פאָרצושטעלען, דורכטראַכטען און דורכפיהלען, װאָס פאַר אַן אײגענ־אַרטיגע באַציהונגען עס זײנען געבוירען געװאָרען אױף דעם דאָזיגען באָדען. שפּעטער האָט סאַזאָנאָװ װעגן דעם געשריבען: „אונזער ריטערטום איז געװען דורכגעדרונגען מיט אַזאַ גײסט, אַז דאָס װאָרט „ברודער" איז נישט געװען גענוג אױסצודריקען דעם אינהאַלט פון אונזערע געגענזײטיגע באַציהונגען".

און דאָס זײנען נישט געװען קײן פּוסטע װערטער װאָס גערשוני האָט אונז געשריבען פון טורמע, װען ער האָט זיך יעדען טאָג געריכט אױף טױט־שטראָף:

„טײערע אומפאַרגעסליכע פרײנד און חברים! װי װאָלט זיך מיר געװאָלט אײך איבערגעבען מײן לעצטען גרוס און די געפיהלען פון ליבע און צוגעבונדענקײט אָהן אַ גרעניץ. איך האָב פיל געטראַכט װעגען אײך, מײנע פרײנד, און פאַר מיר איז איצט אוממעגליך אײך ניט צו זאָגען, אַז אײער װאַרימע גוטע באַציהונג, אײער צוטרױ האָבען מיר געגעבען אַ סך גליקליכע מינוטען. איך װײס, אַז מײן טױט װעט זײן פאַר אײך אַ שװערער קלאַפּ, אָבער איך גלױב, אַז פאַר אונזער זאַך װעט ער נישט זײן אומנוצליך. עס איז שװער געװען צו שטאַרבען די רעװאָלוציאָנערען פון די 70—80גער יאָהרען: זײ זײנען געװען אַלײן, עלענד. מיר אָבער אָטעמען אײן אָטעם מיט'ן פּראָלעטאַריאַט און פױערטום, און אין אונזער צײט איז לײכטער צו שטאַרבען... איך, לכל הפּחות, גלױב, אַז מײן לעבען האָט זיך גליקליך צונױפגעלעגט און איך האָב נישט װאָס פאַרצואװאַרפען דעם גורל. אַלע חברים רעװאָלוציאָנערען אַ װאַרימען גרוס און בעסטע װאונשען פון דערפאָלג. די פרײנד נעם איך הײם אַרום. איך האָב אײך ליב

געהאט אַלעמען און האָב איך ליב אָהן אַ גרעניץ. אַ סך כחות האָב איך געשעפּט פון דער נאָהנטקייט מיט אייך און שעפּ אויך אַצינד פון די עראינערונגען וועגען אייך. מיט דער גאַנצער נשמה בין איך מיט אונזער זאַך און מיט אייך. אייער גריגאָרי".

אַ סך מענשען האָבען געקענט גערשוני'ן ווי אַ טוער. אַ סך ווייניגער האָבען איהם געקענט ווי אַ מענשען. אַנדערע האָבען נאָר פון די שורות פון דעם דאָזיגען בריוו, וואָס איז אָנגעשריבען געוואָרען ווי אַ געזעגענען זיך מיט'ן לעבען, זיך דערוואוסט, אַז אונטער דער הארבער אויסערליכקייט פון קאָנצענטרירטען, איינגעשלאָסענעם קעמ־פער, וואָס מעסט מענשען און זאַכען מיט'ן שטעכיגען שפּיץ פון שטאָלענעם גרוי־בלויען אויג — אַז אונטער דעם באַהאַלט זיך אַ צאַרט און געטריי האַרץ, די וויברירענדיגע פעהיגקייט אַלץ אויפצונעמען, אָפּצורופען זיך מיט'ן „זאַפט פון די נערוועז און בלוט פון האַרץ" אויף אַלץ, וואָס ריהרט אָן אַנדערע מענשען בלויז פאַרביי־געהענדיג.

אַ מענש, וואָס פיהלט אַזוי טיף און שטאַרק, דאַרף האָבען גייס־טיגע כחות דאָפּעלט מעהר פון יענע גליקליכע נאַטורען, איבער וועמען די דראַמאַטישע איבערלעבונגען גליטשען זיך אַרונטער, נישט איינ־שניידענדיג זיך אין האַרצען. די דאָזיגע גייסטיגע כחות האָט די נאַטור גערשוני'ן נישט געקאַרגט. „אַ שטאָלענער מענש" — האָבען געזאָגט וועגען איהם די ריכטער אויפ'ן פּראָצעס. „אַן אייזערנער ווילען" — חזר'ט איבער צוויי צעהנדליג יאָהר שפּעטער אַ זשאַנ־דאַרמען־גענעראַל. זיי זיינען געווען גערעכט, — און אָט די אַנער־קענונג זייערע האָט געהאַט נאָך אַ פיל טיפערען זינען ווי זיי האָבען אַליין אין איהר אַריינגעלעגט.

מיט זיין ווילענס־קראַפט האָט גערשוני געקענט זיין דער האַר איבער אַלע זיינע איבערלעבונגען. אַזוי איז ער געווען בשעת'ן פּראָ־צעס, אין אַ גאַנץ אומגעריכטער און טיף־דראַמאַטישער אַטמאָספערע. „איהר פאַרשטעהט — האָט ער אונז געשריבען נאָכ'ן פּראָצעס — ווי אומגעהייער שווער עס איז אַרויסגעריסען צו ווערען פון שלאַכט־פעלד אין אַזאַ הייסער, שטורעמדיגער צייט. אָבער איך האָב זיך געפיהלט רוהיג און האָב לייכט איבערגעטראָגען די געצוואונגענע אומטעטיגקייט, ווייל איך האָב געגלויבט און גלויב, אַז די זאַך, פאַר וועלכער מיר קעמפען, שטעהט פעסט, און די ערטער פון די אַרויס־געשלאָגענע בלייבען ניט לעדיג. אויף מיין גורל אָבער זיינען

געפאַלען קלעפּ, וואָס איך האָב נישט דערוואַרט און אויך נישט פאַר־דינט. איהר ווייסט, אַז דער אויסגאַנג פון פּראָצעס איז פאַר מיר געווען קלאָר נאָך פאַר'ן אַרעסט, און עס זיינען שוין ביי מיר קיינע ספקות נישט געבליבען נאָכדעם ווי מען האָט מיר אין קיעוו געשמידט הענט און פיס. אָבער איך האָב זיך געפיהלט וואונדערליך גוט. קיין פּעטערבורג בין איך געפאָהרען ווי אויף אַ יום־טוב. איך האָב גע'חלום'ט, אַז איך וועל זיך באַטייליגען צוזאַמען מיט אַנדערע אין אַ גרויסען פּראָצעס, וואָס וועט אויפרודערען און אויפוועקען אַלע שלאָפענדיגע. מען האָט מיך אָבער איזאָלירט פון די חברים, מיט וועמען איך האָב די גאַנצע צייט געאַרבייט, און אָוועקגעשטעלט צוזאַמען מיט פּאַרעטער — ערגער נאָך: מיט בלבול־מאַכער. די זשאַנדאַר־מעריע, וואָס האָט די גאַנצע צייט גאָרנישט געקענט אויפדעקען וועגען דער „באָיעוואָיאַ אָרגאַניזאַציאַ", האָט אונטערגערוקט דעם בלבול פון גריגאָריעוו'ן, האָט איינגעבראָכען און אָפּגענאַרט קאַטשוראַ'ן, און אויף זייער עדות זאָגען האָט זי אויפגעבויט דעם גאַנצען פּראָצעס. און מיר איז אויסגעקומען נישט אַזוי שטעהן אויף אַ פּרינציפּיעלען באָדען, ווי אָפּוואַרפען מסירות און אינסינואַציעס. וואָס פאַר אַ וועהטאָג און מאַטערניש צו רעדען פאַר די דאָזיגע גלייכגילטיגע, גאָרנישט פאַר־שטעהענדיגע מענשען, פאַר אָט דעם זאַל וואָס איז אָנגעפילט מיט — זשאַנדאַרמען. פון דעם גאַנצען פּראָצעס האָט זיך קלאָר אויסגעשיילט איינס: די רעגירונג איז גרייט ציטווייליג צו פאַרקוקען די עקזיסטענץ פון אַלע אַנדערע שטרעמונגען, אָבער זי האָט באַשלאָסען אָנווענדען אַלע איהרע קלעפּ אויף דערשטיקען די פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. אי דער באַשולדיגונגס־אַקט, אי דער פּראָקוראָר האָבען געפאָדערט טויט־שטראָף שוין בלויז פאַר'ן געהערען צו דער פּאַרטיי. איך שטעהען פאָר שווערע פאַרלוסטען און אַן עקשנות'דיגער קאַמף, אָבער רוסישע רעוואָלוציאָנערען וועלען, פאַרשטעהט זיך, נישט אָפּ־טרעטען פאַר דער מורא פון שטראָף. דער גלויבען אין דעם האָט מיר געגעבען די מעגליכקייט רוהיג אויסצוהערען דעם טויט־אורטייל. איך בין זיך מודה — איך האָב נישט געגלויבט, אַז שטאַרבען איז אַזוי גרינג . . . "

גרינג... נישט קוקענדיג אויף דעם וואָס דער פּראָצעס האָט גערשוני'ן דערלאַנגט צוויי פון די שווערסטע קלעפּ... דער ערשטער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אָפענע דערקלערונגען געגען איהם און דער „באָיע־וואָיאַ אָרגאַניזאַציאַ" האָט גענומען געבען דער ליבלינג, כמעט דער אָפּגאָט

פון די אַרבייטער־קרייזלאַך, דער יעקאַטערינאָסלאַווער אַרבייטער פּאָמאַ קאַטשוראַ, אין וועמען גערשוני האָט געזעהן אַ טיפּ פון אַן אמת׳ן פאָלקס־העלד, וואָס איז אַרויס פון די סאַמע אונטערשטע שיכטען, אַן עכטען פאַרשטעהער זייערע, בלוט און פלייש פון דער אַרבייטער־מאַסע. פּאָמאַ קאַטשוראַ איז געווען אין זיינע אויגען די פאַרקערפּערונג פון פאָלקס־העראָאיזם, וואָס לעבט אין רוסישען אינדוסטריעלען פּראָלעטאַריאַט. פּאָמאַ קאַטשוראַ האָט געשאָסען אויפ׳ן כאַרקאָווער גובערנאַטאָר פירשט אָבאָלענסקי, וואָס האָט דערשטיקט די פּויערשע אויפשטאַנדען און האָט אָהן רחמנות געשמיסען די אויפשטאַנדלער. אַן אַרבייטער, וואָס פיהרט אויס דעם אַקט פון רעוואָלוציאָנערער גערעכטיגקייט איבער דעם תליון פון די פּויערים, און דערנאָך אַ פּויערים־זוהן, וואָס זאָל אויספיהרען דעם זעלבען אַקט איבער׳ן תליון פון די אַרבייטער: אַזוי סימבאָליש דאַרף מען אויך אין טעראָר באַפעסטיגען דעם בלוטיגען בונד צווישען די שטאָדטישע אַרבייטער און די דאָרפישע האָרעפּאַשניקעס. די אינערליכע שעהנקייט פון דעם איינפאַל האָט פאַר גערשוני׳ן געהאַט אַ באַזונדערע צוציהונגס־קראַפט. קאַטשוראַ׳ס פּאַרראַט האָט איהם אַזוי אַרום דערלאַנגט אַ קלאַפּ איבער׳ן פיהלבאַרסטען אָרט פון דער נשמה, האָט צוטראָטען אין בלאָטע איינעם פון זיינע טייערסטע חלומות. ער האָט נאָך דעמאָלט אויף זיכער נישט געוואוסט, וואָס די זשאַנדאַרמען האָט געקאָסט גייסטיג צו צוברעכען קאַטשוראַ׳ן. „קאַטשוראַ האָט געציטערט פאַר איהם" — האָט דערנאָך אויף זיין שטייגער דער זשאַנדאַרמען־פיהרער אויסגע־טייטשט דעם מאָראַלישען צובונד, מיט וועלכען גערשוני האָט גע־האַלטען קאַטשוראַ׳ן: „ער האָט אָנגעהויבען צו געבען דערקלערונגען וועגען איהם אין טורמע בלויז דעמאָלט ווען מ׳האָט איהם געוויזען גערשוני׳ס פאָטאָגראַפיע אין אַרעסטאַנטען־כאַלאַט און קייטען". אַזוי האָט דער אַלטער זשאַנדאַרם באַשטעטיגט די ידיעה, וואָס מיר האָבען גלייך נאָכ׳ן פּראָצעס אָפּגעדרוקט אין „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָססיאַ", נעמליך — אַז קאַטשוראַ האָט אויף זיין אייגענעם פּראָצעס העלדיש אויפגענומען דעם טויט־אורטייל, און געבראָכען געוואָרען איז ער ערשט שפּעטער, אין טורמע, ווען אין משך פון גאַנצע פינף חדשים צייט האָבען איהם די זשאַנדאַרמען געהאַלטען אונטער׳ן שווערד פון דעם דאָזיגען אורטייל, נישט דערצעהלענדיג איהם, אַז מ׳האָט איהם גע־שאָנקען דאָס לעבען. צופיינינגט פון טעגליך דערוואַרטען דעם טויט, האָט מען קאַטשוראַ׳ן כסדר אונטערגערוקט די ערגסטע מוסטערען

פון דער דעמאָלטיגער אומגעצאַמטער, פאַרביסענער און בטול׳דיגער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאָלעמיק געגען די ס. ר. און געגען טעראָר און באַזונדערס געגען די טעראָריסטען; נאָכדעם האָט מען איהם געלאָזט וויסען, אַז גערשוני איז אַרעסטירט און אַז ער האָט זיך כלומר׳שט פאַלשטענדיג מודה געווען און איז פאַר׳משפּט געוואָרען צום טויט און דער טויט־אורטייל איז אויסגעפיהרט געוואָרען. און ערשט דעמאָלט, גלויבענדיג אַז ער האָט שוין גאָרנישט צו פאַרלירען, האָט דער אומגליקליכער קאַטשוראַ גענומען זיך מודה זיין, און דער־נאָך זיך קייקלענדיג בארג אַראָפּ האָט ער געלאָזט די זשאַנדאַרמען פאַרשרייבען אין זיין נאָמען אַלץ וואָס זיי האָבען געוואָלט, און זיך אונטערגעשריבען אונטער דעם... געענדיגט האָט ער מיט אַ גייסטיגער קראַנקהייט, פון וועלכער ער איז קיינמאָל נישט געקומען צו זיך ביז ער איז געשטאָרבען... און גערשוני האָט קיין איינציג מאָל נישט געהאַט פאַר קאַטשוראַ׳ן קיין שאַרף וואָרט, קיינמאָל — נישט דאָרט און נית שפּעטער — האָט ער וועגען איהם נישט גערעדט ווי וועגען אַ פאַררעטער. „די זשאַנדאַרמעריע האָט צובראָכען און אָפּגענאַרט קאַ־טשוראַ׳ן", און דערפון שטאַמען זיינע דערקלערונגען, וואָס זיינען געווען „פאַלש און אַרויסגעצוואונגען דורך די זשאַנדאַרמען" — דאָס איז אַלץ, וואָס ער האָט אונז געשריבען און צוגעגעבען: „אַ סך שוועריג־קייטען איז אונז אויסגעקומען איבערצולעבען דורך דער גאַנצער צייט אַ דאַנק דעם, וואָס די זשאַנדאַרמען האָבען זיך ערשט אָנגעהויבען באַנוצען מיט אַ ניי מיטעל — מיט דער פּאַרטיי־פּאָלעמיק. זעהענדיג זייער שמחה, זייער גדולה, ווערט מען טיפער איבערצייגט אין דעם אומגעהייערען שאָדען פון די אינערליכע רייסערייען. שיקען מיר צו אייך אַן אַלגעמיינע בקשה: ווענדט אָן אַלע כחות אויף דעם, אַז עס זאָל ביי די זשאַנדאַרמען אַרויסגעריסען ווערען דאָס דאָזיגע געוועהר און אַז אין דעם וויכטיגען מאָמענט, וואָס מיר לעבען איצט איבער, זאָל מען נישט צושפּליטערען נישט בלויז די רעוואָלוציאָנערע רייהען, נאָר אַפילו די רייהען פון דער פרידליכער אָפּאָזיציע".

אָבער דאָס איז געווען ווייניג. די ירידה פון קאַטשוראַ׳ן איז געווען דראַמאַטיש, איז געווען שרעקליך, אָבער צוזאַמען מיט איהר איז פאָרגעקומען אַ צווייטע, אינגאַנצען אַ נידעריגע און שמוציגע ירידה: פון פּאָרוטשיק גריגאָריעוו און זיין פרוי יוליא, די געבוירענע יורקאָווסקאַיאַ. דאָרט איז געווען אַן אומגליקליכער באַנקראָט, דאָ איז עס געווען — אַ בייזוויליגער. גערשוני׳ן וואָלט לייכט געווען

מיט איין קלאַפּ פּאַנאַנדערצופּלאָנטערן דעם שפּינוועבס, וואָס גרי־גאָריעוו'ס פּאַרטיידיגער האָט אַזוי פלייסיג געפלאָכטען אויפ'ן גרונד פון זייערע אָנווייזונגען — אין דער אמת'ן דער צווייטער און ערגערער באַשולדיגער פון גערשוני, באָבּרישטשעוו־פּושקין (דעמאָלט אַ שוואַרץ־מאַה'ניק, איצט איינער וואָס האָט באַוויזען אין צייט אַרויפצושפּרינגען אויפ'ן הינטער־טייל פון באָלשעוויסטישען רייט־וואָגען). אָבער . . . אויך דאָ האָט זיך גערשוני אַרויסגעוויזען ווי אַן אמת'ער ריטער, אָהן מורא און אָהן פאָרוואורף. ער האָט בלויז גע־זאָגט וועגען באָבּריטשעוו־פּושקינ'ען: „ער האָט נישט געהאַט קיין שום גרונד, קיין שום מאָראַלישע רעכט צו רעדען וועגען מיר אַזוי ווי ער האָט גערעדט — נאָך מעהר, — ווי איך האָב זיך איבער־צייגט פון איינינע פראַגען זיינע — האָט ער זעהר גוט געוואוסט מיינע ווירקליכע באַציהונגען מיט די גריגאָריעוו'ס און האָט געוואוסט יענעם סוד, וועלכען איך קען נישט אַנטפּלעקען, אָבער וועלכער וועט אפשר אַמאָל אייך אויך באַקאַנט ווערען . . . ”

וואָס פאַר אַ סוד איז דאָס געווען? איצט איז שוין מעהר נישטאָ קיין גרונד איהם נישט צו אַנטפּלעקען. אויפ'ן געריכט איז געווען נאָך איין מאָמענט, ווען די אונטערזוכונג האָט זיך פאַרהאַקט אָן דעם דאָזיגען סוד. יורקאָווסקאַיאַ האָט געפּרואווט וואַרפען אויף גער־שוני'ן אַ שאָטען, און גענומען דערציילען מעשיות, אַז גערשוני האָט מיט דעם אומגעוועהנליכען כח זיינעם איינמאָל אַ נאַכט באַ־גייסטערט גריגאָריעוו'ן צו מאַכען אַן אָנפאַל אויף פּאָבעדאָנאָסצעוו'ן בשעת סיפּיאַגינ'ס לויה, און אַז גריגאָריעוו האָט זיך שוואַך געאַמפּערט טענה'נדיג: „איך קען נישט, איך קען נישט, איך האָב אַ טאַטען מיט אַ מאַמען . . . ”. אַז גערשוני האָט דאָס אויפ'ן פּראָצעס דערהערט, האָט ער זיך אויפגעהויבען און האָט פריהער געצוואונגען גריגאָריעוו'ן זיך מודה זיין, אַז ער האָט אַזאַ פראַזע נישט געזאָגט, און דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו יורקאָווסקאַיאַ מיט די ווערטער: „עדות'טע, צי קענט איהר זיך נישט דערמאָנען און דערצעהלען גענויער די אַטמאָספערע פון יענער נאַכט?” דאָ האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ דראַמאַטישע און געהיימניספולע סצענע. יורקאָווסקאַיאַ האָט שנעל געענטפערט: „איך קען נישט. איך געדענק נישט”. און גריגאָריעוו האָט אַן אויפגערעגטער גענומען שרייען: „איך בעט אייך אָפּצושטעלען דעם געיעג אויף דער עדות'טע. צו וואָס איז דאָס? צו וואָס זיינען די פראַגען? דער הער גערשוני ווייס

דאָך אזוי אויך זעהר גוט, אז די זאך איז פאָרגעקומען נישט אזוי, פאָרגעקומען אַנדערש... אז מיין פרוי האָט די ערשטע גענומען רעדען מיט איהם וועגען דער פאַרשווערונג... נו, טאָ לאָזט זי אָפּ... לאָזט צו רוהה די פרוי".

און גערשוני האָט זי געלאָזט צורוה. און ער האָט דאָך גאָרנישט געהאַט בדעה צו אַנטפּלעקען קיין שום „סוד". ער האָט נאָר געוואָלט אָנריהרען די סטרונע פון געוויסען ביי דער דאָזיגער פרוי, וואָס האָט זיך דערנידעריגט ביז די בייזוויליגסטע, געמיינסטע בלבולים, וואָס האָט געזוכט נישט בלויז דערטרינקען און ברענגען צו דער תליה אַלע אַנדערע מיט־גע'משפּט'ע אַבי נאָר צו ראַטעווען דעם מאַן און זיך אַליין, נאָר אויך באַשמוצען זיי מאָראַליש, ווייל גערשוני האָט געוואוסט אַ סך מעהר ווי דאָס, אויף וואָס מען האָט געקענט אין זיין פראַגע הערען בלויז אַ שוואַכע אָנדייטונג...

יאָ, יורקאָווסקאַיאַ האָט „די ערשטע אָנגעהויבען רעדען מיט גערשוני'ן וועגען דער פאַרשווערונג", נאָר נישט בלויז וועגען דער פאַרשווערונג, אויף וועלכער גריגאָריעוו איז געגאַנגען אונטער איהר ווירקונג, נאָר אויך וועגען אַ צווייטער פאַרשווערונג, אויף וועלכער זי אַליין האָט געדאַרפט געהן גלייך מיט'ן מאַן.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסען יענעם טאָג, מיט וועלכען גערשוני, קומענדיג קיין אויסלאַנד איינגיכען נאָכ'ן טויט פון סיפּיאַגינ'ען, האָט אונז דערצעהלט וועגען דעם טאָג פון סיפּיאַגינ'ס לויה, ווען עס האָט געזאָלט פאָרקומען נאָך איינע, אַ קאָמבינירטע, צווייענדיגע פאַרשווערונג: אויפ'ן לעבען פון פּאָבעדאָנאָסצעוו'ן, צו וועמעס קאַרעט אַן אָפיציר איז לייכטער פון אַלץ געווען צוצוקומען, און אויפ'ן לעבען פון קליינעלס'ן, דעם גראַדאָנאַטשאַלניק פון פּעטערבורג. דעם לעצטען אַקט האָט אויף זיך גענומען אַ פרוי, איבערגעטאָן ווי אַ גימנאַזיסטעל. גערשוני האָט אונז איבערגעגעבען די גאַנצע שטימונג פון יענער נאַכט, ווען דער פּלאַן איז אויסגעאַרבייט געוואָרען. אין יענער נאַכט האָט גריגאָריעוו און יורקאָווסקאַיאַ ווידער — שוין נישט צום ערשטען מאָל — גענומען בעטען, פאָדערען, בעטלען, סטראַשען פאַרצווייפעלט מיט זעלבסטמאָרד, אויב מ'וועט זיי ענדליך נישט נעמען אויף „אַרבייט", אויב זייער באַהאַלטענער וואונש, וואָס באַהערשט זייער גאַנצען לעבען, וועט נישט דערפילט ווערען.

ביי גערשוני'ן איז געווען אַ כלל: יעדען איינעם, וואָס האָט זיך געבעטען אויף טעראָריסטישער אַרבייט, צוטומלען מיט אַ קאַטעגאָרישען

אָפּזאָג — נישט נויטיג! אז יענע זיינען באשטאנען, פלעגט ער אויף אַלערליי אופנים אָפּרעדען. באזונדערס פלעגט ער זיך וועלען דערגרונטעווען, צי איז אין דעם וואונש צו געהן אויף טראַר נישטאַ עפּעס א ביי־טעם פון א ריין־פּערזענליכען מאָטיוו: עפּעס א דורכפאַל אין לעבען, צייטווייליג־פארלאָרענער געשמאַק אין לעבען, א באַדער־פעניש אין שטאַרקע איבערלעבונגען, גרייגשעצונג צו אַנדערע פאָרמען פון רעוואָלוציאָנערער ארבייט... אויב עס איז נאָר געווען דער קלענ־סטער פונק דערפון — פלעגט ער אָפּזאָגען, און אָפּזאָגען ענדגילטיג און אויף אַלעמאָל. לויט זיין באגריף, האָט נאָר ריינער מסירת נפש, אָהן וועלכען עס איז זייטיגען צומיש, געקענט עפענען א מענשען די טירען אין דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ". און ער האָט אויך אונז באשוואָרען הייליג צו האַלטען זיך ביי זיין געבאָט... און אָט אין נאָמען פון די דאָזיגע כללים האָט ער די גאַנצע צייט געהאַלטען אין איין אָפּזאָגען גריגאָריעוו'ן און יורקאָווסקאַיאַ'ן: „איהר זיינט יונג, איהר האָט זיך ליב, איהר האָט פאַר זיך א גאַנץ לעבען, וואָס פאַר־שפּרעכט אייך בלויז גליק — זייט עס נישט מקריב, פּרובירט פריהער אויס און שאַצט אָפּ דאָס, פון וואָס איהר ווילט זיך אָפּזאָגען" — האָט ער צו זיי גע'טענה'ט. אָבער אין יענער נאַכט, אונטער דעם דירעקטען אומגעהייערען איינדרוק פון באַלמאַשאָוו'ס אויפטו, זיינען גריגאָריעוו און באזונדערס יורקאָווסקאַיאַ געווען אַזוי ענטוזיאַסטיש געשטימט, זיי זיינען געווען אָנגעצונדען מיט אַזאַ לויטערער באַגייס־טערונג, אַז גערשוני האָט זיך שוין מעהר נישט געקענט שטעלען אַנט־קעגען. א געריהרטער, האָט ער דערצעהלט ווי עס האָט אויסגעזעהן די יונגע פרוי אין דעם אוניפאָרם פון א גימנאַזיסטעל, מיט וואָס פאַר א מסירת נפש עס האָבען געשיינט איהרע אויגען, ווי ריהרענדיג די יונגע פאַר'משפּט'ע פּאָר איז געווען.

— א פּשוט'ע מעשה: ער האָט זיך נישט געקענט פאַנאַנדער־קלייבען אין מענשען, — וועט מען אונז זאָגען (אַנדערע האָבען עס שוין געזאָגט).

איך וויל נישט שילדערען עפּעס א מין „אַנגעמאָלטען" גערשוני, וואָס איז געווען ריין פון מענשליכע שוואכקייטען און חסרונות. נישט ער דאַרף עס און נישט מיר דאַרפען עס. די „פּאָזיטיווע טיפּען", וואָס זיינען צונויפגעשטוקעוועט פון בלויז גוטע מעלות, זיינען אַלע מאָל הילצערנע און אָהן לעבען. אַפילו די פיזישע שעהנקייט פון

אן אידעאל־רעגעלמעסיגען פּראָפּיל מאכט דעם איינדרוק פון א טויט־ליכער זאך, און ס'ווילט זיך עפּעס א גריבעלע, א קנייטשעלע, א בראָ־דעווקע — א וועלכע נישט איז „ליבע אומרעגעלמעסיגקייט", וואָס זאָל באלעבן, פארמענשליכען, דערנעהנטערען און מאכען אייגענער דאָס ווי פון מאַרמאָר אויסגעשניצטע פּנים. אזוי אויך מיט גער־שוני'ן. אין געריכט איז איהם באפאלען א מינוט פון שוואכקייט: ער איז מיט אמאָל אזוי אויפגערעגט געוואָרען, אז די ווערטער זיינען איהם געבליבען שטעקען אין גאָרגעל, און ער האָט מיט אן איבער־מענשליכער אָנשטרענגונג גענומען זיי ארויסווארפען פון זיך איינציג־ווייז; ספּאזמעס האָבען איהם געשטיקט, ער האָט געקריצט מיט די צייהן, וועלענדיג פאנאנדערנעמען די יאסלעס, האָט געהוסט און שווער געאָטעמט... און וואָס איז געשעהן? ער איז אין יענעם מאָמענט בלויז ארונטער פון דעם כמעט אוממענשליכען פּיעדעסטאל, אויף וועלכען דער צויבער פון זיין פּערזענליכקייט האָט איהם אוועקגע־שטעלט, און ער איז געוואָרען מענשליך־פּשוט'ער און פארשטענד־ליכער — אפילו פאר די זשאנדארמען און ריכטער, וואָס האָבען פאר־האלטען דעם אָטעם, אויפגערודערטע און צוטרייסעלטע, און האָבען זיך געגען זייער ווילען געריסען — ווער צו דערלאנגען א גלאָז וואסער און ווער פארצושלאָגען אן איבעררייס... דער לעבעדיגער, שטערב־ליכער, מענשליכער גערשוני איז אונז נאָך טייערער, און וואָלט ער זיך אפילו אינגאנצען נישט געקענט פאנאנדערקלייבען אין מענשען, וואָלט ער אונז צוליב דעם נישט געוואָרען ווייניגער נאָהענט און טייער.

אָבער די זאך איז געווען אנדערש. אויף אָפּצושאצען מענשען, אָפּצואָוועגען זייערע כחות און פעהיגקייטען, דיסקאָנטירען זייערע שוואכקייטען און חסרונות — אויף דעם איז ער געווען א מייסטער, און א גרויסער מייסטער. אין דעם פּרט איז ער געווען א געבוירענער אָרגאניזאטאָר, און די ערשטע אייגענשאפט פון אן אָרגאניזאטאָר איז — אוועקצושטעלען דעם ריכטיגען מענשען אויפ'ן ריכטיגען אָרט — ווי גערשוני אליין פלעגט זאָגען. אָבער עס איז אויך געווען א געוויסע שוואכקייט אין אָט דער פעהיגקייט פון גערשוני'ן „צו וועגען און מעסטען" מענשען, ריכטיגער געזאָגט — עס איז געווען א טיפּ מענשען, מיט וועמען ער איז נישט איין מאָל אריינגעפאלען אין זעלבען פאטאלען טעות. נאטורען היסטעריש (וואָס טרעפען זיך אָפטער ביי פרויען ווי ביי מענער) האָט ער עטליכע מאָל אָנגענומען פאַר נאָטורען וואָס פארמאָגען מסירת־נפש און זיינען איבערגעפילט

מיט יענעם מין ראָמאַנטישען ענטוזיאַזם, וואָס האָט געלויכטען אין איהם אַליין. אָט די געמיטער זיינען גערשוני'ן געווען אַזוי טייער, איהם האָט אַזוי צו זיי געצויגען, אַז ער איז גאַנץ אָפט גרייט געווען זיי צו זעהן אויך דאָרטען, וואו ס'איז געווען בלויז פּאַטאָלאָגישע נערוועזע אויפגעשרויפטקייט. אַזוי האָט ער אַ טעות געהאַט אין מאַניאַ ווילבושעוויטש, אַזוי האָט ער אַ טעות געהאַט אין איינער פון די גרינדערינס פון דער „ארבייטער־פּאַרטיי פאַר פּאָליטישער באַפרייאונג" ליובאָוו קליאַטשקאָ, אַזוי האָט ער אויך דאָס מאָל אַ טעות געהאַט אין דער יורקאָווסקאַיאַ און איהר בלייכען שאָטען — גריגאָריעוו'ן...

מיר וואָלטען זיך איינגאַנצען נישט אָפּגעשטעלט אויף אַלע עפּי־זאָדען, ווען מיט זיי וואָלטען זיך אין ערגסטען פאַל נאָר באַנוצט די זשאַנדאַרמען און די פּראָקוראָרען פון די צאַרישע שנעלע געריכטען. באָברישטשעוו־פּושקינ'ען — וועלכער איז פאַר זיין אופן פון „פּאַרטיי־דיגען" גריגאָריעוו'ן באַלד נאָכדעם אויסגעשלאָסען געוואָרען פון אַדוואָ־קאַטען־שטאַנד—געהערט דער כבוד אַרויסצוברענגען דעם נוסח וועגען גערשוני'ן ווי וועגען „אַ מענשען־יעגער, וואָס האָט געקענט מענשען שקלאַפיש אונטערוואַרפען זיין ווילען, זיך באַנוצען מיט זיי ווי מיט אַ געוועהר פאַר זיינע אייגענע צילען, אַריינרוקען זיי אין האַנט אַ רעוואָל־ווער און בכלל אויסשטאַטען צו דער שחיטה". אָבער ערשט נישט לאַנג צוריק איז דער זעלבער נוסח איבערגע'חזר'ט געוואָרען אויף די בלעטער פון „ארכיוו פון דער רוסישער רעוואָלוציע", וואָס ווערט רעדאַקטירט פון יאָסיף העססען — אמת, איבערגע'חזר'ט פון אַזאַ מיטאַרבייטער פון געוועזענעם רעדאַקטאָר פון „ריעטש"*) ווי דער זשאַנ־דאַרמען־גענעראַל ספּירידאָוויטש, אָבער דאָך איבערגע'חזר'ט אָהן דער קלענסטער באַמערקונג פון דעם רעדאַקטאָר.

„גערשוני אַליין איז פאָרזיכטיג ביז גאָר. ער באַווירקט נאָר אַנדערע און שטויסט זיי אויף מעשים. די אַרבייט טוען יענע. אפילו בריף קיין אויסלאַנד שטעלט ער בלויז צונויף, אָבער ער שרייבט זיי נישט אַליין, נאָר ער דיקטירט צו אַנדערע. דורך אַ רייהע דורכגע־טראַכטע האַנדלונגען פלעגט גערשוני פּאַמעליך, אָבער זיכער, אַריינ־ציהען אין טעראָר די אָנגעמערקטע פּערזאָנען, און יענע האָבען שוין

*) די „רעטש" איז געווען דער אָרגאַן פון דער ליבעראַלער, אַזוי־גערו־פענער „קאָדעטישער" פּאַרטיי אין רוסלאַנד.

נישט געהאַט קיין ברירה און האָבען געמוזט אויספיהרען זיינע באַ־פעהלען. עס איז דאָ עטוואָס טיוועלשעס אין אָט דעם דרוק און איינפלוס פון גערשוני׳ן אויף זיינע קרבנות. א כיטרער . . . האָט גערשוני פאַרמאָגט די אויסערגעוועהנליכע פעהיגקייט צו באַהערשען די אומדערפאַהרענע, היציגע יוגענט . . . א מענש, איבער וועמען גערשוני האָט אָנגעהויבען אַרבייטען, פלעגט זיך איהם אין גיכען איבערגעבען מיט לייב און לעבען און אָהן א וואָרט אַנטקעגען אויס־פאָלגען אַלע זיינע באַפעהלען. זיין היפּנאָטיזירענדיגער בליק און די פאַרפיהרערישע איבערציינגענדיגע רייד האָבען געמאַכט אונטערטעניג... אזוי האָט ער פאַרפּראָפּאַגאַנדירט און געשיקט אויף א מאָרד דעם שוואַך־וויליגען באַלמאַשאָוו... דעם טעמפּען כאָכאָל קאַטשורא האָט פריהער געבויערט גערשוני׳ס געהילף אהרן ווייצענפעלד און דערנאָך האָט זיך צו איהם גענומען גערשוני אַליין און איהם צוגערעדט צום אַקט, אָפּמאָלענדיג וואָס פאַר א „העלד" ער וועט ווערען. און ווען קאַטשורא האָט מסכים געווען, — האַלט איהם גערשוני אין די הענט ביז׳ן סאַמע מאָמענט פון שיסען. ער שטויסט קאַטשורא׳ן — געה, שיס — און אַליין פאַרשווינדט ער". „אין דער זעלבער צייט האַלט ער אויך אין באַאַרבייטען דעם כאַראַקטערלאָזען אַרטילעריע־פּאָרוטשיק גריגאָריעוו און זיין קינפטיגע פרוי יורקאָווסקאַיא, וואָס איז א געוויסע צייט געווען גערשוני׳ס א באַגייסטערטע אָנהענגערין, און ער האָט עס, פאַרשטעהט זיך, אויסגענוצט. סיסטעמאַטיש האָט ער זיי גע־שטויסען צום מאָרד... דערנאָך האָבען זיי שוין געזוכט איינגאַנצען אוועקצוגעהן פון גערשוני׳ן און זיין טעראָר, אָבער דאָס איז נישט געווען אזוי גרינג. נאָכדעם ווי ער האָט זיי פאַרפּלאָנטערט אין דער קאָנספּיראַציע און געצוואונגען צו באַגעהן פאַרברעכערישע מעשים כדי זיי זאָלען קאָמפּראָמעטירט ווערען, האָט זיי גערשוני שוין נישט געלאָזט צורוה". זיינע שלוחים האָבען „זיך געסטאַרעט זיי צו ברענגען צו א פאַרברעכען, דערמאָנט די געגעבענע פאַרשפּרעכענס, אפילו געסטראַשעט". שיקענדיג באַלמאַשאָוו׳ן, קאַטשורא׳ן און גריגאָריעוו׳ן אויף מאָרדען, צווינגט ער זיי צו שרייבען זייערע ביאָגראַפיעס און בריף צו חברים. מען דאַרף, אז דאָס זאָל בלייבען פאַר קומענדיגע דורות... אויב אָבער די ליטעראַטור קומט נישט ארויס, זאָגט גער־שוני, אז ער וועט עס אַליין אָנשרייבען און אַליין פאַרריכטען. וויפיל אזעלכע בריף און רעדעס פון אומגעקומענע רעוואָלוציאָנערען, וואָס זיי האָבען אַליין קיינמאָל נישט געשריבען און נישט געהאַלטען, ווערע׳

ארויסגעגעבען פאַר עכטע אַ דאַנק געֶרשוני׳ן און אַנדערע טוער פון זיין מין.

„אַזוי זיינען פאַבריצירט געוואָרען „אידעאישע" טעראָריסטען..."

ווי דייטליך עס קוקט ארויס די זשאַנדאַרמישע קאַפּיטע פון דער דאָזיגער ליטעראַטור, וואָס ווערט צוגעטראָגען דעם לעזער פון דער שותפות׳דיגער פירמע ספּירידאָוויטש און יאָסיף העססען!

אָט מיט אַזעלכע פּאָליציייִשע איינרייִדענישען און טענות זיינען פאַבריצירט געוואָרען די קליינע אַזעפ׳ס. דאָס איז אַן אויספּרוביר-טער זשאַנדאַרמישער נוסח: „מיר ווייסען דאָך, איהר זיינט גאָט די נשמה שולדיג... איהר זיינט מעהר אַ קרבן ווי אַ פאַרברעכער... איהר זיינט אריינגעפאַלען צוליב אומדערפאַהרענקייט, צוליב יוגענט-ליכער באַגייסטערונג... איהר זיינט געוואָרען האַרמאַטען-פלייש אין די הענט פון קאַלטבלוטיגע אנטרעפּרענערען פון בלוטיגע מערדערייען, וואָס קירעווען אייך פון דער ווייטענס... איהר זיינט אַ פליג, וואָס האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין קלעפּיגען שפּינוועבס... איהר דאַרפט בלויז אָנגעבען די נעמען פון די וויכטיגסטע שפּינען, און אייער גורל וועט פאַרלייכטערט ווערען און אפשר וועט מען אייך אינגאַנצען מוחל זיין".

אַזוי האָבען די העררען ספּירידאָוויטשעס און זייערע לייט גע-כאַפּט די קינפּטיגע רענעגאַטען, מוסרים, פאַררעטער.

„קיין פּראָצעס געהט נישט דורך אָהן דער דאָזיגער מכה: דער מסור לעבט!" — האָט גריגאָרי געֶרשוני מיט זיין געוועהנליכער פּשטות און קראַפט זיך אָפּגערופען אויף די פאַררעטערישע בלבולים. „ווען מענשען זיינען גרייט זיך צו ראַטעווען פאַר יעדען פּרייז, פליהען זיי מיט׳ן קאָפּ פאַראויס באַרג ארונטער, און די גוטהאַרציגע האַנט פון די זשאַנדאַרמען און זייערע פּראָקוראָרען איז אַלעמאָל גרייט אנטקעגענצו קומען די ירידה. אָבער זיי מעגען זיין רוהיג: איך וועל נישט ארויסרייסען ביי זיי דאָס שטרויעלע, פאַר וועלכען זיי כאַפּען זיך, כאָטש זיי האָבען עס אויסגעוועבט פון שקר און שמוץ"...

חוץ דער אומגעוועהנליכער מאָראַלישער אָפּגעהיטקייט, וואָס האָט ביי איהם ארויסגעשטראַמט פון אינערליכער נאָבעלקייט, האָט ער דערפאַר געהאַט נאָך אַ מאָטיוו. איינמאָל, אין אַן אָפּענהערציגער מינוט, האָט זיך מיר געֶרשוני דעריין מודה געווען. „דו ווייסט, וויק-

טאָר — האָט ער געזאָגט — איך האָב נישט בלויז געוואַרט אויפ'ן
טויט, אָבער איך האָב אויך נישט געוואָלט קיין אַנדער סוף פון פּראָ־
צעס אויסער טויט־אורטייל. פאַרשטעה מיך: איך האָב ליב דאָס
לעבען, איך שאַץ אָפּ אַלע אומצאָהליגע מעגליכקייטען פון לעבען.
אָבער דאָ, מוז איך זיך מודה זיין, האָב איך איבערגעשאצט די באַ־
דייטונג פון די זשאַנדאַרמישע שפּיצלאַך, און אפשר בין איך אויך
געווען נאַאיוו. אָט די צוויי עדות מיט זייערע איינגע'חזר'טע, שאַב־
לאָנע, זשאַנדאַרמיש־צוגעטראַכטע רכילות וועגען „אַנטרעפרענערען"
פון טעראָר, וואָס באַהאַלטען זיך הינטער די פּלייצעס פון די אומ־
גליקליכע אויספיהרער — איך האָב מורא געהאַט פאַר זייער דעמאָראַ־
ליזירענדיגער ווירקונג אויף דער געזעלשאַפטליכער מיינונג. אָבער
אַריבערשפּאַנען איבער'ן טויטען קערפּער פון „אַנטרעפּענער" מיט אַזאַ
פּאַק רכילות, האָב איך געגלויבט, וועט זיך נישט יעדער איינער דער־
וועגען. ווי מיינסטו?" איך האָב איהם געענטפערט אין אַ סקעפּ־
טישען טאָן, אַז פאַר זיי גילט דאָס גלייכווערטעל: מיט אַ מת מעג
מען אפילו אַ פאַרקאַן אונטערשפּאַרען". „איצט פאַרשטעה איך עס
אַליין — האָט זיך גערשוני אָפּגערופען — אָבער דעמאָלט האָט זיך
געדאַכט: דער טויט וועט די ערגסטע פאַרמאַכען די מיילער". —
„אויסער יענע, וועמען ער וועט אינגאַנצען פאַנאַנדערבינדען די צינ־
גער", — האָב איך איהם איבערגעריסען.

„די וואָס זיינען באַקאַנט מיט דער הערשענדיגער שטימונג אין
דער רעוואָלוציאָנערער סביבה — האָט ער דרך אַגב באַמערקט אין
אַן אַנדער אָרט אין זיין רעדע אין געריכט — ווייסען זעהר גוט ווי
שווער עס איז דער אָרגאַניזאַציע אָנגעקומען איינצורייידען די אַנטשלאָ־
סענע אויף טעראָר אום יעדען פּרייז, אַז זיי זאָלען בלייבען אין דער
אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער אַרבייט. זיי ווייסען וויפיל כחות די
אָרגאַניזאַציעס האָבען אָנגעווענדט איינצוצאַמען די אַלגעמיינע אויפ־
רעגונג און אַז נישט יחידים און נישט אָרגאַניזאַציעס האָבען געהאַט
די מינדסטע נויט צו זוכען עמיצען פאַר דער דאָזיגער טעטיגקייט.
אי גריגאָריעוו, אי קאַטשוראַ וואָלטען געקענט דערצעהלען, וויפיל
מיה ס'האָט זיי געקאָסט צו קריגען די סאַנקציע פון דער „באָיעוואַיאַ
אָרגאַניזאַציאַ", און ווי לאַנג און עקשנות'דיג מ'האָט זיי איינגערעדט
אָפּצוזאָגען זיך פון אָנגענומענעם באַשלוס".

יאָ, מיר אַלע האָבען עס געוואוסט. ווי איצט זעה איך די

ביטערע טרערען פון אַנאַסטאַסיאַ ביצענקאָ,*) וואָס מ'האָט זי נישט גענומען אויפ'ן טעראָר, ווייל מ'האָט זי געהאַלטען פאַר צו יונג און נערוועז. איך געדענק די ביטערע טענות פון אַלעקסעי פּאָקאָטילאָוו'ן, וואָס האָט גערעכענט צו געהן אויף סיפּיאַגינ'ען, אָבער ער האָט געמוזט אָפּטרעטען דעם אָרט באַלמאַשאָוו'ן, א מענשען, וועמען אַלע — וואָס האָבען איהם געקענט — האָבען כאַראַקטעריזירט, ווי אַן אויסער־געוועהנליך גאַנצע נאַטור, אַזוי ווי אַן אויסגעהאַקטע פון איין שטיק גראַניט; באַלמאַשאָוו'ן, וועמען די כאַראַקטעריסטיק „ווילענלאָזער" קליידט אַזוי, ווי זי וואָלט געקליידט מוצי סצעוואָלאַ אָדער ווילהעלם טעלל'ן. אַלעקסעי פּאָקאָטילאָוו איז נאָך באַלמאַשאָוו'ן געבליבען דער ערשטער קאַנדידאַט פאַר'ן נאָהענטסטען טעראָריסטישען אַקט, און ער האָט עס געזאָלט שיסען אין כאַרקאָוו אָבאָלענסקי'ן. אָבער די פּויעריש־אַרבייטערישע אָפּשטאַמונג פון קאַטשוראַ'ן צוזאַמען מיט דעם אַלגעמיינעם איינדרוק פון פעסטקייט און פאַרלעסליכקייט, וואָס ער האָט געמאַכט אויף אַלעמען, האָבען ווידער אָפּגערוקט דעם פּאַטאַלען אָבער געוווּנשטען „אַטשערעד" פון אַלעקסעי'ען. (סאַווינקאָוו אין זיין נעקראָלאָג נאָך פּאָקאָטילאָוו'ן**) האָט אַפילו געשריבען: „בלויז צופעליג איז אויף קאַטשוראַ'ן און נישט אויף איהם אויסגעפאַלען דער כבוד צו שיסען אויף אָבאָלענסקי'ן). און פּאָקאָטילאָוו האָט זיך געפּייניגט, זיך געקלאָגט אויפ'ן גורל, איז אריינגעפאַלען אין פאַר־צווייפלונג... איך געדענק ענדליך, וואָס פאַר א קלאַפּ דער אָפּזאָג אָנגענומען צו ווערען אין דער „באַיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ" איז געווען פאַר זינאַאידאַ קאָנאָפּליאַסניקאָוואַ,***) וועמען איך האָב רעקאָמענדירט: מ'האָט איהר געזאָגט, אַז איהרע דערפאַלגען אין דער אַרבייט אַלס א דאָרפישע לעהרערין זיינען גענוג צו באַזייטיגען יעדען געדאַנק וועגען בייטען איהר אַרבייט... און וואָס איז שייך קאַטשוראַ'ן, פאַלט אַוועק

---

*) ביצענקאָ האָט שפּעטער, אין הערבסט פון יאָהר 1905, דערשאָסען אין סאַראַטאָוו דעם גענעראַל סאַכאַראָוו פאַר זיין בלוטיגע אונטערדריקונג פון א פּויערים־אויפשטאַנד, און זי איז פאַר'משפט געוואָרען אויף קאַטאָרגע.

**) פּאָקאָטילאָוו איז אין יאָהר 1904 דער'הרג'עט געוואָרן אין א פּעטער־בורגער האָטעל דורך דעם, וואָס א באָמבע, וועלכע האָט געזאָלט דינען פאַר'ן אַטענטאַט אויף פּלעווע'ן, האָט אויפגעריסען.

***) קאָנאָפּליאַסניקאָווא האָט שפּעטער, אין זומער פון יאהר 1906, דער־שאָסען דעם גענעראַל מין, דעם אונטערדריקער פון מאָסקווער אויפשטאַנד, און זי איז פאַר'משפט געוואָרען צום טויט.

זיין עדות זאָגען פאַר׳ן סלעדאָוואַטעל נישט בלויז צוליב זיין דעמאָלטיגען פּאַטאָלאָגישען געמיט, נאָר אויך צוליב דעם וואָס אויפ׳ן פּראָצעס האָט ער אַליין, אַ פאַרשעמטער, זיך אָפּגעזאָגט פון אַ סך פון זיינע רייד. אָט דער כלומר׳שט „טעמפּער כאָכאָל" איז אין דער אמת׳ן געווען זעהר אַן אינטערעסאַנטע פּערזענליכקייט, אַן אבן טוב אין פולען זין פון וואָרט, דער אָפּגאָט און שטאָלץ פון די אַרבייטער־קרייזען אין יעקאַטערינאָסלאַוו, נישט בלויז אַ וואויל־קענעוודיגער און באַוואוסטזיניגער, נאָר אויך אַ לידער־שרייבער מיט אַן אומצווייפעל־האַפטען פּאָעטישען אָדער. זינט אָקטאָבער 1901 האָט ער זיך אומזיסט געריסען אין דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ". „איך וואַרט שוין העכער אַ יאָהר... איך בין נישט קיין אינגעל... איך בין שוין אַלט 27 יאָהר" — האָט ער זיך געבעטען—„אָדער איהר וועט מיך צולאָזען צו אמת׳ער אַר־בייט, אַז נישט וועל איך געהן אַליין אויף עפּעס, אויף וואָס עס זאָל נישט זיין, אויף מיין אייגענער אחריות". און מ׳האָט איהם צוגענומען ערשט נאָכדעם, ווי זיינער אַ גוטער ברודער, אויך אַ קאַנדידאַט אויף טעראָר, ניקיטאַ טשעפּעגין, האָט נישט אויסגעהאַלטען די מאַטערניש פון וואַרטען און איז שיער־נישט מיט אַ קיך־מעסער געגאַנגען אויף עפּעס אַן אומבאַקאַנטען גענעראַל ווייסס.

איידער יורקאָווסקאַיאַ און גריגאָריעוו האָבען געקראָגען גער־שוני׳ס סאַנקציע, האָבען זיי איהם דערקלערט, אַז כאָטש זיי ריזיקירען מיט אַ דורכפאַל אָהן פיהרערשאַפט, וועלען זיי בשעת סיפּיאַגינ׳ס לויה אַלץ איינס געהן מיט רעוואָלווערען און וועלען דורכפיהרען עפּעס אַן „אַקט". גערשוני איז געצוואונגען געווען — פון זיי אַליין — זיי צו ראַטעווען פון אַזאַ „יאוש־אַקט". און דאָך האָט ער אין גע־ריכט וועגען דעם קיין וואָרט נישט געלאָזט פאַלען, אויך נאָכדעם ווי זיי האָבען איהם „אָפּגעדאַנקט" מיט פאַררעטערישע רכילות.

גערשוני, פאַר וועמעס קאָפּ די זשאַנדאַרמען האָבען פאַרשפּראָכען כל׳ערליי סומען, פון פופצעהן ביז פינף און צוואַנציג טויזענט (צי האָבען זיי דען געקענט געבען פאַר איהם דעם אמת׳ן פּרייז?); גער־שוני, אויף וועמעס פּראָצעס דער פּראָקוראָר האָט געפאָדערט טויט־שטראָף פאַר בלויז געהערען צו דער פּאַרטיי; גערשוני, וועמען דאָס האָט אויף אַ האָר נישט אויפגערעגט, נאָר ער האָט גע׳טענה׳ט צו מיר: „ווען מ׳האָט אין די הונגעריגע גובערניעס אויפגעבראָכען די שפּייז־מאַגאַזינען — וואָלטען דאָס געקענט מאַכען צוויי פויערים מיט אַ לאָם (אַ ברעך־אייזען) אין די הענט. אָבער מען פלעגט צו דעם דורכבראָך

צובינדען אַ לאַנגע שטריק און גאַנץ קהל האָט געשלעפּט — דאָס הייסט: אַלע זיינען אין דעם און אַלע וועלען מיר צאָהלען. דאָס וואָס מיר האָבען אָפּיציעל איינגעפיהרט אין אונזער פּראָגראַם איז אויך אַזאַ „שטריקעל״ און אַלע וועלען מיר אויף איהר הענגען״; געׁרשוני, ווען מען האָט נאָכ׳ן פּראָצעס אַ גאַנצען חודש געהאַלטען אין דעם צושטאַנד פון אַ פאַרטיגען „בן־מינן״, וואָס אָט־אָט פיהרט מען איהם אהין, פון וואַנען מען קערט זיך שוין נישט אום; דער געׁרשוני, וואָס האָט זיך געטראָגען איבער גאַנץ רוסלאַנד ווי דער הייליגער גייסט פון דער רעוואָלוציע, זעהר אָפּט מיט אייגענהענטיג־אונטערגעשריבענע טויט־אורטיילען פון דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ״ אויף די משרתים פון דעספּאָטיזם, וואָס זיינען נאָר־וואָס אויסגעשלאָסען געוואָרען פון צעטעל פון די לעבעדיגע — האָט זיך געטראָגען, קען מען זאָגען, זעהר אָפּט אָנריהרענדיג מיט׳ן קאָפּ די תליה, — אָט דער געׁרשוני ווערט איצט עפענטליך באַשולדיגט אין די בלעטער פון אַ „ליבעראַלען״ היס־טאָרישען זשורנאַל, אַז ער איז אין טעראָר געווען אַ קאַלטבלוטיגער אַנטרעפּרעניאָר פון אַ באַשיצטען ווינקעל ארוים. דאָס איז שוין באמת צופיל...

געׁרשוני — ווי איך האָב שוין געבראַכט — האָט געזוכט דעם טויט־אורטייל, ווייל „איבער אַ טויטען קערפּער וועט נישט יעדער איינער וואַגען אַריבערצוטרעטען״... אָבער איבער די קברים פון די קדושים פון דער רעוואָלוציע שפּאַנט מען היינטיגע צייטען אַריבער זעהר גרינג. און נאָך ווי? מיט זשאַנדאַרמען אונטער די אָרעמס. און נאָך ווער? די פיהרער פון די דעמאָלטיגע ליבעראַלען, וואָס האָבען נישט איינמאָל טומעלדיג אַפּלאָדירט דעם טעראָר פון זייער צושויער־לאָזשע אויפ׳ן בעל־עטאַזש און אויף אַלע אופנים איבערגעזונגען סיי אין זייער ליטעראַטור, סיי אין די אַדרעסען פון די זעמסטוואָס און וואו נאָר זיי האָבען געקענט, דעם איינציגען מאָטיוו, וואָס איז באַ־שטימט געווען פאַר די אויערען פון די מאַכטהאָבער: גיט אונז אַ קאָנסטיטוציע, אַז נישט וועלען זיי וואַרפען באָמבעס.

⁂

פראַגען פון רעוואָלוציאָנערער עהרע, פון רעוואָלוציאָנערער ווירדע האָבען פאַר געׁרשוני׳ן שטענדיג געשפּילט אַ גוואַלדיגע ראָלע.

ער האָט קיינמאָל נישט געהערט צו די שמאָלע „אוטיליטאַריסטען״ פון דער רעוואָלוציע — דער חשבון פון טאַקטישע נוצען איז

קיינמאָל נישט געווען פאַר איהם די העכסטע, אַנטשיידענדע מאָס. ער פלעגט נישט איינמאָל זאָגען, אַז פון אַ העכערען שטאַנדפּונקט ווערט דאָס, וואָס איז ווירדיג פאַר דער פּאַרטיי און ווירדיג פאַר׳ן רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם, סוף כל סוף זיין אויך דאָס נוצליכסטע פאַר דער רעוואָלוציע — ווי דאָס איז די ווירדיגסטע אויפפיהרונג פאַר׳ן רעוואָלוציאָנער. אָבער עס וואָלט געווען אַ גוואַלדיגער טעות צו האַנדלען פאַרקערט און מאַכען די פּשוט׳ע אויסרעכענונג פון באַלדיגע נוצען, וואָס לאָזט זיך אַנטאַפּען און אָפּוועגען, פאַר דער העכסטער מאָס פון אַ ווירדיגער אויפפיהרונג... הינטער די בוימער וואָלט פאַרשוואונדען דער וואַלד, הינטער די קליינע געווינסלאַך וואָלט פאַרלאָרען געוואָרען די אמת׳ע מאָראַליש־פּאָליטישע באַהערשונג פון מוחות און הערצער.

דעריבער האָט אויך דער ציל ביי איהם נישט באַרעכטיגט די מיטלען. „היט זיך — האָט ער גע׳טענה׳ט צו אַ קרייז פון יוגענט — היט זיך באַזונדערס פאַר אַזעלכע מיטלען, וואָס נאָר די הויכקייט פון ציל קען זיי באַרעכטיגען. מיינט עס דען נישט, אַז די מיטלען גופא זיינען אַ סך נידעריגער פון ציל? מיינט עס דען נישט, אַז זיי זיינען פּשוט — נידעריגע מיטלען? און ווען איז דען אַ מיטעל אין באַצוג צום ציל נישט מעהר ווי אַ באַדינג פאַר זיין פאַרווירקליכונג: איינע פון די איינצעל־ציפערען, וואָס זייער סך־הכל איז דער „ציל". קען דען פון געמיינע איינצעל־ציפערען אַרויסקומען אַ הויכער און שעהנער סך־הכל? עס איז גענוג בלויז צו שטעלען די פראַגע, כדי זי צו לייזען. קיין צוויי ענטפערס קענען דאָ נישט זיין. מיטלען, וואָס פּאַסען נישט פאַר׳ן ציל, קענען אויף אייביג פאַרדאַרבען אויך דעם ציל אַליין. גראָד פאַר אַ רעוואָלוציאָנער איז דאָס באַזונדערס וויכטיג צו געדענקען. ווייל אַ געוויסער מינימום פון אומפּאַסיגע מיטלען ווערט אומפאַר־מיידליך אויף איהם אַרויפגעצוואונגען דורך דער לאַגע אַליין, אַזוי ווייט אומפאַרמיידליך, אַז דו באַמערקסט גאָרנישט אפילו קיין אַנדער מעגליכקייט. צום ביישפּיל: מיר פיהרען אַן אומלעגאַל לעבען, מיר באַהאַלטען זיך אויס, מיר רינגלען זיך אַרום מיט אַ לופט פון קאָנ־ספּיראַציעס. וואָס באַדייט עס? דאָס באַדייט, אַז מיר שפּילען אַ ראָלע, מיר פאַרשטעלען זיך, מיר ליגנערען מיט ווערטער, זשעסטען, מיט דער גאַנצער אויסערליכער אויפפיהרונג. אָבער צי ווערט נישט פון אָט דער פּראַקטיקע, וואָס פאַרוואַנדעלט זיך אין אַ געוואוינהייט, פאַרקריפּעלט די גאַנצקייט פון אונזער גייסטיג געשטאַלט? וואָס

ווענינגער מיר באמערקען עס, וואָס מעהר מיר לעבען זיך איין דערמיט, וואָס מעהר מיר געוואוינען זיך צו צו דעם ווי צו עפּעס וואָס איז זעלבסט־פאַרשטענדליך און נאַטירליך, אַלץ מעהר פאַרקריפּעלט עס אונז. אָבער דעמאָלט איז דאָך עס שוין א סם, מיר אַליין סמ׳ען זיך אָפּ סיי מיט דער דאָזיגער פּראַקטיק, סיי דערמיט, וואָס מיר פאַרטראַכטען, פּלאַנע־ווען אויס און באַאַרבייטען טעכניש אויף א גלייכגילטיגען אופן דעם מאָרד פון א מענשען — זאָל זיין פון א שררה, א חיה אין מענ־שען־געשטאַלט; אָבער א חיה איז דאָך אויך א לעבעדיגע באַשעפעניש, א חיה וויל אויך לעבען. אודאי ווירקען אויך גיפטען אין געוויסע קליינע דאָזעס אַזוי ווי רפואות און קענען אַפילו ווערען א רעטונגס־מיטעל. אָבער מ׳דאַרף פונדעסטוועגען וויסען, אַז דאָס איז סם, און נישט צוגעוואוינען זיך דערצו און נישט פאַרליבען זיך אין דעם, ווי מאָרפיניסטען ווערען צוגעוואוינט און אריינגעצויגען אין געברויך פון מאָרפיום. דערפון נעמט זיך אונזער כלל: נישט נעמען אין טעראָר, נישט נעמען אין דער רעוואָלוציע יענע, וואָס געהען אויף דעם זעהר לייכט, וועמען דער טעראָר קוקט אויס רייצענד־שעהן... ניין, בלויז דער וואָס האָט איבערגעווייטאָגט דעם טעראָר און די רעוואָלו־ציע, וואָס קען זייערע באַהאַלטענע פּאַטאַלע מאָראַלישע ווידערשפּרוכען, בלויז דער איז זיכער, בלויז דער האָט „פּאַדקאָוועס", אַז ער זאָל זיך נים אויסגליטשען און פאַלען, דערצו נאָך פאַלען אַזוי, אַז ער זאָל זיך דערנאָך שוין נישט אויפהויבען..."

עס טוט מיר לייד וואָס איך האָב דעם שמועס נישט פאַרשריבען דאָרט אויפ׳ן אָרט און איך דאַרף איצט ווידער אויפשטעלען מעהר א טרוקענע לאָגישע סטרוקטור איידער דעם פולען שמועס אין זיין לעבעדיגער פאַרביגקייט און גאַנצקייט. גערשוני האָט גערעדט אָנ־ציהענד און האָט פאַרכאַפּט די יונגע הערצער און מחות אינגאַנצען, גאָרנישט איבערלאָזענדיג. איך קען יונגע לייט און מיידלעך, פאַר וועמען גערשוני איז געווען מעהר ווי א פּאָליטישער פיהרער: ער איז פאַר זיי געווען א לעהרער פון לעבען. אונטער זיין ווירקונג האָט זיך אין זיי אַלעמען אָפּגעזעצט א געוויסער הויך פון אַסקעטיזם. אייניגע האָבען באַשלאָסען נישט חתונה האָבען. עס איז אמת, אַז גערשוני האָט עס קיינמאָל דירעקט נישט געפּריידיגט, נאָר פון זיין אַלגעמיי־נעם בליק אויפ׳ן לעבען האָבען זיי אַליין אַרויסגעדרונגען דעם באַ־שלוס זיך אָפּצוזאָגען פון א גאַנצער רייהע לעבענס־פריידען, ווי א מין פרישות, א מין מאָראַלישער געגענגיפט, מיט וועלכען זיי האָבען

געוואָלט אין זיך ווי נייטראַליזירען די אָפּווייכונג פון די נאָרמאַלע ריין־מענשליכע באַציאונגען, וואָס די האַרבקייט און אכזריות פון רעוואָ־לוציאָנערען לעבען האָבען פון זיי געפאָדערט. אַנדערע זיינען געקו־מען צו נאָך אַ שלום: אַ טעראָריסט, וואָס האָט פאַרגאָסען מענשליך בלוט, טאָר בשום אופן נישט וועלען אַנטלויפען און זיך ראַטעווען; ניין, ער דאַרף פאַר יענעם׳ס לעבען אָפּגעבען זיין אייגען לעבען: בלויז דעמאָלט וועט ער נישט דעגראַדירט ווערען מאָראַליש, בלויז דעמאָלט וועט ער זיין אויף דער הויך פון סאָציאַליסטישען אידעאַל, פאַר וועל־כען דער מענש איז די העכסטע ווערט. פאַרשטעהט זיך, אַז גער־שוני האָט קיינמאָל אַזאַ זאַך נישט פאַרלאַנגט. ער האָט אָבער הויך געשעצט אַזאַ שטימונג, אָנערקענענדיג, אַז אַ מענש, וואָס לעבט אַזוי איבער זיין באַטייליגונג אין טעראָר, ווערט שוין געלייטערט פון דער איבערלעבנוג אַליין, און דעריבער דאַרף ער און מוז לויט דער פאָדע־רונג פון דער פּאַרטיי זיך אָפּזאָגען פון דער פאַקטישער לייטערונג דורך אָפּגעבען זיין אייגען לעבען פאַר יענעם׳ס.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דערמאָנט זיך מיר אַ פאַל, ביי וועל־כען מיר איז אַליין אויסגעקומען צו זיין אַן עדות.

געווען אין יענע צייטען איינער אַ נאַראָדניק־עקאָנאָמיסט, אַ מענש אָהן ספק אַ טאַלאַנטפולער און קלוגער, נאָר עפּעס אַ נישט־איינגעגעבענער און אינערליך אַן אָנגעבראָכענער. זיין יוגענט איז אויסגעפאַלען אין דער וויסטער צייט ווען די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ” איז צופאַלען. די רעשטלאַך פון דער באַוועגונג האָבען דעם פאַנאַנדערפאַל פאַרענדיגט: דורך זיי האָט זיך דער טיפער און ברייטער שטראָם צוריסען אויף באַזונדערע טייכלעך, שטרעמלעך און ריטשקעלעך. אין דער אַטמאָספערע פון אַלגעמיינעם טאַקטישען קריזיס און בלאָנדזשע־ניש און צופאָרענקייט האָבען מענשען אין פאַרצווייפלונג זיך געכאַפּט פאַר אַלערליי מינים און שטייגערס פון רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט, און יעדער איינער האָט דאָס זייניגע געוואָלט פונאַנדערבלאָזען אין דער איינציגער ישועה און וועלט־רעטונג. די באַוועגונג איז צוברע־קעלט געוואָרען, איהר אַלגעמיינער אָנבליק איז פאַרנעבעלט געוואָרען. און צוזאַמען מיט דעם איז אויסגעהויכט געוואָרען אויך דער מאָראַ־לישער כח, עס האָט זיך אַריינגעריסען דער שמאָלינקער אוטיליטאַ־ריזם וואָס איז דערגאַנגען ביז געצענדינערייִ און איינציגע כלומר׳שטע מיטלען זיינען געוואָרען הייליג ווי אָפּגעטער. עס האָבען זיך באַוויזען

„מיליטאַריסטען“, אָנהענגער פון אַ ריין־מיליטערישער פאַרשווערונג, עס האָבען זיך באַוויזען טרוימער וועגען אַ הויף־איבערקערעניש, צוליב וועלכער מען האָט לכתחילה געדאַרפט די פאַרשווערער ארויפשטופען ארויף, צו הויכע קאַריערעס; עס האָבען זיך באַוויזען אפילו פאַנאַטיקער פון געדאַנק אָנצוזאַמלען אויף וועלכען עס איז אופן גרויסע געלט־מיטלען, ווייל דער אמת׳ער נערוו פון מלחמה איז געלט, און מ׳קען נישט אָנהויבען קיין גרויסע מלחמה, ווען מען איז פון פריהער נישט באַזאָרגט מיט די געהעריגע גרויסע פאָנדען א. אז. וו., א. אז. וו. אין איינער פון אַזעלכע עפּיגאָנישע גרופּעס, גראָד נישט אין דער ערגסטער פון זיי, האָט זיך פּאָליטיש אויך געפונען אונזער עקאָנאָמיסט־נאַראָדניק, און דאָרט האָט ער אויך געליטען פון דער פּאָליציייאישער ליקווידאַציע, וואָס האָט געבראַכט אַלעמען אין טורמע. דאָרט, נאָך לאַנגע וכוחים, אויסרעכענונגען, באַרעכענונגען און פּלפּולים, האָבען אַלע אָנגענומען אַן אַלגעמיינעם באשלום: נעמענדיג אין אנבאַטראַכט די העכערע אינטערעסען פון דער רעוואָלוציע, ווי אויך אַז זייער פּאָליטישע ליניע איז די איינציג־ווירקזאַמע און אַז עס איז נישטאָ ווער עס זאָל זיי פאַרבייטען אויף זייער פּאָזיציע, — דאַרף מען זעהן וואָס גיכער זיך אומקערען אויפ׳ן קאַמפּס־פעלד, און דעריבער איז נויטיג צו פאַרקלענערען די שטראָף אויפ׳ן איינציג־מעגלאַכען וועג: אַז אַלע זאָלען אָנגעבען אַ בקשה אויפ׳ן אַלערהעכסטען נאָמען וועגען באַגנאַדיגונג.

„צופאַלענדיג צו די פיס פון זיין קייזערליכער מאַיעסטעט“, האָבען די יונגע „מיליטאַריסטען“ געוואונען זעהר ווייניג, אָבער עפּעס האָבען זיי פונדעסטוועגען יאָ געוואונען. יאָהרען זיינען געגאַנגען. אונזער יונגער עקאָנאָמיסט־נאַראָדניק איז צוריקגעקומען פון די סיבירישע שנייען שוין אַ צייטיגער מענש, אין דער צייט ווען עס האָט זיך מיט׳ן גאַנצען אימפּעט גענומען פונאַנדערוויקלען די עס־ערישע באַוועגונג. ער איז צו איהר צוגעשטאַנען און געגלויבט, זעהט אויס, אַז ער איז באַרופען דער ערשטער צו געבען דער באַוועגונג אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג. אין דער פּאַרטיי האָט געהערשט אַ שטילער אָפּמאַך: מען זאָל איהם באַטראַכטען נישט ווי אַ פולבאַרעכטיגטען מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע, נאָר ווי אַ מיטפּיהלענדען, אַ מיטגעהער, מעג זיין אפילו אַ נוצלאַכען עצה־געבער — און דאָס מעהר אין פראַגען פון אידעאָלאָגיע ווי אין דער פּראַקטיקע פון דער באַוועגונג, אין

אזעלכע פראַגען, וואו די פּראָגראַם־באַשטימונגען זיינען נאָהענט צו ענטפערס פון וויסענשאַפטליכער אויספאָרשונג.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזען, האָט ער אַליין זיין לאַגע נישט פאַרשטאַנען: ער האָט אויסגעטייטשט די אַלגעמיינע פאָר־זיכטיגקייט און דעליקאַטען צוגאַנג נישט ווי אַ ווילען צו שאַנעווען אַ מענשען, וואָס האָט אַזוי שווידערליך פאַרדאָרבען זיין גאַנצע פּאָליטישע צוקונפט, — נאָר ווי אַן אַלגעמיינע אַנערקענונג, אַז אין זיין לעבען איז אייגענטליך קיין שום באַזונדערע זאַך נישט געשעהן. אַ קליינע אומ־אַנגענעמליכקייט, אַ דורכפאַל — און דאָס אַלץ...

מיט אַזעלכע שטימונגען איז אונזער נאָראָדניק־עקאָנאָמיסט אַרויס־געפאָהרען קיין אויסלאַנד און האָט אין איינעם פון די גרויסע איי־ראָפּעאישע צענטערס אָנגעהויבען צו לייענען לעקציעס. אָבער אויף דעם דאָזיגען באָדען האָט ער זיך צוזאַמענגעשטויסען מיט די פיה־רער פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען און ער האָט זיי גענומען מורא'דיג קריטיקירען. יענע האָבען שנעל אויפגעגראָבען די פאַרגאַנגענ־הייט פון זייער שטרענגען קריטיקער און באַשלאָסען איהם אָנצור־לערנען. אויף איינער פון זיינע לעקציעס האָט עמיצער פון דער מאַרקסיסטישער יוגענט צוגעשפּאַרט דעם לעקטאָר צו דער וואַנט: צי איז ער נישט אמאָל „צוגעפאַלען צו די פיס" פון צאַר? די לעק־ציע איז אויפגעריסען געוואָרען. אַזוי אויך אַ צווייטע און אַ דריטע. מעהר קיין לעקציעס איז איהם שוין נישט געלונגען צו האַלטען: פאַר יעדער לעקציע האָט מען איבער דעם אומגליקליכען דורכגעפיהרט אַ מאָראַלישע עפענטליכע טויט־שטראָף, פאָרוואַרפענדיג איהם אין דער שאַרפסטער פאָרם די באַשולדיגונג אין שענדליכער, פחדנות'דיגער ירידה און פאַרלייקענענדיג זיין רעכט אויף פּאָליטישער לעהרערײ.

דער נאָראָדניק־עקאָנאָמיסט איז געווען אויפגערעגט ביז די טיפע־נישען פון דער נשמה. ער האָט זיך געווענדט צו אונז נאָך הילף. מיר האָבען איהם געגעבען אַן עצה זיך ווענדען צו וועמען עס איז פון די אָנגעזעהענע עמיגראַנטען, וואָס האָבען אַן אנערקענטע רעפּו־טאַציע פון ריינקייט, ווי למשל, פּיאָטר קראָפּאָטקין, און בעטען זיי דורכקוקען זיין ענין און נעמען אויף זיך די ראָלע פון זיינע „געוויסענס־ריכטער". אַזוי האָט ער געטאָן. דער ענטפער פון די „געוויסענס־ריכטער" האָט איהם איבערראַשט: זיי האָבען קאַטעגאָריש פאַרלאַנגט פון איהם, אַז ער זאָל זיך אַבסאָלוט באַזייטיגען פון געזעלשאַפט־ליך־פּאָליטישען פעלד און זיך באַגרענצען מיט אַרבייטען פון אַ

ריין־וויסנשאַפטליכען כאַראַקטער. איך געדענק, אַז אַפילו אייניגע פון אונז האָט זיך לכתחילה געדאַכט: צי איז עס נישט צו האַרב? צי קען מען אַ מענשען פאַר׳משפט׳ן אויפ׳ן גאַנצען לעבען פאַר אַ צייטווייליגער שוואַכקייט, פאַר אַ טעות פון זיין פריהער יונגענט? עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, אַז דער האַרבער אורטייל האָט געהאַט זיין גרונד. דערצעהלענדיג פאַר׳ן געריכט ווי אַזוי ער איז געקומען צו דער זינד, וואָס ער איז באַגאַנגען, האָט אונזער נאַראָדניק־עקאָנאָמיסט בשום אופן נישט געוואָלט מודה זיין, אַז דאָס איז אַ זינד. לויט זיין מיינונג, איז עס בלויז געווען אַ „פאַלשער חשבון״, אַ טעות אין אַ פּאָליטישער קאַלקולאַציע; ווען זייער קאָלעקטיווער „מיליטערישער שפּיצעל״ וואָלט זיך געווען איינגעגעבען, וואָלטען עס אַלע באַרעכטיגט. עס איז געווען אַ ריזיקע פון דורכפאַל, און די קאָרט איז געשלאָגען געוואָרען. אָבער ווער עס שטעלט נישט איין, קען נישט געווינען, און ווי אַזוי האָט מען געקענט פּאַראַוויסזעהן, אויב דער קונץ וועט געלינגען אָדער ניין. מ׳האָט געדאַרפט פּרובירען. „ס׳קומט אויס ווי מען זאָל איהם נאָך שולדיג זיין אַ דאַנק — פאַר׳ן מסירת־נפש׳דיגען איינשטעלעניש״ — האָט זיך אויסגעדריקט איינער פון די ריכטער.

גערשוני האָט לאַנג נישט געוואָלט גלויבען, אַז אַ מענש זאָל קענען זיין אַזוי מאָראַליש־פאַרטעמפּט און נישט האָבען קיין חוש פאַר דאָס מאָראַליש נישט־דערלאָזבאַרע. „מ׳דאַרף מיט איהם אַ שמועס טאָן — האָט ער גע׳טענה׳ט — דאָ מוז זיין עפּעס אַ מיספאַרשטענד־עניש״. די באַגעגעניש איז פאָרגעקומען און זי האָט זיך געענדיגט מיט אַ שווערער, פּיינליכער סצענע. אונזער „נאַראָדניק־עקאָנאָמיסט״ האָט זיך אַליין איבערגעשטיגען אין קאַלטבלוטיגער, רוהיגער (אפשר בלויז אָנגעצוואונגען־רוהיגער), אַדוואָקאַטיש־פּלפּול׳דיגער פאַרענטפערונג פון זיין פאַרגאַנגענהייט. וועלענדיג אַריינקלאַפּען אין גריגאָרי אַנ־דרעיעוויטש׳ן זיין שטאַנדפּונקט און מאַכען עס מיט אַ מאַקסימום גרונטאָוונע באַוויזען, האָט ער גענומען אַ ביישפּיל פון דעם געביט, וואָס האָט געדאַרפט זיין גערשוני׳ן אַם נאָהענטסטען. „נעמט, למשל, דעם ענין באַלמאַשאָוו — האָט ער געזאָגט. — די זאַך האָט זיך גע־דאַרפט אַנטוויקלען אין אַ גרויסען אַקט פון דריי סטאַדיעס: נאָך סיפּיאַגינ׳ען האָבען געדאַרפט אַוועק אויף יענער וועלט קלייגעלס און פּאָבעדאָנאָסצעוו. די לעצטע צוויי סטאַדיעס זיינען נישט געלונגען. פאַרוואָס? ענטפער איך: ווייל עס האָבען זיך נישט געפונען קיין

אנדערע צוויי באַלמאשאָוו'ס. אָבער ווען באַלמאשאָוו זאָל דורך א ביטע וועגען באַגנאַדיגונג קענען ראַטעווען זיין לעבען, כדי דערנאָך ארויסצוטרעטען געגען קליינגעלס'ן אָדער פּאָבעדאָנאָסצעוו'ן — וואָס פאר א מאָראַלישער שאָדען וואָלט ארויסגעקומען פון אזא ביטע? פארוואָס וואָלט מען געדאַרפט א ביטע, וואָס ווערט אָנגעגעבען מיט אזא ציל, פאראורטיילען אָדער אָפּוואַרפען?"

ארויסריידענדיג די ווערטער, האָט דער בעל דבר אויסגעזעהן דורכאויס ווי א זינגער, געגרעדט מיט איבערצייגונג, ווי א מענש פון העכערער אינטעליגענץ וואָס צוקייט און לייגט אריין יענעם אין מויל די עלעמענטאַרסטע, קלאָרסטע אמת'ן. איך געדענק, ווי מיך האָט עס דעמאָלט אויפגעריסען, — אָבער מיין באַציאונג צו דעם ענין איז דאָ נישט וויכטיג. אגב, האָב איך מיינע רייד אַליין אָפּגעהאַקט. ווען איך האָב דערזעהן ווי גערשוני האָט רעאַגירט דערויף, איז מיר דער צונג צוגעטריקענט געוואָרען צום גומען. דער אינערליכער אויפגערעגטער צאָרן האָט ביי גערשוני'ן דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט וואָס מ'קען זיך פאַרשטעלען. ער איז אינגאַנצען בלייך געוואָרען, האָט קוים ארויסגערעדט די ווערטער, אזוי ווי ער זאָל זיי מיט גוואַלד ארויסשטויסען דורך די ציטערדיג־צונויפגעדריקטע ציין... ווי קען מען איבערגעבען אָט די שטיקלאַך פראַזען, אָט די כמעט נישט־פאַרשטענדליכע אויסרופען, פון וועלכע ס'האָט זיך געריסען אזא נשמה־געשריי, אז דאָס גאַנצע וועזען איז אויפגעציטערט געוואָרען? קיין רעדע, קיין שעהן־רעדנעריי וואָלט נישט פאַרמאָגט אזא דערשיטערענדיגען כח, ווי אָט די צעריסענע ספּאַזמען פון געפיהל, וואָס איז באַליידיגט געוואָרען אין זיינע הייליגסטע טיפענישען. „ווי קענט איהר... ווי וואָגט איהר... ווי הויבט זיך ביי אייך דער צונג... די ריינע געדעכניש... א גייסטיג געשטאַלט פון בראשית'דיגער גאַנצקייט... פאַרבלאָטיגען, פאַרמיסטיגען... אויפ'ן הייליגען קבר... ס'איז שענדונג... ווי אויפ'ן יאַריד קרעמעריש אויסרעכענען די פּאָליטישע פאַרדינסטלעך... ארונטערשלעפּען פון דער הויך פון קדוש השם... די ליכטיגע געשטאַלט... קנעכטיש, גראָשענדיג... ווי א שלאַנג וואָס דרייט זיך... אויסבייטען אויף בלעכענע פּרוטה'ס דעם ריינסטען מעטאַל... פון א גרוים גאָלדען הארץ... ניין, דאָס קען מען נישט איבערטראָגען... דאָס פאַרשמוצט די אויערען... דאָס, דאָס... דאָס איז אונערהערט, אונדערטרעגליך..."

ער האָט שווער געאָטעמט, זיך פאַרכלינעט, געוואָרגן מיט די ווערטער. מ׳האָט איהם געגעבען א גלאָז וואסער. דער שמועס איז געווען געענדיגט. מ׳איז זיך פאנאנדערגעגאנגען. און דערנאָך, אז ער האָט זיך בארואיגט און איבערגעמאָלען אין זיך דאָס אלץ וואָס איז פאָרגעקומען, האָט גערשוני מיט א מין שטילען טרויער, ווי איבער א קבר פון אן אונגליקליכען באנקראָט א זעלבסטמערדער, געזאָגט צו מיר: „דער מענש עקזיסטירט נישט מעהר פאר אונז״.

און כמעט אזוי, כמעט מיט דעם זעלבען טאָן, מיט א לאקאָנישער קאטעגאָרישקייט האָט ער גערעדט וועגען בארים סאווינקאָוו׳ן נאָך דער באגעגעניש אין אויסלאנד, ווען מ׳האָט גדארפט פאר־האנדלען סאווינקאָוו׳ס אומקעהר צו דער טעראָריסטישער ארבייט און זיין אנטייל אין ווידער־אויפשטעלען די „באָיעוואיא אָרגאניזאציא״. „איך ווייס נישט וואָס ער איז געווען — האָט זיך גערשוני אויסגע־דריקט — אָבער איך זעה וואָס ער איז געוואָרען. פאר אונז איז ער נישטאָ.״

איך האָב איהם געבעטען זיך ארויסזאָגען קאָנקרעטער. עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז גערשוני׳ן האָט אָפגעשטויסען סאווינקאָוו׳ס אל־געמיינע מאָראלישע פיזיאָנאָמיע — די נאפּאָלעאָנישע גענג אין קרייז פון אָנטציקטע באוואונדערער, די ליבטע באציהונג צו מענשען, דער דורשט צום לעבען, די גרייטקייט צו „ברענען דאָס ליכט פון אייגע־נעם לעבען פוןביידע זייטען״, זיין צוגאנג צו פרויען, ווי א יעגער צו זיין רויב, און נאָך שטריכען פון דעם מין. „א רעוואָלוציאָנער קען ער נאָך זיין, אָבער א סאָציאליסט — אין קיין פאל נישט״ — האָט ער צווישען אנדערעם זיך אויסגעדריקט. איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו דערמאָנען די מיינונג פון פארשטאָרבענעם מיכאאיל גאָץ וועגען סאווינקאָוו׳ן: „א געפלאצטע סטראדיווארויס־פידעל״. גערשוני האָט א שמייכעל געטאָן: „אויב עס איז געווען, איז עס שוין לאנג אוועק. א פידעל, אפילו א צובראָכענע, לאָזט נישט ארויס אזעלכע קלאנגען ווי דער סקריפּ פון אייזען איבער גלאָז״.

דעמאָלט — געדענק איך — האָב איך געהאלטען גערשוני׳ס מיינונג פאר צו שארף. אָבער ער האָט זיך ארויסגעוויזען פאר א בעסערען מענשען־קענער ווי איך: סאווינקאָוו׳ס ווייטערדיגער גורל האָט עס פולקאָם באשטעטיגט. איך האָב דעמאָלט געהאלטען סאווינ־קאָוו׳ן פאר א סך א באדייטענדערען מענשען ווי ער האָט זיך באמת ארויסגעשטעלט. ער איז געווען מעהר פארביג און בלענדיג ווי גרויס:

בלענדיג אין זיינע מעלות און בלענדיג אין זיינע חסרונות. אָבער איך בין נאָך דעמאָלט נישט געווען איננאַנצען איבערצייגט, אַז סאַווינקאָוו קען אַרבייטען מיט זיכערקייט נאָר ווען ער שפּאַרט זיך אָן אויף אַ שטאַרקערען פון זיך, אַ געפיהרטער פון עמיצען, וועלכער ווייס וואָס ער וויל; אַז בלייבענדיג אַליין, וועט זיך סאַווינקאָוו וואַרפען פון איין זייט אויף דער אַנדערער, טאַפּען דעם וועג בלינדערהייט און פאַרקריכען אָן אַ זייט. מיט איין וואָרט — סאַווינקאָוו'ס פּוסטען תוך האָב איך נאָך דעמאָלט נישט געזעהן. גערשוני האָט עס נישט בלויז דורכגעדרונגען מיט זיין בליק, נאָר מיט גרויס טעמפּעראַמענט זיך מאָראַליש אָפּגעטרייסעלט פון דעם שטאָלץ און דער פאַררייסענער גאוה פון דעם דאָזיגען פאַרענדיגטען רעוואָלוציאָנערען עגאָצענטריסט.

און איז מיט דעם נישט פאַרבונדען נאָך אַ שטריך גערשוני'ס? סאַווינקאָוו, וואָס האָט אַליין אויף זיך געקוקט (לאָמיר זיך דערמאָנען זיין „בלייכען פערד") ווי אויף אַ מין „יעגער נאָך דער רויטער חיה", „יעגער נאָך שאַרבענס", האָט זיך איננאַנצען פאַרלאָרען, ווען עס האָט זיך אין 1905 אויסגעדאַכט, אַז דאָס רוסישע לעבען איז אַרונטער פון בלוטיגען שליאַך פון קאַטאַסטראָפעס אויף די רעלסען פון פרידליכער, עוואָלוציאָנערער אַנטוויקלונג. ביי איהם האָט זיך דער באָדען אַזוי ווי אַרויסגעגליטשט פון אונטער די פיס און ער האָט גענומען חלום'ען פון עפּעס אַ לעצטען רעוואָלוציאָנערען אַקט, אָהן וועלכען זיין רעוואָלוציאָנערע קאַריערע האָט איהם אויסגעזעהן ווי איבערגעריסען, נישט פאַרענדיגט, אָפּגעווישט. מיט איין וואָרט — ער האָט זיך פאַרגעשטעלט אַ מין עפּעקטפולען אַוועקגעהן פון לעבען — „אַ קלאַפּ טאָן מיט דער טיר" מיט'ן גאַנצען כח, אַז די וועלט זאָל דערהערען. און גערשוני, ווען צו איהם איז דערגאַנגען די ידיעה וועגען דער גאָסודאַרסטווענער דומע, וועגען דער נייער אָרדנונג, האָט אין דער זעלבער צייט אי נישט געגלויבט, אי פיינליך געוואָלט גלויבען, און געפרעגט זיך אַליין:

„און וועט מען שוין באמת אין רוסלאַנד קענען לעבען? מ'וועט שוין נישט דאַרפען הרג'ענען? מ'וועט שוין נישט דאַרפען שטאַרבען פאַר מאָרדען? איז שוין געקומען דער געבענשטער מאָמענט? דער פאַרשאָלטענער בלוטיגער קאַמף, וואָס דער פאַרפלוכטער רעזשים האָט אַרויפגעלייגט אויף אונזערע פּלייצעס — איז ער שוין באמת געענדיגט? דער רעוואָלווער און די באָמבעס וועלען קענען איבערגעלאָזט ווערען דאָרטען, הינטער'ן שוועל פון נייעם לעבען, ווי אַ פינס-

טערע ירושה פון פינסטערער רעכטלאָזיגקייט, ווי א פינסטער שוי־געוועד געגנען ווילדען ווילקיר און געוואלט פון די מאכטהאָבער און שטאַרקע איבער די רעכטלאָזע און שוואכע? איז שוין צו דעם אלעם געקומען א סוף? דאָס צוריסענע פאַטערלאַנד וועט מעהר נישט פאָדערען קיין קרבנות? די שטילע און ליבענדיגע וועלען נישט מעהר געצוואונגען זיין צו נעמען אין די הענט אריין דעם בלוטיגען שווערד? האָט שוין דאָס וואָרט פון אמת און יושר ענדליך פאַר־ביטען ביי די קעמפער פאַר׳ן גליק און פרייהייט פון די האָרעפּאַש־ניקעס דעם רעוואָלווער און באָמבע?״

צוויי וועלט־אָנשויאונגען. צוויי מאָראַלישע טיפּען. איינער — א „מייסטער פון רויטען צעך״, וואָס האָט הנאה פון זיין מלאכה; דער צווייטער — א טעראָריסט צוליב׳ן ביטער׳ן מוז, וואָס בענשט דעם מאָמענט, ווען מען וועט קענען דערפון דערלייזט ווערען.

***

נישט אויף אַלעמען האָט גערשוני ביי דער ערשטער באַגעגעניש געמאַכט א גלייך שטאַרקען איינדרוק. דער פּאַרשטאָרבענער מיכאיל גאָץ, וואָס האָט אין דער פּאַרטיי נישט געהאַט קיין מענשען נעהענטער, איינגענער און טייערער ווי גערשוני, האָט גע׳טענה׳ט צו מיר: „א שאָד וואָס דמיטרי (גערשוני׳ס ערשטער רעוואָלוציאָנערער צונאָמען) האָט נישט אויף מיר, נישט אויף אַנדערע אין דער פּאַרטיי פון אָנ־הייב נישט געמאַכט דעם באַצווינגענדיגען איינדרוק וואָס עס פלעגען מאַכען אַמאָל אויף זייערע ערשטע רייזעס איבער רוסלאַנד די אַגענטען פון אויספיהר־קאָמיטעט פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליא״, — הערמאַן לאָפּאַטין, סערגעי איוואַנאָוו . . . צי מיר אַליין זיינען דעמאָלט געווען אינגער און פיהלבאַרער, צי דאָס האָט זיי באַגלייט די גלאָריע פון דעם מורא׳דיגען אויספיר־קאָמיטעט? אָבער זיי פלעגען אונז א נעם טאָן מיט איינמאָל און איינגאַנצען . . . דמיטרי׳ן אָבער דאַרף מען נעהענטער דערקענען, כדי צו קריגען צו איהם די געהעריגע באַציאונג. פון ערשטען מאָל לאָזט ער זיך עפּעס נישט אָפּשאַצען...״ נאָך בולט׳ער האָט זיך עס אַרויסגעוויזען ביי רוסאַנאָוו׳ן, ווי ער דערצעהלט עס אין דעם בוך גופא.

דאָס לאָזט זיך דערקלערען קודם כל מיט גערשוני׳ס גוואַלדיגער איינגעהאַלטענקייט. ביים באַגעגענען זיך מיט נייע מענשען, האָט ער ליב געהאַט מעהר צו הערען ווי צו רעדען. און געהערט האָט ער

אויף א מאָדנעם אופן — צייטנווייז האָט זיך געדאכט, אז ער הערט גאָרנישט און טראכט וועגן עפּעס אנדערש, אָבער אין דער אמת'ן האָט ער זיך צוגעהערט מעהר ווי אויפמערקזאם, צוגעהערט אקטיוו, האָט אין מח מאָמענטאַל איבערגעארבייט דאָס געהערטע, אויב עס איז געווען אינהאַלטספול, אָדער אָפּגעשאצט דעם רעדנער לויט די רייד זיינע — יעדענפאלס האָט ער פּאראלעל מיט'ן שמועס אויך גע־טראכט זיינע אייגענע געדאנקען. חוץ דעם פלעגט ער, באזונדערס אין אויסלאנד, זיך באנוצען מיט דער געלעגענהייט אויסצוברייטערען און פארטיפען זיין באקאנטשאפט מיט די אייראָפּעאישע סאָציאַליס־טישע באוועגונגען. אין רוסלאנד, ביי דער ארבייט — און נאך וואָס פאר אן ארבייט! — איז ער דורך די באדינגונגען אליין אָפּגעשניטען געווען פון דער דאָזיגער וועלט, און ער האָט טאקע קיין צייט נישט געהאט אויך. אין פארגלייך מיט'ן אינטענסיוון לעבען אין רוס־לאנד, וואו די ארבייט האָט נישט געלאָזט כאפּען דעם אָטעם, האָט ער אין אויסלאנד — וואו ער האָט געארבייט נישט ווייניגער פון יעדען איינעם פון אונז — געפיהלט זיך ווי אויף קאניקולען. דאָ האָט ער געוואָלט עפּעס קריגען פאר זיך אליין. און צוגעהענדיג צו די אלטע עמיגראנטען, האָט ער ווייניגער פון אלץ געוואָלט זיי אימ־פּאָנירען, נאָר ער פלעגט גלייך דערצעהלען וועגן די לעבער אין זיין ווייסען און געצוואונגען יענעם צו ריידען. זיין אָפּענקייט איז געווען אן אויסערגעוועהנליכע, און ער פלעגט זיך אליין דערמיט אמאָל שאָדען טאָן. ווי אצינד געדענק איך א פּארטיי־בעראטונג אין דער עפּאָכע פון 1906—1907, ווען ער האָט אלעמען איבעררראשט און איבערראשט אונאנגענעם. עס איז פארהאנדעלט געוואָרען די פראגע וועגען טעראָר אויפ'ן דאָרף און אין די פאבריקען. פון פארשיידענע זייטען האָבען זיך געהערט מעהר אָדער ווייניגער וואָגיגע ארגומענטען געגען דעם מין טעראָר. גערשוני האָט געקראָגען דאָס וואָרט און מיט אמאָל דערקלערט, אז קיינער פון די ארגומענטען איבערצייגען איהם נישט. ער האָט נישט געהערט און וויים בכלל נישט פון אזא ארגומענט געגען „עקאָנאָמישען" און קלאסען־טעראָר, וואָס מ'וואָלט אויך נישט געקענט אָנווענדען געגען פּאָליטישען טעראָר. אָבער ווער עס אנער־קענט דעם פּאָליטישען טעראָר, דעם וועלען די ארגומענטען געגען אגרארען און פאבריק־טעראָר אויף א האָר נישט איבערצייגען.

נעמענדיג פאר אביישפּיל איינינע פון די אויסגעהערטע געגען־ארגומענטען האָט ער, שפּילענדיג, מיט א גאנץ היבשען דיאלעקטישען

כח, געמאכט פון זיי גאָרנישט — צו דער גרעסטער פרייד און באַפרידיגונג פון בונטאַריש־מאַקסימאַליסטישען פליגעל פון דער פאַרזאַמלונג. א דערשטוינטער, האָב איך גלייך געפאָדערט דאָס וואָרט.
„און פון דעסטוועגען — האָט גערשוני ווייטער גערעדט — זאָגט מיר אונטער עפּעס אַן אינוועניגסטע שטימע, אַז אָננעמען דעם אַגראַרען און פאַבריק־טעראָר אין אונזער פּראָגראַם דאַרפען מיר נישט, און אויב מיר טוען עס וועלען מיר מאַכען אַ פאַטאַלען און ביטערען טעות. זאָל מען נישט פרעגען — פאַרוואָס? ביי איהם איז דאָס דורכאויס אירראַציאָנאַל. מיט'ן קאָפּ, מיט'ן שכל מוז ער מודה זיין, אַז ס'איז אבסאָלוט קיין חילוק נישטאָ צווישען דעם אַגראַרען, לאָמיר זאָגען, און פּאָליטישען טעראָר. אויב מען פאַרטיידיגט דעם טעראָר דאָ, מוז מען איהם אויך פאַרטיידיגען דאָרטען, און פאַרקרעט. זאָל עמיצער אָנווייזען דעם חילוק! עס איז נישטאָ און עס קען נישט זיין".

מ'האָט אויסגעהערט די רעדע, און די פאַרזאַמלונג האָט זיך גענומען טומלען ווי אַ צורודערטער ביהנשטאָק. און ס'איז געווען פון וואָס אויך. די פראַגע איז געווען צופיל קרענקליך־פאַרשאַרפט און וויכטיג. דער גורל פון דער פּאַרטיי גופא איז געשטאַנען אין קאָן. די פּאַרטיי איז געבליבען אויפ'ן שייד־וועג מיט אַ דילעמאַ, וואָס איך האָב אין דרוק רעזומירט אַזוי: די אָרגאַניזאַציע אָדער די צובּרעקלונג פון דער רעוואָלוציע? אויף איין וועג האָט זיך געריסען צו געהן און מיטשלעפּען מיט זיך די פּאַרטיי דער עקסטר־לינקער אַנאַרכיש־מאַקסימאַליסטישער פליגעל. ער האָט געהאַט נאָר איין לאָזונג, וואָס האָט — לויט מיין מיינונג — געשמעקט האַלב מיט רעוואָלוציע און האַלב מיט פּאַגראַם: שלאָג! מיט זיין דראַנג צו אַפּאָליטישקייט אין דער טעאָריע, האָט ער אויך אַרויסגעוויזען אַן אַפּאָליטישע טענדענץ אין אויסוואַהל פון די קאַמפּס־מיטלען. ער האָט גערן איגנאָרירט און געלאָזט אָן אַ זייט די מלוכה־מאַכט — דאָס איז דאָך „פּאָליטיק" — און געזוכט אַ דירעקטען צוזאַמענשטויס מיט די „פּאַרמעגליכע". אַזוי ווי די מאַכט זאָל כלומרשט זיין אַ פרעמדע זעלבסטשטענדיגע זאַך, און נישט קיין אָרגאַניזירטער טייל פון גאַנצען אַפּאַראַט פון די פאַרמעגליכע. אַזוי אָדער אַנדערש, אָבער אונזערע דעמאָלטיגע „אויסגעלינקטע" האָבען געהאַלטען, אַז די קאָנצענטרירונג פון די רעוואָלוציאָנערע כחות אין קאַמף געגען דעם מלוכה'שען, רעגירענדיגען טייל פון די הערשענדיגע קלאַסען איז אַ פאַרדעכטיגער אָפּנויג פון גלייכען וועג פון „ריין־סאָציאַלען" קאַמף. דעריבער האָבען

זיי מעהר געהאַלטען פון אַגראַרען און אינדוסטריעלען טעראָר ווי פון פּאָליטישען, דעריבער האָט זיי אויך אַזוי געצויגען צו די אַזוי גערופענע „עקספּראָפּריאַציעס”, באַזונדערס צו די גרינגערע עקספּראָפּריאַציעס ביי פּריוואַטע פּערזאָנען. אין מיינע אויגען האָט דאָ די שאַרפע דעמאַגאָגישע פראַזעאָלאָגיע זעהר שוואַך פאַרדעקט דעם פּשוט'ן אינסטינקטיווען דראַנג צו געהן מיט'ן וועג פון קלענסטען ווידערשטאַנד. דאָס אַלץ איז פאַרדעקט געוואָרען מיט אַן אַלגעמיינער פראַזע וועגען „פּאַרטיזאַנישען קאַמף”, אין וועלכען יעדער באַזונדערער מיטגליד פון אונטערדריקטען קלאַס איז געשטאַנען געגענאיבער דעם נאָהענטסטען מיטגליד פון די פיהרענדיגע קלאַסען, האָט מיט איהם געפיהרט זיינע אייגענע חשבונות, האָט ביי איהם בּיסלאַכוויז צוגענומען די פּערזענליכע זיכערקייט און דאָס רעכט אויף זיין פאַרמעגען און האָט זיי אַליין דערוואָרבען דורכ'ן פּשוט'ן מיטעל פון פאַרכאַפּען: עס איז געווען אַ קרומער באַרג אַראָפּ, איבער וועלכען עס איז זעהר לייכט געווען זיך אַרונטערצוקייקלען צו געוועהנליכען קרימינאַל מיט אַן אונטערשלאַג פון רעוואָלוציע, צו אַ דעגראַדירונג פון טעראָר און רעוואָלוציע. פון גערשוני'ן האָט מען דאָ ערוואַרט אַ פעסטען, פיהרענדיגען וואָרט, און מיט אַמאָל...

ווען איך האָב ענדליך באַקומען דאָס וואָרט, האָט גערשוני אויפגעציטערט. צום ערשטען מאָל, און גאָר אומגעריכט, איז מיר אויסגעקומען צו האָבען מיט איהם אַן עפענטליכען צוזאַמענשטויס אויף אַ פּאַרטיי־בעראַטונג. „נו, איך שטעל באַצייטענס אַרויס מיין אומבאַשיצטע ברוסט אונטער די פיילען פון דיין אומ'ברחמנות'דיגער איראָניע — האָט ער אויסגערופען האַלב־שפּאַסיג, האַלב־ערנסט — דאָ האָסטו זי, שיס”. איך האָב געענטפערט, אַז קיינע פיילען שלייף איך נישט: דער לעצטער אויספיהר זיינער — די פאַרלייקענונג פון אַגראַרען און אינדוסטריעלען טעראָר, ווי אַ מיטעל פון פּאַרטיי־קאַמף, צווינגט מיך טיילוויז שלום צו מאַכען מיט זיין רעדע, אָבער נישט מעהר ווי אויף אַ העלפט. די פראַגע איז צו ערנסט, און מיט'ן פאַררופען זיך אויף עפּעס אַ זעקסטען חוש קען מען זי נישט אָפּ'פּטר'ן. דאָס אָפּזאָגען זיך פון אַגראַרען און פאַבריק־טעראָר מוז פּאָליטיש באַקומען אַ לאָגישע באַגרינדונג — סיי צוליב'ן אינטעלעקטועלען געוויסען פון רעוואָלוציאָנער, אַזוי אויך צוליב דער געזעלשאַפטליכער מיינונג פון דער פּאַרטיי. און דאָס איז גאָרנישט אַזוי שווער, ווייל צווישען פּאָליטישען און עקאָנאָמישען טעראָר איז פאַראַן אַ חילוק,

און אַ גרויסער חילוק. די אויפגאַבע פון דעם אַזוי גערופענעם „פּאָליטישען" טעראָר איז — צושטערען דעם קאַמפף-אַפּאַראַט פון די פּערמאַנענטליכע קלאַסען, זייער פּאָליציייאישע מלוכה, און דער דאָזיגער טעראָר לאָזט זיך אָרגאַניזירען, פיהרען אויף אַ פעסטען וועג. דער טעראָר אָבער אויפ'ן לאַנד און אין די פאַבריקען וויל אויסמיידען די מלוכה'שע פּאָזיציעס פון שונא, זיין אויפגאַבע איז — איבערצושרעקען און דירעקט דעזאָרגאַניזירען גאַנצע קלאַסען, און די דאָזיגע אויפגאַבע מוז מען האַלטען פאַר אַ פאַנטאַסטישע, בשעת מען קען אויפ'ן וועג פון טעראָר יאָ צוברעכען דעם אַפּאַראַט פון אונטערדריקונג מצד דער רעגירונג. ווידער אַמאָל מוז דער טעראָר, וואָס גיהט דירעקט אויפ'ן קלאַסען-שונא, אומפאַרמיידליך ווערען אַ טעראָר אַ צושאָטענער, אַ צוברעקעלטער. דורכפיהרען דעם טעראָר געגען אַ גאַנצען קלאַס מוז פון דער צווייטער זייט אויך זיין אַ גאַנצער קלאַס אין זיינע טאָג-טעגליכע, איינגעשטעלטע, פערזענליכע באַריהרונגען מיט'ן שונא. אויב יענער טעראָר, דער פּאָליטישער, לאָזט זיך איינצאַמען, קען מען אָבער דאָ ריידען בלויז וועגען אַ טעראָריסטישער פאַרפּלייצונג, וואָס וועט זיך בשום אופן נישט לאָזען „אָרגאַניזירען". יענע, וואָס שטעהען פאַר דעם אָרגאַניזירטען טעראָר און געגען דעם סטיכישען, אַנאַרכישען, צוגאָסענעם — יענע וועלען לאָגישערוויז אויך שטעהן פאַר'ן פּאָליטישען טעראָר און געגען עקאָנאָמישען. און נאָך אַ זאַך: דער אַגראַרער טעראָר, צום ביישפּיל, לאָזט זיך שוין דערמיט אליין נישט פאַרגלייכען מיט'ן פּאָליטישען, וואָס ווען ער טרייבט אַרויס די איינ-צעלנע פּריצים פון זייערע איינצעלנע גיטער און לאָזט די פּויערים פאַרנעמען די אָפּגעלעדיגטע מאַיאָנטקעס, צושטויבט ער דעם קאַמף אַזוי, אַז דער גאַנצער זיין ווערט איבערגעקערט: אָנשטאָט אַז דאָס גאַנצע פּויערטום זאָל צוזאַמען זיך באַפרייען פון די פּענטעס פון פּריוואַט-אייגענטום, ווערען איינצעלנע גרופּעס פּויערים באַרייכערט אויפ'ן חשבון פון פּריץ, און דאָס איז מעהר אַ פּראָגראַם צו פאַר-גרעסערען פּריוואַט-אייגענטום ווי איינצופיהרען סאָציאַליזם. אין פּאָ-ליטישען טעראָר קען אַזאַ זאַך נישט זיין, ווייל דאָרטען גיהט דער קאַמף פאַר די ריין-גייסטיגע, אַלגעמיינע געווינסען פון פרייהייט, פאַר דער איינצאַמונג פון דעספּאָטיזם, וועלכע אַלע שפּירען גלייך, — בשעת דאָ ווערט דער קאַמף געפיהרט פאַר ממשות'דיגע, זאַכליכע געווינסען און רעכט, מיט וועלכע עס קענען זיך אויסשליסליך באַנוצען בלויז איינצעלנע אָדער גרופּעס. מיט איין וואָרט — די פּראָבע אָוועקצו-

שטעלען דעם פּאָליטישען טעראָר אויף איין ברעט מיט'ן עקאָנאָמישען קען געלינגען בלויז אויסערליך, אויבענאויפיג, און מוז איגנאָרירען די טיפע סאָציאַלע נאַטור פון זאַכען. דער אַגראַרער און פאַבריק־טעראָר, ווי אויך פּריוואַטע עקספּראָפּריאַציעס, שטעלען פאַר אַן אַפּאָליטישע טענדענץ אין דער רעוואָלוציע, און דעריבער איז נישט בלויז אויסגעשלאָסען אַן אַנאַלאָגיע מיט'ן פּאָליטישען טעראָר, נאָר לויט זייער גייסט זיינען די צוויי מינים אַנטאַגאָניסטיש.

גערשוני האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו מיינע אַרגומענטען, האָט איבערגעפרעגט, געפאָדערט גענויאיגקייט און ענדליך דערקלערט, אַז ער איז פולקאָם צופרידענגעשטעלט און איז גרייט די גרונט־הנחות אָנצונעמען מיט געוויסע ענדערונגען. אָבער דער עולם אונזערער איז געבליבען צורודערט און ניט באַפרידיגט. בשעת'ן איבעררייס האָבען די דעלעגאַטען אַרומגערינגעלט אי גערשוני'ן אי מיך. גערשוני'ן האָבען זיי געמאַכט פאָרוואורפען דערפאַר, וואָס ער האָט אין די אויגען פון די בונטאַריש־מאַקסימאַליסטישע, אַפּאָליטישע עלעמענטען פון לינקען פליגעל זיך אַזוי אָפען מודה געווען, אַז ער איז אַנטוואָפענט געגען זייערע אַרגומענטען, און מיר האָט מען פאָרגעוואָרפען וואָס איך האָב פאַר דער פאַרזאַמלונג זיך נישט צונויפגערעדט מיט גער־שוני'ן און געגעבען אַ ספּעקטאַקעל פון מיינונגס־פאַרשיידענהייטען און רייסערייען אין סאַמע יאָדער פון דער פּאַרטיי, אין איהר מאַרך און ווילענס־צענטער. לויט זייער מיינונג, זיינען מיר ביידע געווען שולדיג אין ניט־אָפּהיטען דעם אויטאָריטעט פון פּאַרטיי־צענטער, אין אונטערגראָבען דעם גלויבען אין דער פּאַרטיי־פיהרערשאַפט...

נאַטירליך, איז גערשוני נישט אַרויס פאַר אונז אינגאַנצען אַ פּאַרטיגער, אַזוי ווי מינערוואַ פון יופּיטער'ס קאָפּ אַרויס. ער איז גייסטיג געוואַקסען — און ווי שנעל געוואַקסען! — אין דער אַרבייט גופא. ער האָט שאַרפער פון אַלעמען געזעהן, אַז ער איז טעאָרעטיש „ניט דערגאַנגען" און געהאַט דעם מאָראַלישען מוט אָפען צו רעדען וועגען דעם. פון אַ פּאַרטייאיש־פּראַגמאַטישען, אוטיליטאַרען שטאַנד־פונקט האָט מען געקענט — אויב מען האָט געוואָלט — אויף איהם אָנפאַלען דערפאַר, אָבער פון דער עטישער זייט האָט זיך דאָ — לויט מיין מיינונג — אַרויסגעוויזען איינע פון די טיעפסטע און זעלטענסטע מענשליכע מעלות (באַזונדערס ביי פּאָליטישע טוער): אויפריכטיגקייט און אָפענהאַרציגקייט, וואָס האָט נישט געשאָנעוועט זיך אַליין אויך.

אָבער אויב מ׳זאָל נישט רעכענען איינציגע נישט־דערלערנטע און נישט דורכאויס דערטראַכטע פראַגען, האָט גערשוני געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ מענשען אַ טיף־איינגענאַרטיגען, אַ פאַרענדיגטען, אַ מענש וואָס ווייס וואָס ער וויל און וואוהין ער געהט. פון איהם האָט יעדער איינער דערוואַרט „זיין וואָרט״, אַן אויסגעטראָגענעם אין דער טיפעניש פון זיין גייסטיגער לאַבאָראַטאָריע און אפשר אויך אַ דורכגעליטענעם. און ער פלעגט זעהר אָפט איבערראַשען מיט זיינע אומגעריכטע איינפאַלען און שאַרפע פלענער.

סיי זיין סאָציאַליזם ווי אויך זיין רעוואָלוציאָנערישקייט זיינען איהם אָנגעקומען נישט פאַרטיגערהייד און זיינען נישט גענומען געוואָרען פון ערגעץ פון אַ זייט. ער האָט אָנגעהויבען זיין געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט ווי אַ פרידליכער קולטור־טוער צווישען די אַרבייטענדיגע מאַסען. די ביטערע דערפאַהרונג פון דער אַרבייט, פון צונויפטרעפען זיך מיט די מאַסען אויפ׳ן „קולטורעלען פעלד״, וואָס איז פאַרוואָקסען געווען מיט דערנער און שטעכעלקעס און פאַרוואָרפען געווען מיט שאַרפע, שפּיציגע שטיינער, האָט ביסלאַכוויז אויסגעשמידט אין איהם ברייטערע, מעהר פאַרטיפטע און רעאַליסטישע רעוואָלוציאָנערע אָנשויאונגען. און ווייל אָט די אָנשויאונגען זיינען אויף אַ נאַטירליכען אופן ארויסגעוואקסען פון איהם אליין, האָבען זיי אויך פאַרמאָגט יענע פעסטקייט און אָרגאַנישע צונויפגעוואקסענקייט מיט זיין נאַטור, וואָס האָבען פאַראויס אָנגעצייכענט און באַשטימט דעם גאַנצען ווייטערדיגען, זיין אָפגעוואויגענעם, דורכגעטראַכטען און גלייך־געצילטען לעבענס־וועג.

דער אָפיציעלער באָלשעוויסטישער קאָמענטאַטאָר, איוו. טעאָדאָראָוויטש, האָט נישט לאַנג צוריק געמאַכט אַ פּראָבע צו דערנידעריגען פּאָליטיש די געשטאַלט פון אונזער אומפאַרגעסליכען און אומפאַרגלייכליכען גריגאָרי אַנדרעיעוויטש. ער דערמאָנט, אַז אין איהר צייט האָט די „איסקראַ״ אין אַן אַרטיקעל „מכח איינעם אַ פּראָצעס״ ארויסגעכאַפּט פון גערשוני׳ס דערצעהלונג אויפ׳ן געריכט וועגען די ערשטע שריט זיינע אויפ׳ן געזעלשאַפטליך־פּאָליטישען געביט דעם פאָלגענדען שטעל: „. . . איך האָב זיך באַנוגענט מיט בלויזען מיטגעפיהל און קליינע טובה׳ס דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייט. איך ווייס נישט ווי לאַנג עס וואָלט זיך ביי מיר ביי אַנדערע אומשטענדען אַזוי געצויגען, אָבער איין געשעהניש אין יאָהר 1900 האָט פאַר מיר ווי פאַר אַ סך אַנדערע אַ

סוף געמאַכט צו אַלע צווייפלען און וואַקלענישען. איך רעד וועגען די צייטווייליגע געזעצן (וועגן אָפּגעבען די סטרייקענדיגע סטודענטען פאַר סאָלדאַטען), וואָס האָבען ווי א ווילדע משוגעת פון פּאַוועל׳ס צייטען צוגעקוועטשט רוסלאַנד״. דערנאָך האָט די „איסקרא״ צוגע־געבען פון זיך אַליין: „אָט די ווערטער זיינען אומגעוועהנליך כאַ־ראַקטעריסטיש: נישט דאָס בילד פון דער שטייגענדער מאַסען־באַוועגונג, נישט דער פאַרביטערטער קאַמף פון דערוואַכענדיגען פּראָלע־טאַריער, וואָס ווערט איינגעשטילט מיט סאָלדאַטישע ביקסען, נישט יענער גרונט־קאָנטראַסט צווישען רייכקייט און אָרימקייט, וואָס האָט אַמאָל געצוואונגען דעם רעוואָלוציאָנער פון די זיבעציגער יאָהרען זיך אָפּצוזאָגען פון דער אַלטער וועלט און אָפּטרייסלען זיין שטויב פון זיינע פיס, — נישט דאָס האָט גערשוני׳ן ארויסגעשלאָגען פון שליאַך פון דער באַלעבאַטישער קולטור־טרעגעריי, נאָר די ווילדע רציחה איבער די סטודענטען. און וואָלט די רעגירונג נישט געשטערט און נישט פאַרקריפּעלט זיינע קולטור־אַרבייטען; וואָלט ער — קען זיין — ביז׳ן סוף פון זיינע טעג שוין געבליבען אַזוי אויף דער באַ־ליבטער סטעזשקע פון ליבעראַלער דעמאָקראַטיע״.

דאַכט זי, אז גערשוני האָט אין דער זעלבער רעדע זיך גענוג אָפּגעצאַמט פון אַלע קרומע אויסטייטשונגען, ווען ער האָט גלייך צוגעגעבען: „עס געהט נישט אין דעם, וואָס מ׳האָט סטודענטען אָפּ־געגעבען פאַר זעלנער, נאָר וואָס אין די דאָזיגע „געזעצען״ האָט זיך, ווי אין א טראָפּען וואַסער, אָפּגעשפּיגעלט דער גאַנצער רעכטלאָזער ווילקיר, דער גאַנצער יאָך פון רוסלאַנד״. און צום סוף פון דער רעדע, וואו ער קערט זיך ווידער אום צו דער זעלבער טעמע, זאָגט ער: „ווען די יוגענד דריקט אוים איהר פּראָטעסט אויף דער גאַס, ווערט זי געשלאָגען מיט נאַגייקעס . . . אַרבייטער, וואָס דעמאָנסטרירען דעם ערשטען מאַי, ווערען קערפּערליך באַשטראָפט אין די פּאָליציי־צירקלען. בעת צוזאַמענשטויסען אויף די גאַסען שיסט מען אין אומבאַוואַפענטען עולם אריין, פּויערים־אומרוהען ווערען דערשטיקט מיט די ווילדסטע עקזעקוציעס . . .״ אָבער וואָס געהט עס אָן יענע זעלבסט־צופרידענע, וועלכע דאַרפען באַשולדיגען גערשוני׳ן אין ליבע־ראַל־בירגערליכע שמאָלע באַגריפען! אַבי מ׳געפינט נאָר איין פראַזע פון גאַנצען נוסח ארויס, וואָס גיט א מעגליכקייט זיך אָנצוטשעפּען, איגנאָרירען דעם איבעריגען אינהאַלט פון דער רעדע, די גאַנצע וועלט־אָנשויאונג, דאָס גאַנצע לעבען פון א מענשען, און איבערדרעהען

זיין געדאַנק און צוזאַמען מיט דעם זיין גאַנצע גייסטיגע געשטאַלט ביז נישט צו דערקענען. יאָ, אַט אַזוי האָט זיך נישט געשעמט צו האַנדלען דעמאָלט די „איסקראַ" בנוגע צו גערשוני'ן, וואָס איז נאָר־וואָס פאַר'משפּט געוואָרען צום טויט, — און איצט, אַ פערטעל יאָהר־הונדערט נאָך זיין טויט, באַנוצט זיך מיט'ן זעלבען קונצשטיק דער נאָך אַלץ נישט באַרוהיגטער טעאָדאָראָוויטש — ער פאַרטראַכט זיך נישט אויף קיין איין מינוט אפילו, צי וואָלט ער אַליין, ווי אַ רעוואָ־לוציאָנער, ווערט געווען צו פאַרבינדען די שנירלאַך פון פאַרשטאָר־בענעם'ס שיך, און דערקלערט זעהר מוטיג, אַז אין גערשוני'ן דאַרף מען זעהן „אַ טיפּישען ליבעראַל פּלוס אַ באָמבע..."

. . . „ביי אונז איז די פּסיכאָלאָגיע אָפּגעשאַפט" — זאָגט אַ באָלשעוויסטישער העלד פון סאָוועטישען הומאָר. גערשוני האָט גע־האַט די העזה זיך אונטערצוגעבען דער „פּסיכאָלאָגיע" ווען ער האָט געזעהן ווי די רעגירונג נעמט היילען די אומצופרידענע סטודענטענ־שאַפט דערמיט, וואָס זי מאַכט „פעלדפעבעלס פאַר זייערע וואָלטערס", און דאָס איז געווען דער טראָפּען, וואָס האָט איבערגעפילט דעם בעכער! דאָ האָט גערשוני ענדגילטיג באַשלאָסען, אַז מיט אַזאַ רעגירונג קען מען אויף אַ לעגאַלען אופן גאָרנישט אויפטאָן, אַז אַלע רייד און טענות זיינען אוממעכטיג, אַז מען דאַרף אַריבער צו דער שפּראַך פון קוילען און באָמבעס. איז ווי זאָלען די פּאַטענטירטע „אידעאָלאָגען פון פּראָלעטאַריאַט" זיך נישט אָננעמען פאַר'ן כבוד פון ארבייטער־קלאַס, פון פויערטום און „אָרימקייט": פאַרוואָס האָט נישט זייער לעבען צוגעשטעלט די געשעהענישען, וואָס זאָלען ווערען אַט דער „לעצטער טראָפּען"? אַזוי ווי גערשוני זאָל זיין שולדיג אין דעם, וואָס דער אַוואַנגאַרד פון דער באַוועגונג אין יענער צייט איז געווען די שטודירענדיגע יוגענט, וואָס זי איז די ערשטע אַריבער צו דער טאַקטיק פון אָפענע גאַסען־דעמאָנסטראַציעס, און האָט די ערשטע אַרויסגערוקט קעמפער מיט וואָפען אין די הענט, קאַרפּאָוויטשעס און באַלמאַשאָווס, בשעת צווישען די אַרבייטער האָט נאָך געבליהט דער שמאָלער „עקאָנאָמיזם", און די פויערים האָבען זיך נאָך בכלל נישט אַ ריהר געטאָן, און דעריבער האָט זיך אויך דער ווילדער כעס פון די מלוכה־רעפּרעסיעס פריהער פון אַלץ אַ לאָז געטאָן אויף דער יוגענט, אויף דער סטודענטענשאַפט...

דאַכט זיך, אַז גערשוני איז שוין געווען באַשיידען ווען ער זאָגט,

אַז ער ווייסט אַליין נישט, ווי לאַנג עס וואָלטען נאָך ביי איהם אָנגע־האַלטען די וואַקלענישען צווישען פּרידליכען און רעוואָלוציאָנערען וועג, ווען עס זאָלען זיך נישט אונטערכאַפּען אָט די „צייטווייליגע געזעצען", וואָס האָבען דערמאָנט די עפּאָכע פון משוגע'נעם פּאַוועל. אָבער פאַר זיינע באָלשעוויסטישע קריטיקער איז עס ווייניג. זיי קענען בעסער פון גערשוני'ן טרעפען ווי לאַנג עס וואָלט געדויערט: „ביז'ן סוף פון זיינע טעג". ווייל איהם — פאַרשטעהט איהר מיך — איז זעהר צום הארצען געווען די „באַליבטע סטעזשקע פון ליבעראַלער דעמאָקראַטיע". אַ, פאַראויסזעהער! אַ, הארץ־קענער! ווי זאָלען זיי נישט קוקען פון אויבען אַראָפּ אויף דעם דאָזיגען בעל־עברה'ניק, וואָס איז דערגאַנגען צו דער רעוואָלוציע דורך דער פאַרבאַרייטונגס־סטאַדיע פון אַ מיטפיהלענדיגען פרידליכען קולטור־טוער! אָט זיי זיינען עס גלייך פון דער מאַמע'ס בויך געקומען אויף דער וועלט פאַרענדיגטע, פאַרביסענע רעוואָלוציאָנערען, מיט אַ שמייכעל פון קלאַסען־באַוואוסט־זיין אויף זייערע ליפען, האָבען סימבאָליש גלייך אַ בים געטאָן ביז בלוט די בורזשואזע ברוסט פון דער מוטער און האָבען זיך שוין פון דעמאָלט אָן מעהר נישט אָראָפּגעשלאָגען פון וועג. און זיינען זיי דען נישט באמת ריינע כלים פון רעוואָלוציאָנערער קווינט־עסענץ, האָבען זיי דען נישט באוויזען ווי לייכט און שנעל זיי האָבען זיך נאָך דעם נצחון פאַרוואַנדעלט אין פאַרענדיגטע ביוראָקראַטען פון קאָפּ ביז די פיס, וואָס זיינען אָנגעבלאָזען מיט „קאָם־גאוה"?

„אַ טיפּישער ליבעראַל פּלוס אַ באָמבע"... אויף דער דאָזיגער טעמע האָט מען זיך נישט ווייניג גע'פּשט'עלט, באַזונדערס נאָך גער־שוני'ס באַריהמטער רעדע אויפ'ן טאַמערפאָרסער פאַרטיי־צוזאַמענפאָהר, וואו ער האָט געוואָרפען די פליגעלדיגע פראַזע: „די קאַדעטען („קאַ־דעטען" מיינט קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטען — די ליבעראַלע פאַר־טיי אין רוסלאַנד דאַן.) זיינען אונז נים קיין שונאים". מעהר האָט מען נישט געדאַרפט. אָהה, געכאַפּט אַ גנב! און פאַר'שיכור'טע פון דעם דאָ־זיגען געפינס, האָבען מענשען זיך געאיילט נישט צו באַמערקען, אַז גלייך נאָך די עטליכע ווערטער האָט גערשוני צוגעגעבען: „אָבער מיר זיי זיינען שונאים, און געפעהרליכע שונאים"...

ווי אַזוי איז עס? קען מען דען זיין עמיצען אַ שונא און איהם נישט מאַכען דערמיט פאַר אַ שונא צו זיך אַליין? איז עס נישט קיין פּאַראַדאָקס? איז גערשוני אַ פּאַראַדאָקסאַליסט? פאַר־

שטעהט זיך, אז א שאָטען פון פּאַראַדאָקס איז אין די ווערטער פּאַראַן, און אַריינגעפיהרט געוואָרען איז ער באוואוסטזיניג, אָפען פאַר אַלעמען. כדי אונטערצושטרייכען א געוויסען בויג אין זיין געדאנק, האָט איהם גערשוני אָפען צוגעגעבען א פּאַראַדאָקסאַלע פאָרם. אָבער אין דער אמת'ן דאַרף מען נישט פאַרמאָגען קיין גרויסע דורכדרינגליכקייט, כדי עס צו באַגרייפען: עס האנדעלט זיך אין דעם, וועמען עס גע־הערט היסטאָריש אַן אקטיווע, אַגרעסיוו־פעריישע, און וועמען א פּאַסיווע פּאָזיציע, א שוץ־פּאָזיציע אין דער דאָזיגער היסטאָרישער „שנאה".

עס איז נודנע איבערצוקייען אמת'ן, וואָס זיינען זעלבסטפאַר־שטענדליך ביז באַנאַליטעט, אָבער מען קען זיך נישט העלפען: מען מוז עס טאָן אַמאָל.

היסטאָריש פּאַלט אויס אויף דער ליבעראַלער דעמאָקראַטיע צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער זעלבסט־הערשאַפט, און איהר אייגענעם פּלאַץ פאַרנעמט דערנאָך די סאָציאַליסטישע דעמאָקראַטיע: די ליבע־ראַלע דעמאָקראַטיע האָט דערביי אַן אַגרעסיוו־פערישע ראָל בנוגע צום צאַריזם און א פאַרטיידיגונגס־ראָלע בנוגע צו דער ארבייטער־דעמאָ־קראַטיע, וואָס געהט נאָך איהרע טריט. נישט זיי אונז, נאָר מיר זיי זיינען אין דעם זין „שונאים", ד. ה. היסטאָרישע יורשים, וואָס מאָנען זייערע רעכט. די ליבעראַלען זיינען אָבער אין דעם פּרט דירעקטע שונאים פון דער זעלבסט־הערשאַפט, יורשים וואָס וואַרטען מיט אומגעדולד אויפ'ן טויט פון זייער ירושה־געבער און ווילען דעם טויט פאַרשנעלערען.

גערשוני וואָלט געקענט אפילו זאָגען נאָך מעהר: אין א געוויסען זין איז „אונזער שונא'ס שונא — אונזער פריינט". די קאַדעטען זיינען געווען שונאים פון דער רוסישער זעלבסטהערשאַפט. במילא... אָבער זאָל דאָס לעבען אליין האָבען א וואָרט. אין סוכאַנאָוו'ס „פאַר־צייכנונגען וועגען דער רעוואָלוציע פון 1917" ווערט דערצעהלט א זעלטענער עפּיזאָד. ווען אין טאַורישען פּאַלאַץ, וואָס איז דעמאָלט בשותפות געהאַלטען געוואָרען פון ציטווייליגען קאָמיטעט פון דער גאָסודאַרסטווענער דומע און פון פּעטראָגראַדער סאָוועט פון ארבייטער און סאָלדאַטען־דעפּוטאַטען, איז אָנגעקומען די ידיעה וועגען דעם, אַז די שטראָף־אָפּטיילונג אונטער גענעראַל איוואַנאָוו, וואָס דער צאַר האָט ארויסגעשיקט געגען פּעטראָגראַד, איז אויפ'ן וועג פאַרבאַריקאַ־דירט געוואָרען מיט פּוסטע וואַגאָנעס, זיי זיינען פאַרקראָכען אין

לעכער און קענען זיך נישט ריהרען, אַז טיילען זיינען צופאַלען און דעמאָראַליזירט, אַז דער מאַרש אויף פּעטראָגראַד איז אונטער די אומ־שטענדען אוממעגליך, — ווען די דאָזיגע ידיעה איז אָנגעקומען, איז די אַלגעמיינע פרייד אין טאַוורישען פּאַלאַץ געווען אַזוי גרויס, אַז פּ. נ. מיליוקאָוו און דער באָלשעוויק י. סטעקלאָוו — דאַכט זיך, ביטערע געגנער — זיינען געפאַלען איינער דעם אַנדערען אין די אָרעמס.

אָה, איך ווייס: ווען מען זאָל איצט די דאָזיגעביידע מענשען דערמאָנען וועגען זייער דעמאָלטיגען האַלזען און קושען זיך, וואָלט פון דער דערמאָנונג אַליין ביידען נישט גוט געוואָרען ביז צום ברעכען. אָבער דעמאָלט האָבען זיי געהאַנדעלט ווי שקלאַפען פון דער געשיכטע, וואָס האָט אונטערגעזאָגט: אונזער שונא׳ס שונא איז אונזערער אַ פריינט... און דערמיט, זעהט אויס, „קען מען גאָרנישט מאַכען“...

אין דעם פּרעמדען, פיינדליכען לאַגער זיינען אַלעמאָל דאָ עכטע, אמת׳ע שונאים, און עס זיינען די פריינדליכע שונאים... אָט וועגען דעם האָט געשרשוני דערמאָנט, דערמאָנט קלאָר און פעסט. די זעלבסט־הערשאַפט — דאָס איז דער הויפּט־שונא, דער ציל־ברעט פאַר אַלע קלעפּ. די ליבעראַלען, די קאַדעטען זיינען שונאים־פריינט. פריינט — אויף וויפיל זיי צוטרייסלען און גראָבען אונטער די פעסטונג פון זעלבסטהערשאַפט. שונאים — אויף וויפיל זיי גרייטען זיך אין דער צוקונפט צו געבען אַ ווידערשטאַנד דער אַרבייטער־דעמאָקראַטיע, און באַזונדערס אויף וויפיל זיי וואָלטען זיך נישט אָפּגעזאָגט איינצוהאַלטען עפּעס פון די זעלבסטהערשערישע פעסטונגען, אַ ביסעל נאָכגעבען פון זייער אייגענער דעמאָקראַטישקייט און מאַכען שלום מיט׳ן נישט־דערשלאָגענעם איצטיגען שונא, כדי צוזאַמען מיט איהם צו קענען באַגעגענען דעם שונא פון מאָרגען.

געגען דעם „שונא פשוט“ דאַרף מען קיין קאָמפּליצירטע טאַקטיק נישט צוטראַכטען. איהם זאָל מען צוקוועטשען, צושמעטערען. איהם דאַרף מען געבען קלעפּ וואָס מעהר און וואָס גרינטליכער. דאָ קען מען זיך טשעפּען צו וואָס מען וויל... אַ פריינטליכער שונא איז אַן אַנדער זאַך. איהם קען מען און מ׳דאַרף אפילו אונטערשטופּען צו אַן אַטאַקע געגען „שונא פשוט“ און בשעת דער אַטאַקע אפילו שטיצען. און אין דער זעלבער צייט דאַרף מען האַלטען אויף איהם אַן אויג, נאָכשפּירען די זיגזאַגען פון זיין טאַקטיק, אויפכאַפּען צייכענס פון זיין וועלען איבערדרעהען דעם פראָנט, שטערען איהם, אַנטפּלעקען

זיינע הכנות און צוגרייטען זיך און די ארומיגע צו זיינע פּאָליטיש־שווינדלערישע פּארוואַנדלונגען.

דאָס איז נישט קיין פּשוט'ע, נאָר זעהר און זעהר אַ קאָמפּליצירטע און שווערע טאַקטיק. זי לאָזט זיך זעלטען אויסהאַלטען. אַ סך איינפאַכער איז צו פּארוואַנדלען די גאַנצע טאַקטיק בנוגע צו די ליבעראַלען אין אַן אונבאַהאָלפענעם שלעפּען זיך נאָך זיי, אַ „קאַאָליציע אום יעדען פּרייז", וואָס ברענגט צו דעם, אַז מ'זאָל נאָכפאָהרען אויף דעם הינטערטייל פון דעם ליבעראַלען רייטוואָגען. אָדער מען קען עס פּארוואַנדלען אין אַ כסדר'דיגען אָנפּאַל און שטעמפּלען דעם „קאַדעטישען פּאַראַט" אין אַ „קאַדעטען־פּרעסערייַ", אין אַ סיסטע־מאַטישען ארונטעררייסען יעדע ליבעראַלע פּאָליטישע קאַמפּאַניע, וואָס פאַר אַ צילען זי זאָל זיך נישט שטעלען און וואָס פאַר אַ דירעקטע אָביעקטיווע רעזולטאַטען זי זאָל נישט פאַרשפּרעכען. די פּאָליטישע חכמה באַשטעהט אין דעם, אַז מען זאָל געפינען אַ דריטען וועג, וואָס איז ווייט פון דער איינזייטיגקייט פון אָט די ביידע.

אָט וואָס גערשוני האָט געזאָגט אין זיינע באַריהמטע אַפאָריזמען־פּאַראַדאָקסען וועגען דעם, ווער וועמען עס איז אַ שונא. ער נויטיגט זיך נישט אין קיין פּאַרטיידיגונג און אנטשולדיגונג. דאָס, וואָס איז פאָרמאַל געווען אַ פּאַראַדאָקס, האָט זיך אין דער ווירקליכקייט ארויס־געוויזען פאַר אַ נבואה. ווי נאָר די רעוואָלוציע איז געקומען אין דער אמת'ן און אויף לאַנג, האָט זי די קאַדעטען אָראָפּגעיאָגט פון דער היסטאָרישער אַרענע, ווי אַ ווינט בלאָזט ארונטער אַ לייכט פּעדערעל. נישט זיי זיינען געווען די „שונאים", מיט וועמען מ'האָט זיך גע־דאַרפט פאַרמעסטען מיט כחות. אָבער פאַר די קאַדעטען האָט זיך די רעוואָלוציע ארויסגעוויזען צו זיין אַ „שונא, און אַ געפעהרליכער שונא". זי האָט זיי גלייך פּארוואַנדעלט אין אַ שטאַב אָהן אַן אַרמיי און, פאַרבייגעהענדיג, ארונטערגעשטויסען זיי אונטער'ן באַרג פון דער געשיכטע.

אויף ווי ווייט אָט דער געשיכטליכער רעזולטאַט פון דער רעוואָ־לוציע האָט האַרמאָניזירט מיט גערשוני'ס אַלגעמיינע אָנשויאונגען, קען זעהן יעדער איינער וואָס וועט איבערלייענען גערשוני'ס אַרטיקעל: „צי זיינען אונזערע קאָנסטיטוציאָנאַליסטען טאַקע קאָנסטיטוציאָנאַ־ליסטען" אין 1טען נומער „זנאַמיאַ טרודאַ" פון 1טען יולי 1907.

עס לוינט זעהר איבערצולייענען אָט די גלענצענדיגע, גלייכצייטיג

פארטיפטע און טעמפעראמענטפולע, אומ׳רחמנות׳דיגע און ביטער־איראנישע שורות, מיט וועלכע ער האט כאראקטעריזירט די ערשטע געלונגענע קאנטער־אטאקעס פון דער רעאקציע און די צווייפלהאפטיגע לאגע, וואס עס האבן פארנומען די ליבעראלע „צווישען־מענשען״:

„די הארעפאשנע ארמיי, אז אויסגעמאטערטע פון די געבראכטע קרבנות, מיט די נאך־נישט באגראבענע חברים פון די שלאכטען פון די געוואונענע פרייהייטען, האט מיט ערשטוינונג באטראכט די ניי־געבאקענע ליבעראלע „היטער פון די אויסגעקעמפטע פרייהייטען״ און איהר ערשטער ווארט צו די פרעמדע איז געווען: ווער זיינט איהר? „וואו ביזטו געווען ווען מיר זיינען אין דער מורא׳דיגער שלאכט געגאנגען, פאלגענדיג דעם רוף פון עהרע און פליכט?״

„די היטער האבען זיך איינגעשטעלט אויף די פאזיציעס, וואס נישט זיי האבען איינגענומען. און וואלטען זיי נאך דארט געשטאנען און פארטיידיגט די פאזיציעס געגען שונא, וואלט מען זיי אפשר גע־קענט מוחל זיין די שווערע זינד פון פארכאפען דאס, וואס פרעמדע הענט האבען אויסגעקעמפט. האבען זיי אבער געוואלט בלויז אויפ־האלטען און נישט באשיצען. אויפהאלטען אלץ, וואס עס זאל נישט האבען געבליבען אלס רעזולטאט פון קאמף צווישען פאלק און דער פאררעטערישער מאכט. אויפהאלטען און ווינשען שטילערהייד, אז דער קאמף זאל זיך וואס גיכער ענדיגען, מעג זיין אפילו אויפ׳ן חשבון פון דעם פאלק׳ס מפלה, אבי עס זאל זיין וואס אויפצוהאלטען.

„דער רעזולטאט איז געווען, אז סיי די רוסישע „קאנסטיטוציע״, סיי די קאנסטיטוציאנאליסטען גופא האבען זיך ארויסגעוויזען פאר צייטווייליגע פראדוקטען, וואס פונקציאנירען נאר אזוי לאנג ווי די רעוואלוציע, וואס האט זיי ארויסגעבראכט, האלט זיי אויף. פאלט די כוואליע פון דער רעוואלוציע, ווערט די קאנסטיטוציע פארוואנדעלט אין א צוקנייטשט פאפירעל און די קאנסטיטוציאנאליסטען — אין שטומע און אונטערטעניגע פאפירענע היטער פון נישט־עקזיסטירענ־דיגע פרייהייטען.

„מ׳קען האבען א פארשידענע באציהונג צו דער דאזיגער פאזיציע. מ׳קען פארשיידען באטראכטען די דאזיגע פאזיציע סיי פון מארא־לישער אזוי אויך פון פאליטישער זייט, אבער מ׳קען קיינעם נישט אפזאגען דאס רעכט צו שטעהן אויף אזא פאזיציע, אויב עס געפינען זיך ליבהאבער דערפון. אמת — נישטא קיינעם וואס מקנא זיין אזא

נעבאכדיג רעכט, אָבער יעדער איינער איז פריי זיך צו באַנוצען דער־מיט. און נישט דערפאר באשולדיגען מיר די רוסישע קאָנסטיטוציאָ־נאַליסטען.

„מיר באשולדיגען זיי אויך נישט פאר דער געוועהנליכער צוויי־פנים'דיגקייט און אומאויפריכטיגקייט. א פארטיי, וואָס האָט נישט קיינע וואָרצלען אין די מאסען, א פארטיי, וואָס שטיצט זיך נישט אויף קיין קאָנקרעטען כח, א פארטיי נישט פון רעאַלען, נאָר פון ווערטער־קאמף, א קאמף, וואָס איז אויסשליסליך פארלאמענטאריש — אין א לאנד, וואָס האָט נישט קיין פארלאמענט, מוז אומפארמיידליך ווערען א פארטיי, וואָס שפילט זיך מיט דיפּלאָמאטיע און פּאָליטיק אין ערגסטען זין פון דעם וואָרט.

„און דעריבער קומט ארויס, וואָס נישט קוקענדיג אויף דער אומצווייפעלהאפטער עהרליכקייט און אויפריכטיגקייט פון איינצעלנע פערזאָנען, נישט קוקענדיג אויף זייער נאָבעלקייט און אפשר אויך פערזענליכען מסירת נפש, איז אָבער די פארטיי ווי א פארטיי נישט עהרליך, נישט אויפריכטיג, נישט נאָבעל און פחדנות'דיג.

„איך חזר איבער: נישט אין דעם באשולדיגען מיר זיי. דאָס איז אויך דאָס טרויעריגע רעכט פון בורזשואזע פארטייען.

„דאָס אַלץ האָבען מיר געוואוסט, דאָס איז פאר קיינעם קיין סוד נישט געווען. און דאָך האָט איהר טעטיגקייט געקענט זיין צייט־ווייליג אומשעדליך, דאָך וואָלט זי געקענט ברענגען דער זאך פון פרייהייט כאָטש א קערענדעל נוצען, ווען זי וואָלט ווענינגסטענס געווען . . . פּאָליטיש קלוג".

קלוג זיין האָט ביי גערשוני'ן געהייסען: נישט פיהרען מיט דער רעגירונג די גאנצע צייט קיין שפיל אין נאָכגעבעניש, ווי עס האָבען געטאָן די קאדעטען, ד. ה. נישט געהן כסדר פון איין קאפּיטולאציע צו דער אנדערער, כדי צו קענען באווייזען די אייגענע מלוכה'שע חכמה און פעהיגקייט צו ווערען מיניסטאָרען. ווייל אויף אָט דער שפּיל אין נאָכגעבעניש האָט די רעגירונג געענטפערט מיט א שפּיל אין קלעפּ. און די קאדעטען האָבען נאָך אַלץ גע'חלומ'ט אָנצושטעקען די רעגירונג מיט נאָכגעביגקייט, אויף אַזוי ווייט, אז די שלום־מאכער האָבען אין זיי פארשטעלט די פארלאמענטאריער.

„ווען מען וועט צוליב דעם — דאָס זעהען מיר פאָראויס — נעמען שרייען: די קאדעטען זיינען פאררעטער, די קאדעטען האָבען פארקויפט די פאָלקס־זאך, זיינען מיר לכתחילה גרייט צו פּראָטעס־

טירען. די פאָלקס־זאך האָבען די קאַדעטען קיינמאָל נישט פאַרראַטען, ווייל זיי האָבען איהר קיינמאָל נישט געדינט און קיינמאָל ערנסט נישט פאַרשפּראָכען צו דינען. אָבער זיך אַליין, דעם קאָנסטיטוציאָנאַליזם, האָבען זיי ווירקליך פאַרראַטען, און פאַרראַטען שווער, מערדערליך...

„נאָך א גאַנצער רייהע באַגאַנגענע אומפאַרציילּיכע טעות'ן, וואָס האָבען ארויסגערופען רייסעררייען אין דער פאַרטיי גופא, ווּעלען די קאַדעטען אָהן ספק אויף א צייט לינקער ווערען. זיי וועלען אָנהויבען זיך אָפּצוצאַמען פון די רעכטע און זיך חנ'דלען צו די לינקע. אָבער עס איז צו שפּעט. נישט קוקענדיג אויף אונזער אינערליכער איבערצייגונג, אז די דאָזיגע טאַקטיק איז אומנוצליך, האָבען מיר אין נאָמען פון די אַלגעמיינע אינטערעסען אַלץ געטאָן, כדי צו געבען די קאַדעטען א מעגליכקייט עהרליך צו שטעהן אין דער אַלגעמיינער, ווירקליכער אָפּאָזיציע צו דער רעגירונג. מיר האָבען זיי נישט אָפּגעשטויסען; מיר האָבען זיי גערופען אין אַלגעמיינעם קאַמף. די קאַדעטען האָבען אַליין פאַרלאָזט די רייהען פון דער אָפּאָזיציע, און פאַרלאָזט צוליב דעם, ווייל זיי האָבען זיך ארויסגעוויזען אומפעהיג צו פיהרען א ברייטען פאָליטישען קאַמף. א קאַמף אָהן מוט, אָהן אויפריכטיגקייט, אָהן א ברייטען פאָליטישען שכל — מיט אזא פאַרטיי איז אוממעגליך צו שליסען אָפּמאַכען נישט בלויז פאַר אונז, סאָציאַליסטען, נאָר אויך פאַר דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע.

„פרעהען זיך דערמיט איז נישטאָ צוליב וואָס, און מיר זאָגען עס מיט גרוים צער. אין דעם איצטיגען מאָמענט וואָלט פאַר דעם ענין פון פרייהייט געווען א סך געזינטער ווען עס איז דאָ א מוטיגע, אויפריכטיגע און, דערהויפּט, — א פאָליטיש־קלוגע אָפּאָזיציאָנעלע פאַרטיי.

„אזא פאַרטיי איז נישטאָ, און דער האַרעפּאַשנער קלאַס מיט זיינע סאָציאַליסטישע פאַרטייען אין דער שפּיץ שטעהט אַליין אויפ'ן שלאַכטפעלד אין קאַמף פאַר זיין באַפרייאונג געגען דער פאַרפאַנצערטער רעגירונג און בורזשואַזיע".

אויב מען וויל, קאָן מען זיך טשעפּען צו געוויסע פּרטים אין די פאָרמולירונגען פון דאָזיגען אַרטיקעל. אָבער אז מ'זאָל א מענשען, וואָס האָט אַזוי געטראַכט און געפיהלט, צוקלעפּען א צעטעל פון „א

טיפּישען ליבעראַל פּלום אַ באָמבע" — מיינט, אז מ׳זאָל זיך אליין ארויסגעבען אַ צייגניש אין דער פּלאַכסטער און טעמפּסטער פּאָלי־טישער בייזוויליגקייט. און אַזוי איז עס טאַקע. די באָלשעוויקעס קענען נאָך עד היום נישט מוחל זיין דעם פאַרשטאָרבענעם איין זאַך: וואָס ער איז געווען דער באַשאַפער פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. און די באָלשעוויסטישע לידערם וואַקסען אין זייערע אויגען אַלץ מעהר, וואָס מעהר זיי דאַכט זיך, אַז עס איז זיי געלונגען צו דערנידעריגען אין די אויגען פון די רעוואָלוציאָנערע דורות דעם גרויסען רעוואָלוציאָנער, וועמעס נאָמען עס איז געווען גריגאָרי גערשוני.

***

אין זיין גייסטיגער קולטור איז גערשוני געווען דורכאויס אַ רוס. און ער איז געווען אַ טוער פון דער אַלרוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אָבער לויט אָפּשטאַם, לויט בלוט איז ער געווען אַ זוהן פון דער טראַגישסטער נאַציע אין דער וועלט — פון דער אידישער. און דאָס האָט ער קיינמאָל נישט פאַרגעסען.

אודאי האָט ער זיך די „אידישע זאַך" נישט פאָרגעשטעלט ווי עפּעס אַ באַזונדערע, אַן אָפּגעטיילטע פון דער זאַך פון אַלע אַנדערע פעלקער אין רוסלאַנד. אין זיין געדאַנק האָבען זיי זיך הארמאָניש צונויפגעגאָסען — אפשר אַ סך לייכטער און פּשוט׳ער ווי עס האָט אין דער אמת׳ן געקאָנט דערגרייכט ווערען. אין דער רעדע, וואָס ער האָט צוגעגרייט צום פּראָצעס, האָט ער געזאָגט: „איך האָב וועניג וואָס צוצוגעבען ספּעציעל וועגען זיך. אַלע באַטויבענדיגע באַדינ־גונגען פון דער רוסישער ווירקליכקייט האָבען אויפ׳ן זעלבען אופן געווירקט אויך אויף מיר און — נאָך אין אַ גרעסערער מאָס — אויפ׳ן אידישען פאָלק, צו וועמען איך געהער. אַלע קלעפּ פון איצ־טיגען רעזשים פאַלען אויף איהם מיט אַ פאַרצעהנפאַכטער קראַפט". אָבער — האָט ער צוגעגעבען מיט אַ שטאַרקען געפיהל פון נאַציאָ־נאַלער ווירדע — „אויב די רעגירונג מיינט, אז מיט איהרע באַזונ־דערע רדיפות, אונטערדריקונגען און נגישות אויף אידען וועט זי פון זיי אויסאַרבייטען דאַנקבאַרע און הכנעה׳דיגע אונטערטאַנען, מאַכט זי אַ ביטערען טעות". און ווידער אַמאָל: „אָבער ביים אידישען האָרעפּאַשנעם פאָלק זיינען אין באַפרייאונגס־קאַמף נישטאָ קיין אַנ־דערע אויפגאַבען ווי ביים רוסישען פאָלק, ווייל מיר אנערקענען בלויז

צוויי נאַציעס: די נאַציע פון די עקספּלואַטאַטאָרס און די נאַציע פון די עקספּלואַטירטע".

דאָס לעצטע איז, פאַרשטעהט זיך, צו שטאַרק געזאָגט — שוין צופיל גראַדליניג און פשוט. פון דער דאָזיגער אַבסטראַקטער פשטות האָט זיך גערשוני דערנאָך געדאַרפט אָפּזאָגן. ווי אַלמענשליך דער גרונט־אינהאַלט פון אונזערע אידעאַלען און אונזער קאַמף איז ניט, די פאָרם זייערע איז אומפאַרמיידליך טיף־נאַציאָנאַל, און אַזוי ווי עס איז נישטאָ סתם קיין אינהאַלט אָהן אַ פאָרם, איז אויך דער בונד צווישעןביידען אַ סך אינטימער און באַדייטענדיגער ווי עס ווייזט זיך אויס דעם טיפּישען אינטעליגענט, וועלכער לעבט נאָר מיט זיך. איך האָב שוין געזאָגט, אַז גערשוני איז אַריבער צו אונז פון די קרייזען פון אינטעליגענטישער קולטור־טרעגעריי, גאָרנישט ווי מינערוואַ פון יופּיטער'ס קאָפּ אַרויס, און דעריבער נישט אינגאַנצען אַ פאַר־טיגער. די אַלט־מאַרקסיסטישע הנחה, אַז „פּראָלעטאַריער האָבען נישט קיין פאָטערלאַנד", אָט דער איבערבלייב פון קאָסמאָפּאָליטיזם אין אינטערנאַציאָנאַליזם, האָט אויך געלעגט זיין שטעמפּעל אויף גערשוני'ס ערשטען געדאַנקען־גאַנג. דערנאָך האָט ער זיך טיפער אַריינגעטראַכט אין דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם. איך גלויב, אַז איצט, נאָך דעם טויט פון אַנסקי'ן (ש. ראַפּאַפּאָרט), קאָן און זאָל בעסער פון אַלעמען דערצעהלען וועגען דער שטופענווייזער אַנטוויקלונג פון אידישען נאַציאָנאַלען באַוואוסטזיין ביי גערשוני'ן מיין אַלטער פריינד ח. זשיטלאָווסקי.

יעדענפאַלס האָט דאָס געפיהל פון נאַציאָנאַלער ווירדע זיך שטאַרק געלאָזט שפּירען אין גערשוני'ן די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט זיך געגרייט צו זיין פּראָצעס. די אַלגעמיינע פּאָליטישע לאַגע אין יענער צייט איז געווען אַזאַ, אַז די מאַכט האָט באַשיינפּערליך נישט געוואָלט זי פאַרשאַרפען מיט גערשוני'ס טויט־שטראָף; זיי האָבען געדאַרפט געפינען אַן אויסרייד, כדי אַלס „באַגנאַדיגונג" איהם פשוט פאַר־מויערען אין שטיינערנעם זאַק פון שליסעלבערג, ווי מ'האָט אַמאָל פאַר־מויערט די נאַראָדאָוואָלצעס. און אָט האָבען זיך אָנגעהויבען אונ־טערהאַנדלונגען מיט גערשוני'ן, אַז מ'זאָל ביי איהם פועל'ן אַזאַ מין אויסרייד. דאָ האָט זיך נישט געהאַנדעלט, פאַרשטעהט זיך, וועגען „חרטה" אָדער ביטע וועגען באַגנאַדיגונג — ס'איז קלאָר געווען דער חוזק פון דערמאָנען עס אפילו פאַר גערשוני'ן — נאָר אַז ער זאָל זיינע פּאָזיציעס פאָרמולירען רוהיגער, ווייניגער דעמאָנסטראַטיוו. אַלע אונ־

טערהאַנדלונגען זיינען צוקלאַפּט געוואָרען אָן גערשוני׳ס פּעסטען ווילען, ווי אָן אַן אייזערנער וואַנט. ער האָט זיך געמאַכט פאַר אַ געבאָט: אויב די פּראָקוראַטור וויל זיך ביי איהם עפּעס דערשלאָגען, מיינט עס, אַז דאָס איז נוצליך פאַר דער זעלבסטהערשאַפט און דעריבער שלעכט פאַר דער רעוואָלוציע; בכן דאַרף מען אויסהערען דעם שונא און האַנדלען פאַרקערט. דערקלערענדיג די מאָטיווען פון זיין אויפ־פיהרונג, האָט גערשוני צוגעגעבען: „עס איז דאָ נאָך עפּעס. איך בין אַ איד. איהר און די אַלע, וואָס זיינען געגוג פּראַסט, אַז זיי זאָלען אייך גלויבען, טענה׳ן, אַז אידען זוכען אויסצומיידען געפאַהר; אַז צוליב פּחדנות אַנטלויפען זיי פון דער תליה. גוט. וועט איהר קענען זעהן אַ ביישפּיל פון „אידישער פּחדנות”. זאָגט אייער פּלעווע: האַנדלען, דינגען זיך האָבען מיר נישט וועגען וואָס. זאָל ער טאָן דאָס זייניגע. איך האָב דאָס מייניגע געטאָן”.

פּלעווע, זעהט אויס, האָט דאָך אויף עפּעס געהאָפּט... און עס איז פאָרגעקומען אַן אויסערגעוועהנליכע זאַך אין דער געשיכטע פון די טורמעס: גערשוני׳ס קאַמער האָט זיך איינמאָל געעפענט און אין איהר איז אריין — פּלעווע אַליין. „איהר האָט מיר גאָרנישט וואָס צו זאָגען?” — האָט ער אַ וואָרף געטאָן. און דער ענטפער איז געווען אַזאַ בליק פון גערשוני׳ן, אַז פּלעווע האָט זיך מאָמענטאַל געגעבען אַ דריי אויס און איז ארויסגעשפּרונגען פון קאַמער נאָך שנעלער ווי ער איז אין איהר אריין.

„וועסט מיך פאַרשטעהן” — האָט מיר שפּעטער אמאָל גערשוני געזאָגט — „איך האָב געמוזט בלייבען פּנים אל פּנים מיט די אידען־פרעסער, און לויט זייער מיינונג קענען אידען בלויז ציטערען. און אָט האָט זיך מיר געוואָלט זיי ווייזען, ווי אַזוי אידען קענען שטאַרבען”.

און ער האָט געוויזען... עס איז באַקאַנט די מיינונג פון איינעם פון די ריכטער אין די קולוארען פון געריכט נאָכ׳ן פּראָצעס: „אָט דאָס איז אין דער אמת׳ן אַ מענש!”

און דאָס זעלבע האָט אין תוך געזאָגט איינער פון די טורמע־אויפזעהער, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט גערשוני׳ן אויף זיין וועג פון שליסעלבורג אין אַקאַטוי, אין דער בוטירקער טראַנספּאָרט־טורמע. „וואָס פאַר אַ פּאָליטישע זיינען עס ערשט אָנגעקומען! שטרויענע, אָט דאָס (אָנווייזענדיג מיט׳ן פינגער אויף גערשוני׳ן פון דער ווייטען) איז געווען אַ פּאָליטישער”.

גערשוני איז געווען אַן אידעאַליסט. אַ סך אומבאַריהרבאַרער, כמעט יוגענטליכער גלויבען איז געווען באַהאַלטען אין זיין ברוסט.

אין דעם זעלבען בריוו, וואו ער האָט אונז געשריבען: „אונז איז גרינגער צו שטאַרבען ווי אונזערע פאָרגענגער, ווייל מיר אָטעמען איין אָטעם מיט'ן פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום", לייענען מיר אויך אַזעלכע באַזעלטע, כמעט באַגייסטערטע שורות: „איך ווייס נישט, צי איך מאַך אַ טעות, נאָר עפּעס גלויב איך טיף אין דער נאָהענטקייט פון אונזער נצחון, דעם נצחון פון פרייהייט און די אינטערעסען פון האָרעפּאַשנעם פאָלק. גרויסע מעשים פון יושר און אמת וועט דעמאָלט דאָס פאָלק אויפטאָן, און אין פאַרגלייך מיט די דאָזיגע קומענדיגע גרויסע מעשים — צי קען מען זאָגען, אַז אַ מענשליך לעבען איז אַ צו גרויסער קרבן?"

ער האָט אַ טעות געהאַט. דער נצחון איז נאָך נישט געווען אַזוי נאָהענט. פון איהם האָט אונז אָפּגעטיילט דער דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע פון 1905, די צייט פון דער סטאָליפּינשער קאָנטר־רעוואָלוציע, דער בלוטיגער קאַשמאַר פון דער וועלט־מלחמה. זיך אָנגעהויבען אונטער'ן צייכען פון דעם בלוטיגען וועלט־קאַשמאַר, האָט די רעוואָלוציע איינגעשלונגען די וועלט־מלחמה, אָבער זי האָט זיך אַליין אָנגעשטעקט מיט דעם סם פון דער מלחמה, וואָס זי האָט איינגעשלונגען. און צוזאַמען מיט דעם שוואונג צו די גרעסטע מעשים פון יושר און אמת, האָט זי באַוויזען נאָך אַ שטאַרקערען דראַנג אויסצוגלייכען אַ בלוטיגען היסטאָרישען חשבון מיט די הערשענדיגע און פאַרמעגליכע. און אויב איינינגע פיהרער פון דער פאָלקס־באַוועגונג האָבען, אַזוי ווי גערשוני, פריהער פון אַלץ און מעהר פון אַלץ גע'חלום'ט וועגען אַלזייטיג צוגרייטען דאָס פאָלק און זאָרגפעלטיג אָנפיהרען איהם אין די פאָרשטעהענדיגע „גרויסע מעשים פון אמת און יושר", אין דער שעפערישער אַרבייט, וואָס ברענגט ניי לעבען און דאָס געבורט פון אַ נייעם מענשען, — זיינען געווען אויך אַנדערע פיהרער, פּרעדיגער פון נקמה און אומדערבאַרמליכקייט, פּרעדיגער פון „גרויזאַמקייט וואָס דערלייזט". און דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק אַליין איז ביים חשבון, פאָרשטעהט זיך, אַרויסגעקומען נישט ווי אַ צוקערדיגע כלי פאַר אַלע האָרעפּאַשנע מעלות טובות, נאָר ווי אַ משונה'דיגער געמיש פון ליכט און שאָטען, וואָס האָט אַריינגעזויגען פון דער בייזער פאַרגאַנגענהייט פון זיין געשיכטע אַ סך פינסטערניש און אוממענשליכקייט... און אין דער געשיכטע פון בירגער־קריג האָט זיך דאָס אַלץ

ארויסגעוויזן. וואָס קען מען טאָן! נישט אומזיסט זאָגט דאָס פאָלקס־ווערטעל: דאָס פאָלק איז ווי אַ וואָלקען, אין שטורם קומט אַלץ ארויס אין דרויסן...

גערשוני האָט איינגעטיילט אַלע מענשען לויט זייער באַציהונג צום פאָלק אויף דריי קאַטעגאָריעס. פאַר איינע — האָט ער גע־זאָגט — איז דאָס פאָלק אַ פּגר, אַ רויב, וואָס מען רייסט אויף שטיקער. פאַר אַנדערע איז עס אַ פרעמדע מאַסע, אָהן אַ באַשטימטער פיזיאָנאָמיע, עפּעס אַ מין סטאַטיסטען אויף דער ביהנע פון אַ פאַר־ביגען און אינטערעסאַנטען ספּעקטאַקעל. „פאַר די דריטע, ענדליך, איז דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק דאָס איינציגע גזועלשאַפטליכע הייליגטום, וואָס איהר ווילען זיי דינען אוןווידמענען זייערע כחות . . . ווייל בלויז דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק, ווען עס וועט ארויס פון צושטאַנד פון פאַרגרעבטקייט און אונטערדריקונג, וועט קענען פאַרקערפּערען אין לעבען די העכסטע צילען — פרייהייט, גלייכהייט און גערעכ־טיגקייט".

און וואָלט גערשוני דערלעבט ביז די זעלבסט־הערשאַפט איז גע־פאַלען, וואָלט זיין גלויבען אין פאָלק געבליבען גאַנץ, ווייל פון דעם „צושטאַנד פון פאַרגרעבטקייט און אונטערדריקונג" שפּרינגט מען נישט אריין מיט איינמאָל אין צושטאַנד פון צייטיגען באַוואוסטזיין און גייסטיגער זעלבסטשטענדיגקייט. די קראַנקהייטען פון איבערגאַנגס־עלטער וואָלטען איהם נישט צוטומעלט. זיין גלויבען אין דער רעוואָ־לוציע וואָלט אויך געבליבען גאַנץ, ווייל ער האָט שטענדיג געקענט אָפּטיילען איהר אמת'ן תוך פון די פאַרקריפּעלטע, צודרעהטע פאָרמען, וואָס די שטיף־מאַמע געשיכטע האָט אויף איהר אָנגעוואָרפען. נישט אומזיסט האָט ער נאָך דעמאָלט, אין 1904, געהאַלטען פאַר נויטיג צו זאָגען, אַזוי ווי ער זאָל עפּעס פאָראויסזעהן: „נישט דורך דעקרעטען און נישט דורך וועלכע עס איז פאַרשווערונגען — נאָר דורך דער אַנטוויקלונג פון זעלבסט־באַוואוסטזיין ביים האָרעפּאַשנעם פאָלק וועט דאָס פאָלק און נאָר דאָס פאָלק אַליין קענען דורכפיהרען אין לעבען אַ שכל'דיגע און יושר'דיגע סאָציאַלע אָרדנונג".

אַן אידעאַליסט... אַ ראָמאַנטיקער... דאָס אַלץ זיינען טיילווייזע באַצייכנונגען, וואָס נעמען נישט ארום דאָס גאַנצע געשטאַלט פון גערשוני'ן, דעם רעוואָלוציאָנער. קודם כל מוז מען פאַרצייכענען, אַז ביי איהם איז געווען באמת אַ רעליגיעזע באַציהונג צו דער רעוואָ־לוציע. און די פּאַרטיי האָט אין זיינע אויגען געדאַרפט זיין די

ריינסטע פארקערפערונג פון איהרע העכסטע געבאָטען. דערפון נעמט זיך אויך זיין באזונדערע ליבע צו דער פארטיי — אָט די הייסע, צאפּעלדיגע, טיף־איינגעוואָרצעלטע ליבע, וועלכע עס קענען נאָר „מענשען פון איינציגער ליבע". איבערגעבענדיג דעם צווייטען צוזאמענפאָהר פון דער פארטיי א גרוס פון די אקאטויער געפאנגענע, האָט ער גערעדט — מיט א שטים, וואָס האָט זיך געבראָכען פון טיפער אינערליכער רעגונג: „אויב די פארטיי־טוער דארפען האָבען א וועלכען עס איז עטישען באלאסט און רודער, — קען עס זיין בלויז די אומבאגרעניצטע ליבע צו דער פארטיי, די ליבע פון א זוהן צו א טייערער מאמע". אָבער איך בין חושד, אז אין זיין באציהונג צו דער פארטיי איז געווען אויך א צווייטער עלעמענט: די ליבע צום אייגענעם קינד. יעדענפאלס, איז די פארטיי פאר איהם געווען נישט בלויז א פּאָליטישע אָרגאניזאציע, געבויט אויף דער באזע פון אלגעמיינע אידעען און אינטערעסען — פאר איהם איז עס געווען קודם כל א מאָראַלישע איינהייט, וואָס האָט צונויפגענומען די מענשען מיט דעם שטארקסטען פון אלע בונדען: מיט דער ברידערליכער שותפות פון די באהאלטענסטע חלומות און אינטימסטע איבערלעבונגען. נישט אומזיסט איז זי אין זיינע אויגען פאר א גאנצער רייהע שעהנע יונגע נשמות געווען א גייסטיגע טבילה, וואָס האָט זיי ארייגעבוירען אין א נייעם לעבען. און דעריבער ווען די רעוואָלוציע און די פארטיי זיינען געוואָרען פּאָפּולער, ווען זייערע אידעען זיינען „ארוים אויף דער גאס", האָט ער געציטערט פאר זייער ריינקייט און לויטערקייט, האָט ער מורא געהאט, אז זייער טייערער מעטאל זאָל נישט אויסגעביטען ווערען אויף אָפּגעריבענע גראָשענס פון טאָג־טעגליכען אומגאנג. ער האָט מורא געהאט, אז אָנשטאָט דעם מאסען־הערואיזם פון דער רעוואָלוציע, וואָס איז אריין אין פאָלק, זאָל אנטקעגען דער רעאקציאָנערער שווארצער מאה נישט אויפשטעהן א מין אייגענארטיגע רעוואָלוציאָנערע „רויטע מאה". דאָס איז נישט געווען קיין פאררעסענער גייסטיגער אריסטאָקראטיזם, נאָר א דורשט נאָך עכטקייט, נאָך נישטגעפעלשקייט פון דעם גייסטיגען תוך, וואָס די מאסען דארפען ארויסברענגען אין דער רעוואָלוציע. און עס איז פארשטענדליך, פארוואָס בשעת די אזוי גערופענע „עקספּראָפּריאציעס" האָבען זיך פארשפּרייט, ווי אַן עפּידעמיע, האָט גערשוני גלייך אויפגעהויבען זיין שטים געגען זיי, אויפגעהויבען ווארנענדיג און מעכטיג: „מיר דארפען טייער האַלטען איינס: די ריינקייט פון דער פארטיי, איהר עהרליכען און

גוטען נאָמען. אין דעם איז אונזער כח און דאָס איז אונזער רייכטום. די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי וועט זיגען ווי די פּאַרטיי פון מאָראַלישען כח און ריינע אידעאַלען".

ווער עס האָט איבערגעלעבט יענע צייט, ווען עס איז אויס־געקומען זיך אריינצואוואַרפען אין יענעם „צובוישעטען ים" פון אַלגעמיינער, גאַנץ־כאַאָטישער אויפרודערונג, דער וועט פאַרשטעהן וואָס עס האָט געדאַרפט איבערלעבען גערשוני, ווען אויפ'ן וועג פון באַלמאַשאָוו'ן, סאַלאַיעוו'ן און סאַזאָנאָוו'ן האָבען זיך אַ לאָז געטאָן גלאַט הפקר־מענשען, וואָס זיינען כלומרשט אויך אַזוי אָהן מורא געגאַנגען אין פייער און אויפ'ן טויט, נאָר בלויז צוליב דעם, ווייל ביי זיי איז זייער אייגען לעבען ווערט געווען אַ גראָשען, און יענעמ'ס לעבען נישט מעהר. פאַר גערשוני'ן איז עס געווען אַ חלול השם פון טעראָר. די נייע צייט האָט געבראַכט נייע לידער, און נישט אַלעמאָל גוטע לידער. יאָ, אריינדרינגענדיג אין פאָלק און ארומכאַפּענדיג דאָס פאָלק, איז די רעוואָלוציע אריין אין אַ פּעריאָד פון באַזונדערע נסיונות. צו איהר איז צוגעשטאַנען נישט בלויז די אָפענע, פּשוט'ע האָרע־פּאַשנע מאַסע, וועלכע איז שעהן אין איהר עלעמענטאַרער אונמיטעל־באַרער גאַנצקייט, נאָר צוזאַמען מיט איהר אויך דער שכן איהרער — דער פאַרשיידען־פאַרביגער און טומעלדיגער גאַסען־המון, און אין דעם דאָזיגען המון — די פון „דעק" ארויסגעוואָרפענע אָפּזאַצען פון לעבען, וואָס האָבען אויף דעם אויבערפלאַך געבילדעט אַ בלאָטיגען שוים. דאָס געוועהר פון דער רעוואָלוציע, וואָס איז געווען הייליג פאַר גער־שוני'ן, איז נישט איינמאָל פאַרטונקעלט געוואָרען דורך דער באַריהר־רונג פון אומזויבערע הענט — און נישט אַלעמאָל האָט אַזאַ באַריהר־רונג ארויסגערופען אַזאַ ווידערשטאַנד, ווי עס האָט זיך געוואָלט דעם „אומפּראַקטישען ראָמאַנטיקער" גערשוני מיט זיין אידעאַליסטישען גלויבען, אַז אין דער הויכער מאָראַלישער ריינקייט איז דער גרעסטער אומבאַזיגבאַרער כח פון דער רעוואָלוציע. און ווי הייס און פאַר־צאַפּעלט ער האָט ליב געהאַט די פּאַרטיי, אַזוי הייס און פאַרצאַפּעלט האָט ער אויך פיינט געהאַט אַלץ, וואָס האָט זיך אין איהר אריינגע־ריסען פון דרויסען און איז געבליבען פרעמד איהר אינערליכער גייס־טיגער סטרוקטור. אָט דאָס אינערליך־פּאַרטייאישע „ווילדפלייש", אָט די דיסהאַרמאָנישע אָנוואוקסען, האָבען באַליידיגט אין איהם דאָס טיפע געפיהל פון אייגענאַרטיגער פּאָליטישער עסטעטיק. באַזונדערס, ווען דאָס זיינען געווען נישט קיין צופעליגע רעקרוטען, נאָר איבערגעקאָכטע

אַלטע סאָלדאַטען פון דער פּאַרטיי. דאָ איז ער געווען שטרענג און סענסיטיוו: אַזוי ווי ער זאָל פאַראויסזעהן די צוקונפט, האָט ער אין 1907 מיט דער גאַנצער נשמה געדורשט, אַז באָרים סאַווינקאָוו זאָל אוועק פון דער פּאַרטיי: „ער איז אונז איצט אַ פרעמדער. מיר זיינען בלויז אַ שטער פאַר איהם און ער איז בלויז אַ שטער פאַר אונז. אין אַזעלכע פאַלען איז בעסער, אַז מען זאָל זיך געגענזייטיג באפרייען איינס פון אַנדערען". זיין בעסטער חלום איז געווען — זעהן די פּאַרטיי אַ באַפרייטע פון די קלענסטע קאַרבען און פגימות — אַ ריינע און פולע פאַרווירקליכונג פון דער פּאַרטיי־אידעע, וואָס ער האָט אויסגעטראָגען אין האַרצען. אָט די גאַנץ־באַזונדערע אומאויפהער־ליכע ליבע זיינע צו דער פּאַרטיי, וואָס האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען, האָט ביי מיר גאַנץ אָפט אַרויסגערופען אַנדערע אידעען־אַסאָציאַציעס. די פּאַרטיי איז פאַר איהם געווען — דאָס באַפרייענדע געוועהר אין די הענט פון אויפוואַכענדיגען פאָלק, וואָס מאָנט זיין דערלייזונג. און ער האָט ליב דאָס געוועהר, ווי דער פרייהייטס־ליבענדיגער באַרג־איינוואוינער האָט ליב זיין שאַרפען שווערד פון דמשק, ווי ער שטאָלצירט דערמיט וואָס זיין שווערד איז ריין, גלאַנציג, פיין־געגליהט, אָהן אַ פּגם, אָהן אַ שפּרענקעלע. אָדער נאָך בעסער: די לעגענדע זאָגט, אַז ווילהעלם טעל האָט אריינגעלעגט אין אַ טעמפּעל יענעם פיילענבויגען, פון וועלכען ער האָט געטראָפען געסלער'ן. גער־שוני האָט געוואָלט, אַז אָט אַזאַ באַציהונג צו דער פּאַרטיי זאָלען טראָגען אַלע איהרע מיטגלידער: ווי צו אַ רעוואָלוציאָנערער הייליג־קייט, וואָס רופט אַרוים אַן אייגענאַרטיג געפיהל פון קדושה.

ער האָט נישט בלויז געלעבט מיט דער רעוואָלוציע, ער האָט נישט בלויז געהאַלטען שטענדיג אין אַרומטראַכטען די אָדער יענע זייטען פון דער זאַך, וואָס איז איהם טייער געווען — ניין, ער פלעגט ממש איבערראַשען מיט זיין זעלטענער פעהיגקייט אַרומצונעמען אין געדאַנק די גאַנצע אַרבייט אין אַלע איהרע צווייגען, אין דעם גאַנצען פאַרנעם, פון די גרעסטע „פאַרשאָלטענע פראַגען" פון רעוואָלוציאָ־נערען לעבען און פּראַקטיק ביז די קלענסטע איינצעלהייטען. פון אופאַ, וואו ער האָט אָרגאַניזירט די רעוואָלוציאָנערע נקמה פון גובער־נאַטאָר באָגדאַנאָוויטש פאַר'ן צושיסען די זלאַטאָאוסטער אַרבייטער, האָט ער כמעט ערב דער פאַרשווערונג אונז געשריבען אַ בריף, אין וועלכען ער מאַכט אויפמערקזאַם, אַז די קאָרעקטור פון לעצטען נומער „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָססיאַ" איז נישט אַזוי פּינקטליך ווי

פריהער, ער לעגט פאַר איבערצובייטען דאָס קעפּעל, וואָס באַפרידיגט איהם נישט עסטעטיש, און ער ווייזט אָן אויף קליינינקייטען אין סטיל פון די קאָרעספּאָנדענציעס, וואָס קומען אָן פון רוסלאַנד און וואָס ווערען געוועהנליך געשריבען אויף שנעל. דער בארג־באוואוינער גיט זיך אויך אָפּ נישט בלויז מיט שלייפען און רייניגען זיין קינזשאַל פון דמשק, נאָר ער באַפּוצט מיט שניצערייִ און קאָלירטע שטיינער אויך דעם שיידעל זיינעם. געִרשוני האָט ארומגעטראַכט יעדע איינ־צעלהייט, האָט זיך גענומען צום האַרצען יעדע קלייניגקייט, וואָס קען פאַרבעסערען און פאַרשענערען די אַרבייט, און גלייכצייטיג האָט ער אָפּגעהיט די געהעריגע פּערספּעקטיוו אין דער אָפּשאַצונג פון אַלע זייטען און אָפּצווייגונגען פון דער קאָמפּליצירטער רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרזעהן דעם וואַלד צוליב די בוימער. פאַר איהם האָט נישט עקזיסטירט קיין „שוואַרצע אַרבייט”, נאָר בלויז נויטיגע און אומנויטיגע. עס האָט איבערראַשט די עקשנות, מיט וועלכער ער פלעגט זיך נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל אומקערען צו די פאַרפּלאָנטערטסטע פּראָבלעמען פון רעוואָלוציאָנערען לעבען. זיינע חברים אין דער אָרגאַניזאַציע פלעגט ער אַלעמאָל דערמיט דער־הויבען. קיינער האָט נישט געהאַט די מעגליכקייט אָפּצושאַצען אזוי גוט אָט די טייערע מעלה זיינע ווי איך און דער פאַרשטאָרבענער מיכאַאיל גאָץ. אונזער „דריילינג” האָט אין זיין אייגענער סביבה אין אַ געוויסען זין דורכגעפיהרט אַ צוטיילונג פון אַרבייט. אויב מ'זאָל אויף דער רעוואָלוציע אָנווענדען אַ מיליטערישע טערמינאָלאָגיע, וועט אויסקומען, אַז געִרשוני איז געוועזן אונזער קריגס־גענעראַל, דער פיהרער אויפ'ן שלאַכטפעלד, גאָץ — דער מיניסטער, און אויף מיר איז ארויפגעלעגט געוואָרען אַ מעהר אַקאַדעמישע מיסיע: צו זיין דער מיליטערישער טעאָרעטיקער און לערער פון קריגס־וויסענשאַפט. אָבער די קריגס־וויסענשאַפט ווערט קאָנטראָלירט פון דערפאַהרונג, און ביים פאָרמולירען אונזער „טעאָריע”, ביים דורכטראַכטען אונזערע מיליטערישע מעטאָדען, האָט זיך די „אַקאַדעמיע” געדאַרפט שטאַרק צוהערען צו דער שטים פון דער קאַמפּס־פּראַקטיק. די הויפּט־אַר־טיקלען אין „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָססיאַ” פלעגען פון אונז אַמאָל אפילו געשריבען ווערען בשותפות. עס פלעגט טרעפען, אַז געִרשוני האָט אָנגעהויבען, גאָץ האָט אומגעדולדיג אונטערגעכאַפּט און אויף שנעל פאַרענדיגט, און מיר פלעגט מען איבערגעבען דעם אַרטיקעל אויסצופאָרריכטען, אויסגלייכען, צונויפבינדען די טיילען, שאַפען די

גאַנצקייט פון דער סטרוקטור און אַרויפלעגן די לעצטע, ענדגילטיגע שטריכן. עס פלעגט זיך אַמאָל מאַכן אויך אַנדערש. איך שרייב אָן אַן אַרטיקעל, לייען איהם גערשוני'ן און גאָץ'ן, הער אויס די קריטיק, אַמפּער זיך אַביסעל, מאַך איהם איבער, דערנאָך געהט מען ווידער אַמאָל איבער אַלע פאָרמולירונגען אין די איינצעלהייטען און ווייטער נישט אומזיסט: ווידער אַמאָל שטרייך איך, פאַרריכט, גיב צו, און אַמאָל קומט גאָר אַ נייע סטרוקטורעלע אידעע אין קאָפּ און עס ווילט זיך אַלץ איבערשרייבען אויפ'ס ניי. און אַלעמאָל איז עס אַרויסגעקומען צום בעסערן. גערשוני האָט זעהר ליב געהאַט אָט די מעטאַמאָרפאָזעס, וואָס די אַרטיקלען לעבען איבער. איך געדענק, למשל, ווי לאַנג מיר האָבען באַהאַנדעלט און איבערגעוואויגען מיין אַרטיקעל אין נומער 7 „רעוו. ראָססיא" — „דער טעראָריסטישער עלעמענט אין אונזער פּראָגראַם". אמת, דאָ איז דער ענין געווען אַ ביסעל קאָמפּליצירט: מיר האָבען זיך נישט צונויפגערעדט אין דער אָפּשאַצונג פון שאַרפען געוועהר פון טעראָר, און פון אָנהויב האָט יעדער פון אונז אונטערגעשטראָכען פאַרשיידענע זייטען פון דער זאַך. גערשוני איז לכתחילה פאַרכאַפּט געוואָרען פון דער אידעע פון אַ „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ" ווי אַ מין „שוץ-אָפּטיילונג" אָדער „אַרטי-לעריע-באַשיצונג", וואָס גיט אַ מעגליכקייט דער מאַסען-באַוועגונג זיך אויסצוברייטערען און אַרויסקומען אָהן מורא פאַר די אָנפאַלען פון שונא'ס קאַוואַלעריע, און עס לאָזט די פאַרטיי-טוער רוהיג אָפּ-געבען זיך מיט פּראָפּאַגאַנדע און בכלל מיט פרידליכער אַרבייט. מיר אָבער האָט זיך געדאַכט, אַז אויב די זאַך זאָל אַזוי אָוועקגעשטעלט ווערען, קען ערשטענס קומען צו אַ ריס צווישען דער פּסיכאָלאָגיע פון דער מאַסע און דער פּסיכאָלאָגיע פון איהרע „קעמפערישע שיצער", און אין די רייהען פון דער פאַרטיי גופא קען זיך אַנטוויקלען אַן עהנליכער דואַליזם צווישען דעם „מיליטערישען שטאַנד" פון די טעראָריסטען און די „ציווילע". מיך האָט געצויגען די אידעע וועגען איבערגעהן שטופּענווייז פון ריין-אינדיווידועלען טעראָר צום טעראָר פון גאַנצע גרופּען, אַ אידעע, וואָס וואַרפט אומבאַמערקט אַריבער אַ בריקעל פון אינדיווידועלער העלדישקייט צו מאַסען-העלדישקייט. די טעראָריסטען זיינען דערביי בלויז די אָנפאַנגער, וואָס ציהען אַריין אין באַוואָפענטען קאַמף פריהער די אַוואַנגאַרד-טיילען און דערנאָך די הויפּט-כחות. אויסער דעם בין איך געווען גענויגט אָנצואַווענדען צום איצטיגען טעראָר דאָס באַליבטע ווערטעל פון אַמאָליגע פּוגאַ-

טשאַווישע בונטאַרען: „האָק אונטער די סלופּעס, ווען די פּאַר־קאַנעם גרינגער פאַלען". גאַנץ פון זיין זייט, ווידער, און מיט איהם אויך פּ. וו. וואָלכאָווסקי, האָט זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף דעם נאַטירליכען דורשט פון די מאַסען צו גערעכטיגקייט, אויף דער אומ־פעהיגקייט פון פאָלק שלום צו מאַכען מיט'ן גדאַנק, אַז די ווילדע אונטערהדריקער בלייבען נישט באַשטראָפט. פאַר איהם זיינען די טעראָריסטען קודם כל געווען די אויספיהרער פון די נישט־געשריבענע אורטיילען פון פאָלקס־געוויסען, וואָס האָט באַפרידיגט די באַדערפעניש פון לאַנד אין גערעכטיגען משפט. אָט די מאָראַלישע, דערהויבענדיגע באַדייטונג פון טעראָר, ווי די אויפשטעלונג פון דער צוטראָטענער גערעכטיגקייט, ווי אַן אויפשטאַנד פון אמת געגען דער זיגרייכער רשעות, איז געווען פאַר איהם אָהן אַן ערך העכער ווי אַלע „אוטילי־טאַרישע" פּאָליטישע אויסרעכענונגען. אָט די אַלע פאַרשיידענע מאָ־טיווען האָבען זיך צונויפגעטראָפען, דורכגעפלאָכטען, ערטערהווייז זיך צוזאַמענשטויסן, פאַנאַנדערגעצאַמט, זיך ווידער צונויפגעקומען אין העכסטען סינטעז — עס איז געווען אַן ארבייט אַ מאָרודנע, און פּונקט אַזוי איז געווען די ארבייט פון ארויסברענגען די רעזולטאַטען. און די העכסטע גייסטיגע באַפרידיגונג, וואָס איך געדענק נישט איהר גלייכען, איז פאַר מיר געווען, ווען איך האָב נאָך לאַנגע מאַטערנישען איבער דעם ערשטען מאַנוסקריפּט זוכה געווען צו הערען פון גער־שוני'ן די עטליכע ארויסגעמרוקעטע ווערטער: „אָט אַזוי — איצט קוקט עס אויס, ווי אַלץ וואָלט געווען גוט, אַלץ איז אויף אַן אָרט. אַ יונג מיט ביינער: געשוויצט, געשוויצט און אויסגעשוויצט פונ־דעסטוועגען וואָס מ'האָט געדאַרפט — נישטאָ זיך וואָס צו שעמען דערמיט".

דערביי דערמאָנט זיך מיר גערשוני'ס אַלגעמיינער טאָן אין אַלע אונזערע שמועסען. ער האָט פאַרמאָגט אייגענאַרטיגקייט. די גייס־טיגע דערהויבענקייט, די ענטוזיאַסטישע התלהבות האָבען פאַרלאַנגט אַ געוויסען געגענגעוויכט. כדי אויסצומיידען דעם איינדרוק פון געהן אויף שטאָלצען, האָט גערשוני געהאַט אַ גוואַלדיגען זאַפּאַס פון הומאָר. ער האָט ליב געהאַט זיך צו וויצלען, חוזק'ן איבער זיך אַליין, איבער אונז, איבער אונזער אַלגעמיינער זאַך, באַנוצען אויסדרוקען וואָס זיינען מיט אַ כיון גענומען געוואָרען פון נידעריגערע ספערען פון לעבען. איינער פון זיינע באַליבטע אויסדרוקען איז געווען: „נו, דאָ דאַרף מען האַלטען דעם עק ווי אַ פּיסטאָלעט". האָב איך איהם

איינמאָל אַזוי אַ פרעג געטאָן: „וואָס באַדייט עס?" — „וואָס מיינסטו? — האָט ער געענטפערט — דו טו אַ קוק אויף אַ יעגער־הונט, ווען ער געהט צו די קוסטעס וואו עס זיצט די חיה. דאָ ווערט ער ווי פאַרגליווערט, שטעלט זיך אָן אויף איין פינטעל, דעם פאָ־דערשטען פוס הויבט ער אויף, און דער עק ביי איהם בויגט זיך אוים אַרונטער ווי אַ פיסטאָלעט — אַט אַזוי..." און ווייזענדיג דעם „אַט אַזוי", האָט ער איינגעבויגען דעם פינגער... און אַלעמאָל, ווען מען האָט געהאַט צו טאָן מיט אַ שאַרפער פראַגע פון טאַקט, מיט אַ געפאַהר פון דורכפאַל, מיט אַ מאָמענט פון גרויסער אַנטשלאָסענקייט, פלעגט גערשוני אַ רוף טאָן צו אונז: „האַלט דעם עק ווי אַ פיס־טאָלעט".

איינמאָל איז איהם אין האַנט אַריינגעפאַלען עפּעס אַ רעוואָ־לוציאָנערע ליד, אין וועלכען פויערשע שתדלנים (כאַדאָטייעס) האָבען גאַנץ לענגליך דערצעהלט און אַרומגערעדט פאַר'ן צאַר „וועגען זייערע ענינים'לאַך, וועגען זייערע נויטעלאַך און נאָך אַ סך זאַכען . . . ", און דער צאַר האָט זיי אַלעמאָל איבערגעריסען מיט אַ קאַלטבלוטיגען אויסרוף: „מעגסט עס קירצער מאַכען". ער האָט לאַנג געלאַכט אויפ'ן קול מיט זיין לעבענס־לוסטיגען, טיפען געלעכטער, און דערנאָך האָט ער געזאָגט: „מיר זיינען אויך אַזוי ווי יענע שתדלנים — האָבען ליב לאַנג פאַנאַנדערצושמירען אונזערע באַליבטע געדאַנקען, און ווער עס זאָל אונז איבעררייסען איז נישטאָ. און דער אמת איז דאָך, אַז יעדער פון אונז האָט זיך שוין לאַנג אויסגעלערענט צו פאַרשטעהן דעם אַנדערען אויפ'ן וואונק, און מיר פאַרוויילען בלויז זיך אַליין, און קיין אַנדערער דאַרף עס נישט". און פון דעמאָלט אָן, ווען אויף אונזערע פאַרזאַמלונגען אין ענגען קרייז איז עמיצער אַריינגעפאַלען אין דער זינד פון פיל־ריידעריי — און דער „עמיצער" איז נישט איינמאָל געווען טאַקע איך אַליין — פלעגט גערשוני נעמען אַ גרויסען בויגען פאַפיר און שרייבען מיט אותיות, אָן אַרשין די גרויס: „און נאָך אַ סך זאַכען — מעגסט עס קירצער מאַכען" („אי אָ מנאָגאָם פראָטשעם — גאָוואָרי קאָראָטשע").

איז אָנגעקומען עפּעס אַ ידיעה וועגען מאַסען־אַרעסטען, וועגען צושטערטע ניי־געגרינדעטע אָרגאַניזאַציעס אין איין שטאָדט, אין אַ צווייטער, אין אַ דריטער... קעפּ האָבען זיך אין טרויער געבויגען, ס'האָט זיך גענומען פאַר'גנב'ענען אַ צווייפעל... דעמאָלט פלעגט

גערשוני מאַכען אַ וואויל־יונגערישען אָנשטעל, טרייסטען אונז מיט שפּאַסיגע רייד: „דאָס איז נאָך גאָרנישט. היינט נעמט מען אונז צעהנדליגוויין, מאָרגען וועט מען אונז נעמען הונדערטערווייז, און דערנאָך וועלען זיי דאַרפען פּאַרכאַפּען טויזענטער. זיי וועלען טראָ־גען — און נישט איבערטראָגען, שלעפּען און נישט דערשלעפּען.”

אפילו ווען ער בלייבט פּנים אל פּנים מיט'ן שונא, פאַרלירט ער נישט דעם הומאָר. ביים ערעסט באַמערקט ער אויפ'ן פּראָטאָקאָל דעם דאַטום פון 13טען מאַי 1903 און רופט זיך אָן: „אַך, די זשאַנ־דאַרמען גערהט דאָך אפילו דעם 13טען אויך”. און ווען מען ברענגט איהם אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג אַ פּאַפּיר און מען זאָגט: „דאָ איז דער באַפעהל וועגען איינשליסען אייך אין תּפיסה — וועט איהר אונטערשרייבען?” — ענטפערט ער: „ניין, איך וועל שוין ווי עס איז פּרוּאווען זיצען אָהן אַן אונטערשריפט — אפשר וועט מען נישט אַרויס־זעצען”.

ווען ער איז צו אונז געקומען קיין אויסלאַנד נאָכ'ן אומגעלונ־גענעם אָנפאַל אויפ'ן פירשט אָבאָלענסקי און מען האָט איהם אַ פרעג געטאָן, ווי אַזוי דאָס איז געשעהן, האָט ער מיט'ן זעלביגען טאָן געענטפערט: „זעהר פּשוט: ס'איז געקומען אויך פאַר אונז די צייט צו זאָגען, ווי אַמאָל די נאַראָדאָוואָלצעס: מאַלאָ ווערי וו רעוואָלוּוערי (ווענינ גלויבען אין רעוואָלווערען). גיט מיר גוטע באָמבעס, וועלען ביי אונז נעמען טאַנצען וואַלד און בערג”.

ווען מ'האָט איהם אַמאָל אין אַ גאַנץ גרויסער געזעלשאַפט גע־פרעגט, ווי ער האָט זיך געפיהלט געהענדיג צום פּראָצעס, האָט ער מיט אַ שמייכעל געענטפערט: „באַגייסטערט — נאַריש. פאַר אַ רעוואָלוציאָנער איז דער ערשטער פּאָליטישער פּראָצעס, אויף וועלכען ער דאַרף אויפטרעטען, דאָס זעלבע וואָס פאַר אַ זעכצעהן־יעהריגער פרייליין פון די אַלטע צייטען דער ערשטער באַל, איהר ערשטער אַרויס־פאָהר. נו, האָט אין מיר אויך געגליהט די פאַנטאַזיע פון דער דאָזיגער פרייליין. אָבער די בייזע שטיף־מאַמע — די זשאַנדאַר־מעריע — האָט מיר דעם גאַנצען באַל קאַליע געמאַכט: זי איז אויך נישט פון הינטער'ן אויווען און קען איהרע געשעפטען”.

אַזעלכע „ווערטלאַך”, אומגעריכטע, פּשוט'ע, וואָס זיינען גע־שטאַנען אין אַ מאָדנעם קאָנטראַסט מיט'ן טראַגיזם פון די איבער־לעבונגען אָדער מיט דער הויך פון דער טעמע, האָט ער אַלעמאָל געהאַט איבערגענוג, צי ער איז געווען צווישען אייגענע אָדער צווישען

פרעמדע. דערמיט האָט ער כלומר'שט אָפּגעקיהלט די הויכע טעמפּעראטור פון זיין אייגענעם אינערליכען גליהען און דעם גליהען פון די ארומיגע. דאָס הויכע און טראַגישע איז אריין אין זיין פּערזענליכען לעבענס־שטייגער, איז געוואָרען ביי איהם אַלטעגליך. און ער האָט ליב געהאַט צייטענווייז אָנצואווענדען דערויף די אַלטעגליכסטע, פּראָזאַאישסטע ווערטער. אָט די שפּיל פון ליכט און שאָטען, אָט די לייכטע שפּאַסען צווישען דורכגעפיהלטע רעדעס, וואָס האָבען געברענט און געבריהט, אָט דאָס צוריקהאַלטען זיך מיט אַ גוטמוטיגען שמייבעל איבער זיך אַליין, אָט די פלוצלונגע פאַרוואַנדלונגען פון אַ רעוואָלוציאָנערען פיהרער אין אַ שוואַרצען אַרבייטער פון דער רעוואָלוציאָנערער טעכניק — ווי גערשוני האָט פאַר מיינע אויגען מיט כל'ערליי בעמישע שטאָפען און צייטענווייז באמת קינסטלעריש געוואַשען, איבערגעקלעפּט, אויפ'ס ניי אָנגעפילט מיט בלעטער פאַספּאָרטען פון אַלע מינים און אויסזעהן, ווי ער האָט פּונקט אַזוי קינסטלעריש אַליין געוואַשען, בעמיש געפּוצט און געפּרעסט זיין אייגענעם אָנצוג — אָט די מעטאַמאָרפאָזעס האָבען ארונטערגעבראַכט זיין געשטאַלט פון יענע מאַרטירערישע הויכען, אויף וועלכע ער האָט זיך שיער נישט פאַרוואַנדעלט אין א לעבעדיגער איקאָנע (בילד פון אַ רעליגיעזען הייליגען) און איהם געמאַכט פאַר אַ פשוט'ן, טייערען און פאַרשטענדליכען.

ארום גערשוני'ן זיינען אַלעמאָל געווען גענוג „סאָלדאַטען פון דער רעוואָלוציע", וואָס האָבען אָבער אין איהם נישט געפיהלט דעם „גענעראַל" און זיך געהאַלטען מיט איהם פשוט ווי אינגערע ברידער.

די רוסישע רעוואָלוציע קען אויך אַזאַ מין טיפּ מענשען, און זיי זיינען איהר שעהנסטער צירונג: דאָס איז דער טיפּ פון „אומבאַמערקטע העלדען", וואָס גיבען זיך איננאַנצען איבער דער „שוואַרצער אַרבייט", וועלכע עס איז דאָ אַזוי פיל אין יעדער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע. די טעטיגקייט פון טעאָרעטיקער, פון וועמען מען דערוואַרט „אַנטפּלעקונגען", די טעטיגקייט פון אָרגאַניזאַטאָר, וואָס קען קאָנצענטרירען אין זיינע הענט אַלע פעדים פון פּראַקטישע ענינים, די טעטיגקייט פון אָראַטאָר־פּראָפּאַגאַנדיסט, וואָס קען מיט'ן וואָרט צינדען די הערצער פון מענשען, די טעטיגקייט פון קאַמפּס־פיהרער, וואָס קען זיך אַוועקשטעלען אין דער שפּיץ און פיהרען נאָך זיך אין פייער אריין ווי די ערשטע שיסער אַזוי אויך די וואַקעלדיגע מאַסען — יעדע פון די דאָזיגע מינים טעטיגקייטען טראָגט אין זיך אַ סך גלאַנץ, אָנזעהעוו־

דיגקייט, פאַרביגקייט, זי שענקט איהרע טוער אַ סך דערהויבענע מאָמענטען. יענע אויסערליכע שעהנקייט, יענעם פאַרבלינענדיגען גליק פאַרמאָגט נישט די פּשוט'ע אַרבייט פון די פּשוט'ע פאַרטיי־טוער, וואָס נעמען אויף זיך מיט ליבשאַפט די שווערע, אומבאמערקטע גרויע טאָג־טעגליכע אַרבייט, אָהן וועלכער די דורכגעטראַכטסטע און געוואגטסטע רעוואָלוציאָנערע אונטערנעמונגען וואָלטען געדאַרפט פאַרוועלקט ווערען, נאָך איידער זיי האָבען אויפגעבליהט, ווי עס פאַרוועלקען די שעהנסטע געוויקסען, ווען זיי בלייבען אָהן די וואָרצלען, וואָס נעהרען זיי פון דער פייכטקייט און פינסטערניש פון דער ערד.

גערשוני האָט געקענט געפינען אַזעלכע העלדען־מאַרטירער. זיי האָבען זיך געצויגען צו איהם אַזוי ווי געוויקסען ציהען זיך צו ליכט. אין זייער סביבה האָט ער זיך געפיהלט אַ באַזונדערס געריהרטער, צואוואַרימטער, אַנטפּלעקטער ביז די באַהאַלטענסטע ווינקעלאַך פון דער נשמה. מיט זיי פלעגט איהם פאַרלאָזען זיין שטענדיגע צוריקגעהאַלטענקייט, די איינגעשלאָסענקייט אין דער שאָלאכץ פון אויסערליכער גלייכגעוויכט און זעלבסט־באַהערשונג. פאַר זיי איז ער געווען באמת אַן איינענער — אַ ברודער...

רעדענדיג וועגען גערשוני'ן, קען מען נישט פאַרגעסען איין בלעטעל פון זיין לעבען — זיין באַווייזען זיך אויפ'ן צווייטען, טאַמערפאַרסער צוזאַמענפאָהר פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען נאָך דעם ווי ער איז אַנטלאָפען פון אַקאַטויער קאַטאָרגע אין דעם באַריהמטען קרויט־פעסעל.

נאָר אַ מענש, וואָס האָט אַליין בייגעוואוינט דעם מאָמענט, קען זיך פאַרשטעלען, וואָס פאַר אַן אומבאַשרייבליכע צורודערונג עס האָט אַרומגעכאַפּט דעם זאַל, ווען דער פאָרזיצער האָט געגעבען דאָס וואָרט דעם „חבר קאַפּוסטין". צום ערשטען מאָל איז פאַר דער פאַרזאַמלונג פון פאַרטיי־דעלעגאַטען אַרויסגעטראָטען דער מענש, וואָס האָט אין די פינסטערע טעג פון דער שרעקליכסטער רעאַקציע אויפגעוועקט די ערשטע ווינקעלשטיינער פון דער נייער פאַרטיי, וואָס האָט דער פאַרטיי געשאָנקען איהרע ערשטע לעגענדאַרישע קאַמף־נצחונות, וואָס איז פון איהרע רייהען אַרויסגעריסען געוואָרען אין די טעג פון איהר אויפבליה, ערב איהר גרעסטער מאַכט און רוהם, — און וואָס האָט זיך איצט, אין די טעג פון נייע נסיונות און קריזיס פון דער רעוואָלוציע אויף אַ וואונדערליכען אופן אומגעקערט צו איהר. אָבער

פאַרשטעהט זיך, אַז די גרעסטע מערהייט פון צוזאַמענפאַהר, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסען אין אַן אויסברוך פון אומפאַרגעסליכען ענטוזיאַזם, האָט נישט דערוואַרט דאָס, וואָס איז דערנאָך פאָרגעקומען. זיי האָבען דערוואַרט אַ מעטאַלישען קול פון אַ קריגער, פון אַ קעמפער, פון אַ טעראָריסט. זיי האָבען דערוואַרט צו הערען טענער פון דער אומבאַרעכענטער אנטשלאָסענקייט פון אַ ווילענס-מענש, טענער, וואָס ברענגען אַרויס דעם געבוירענעם קאַמפּס-קאָמאַנדיר. אַזאַ קאָמאַנדיר איז נויטיג געווען, ווייל עס איז נאָך נישט שטיל געוואָרען דער קלאַנג פון געוועהר אויפ׳ן שלאַכטפעלד, וואָס האָט זיך שוין געהאַלטען אין אָפּלעדיגען. אַזאַ קאָמאַנדיר איז געווען נויטיג, ווייל עס איז זיכער פאָרגעשטאַנען אַ נייער קאָנפליקט צווישען דער גאָסודאַרסטווענער דומע, וואָס האָט שוין געהאַלטען ביים צוטריבען ווערען — אַ נייע ערנסטע שלאַכט פון אַריערגאַרד, פון די כחות, וואָס געהען פון הינטען און דעקען צו דעם רוקען פון דער קעמפענדער אַרמיי. וואָס ווייטער געראַשוני האָט גערעדט, אַלץ קלאָרער איז אַלעמען געוואָרען, אַז אָט דער אומלעגאַלער קעמפער און טעראָריסט איז אין דער נאַטור זיינער פריהער פון אַלץ און מעהר פון אַלץ נישט קיין טעראָריסט און נישט קיין אונטערערדישער טוער, נאָר אַ פּאָליטישער, מלוכה׳שער קאָפּ, וואָס איז געבוירען צו שטעהן ביים רודער פון אַ פּאַרטיי, מיט אַ שאַרפען בליק, מיט אַן אויג וואָס מעסט אָפּ, מיט אַ פעסטער האַנט, וואָס קען מאַנעווירען די זעגלען און דעם רודער ביי אַלע שאַרפע ענדערונגען פון וועטער, צווישען אַלע זאַמדען און אונטערוואַסער-שטיינער פון שמאָלען דורכגאַנג. מ׳האָט דערוואַרט דעם מעכטיגען טעמפעראַמענט פון אַן אַגיטאַטאָר, און דאָ איז געשטאַנען אַ גלייכגעוויכטיגער, דורכגעטראַכטער, קאָנטראָלירטער פּאָליטישער בעל-חשבון, מיט אַ ברייטען, דורכדרינגליכען בליק אויף זאַכען, מיט אַ בויגיגען מח, מיט אַן אומ׳ברחמנות׳דיג-ניכטערען אַנאַליז פון דער ווירקליכקייט, מיט די גרעסטע פאָדערונגען צו זיך און צו אַנדערע. „איך ווייס, איהר אַלע זיינט גרייט צו שטאַרבען אונטער די פאָהנען פון דער פּאַרטיי. אודאי — אויף דעם זיינען מיר רעוואָלוציאָנערען. אָבער אָט די גרייטקייט אַליין איז וועניג. עס געהט אום דעם, אַז מ׳זאָל שטאַרבען נישט בלויז ערליך, נאָר אויך קלוג. און אמאָל איז אַ סך שווערער אונטער אַלע אומשטענדען צו לעבען און אַרבייטען איידער פּשוט צו שטאַרבען״. און אָט די ווערטער האָט ער געוואָרפען ווי שווערע געוויכטען אויף די וואָגשאָלען, אויף וועלכע עס האָט

זיך געוויגט דער גורל פון אַלע פאַרשאַלטענע פראַגעס פון רעוואָלוציאָ־נערער טאַקטיק און סטראַטעגיע, וואָס דער צוזאַמענפאַהר האָט פאַר־האַנדעלט. ער האָט נישט מורא געהאַט צו גיין להיפוך צו דער שטימונג פון דער אוידיטאָריע, ער האָט נישט מורא געהאַט אָנצו־ריהרען „אומפּאָפּולערע" טעמעס. אַ קלאָרער אַנאַליז, וואָס איז גע־גאַנגען האַנט אין האַנט מיט אימפּעטיגע טענער פון פאָלקס־טריבון, האָבען צוגעגעבען זיין רעדע אַ באַזונדערע, אומפאַרגלייכליכע קראַפט. ער האָט גערופען צו קענען קוקען דער ווירקליכקייט גלייך אין די אויגען, נישט באַפוצענדיג זי. ער האָט געוואָרענט געגען די גע־וואוינהייטען צו משפט'ן דאָס גאַנצע גרויסע פאָלק לויט די שטימונגען פון אייגענעם, שמאָלינקען „רעוואָלוציאָנערען וועלטעל", אין וועלכען יעדער לעבט. ער האָט נישט מורא געהאַט אָפּצוגיסען מיט עמערס קאַלטע וואַסער די צוהיצטע און צויאַכמערטע — און וויפיל אַזעלכע האָט עס יענע צייט פון „שטורם און דראַנג" אַרויסגעבראַכט! ער האָט פעסט און קלאָר אַרויסגערעדט: „צוליב דער אומפאַרמיידליכער קאָנספּיראַציע, אָפּגעשלאָסענקייט און באַגרעניצטען קרייז פון באַ־ציהונגען ווערט ביי אונזערע טוער אויף די ערטער באַשאַפען אַ פסיכאָלאָגיש־אומפאַרמיידליכער מיראַזש, אַ זיסער חלום... איך צוויי־פעל נישט, אַז די דעלעגאַטען, וואָס האָבען דאָ גערעדט, האָבען זעהר ריכטיג אויפגעכאַפּט און איבערגעגעבען די שטימונג פון די אַרבייטער און פּויערים־מאַסען, אָבער מיט איין קליינער אויסבעסערונג: פון יענע מאַסען, מיט וועמען די דעלעגאַטען האָבען זיך צונויפגעשטויסען. יאָ, מען גיט אייך איבער די מיינונג פון צעהנדליגער טויזענטער פּויערים און אַרבייטער... אָבער וואָס איז די מיינונג פון די צעהנד־ליגער מיליאָנען, מיט וועמען אונזערע דעלעגאַטען האָבען נישט גע־רעדט און וועמעס שטימונגען זיי ווייסען נישט?"

גערשוני האָט גערעדט, און מ'האָט געקענט זעהן, אַז אויב די גרונט־מאָטיווען פון זיין רעדע זיינען געווען אויסגעטראָגען, דורכגע־טראַכט און דורכגעפיהלט פאַראויס, האָבען זיי זיך דאָ מיט'ן גאַנצען כח פון אוממיטעלבאַרקייט פאַרקניפּט מיט'ן מאַטעריאַל, וואָס דער צוזאַמענפאַהר אַליין האָט נאָר־וואָס געגעבען. די גאַנצע פאַרזאַמ־לונג איז געווען פאַרכאַפּט און האָט צוזאַמען מיט'ן רעדנער געשטעלט פראַגעס, געגאַפט, זיך געוואַקעלט, געזוכט וועגען און שטעגען, האָט געקליבען און ענדליך דערגרייכט אַ לייזונג און שלום געמאַכט מיט'ן אייגענעם אינטעלעקטועלען געוויסען. איך האָב

אויף מיין לעבען געהערט און געזעהן אַ סך פון די באַריהמטסטע רעדנער מיט גרויסע אייראָפּעאישע נעמען, און דאָך בלייבט פאַר מיר דאָס בילד אין טאָמערפאָרם אומפאַרגלייכליך. גערשוני האָט געענ־דיגט. עס האָבען גענומען אַ וואָרט אַנדערע רעדנער, האָבען עפּעס גערעדט, אמאָל נישט דאָס, וואָס זיי האָבען זיך פריהער געקליבען צו זאָגען, פיהלענדיגג אויף זיך דעם בליק פון זיינע גרוי־בלויע, כמעט שטאָלענע אויגען, שפּירענדיג אַז אונטער דער זעלבער טעמע האָט מען זיך נאָר־וואָס אונטערגעגראָבען מיט אַ גאַנצען אַרשין טיפער, און וועלענדיג דעריבער אַנשטרענגען אַלע כחות פון געדאַנק, דער־פאַהרונג און פאַרשטאַנד. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער גייסט און ריטם פון זיינע רייד לעבען נאָך אין זאַל. די פאַרטיי האָט געשפּירט, אַז מ׳קען אין דעם אָדער יענעם פּונקט יאָ אָדער נישט מסכים זיין מיט גערשוני׳ן, ערטערווייז קאָן מען וועלען עפּעס פאַרריכטען, מען קען נאָך פאַרלאַנגען אַ חשבון וועגען די אָדער יענע פאַקטען, אָבער אומאָפּהענגיג פון דעם אַלעם קען מען בלייבען רוהיג: די פאַרטיי האָט געפונען אַ זיכערען, דערפאַהרענעם קאַפּיטאַן.

און פאַר די, וואָס האָבען גערשוני׳ן נישט געקענט, איז גלייך קלאָר געוואָרען, אַז פאַר זיי שטעהט נישט פּשוט אַ מענש פון מעשים, נאָר אַז דאָס איז איינער פון יענע מענשען, וואָס קענען אויפ׳ן טיפ־סטען אופן און אַלזייטיג באַלויכטען פּאָליטיש אָט די מעשים. אין אַלגעמיינעם באַוואוסטזיין האָט ער זיך גלייך אַרויסגערוקט אין דער רייהע פון די אמת׳ע באַשאַפער און באַגייסטערער פון דער פאַרטיי. מ׳האָט דערזעהן פאַר די אויגען אַ מענשען, וואָס האָט אין זיין מח און האַרץ אויסגעטראָגען די אידעע פון דער פאַרטיי גופא, וואָס האָט צוזאַמען מיט אַ קליינער, זעהר קליינער צאָהל מענשען געאַרבייט פאַר דער פאַרווירקליכונג פון דער אידעע אין לעבען. מ׳האָט דערזעהן דעם מענשען, וואָס איז מעהר ווי עמיצער אַנדערש ווערט געווען דעם הויכען נאָמען פון פּאָליטישען פיהרער.

מיר ווייסען וואָס גערשוני איז געווען, אָבער מיר קענען זיך בלויז אָנשטויסען, וואָס ער וואָלט געקענט זיין. מעהר ווי וועגען עמיצען אַנדערש האָט מען וועגען איהם געקענט זאָגען, אַז ער האָט נישט באַוויזען זיך אויסצוגלייכען אין זיין גאַנצער הויך און האָט נאָך ווייט נישט געגעבען רוסלאַנד דאָס אַלץ, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. אָט דערביישפּיל פון זיין רעדנערישען כח, וואָס מיר האָבען נאָר־וואָס געבראַכט, קען זיין איינע פון די שאַרפסטע אילוסטראַציעס דערצו.

א מענש פון מעשים, האָט ער נישט ליב געהאַט קיין סך ווערטער, איז ער געווען צוריקגעהאַלטען, כמעט איינגעשלאָסען. און זעהענדיג איהם אזעלכען, אָנשטויסענדיג זיך אויפ׳ן געבאַט: „רעד קירצער", — האָבען אַנדערע אפילו קיין באַגריף ניש געהאַט וועגען דעם, אַז אין איהם ליגט באהאַלטען אַ געבוירענער אָראַטאָר פון „גאָט׳ס גנאָד", וואָס קען איינקריצען יעדעס וואָרט אין באוואוסטזיין פון זיינע צוהערער אזוי ווי מיט אַ שאַרפען דלאָט אויף אַ מאַרמאָר־ברעט. בכלל האָט ער ליב געהאַט צו שווייגען און געקענט שווייגען, און אָפט האָט זיין שווייגען גערעדט אזוי פיל! און די אַרבייט זיינע גופא — אין טיפען אונטערגרונד, אויף די קאָנספּיראַטיווע קאַמפּס־פונקציעס — האָט זי דען געלאָזט אנטוויקלען דעם טאַלאַנט פון פאָלקס־טריבון? פאַרקערט — זי האָט דעם טאַלאַנט פאַר׳משפּט אויף אָפּשטאַרבען, האָט איהם דערשטיקט ביים סאַמע וואָרצעל. זיין איינגעבוירענער כח פון וואָרט האָט זיך ארויסגעוויזען נישט קוקענדיג אויף דעם אַלעם, צו וואָס זיין היסטאָרישער גורל האָט איהם פאַר׳משפּט. און אזוי אין אַלץ. דאָס לעבען האָט איהם קיינמאָל נישט געצערטעלט. עס האָט איהם נישט באשאָנקען מיט פריהער־צוגעגרייטע דערפאָלגען, עס האָט דעם וועג פאַר איהר נישט אָפּגעראַמט. אַלץ וואָס ער האָט אויפגעטאָן, האָט ער מיט געוואַלד ארויסגעריסען פון די אייזערנע צייהן פון זיין גורל. אָט דער גורל האָט איהם איינמאָל דורך אַן אומגעלומפּערטען צופאַל איבערגעגעבען אין די הענט פון זיינע שונאים, וואָס זיינען שיער נישט משוגע געוואָרען פון „אומגעריכטער פרייד"; אויף אַ פּראָצעס, וואָס האָט געקענט פאַרוואַנדעלט ווערען אין איינעם פון די פאַרביגסטע און וויכטיגע „גרויסע פּראָצעסען", האָט דער זעל־בער גורל איהם פאַר׳משפּט אויף קעלט פון קינסטליך־געשאַפענער מאָראַלישער איינזאַמקייט, צווישען פאַררעטער, ווייט פון פריינד און מיטאַרבייטער; און דעמאָלט, ווען ער וואָלט געקענט שעפּען הויכע מאָראַלישע באַפרידיגונג פון דעם, ווי רייך עס איז אויפגעגאַנגען זיין זריעה, ווי קרעפּטיג עס איז אויפגעוואַקסען זיין קינד, די פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, — דעמאָלט איז איהם באַשערט געווען צו ליגען אַ פאַרמויערטער, אַ לעבעדיג־באַגראָבענער אין שטיינערנעם קבר פון שליסעלבורג... ווען רוסלאַנד האָט צום ערשטען מאָל געקענט מיט אַ פולער ברוסט איינאָטעמען די אריינגעכאַפּטע פרייהייטען, ווען כאָטש אויף אַ קורצער צייט האָבען מענשען זיך געקענט פאַנאַנדערוויקלען אויף דער אָפענער ביהנע פון פּאָליטישען

לעבען, — דעמאָלט האָט גערשוני זיך געבויגען אונטער'ן יאָך פון קנעכטשאַפט צווישען די באַרג-שפּיצען פון אַקאַטוי... און ענדליך, ווען איהם איז שוין געלונגען מיט אומגלויבליכע, אוממענשליכע כחות זיך ארויסרייסען פון פאַר'כשופ'טען קרייז פון קאַטאָרגע אין די שאַכטעס, — דעמאָלט האָט אויף איהם געוואַרט בלויז דער לעצטער פאָרהאַנג פון דער רעוואָלוציע, איהר בין-השמשות און בלוטיגער אונטערגאַנג, און צום סאַמע סוף — אַ צופעליגע און אומגעלומפּערטע קראַנקהייט, וואָס האָט איהם איינגאַנצען אָוועקגעלעגט... עס איז נישט געגאַנגען דער רעוואָלוציע, עס איז נישט געגאַנגען דער פּאַרטיי, עס איז נישט געגאַנגען דעם פאָלק...

ביי די מזלדיגע שטאַרבען די שונאים,
און ביים שלים-מזל שטאַרבט אַ פריינד.

און כאַראַקטעריסטיש איז דאָס וואָס די „מזל'דיגע" האָבען מורא געהאַט צו גלויבען זייער אייגענעם גליק. איינער פון די גרעסטע קוריאָזען פון יענער צייט איז געוועזן די אויפפיהרונג פון דער שוואַרץ-מאה'דיגער צייטונג „רוסקאָיע זנאַמיא". איהר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די טעלעגראַפישע ידיעה וועגען גערשוני'ס טויט איז צו גוט, אַז זי זאָל זיין אמת. אַ לאַנגע צייט האָט עס די „רוסקאָיע זנאַמיא" נישט געוואָלט גלויבען. זי האָט גע'טענה'ט, אַז דאָס איז אַ כיטרער שפּיצעל פון די רעוואָלוציאָנערען, אַז גערשוני האָט אַליין ארויסגע-לאָזט אַזאַ קלאַנג וועגען זיך, כדי אונטער זיין שוץ דורכצופיהרען זיינע ערגסטע און געפעהרליכסטע רעוואָלוציאָנערע שטיק. אַזוי ווי אַ בייזער חלום האָט גערשוני'ס געשטאַלט אויך נאָכ'ן טויט געשוועבט פאַר זיינע שונאים — אַזוי ווי אַ שווערד, וואָס הענגט איבער'ן קאָפּ. און אָט די האַלוצינאַציע פון אומצוטרוי האָט גערעדט נישט וועניגער, ווי דער אויסברוך פון משוגע'נער שמחה בשעת מ'האָט איהם צום ערשטען מאָל געכאַפּט...

אונז אויך האָט זיך עס נישט געגלויבט. עס האָט זיך ביז'ן סוף נישט געגלויבט, דער מוח האָט זיך אָפּגעזאָגט איינצולעבען מיט'ן געדאַנק, אַז גערשוני איז מעהר נישטאָ. אַזוי איז מסתמא ערב דער וועלט-מלחמה דער פראַנצויזישער סאָציאַליס-טישער פּאַרטיי אויסגעקומען משונה'דיג-אומגלויבליך און אומבאַ-גרייפליך, אַז אין איהרע רייהען, אין איהר שפּיץ איז מעהר נישטאָ זשאַן זשאָרעס, אַז אַ קליין בלייענע קיילכעל פון אַ רעוואָלווער האָט

דורך דער האַנט פון עפּעס אַ דעגענעראַט געקענט פאַרלעשען דעם העלען פאַקעל פון זיין פינקעלדיגען געדאַנק, וואָס האָט צוגעשמידט צו זיך די בליקען ניט בלויז פון פראַנקרייך, נאָר אויך פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט.

דאָס פּראָלעטאַרישע פראַנקרייך האָט פאַרלאָרען איהר פיהרער גראָד אין דעם מאָמענט, ווען מ'האָט עס געהאַלטען ביים אַרונטער־שליידערען אין תהום פון דער וועלט־שחיטה. דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד האָט זיינעם פאַרלאָרען אין נאָך אַ טרויעריגערער, ביטערער צייט. דער פּאַרטיי איז פּאָרגעשטאַנען איבערצולעבען איהר אויסער־געוועהנליך שווערען האַרבסט — די צייט פון אַלגעמיינער קלאָג, פאַר־לאָרענקייט, דערשטיקטקייט, די אויפדעקונג פון דער גרעסטער פּראָוואָ־קאַציע אין דער געשיכטע פון רעוואָלוציעס, — טרויער־טעג פאַר יעדען איינעם, אויסער די בייזווויליגע און לייכטזיניגע פאַרשפּרייטער פון פּאַניק און דעמאָראַליזאַציע. עס טוט מיר נישט באַנג, וואָס דער טויט האָט גערשוני'ן באַפרייט פון דער לאַסט פון די דאָזיגע פאַר־שאָלטענע יאָהרען. אָבער זיי זיינען אריבער. די מלחמה און רעוואָ־לוציע האָט מיט אַ שטורמדיגען געוויסער אָפּגעשווענקט דאָס לאַנד און אוועקגעטראָגען מיט זיך וואָס מ'האָט געדאַרפט און וואָס מ'האָט נישט געדאַרפט. די פּאַרטיי, וואָס גערשוני האָט געהאַט געפיהרט, האָט באַוויזען וויפיל לעבענס־פעהיגקייט עס איז געווען אין איהרע וואָרצלען, ווי צוגעפּאַסט זי איז געווען צו די באַדינגונגען פון דער רוסישער ווירקליכקייט, איהר אומפאַרגלייכבאַרען וואוקס, דעם נצחון פון איהר פּראָגראַם, וואָס האָט געצוואונגען אפילו די שונאים צו נעמען פון איהר גאַנצע הויפּענס, די פאַראַנטוואָרטליכע ראָלע, וואָס די געשיכטע האָט אומגעריכט אַרויפגעלעגט אויף איהרע פּלייצעס . . . און דאָס אַלץ האָט דער בייזער מזל נישט פאַרגונען, נישט געלאָזט דערזעהן יענעם, וואָס האָט עס פאַרדינט מעהר פון אַלעמען.

עס טוט וועה און עס קרענקט פאַר גערשוני'ן. עס קרענקט נאָך מעהר פאַר דער פּאַרטיי. גראָד דעמאָלט האָט איהר אויסגעפעהלט אַ פיהרער מיט גערשוני'ס כח, מיט זיין שאַרפען בליק, מיט זיין ווילענסקראַפט. וואָס פאַר אַ מעשים וואָלט זי אויפגעטאָן, ווי וואָלט זי זיך אַנטוויקעלט, ווי גרויס וואָלט אויסגעוואַקסען דער מענש אַליין!

ווי שטאַרק האָט ער אויסגעפעהלט אונז, די איינציגע לעבעדיג־געבליבענע גרינדער פון דער פּאַרטיי, וואָס זיינען אַם מעהרסטען פאַר־אַנטוואָרטליך געווען פאַר איהר פּאָליטישער אויפפיהרונג. אָבער איך

וויס נישט, אויב עמיצער האָט געפּיהלט זיין אבוועזענהייט אזוי שאַרף און קרענקליך ווי איך, וואָס איך בין געבליבען דער איינציגער עלענדער פון אונזער גאַנצען „דריילינג" — ווייל אַ ביסעל פריהער פון גערשוני'ן איז אויסגעלאָשען געוואָרען פון קראַנקהייט אין אויסלאַנד אויך מיכאאיל גאָץ, און גערשוני'ס האַנט האָט אָנגעצייכענט וועגען איהם ווערטער, וואָס האָבען זיך געבעטען אויף דער פעדער ביי זיין אייגענעם טויט: „ער איז געווען דאָס געוויסען פון דער פּאַרטיי. דאָס איז געווען אַ גוואַלדיגער מאָראַלישער כח, וואָס איז אומגעזעהן אַלעמאָל געווען מיט אונז. ווי דאָס געוויסען, האָט ער געוואָרענט. ווי דאָס געוויסען, האָט ער געשטויסען פאָראויס. ווי דאָס געוויסען, האָט ער דערמוטיגט. זיין אָרט אין דער פּאַרטיי איז געבליבען לעדיג. אַן עלענדע און פאַר'יתום'טע פּאַרטיי האָט געבויגען די קני פאַר דער געדעכעניש פון איהר עהרליכען אומפאַרגעסליכען פיהרער".

צווישען די ווערק פון עמיל ווערהאַרנ'ס פּאָעטישער סימבאָליק איז דאָ איינס, וואָס הייסט — „דער שמיד". בשעת'ן איבערזעצען עס אויף רוסיש — איך האָב געהאַט אַמאָל די דאָזיגע שוואַכקייט צו פּאָעזיע — האָב איך אין געדאַנק געווידמעט די איבערזעצונג גערשוני'ן. און די דאָזיגע סימבאָלישע פיגור קומט מיר אַלעמאָל אויף אין זכרון, ווען איך טראַכט, ווען איך דערמאָן זיך וועגען גערשוני'ן.

ווערהאַרנ'ס „שמיד" — אַ בולט'ע פיגור, אזוי ווי אינגאַנצען אויסגעוועבט פון מוסקולען און פאַרבינדונגס-געוועב — איז די לעבעדיגע פּאַרקערפּערונג פון קאָנצענטרירטער, אין זיך פאַרטיפטער, אייזערנער ענערגיע. ער אליין איז אַ לעבעדיגע קוזניע, וואו דאָס ארומיגע מענשליכע ליידען ווערט איבערגעשמאָלצען אין מעטאַל פון אומבויגזאַמען ווילען, אין „שטאָלענע שטאַנגען פון שווייגען און געדולד" — אַ שווייגען פון פאַר'ן שטורם און אַ געדולד פון אויסשמידען „דאָס געוועהר פון די נצחונות, וואָס ער זעהט פאָראויס הינטער דער ווייטקייט פון יאָהרען". יאָ, אין אַזאַ מין שווייגען האָט גערשוני איינגעזויגען אין זיך די פיין-געשרייען פון די פּויערים, אַרבייטער, תפיסה-געפאַנגענע, ריינע הערצער פון יונגע לייט און מיידלאַך, וואָס האָבען נישט געקענט איינהאַלטען די שטים פון פּראָטעסט. מיט אַ קרענקליכער פיהלבאַרקייט האָט ער אויפגענומען, „ווי אומעטום, פון עק

ביז עק פליסען בלוטיגע טרערען טראָפען נאָך טראָפען פון הערצער, וואָס זיינען נישט פארהאַרטעוועט געוואָרען, ווי זיינס, פון שטורם".

אָט אזוי האָט ער אליין, מיט'ן כח פון ווילען, איינגעהאַלטען דעם „משוגע'נעם געשריי" פון ווערהאַרנ'ס שמיד, וואָס האָט זיך געריסען פון צווישען די צונויפגעדריקטע צייהן, האָט געזאַמעלט אין ברוסט אַן אומאויסשעפּליכע לאַדונג פון לעבעדיגער קאָנצענטרירטער קראַפט, וואָס ער האָט נישט פארשווענדט נישט אין טומעל פון רייד, נישט אין פּוסטע זשעסטען, נאָר אַלץ געזאַמעלט אין דער טיף פון זיין נשמה, און צווישען דער געזאַמעלטער ענערגיע און דער וועלט האָט ער אוועקגעשטעלט דאָס רעטעניש פון „שווייגען אָהן א סוף".

יאָ, גערשוני איז עס דער שמיד, וואָס באהערשענדיג די וואונשען פון אייגענעם הארצען, ווארפט ער אריין אין דער ברענענדיגער האַרנע פון זיין גייסט אַלץ, וואָס ער האָט איבערגעליטען און איבערגעפּיהלט צוזאַמען מיט'ן האַרעפּאַשנעם פאָלק — זיינע ליידען, דערנידערונגען, דעם ברום פון שטילען צאָרן, דעם אויפשטאַנד פון פאַריאָכטען מענש, די דערוואַכונג פון זיין זעלבסט־ווירדע, דעם דורשט צו יושר און גערעכטען משפט, דעם באוואוסטזיין פון לאַנגען היסטאָרישען חשבון, וואָס רופט צו באַצאָהלונג, דעם ווייטען דונער־געהילך פון דער צייטיגער נקמה און גרייטקייט צו „זינגען אָדער פאַלען", —

כדי דער שווערער האַמער זאָל זיי צוגעבען
דעם בלאַנק פון בליצען און די האַרטקייט פון קלינגעל.

און וועמען, אויב נישט גערשוני'ן, דערמאָנען די פאַר'עקשנ'טע מחשבות פון ווערהאַרנ'ס „שמיד", אַז —

מ'דאַרף וואַרטען מיט געוועהר אין האַנט
ביז ס'וועט אין די שוואַרצע נעכט געבוירען ווערען דער מ אָ מ ע נ ט.
מ'דאַרף דערשטיקען דעם פארברעכערישען געשריי פון אינערליכער שפּאַלטונג,

ווען דער ווינט פון רייסעריי נעמט די פעהנער רייסען,
אַז מ'דאַרף ווייניגער ריידען נאָר בעסער הערען,
כדי נישט צו פאַרהערען אין דער פינסטער די טריט פון דעם מאָמענט,
אַז נישט ערד און נישט הימעל וועלען צייכענס געבען,
נאָר אַליין די שווייגער וועלען שמידען זייער גורל...

גערשוני איז געגאַנגען אין דער שפּיץ פון אָט די „שווייגער", וואָס האָבען דערהערט, ווי עס שלאָגט דער היסטאָרישער זייגער, וואָס

האָבען אָפּגעהיט דעם פּאַטאַלען היסטאָרישען מאָמענט פון לייזונג, כדי מיט מורא׳דיגע רייד פון קאַמפּס־מעשים איבערצורייסען די קלינגענדיגע פוסטקייט פון אַלטעגליכקייט. ער איז געגאַנגען כדי „צוריקקומען מיט׳ן פאַנצער אָדער פאַלען אין בלוט אויפ׳ן פאַנצער". און ווער ווי ער האָט דען בעסער פאַרדינט זיך צו שטעלען אין דער שפּיץ פון זיי?

שעקספּיר׳ס לאָרד קענט זאָגט וועגען קעניג ליר, אַז „אין איהם איז יעדער צאָהל — אַ קעניג". איך וועל זאָגען וועגען גערשוני׳ן, אַז אין איהם איז געווען יעדער צאָהל — אַ רעוואָלוציאָנער.

אָבער נישט בלויז מיט דעם אַליין, נישט בלויז מיט דער גבורה פון זיין הארבער אנטשלאָסענקייט דערמאָנט גערשוני ווערהאַרנ׳ס סימבאָלישען „שמיד", נאָר אויך מיט דער צווייטער זייט — מיט דער ריינקייט און ראָמאַנטיזם פון ליכטיגען און ווייכען גלויבען, וואָס איז געלעגען באַהאַלטען אונטער דער הארבער אויסערליכקייט. אין זיין פאַרבאַהאַלטענער אָנגעשטרענגטער ארבייט, וואָס מיינט צייטענווייז גאָרנישט פאַר די ארומיגע, אין דער ארבייט, ביי וועלכער „טעג און יאָהרען גליטשען זיך אַוועק ווי שאָטענס", פיהלט ער נישט, באַמערקט ער נישט די לאַסט פון זיין מיה, און „הערט זיך צו נאָר צו דער זעהונג וועגען גאָלדענעם נצחון, וואָס דרעמעלט אין דער נשמה ווי אַ צויבער־חלום . . ."

דער פּאַטאָס פון רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם, דאָס איז געווען זיין חלום, זיין פּאָעזיע, זיין רעליגיע. ער האָט געפיהלט דעם סאָציאַליזם, ווי אַנדערע פיהלען אַ זעלטען ווערק פון מענשליכען זשעני, אָדער אַן איבערראַשענדיג קונסט־ווערק אָדער אַן אומפאַר־גלייכליכע מעלאָדיע. די סאָציאַליזאַציע פון גאַנצען מענשליכען לעבענס־שטייגער, די העכסטע האַרמאָניע פון מענשליכע אינטערעסען און געבאָטען — דאָס איז געווען פאַר איהם אַ נייער, העכערער טיפּ פון קולטור, וואָס „וועט אויפבליהען צאַרטער ווי אַ פריהלינג־בליטעל", און אויף איהר פעסטען פונדאַמענט „וועט אַ ליבע אַזאַ, וואָס מיר וועלען ליידער אַפילו קיינמאָל ניט קענען, אַ פּאַרזייטע אין שטילע מענשליכע הערצער, זיך אַנטפּלעקען פאַר די באַפרייטע מענשען אין די נאָך נישט געזעהענע און צאַרטסטע טיפענישען, אַ מאָראַל אַ נייע, פּשוט ווי דאָס לעבען אַליין, וועט דערצעהלען וועגען טעג פון האַר־מאָניע און שלום — און די נייע אָרדנונג וועט זיין נישט קיין פאַר־שטיקטע הייטעל, נאָר דער ריינער גרונד־וועזען פון לעבעדיגען זיין".

וו. א. גערשוני

# די ערשטע טריט

(צו דער ביאָגראַפיע פון ג. א. גערשוני)

גרינאָרי אַנדרעיעוויטש גערשוני איז געבאָרען געוואָרען דעם 18טען פעברואַר 1870 אין הויף טאַווראָווא — טעלעשעווער קרייז, קאָוונער גובערניע — וואָס זיינע עלטערן, מענשען פון תקיפ'ען שטאַנד, האָבען געהאַלטען אין אַרענדע. צו דריי יאָהר איז ער איבער־געפיהרט געוואָרען קיין שאַוועל, וואו זיינע עלטערן האָבען זיך באַ־זעצט. ער איז געווען דאָס פינפטע קינד אין דער פאַמיליע, און ווען ער איז אַלט געוואָרען פינף יאָהר, האָט מען איהם, לויט'ן אידישען מנהג, אָפּגעגעבען אין חדר. געווען איז ער אַ פאַרטראַכט, אין זיך צוריקגעצויגען אינגעלע, האָט ליב געהאַט אָפּצוזונדערען זיך און צו דעם אַלעמען זעהר אַ שעמעדיגער. צו אַכט יאָהר האָט מען איהם גענומען לערנען רוסיש, און אין יאָהר 1880 איז ער אָנגענומען גע־וואָרען אין צוגרייטונגס־קלאַס פון שאַוועלער גימנאַזיע.

שוין פון קינדהייט אָן האָט ער ארויסגעוויזען אויסערגעוועהנליכע ווילענס־קראַפט און אַ צאַרטע זאָרגזאַמע באַציהונג צו די עלטערן — ווי דאָס באַווייזט פאָלגענדע פּאַסירונג: אַלס אינגעל פון זיבען יאָהר, איז ער, גליטשענדיג זיך, געפאַלען און האָט זיך צובראָכען אַ פוס. די וועהטאָגען זיינען געווען שרעקליכע, נאָר ווען מען האָט איהם געבראַכט אַהיים, האָט ער גענומען פאַרזיכערען דער מוטער, אַז עס איז גאָר ניט, אַז ער האָט זיך נאָר אַביסעלע אָפּגעשלאָגען דעם פוס. מען האָט גערופען אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער פוס איז צובראָכען און די ביינער זיינען ארויס פון אָרט. און ווען דער דאָקטאָר האָט גענומען איינבינדען דעם פוס אין ברעטלאַך, האָט דאָס אינגעל, ניט קוקענדיג אויף דער מורא'דיגער פּיין, קיין איין קלאַנג ניט ארויסגעגעבען, ניט וועלענדיג וועה טאָן דער מאַמען.

זיינע גימנאַזיע־יאָהרען זיינען אויסגעפאַלען אין יענער חושכ'־דיגער צייט, ווען איבער דעם בילדונגס־מיניסטעריום האָט רעגירט טאָלסטאָי און קיין איין ליכט־שטראַהל איז אין גימנאַזיע ניט אריינ־

געדרונגען. געלערנט האָט ער זיך מיטעלמעסיג, ניט ציהענדיג די אויפמערקזאַמקייט פון קיין איינעם פון די לעהרער. די גימנאַזיע האָט אויף איהם קיין שום שפּור ניט איבערגעלאָזט און האָט איהם גאַרנישט ניט געגעבען. די חברים האָבען איהם ליב געהאַט; הויפּט־זעכליך האָבען זיי איהם געשעצט אַלס אַ גוטען אָרגאַניזאַטאָר פון שפּילען; שוין אין די שפּילען האָבען זיך געוויזען זיינע גרויסע אָרגאַ־ניזאַטאָרישע פעהיגקייטען. זיין באַליבט שפּיל איז געווען אין סאָל־דאַטען. אַלע אַנטיילנעמער, אין צאָהל פון 25, זיינען געווען מוס־טערהאַפט אָרגאַניזירט, ווי אמת'ע סאָלדאַטען. אַפילו אַ פּראָטאָקאָל־בוך האָט זיך געפירט, וואו די אויפפיהרונג פון יעדען סאָלדאַט איז פאַרצייכענט געוואָרען.

פאָלגענדער פאַקט פון גערשוני'ס גימנאַזיע־יאָהרען זאָגט עדות וועגען זיין שטאַרקער עמפּינדליכקייט. ווען אויף מאָרגען נאָך דער געשעהעניש פון ערשטען מערץ 1881 האָט דער דירעקטאָר געמעלדעט אין די קלאַסען וועגען דעם טויט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, האָט גערשוני, וועלכער איז געווען קינדעריש פאַרליבט אין דעם צאַר, אַ גאַנצען טאָג אָפּגעוויינט און נאָך לאַנג זיך ניט געקאָנט באַרוהיגען. געוויסע שאַרפע באַמערקונגען זיינע, זיין באַאָבאַכטונגס־קראַפט, זיין ערפינדערישקייט פלעגען אָפט ציהען די אויפמערקזאַמקייט פון זיינע עלטערען, וועלכע האָבען ניט איינמאָל גערעדט צווישען זיך, אַז ער וואַקסט גאָר ניט קיין געוועהנליכער אינגעל.

אין גימנאַזיע האָט ער פאַרבראַכט ביז'ן יאָהר 1885, ווען די עלטערען האָבען באַשלאָסען איהם אַוועקצונעמען פון לערנען און אָפּגעבען איהם אין אַן אַפּטייק, וואו ער האָט, לויט זייער מיינונג, געקאָנט מאַכען אַ בעסערע קאַריערע. עס איז כאַראַקטעריסטיש ווי גריגאָרי האָט אויפגענומען דעם באַשלוס: ווען דער פאָטער האָט איהם געלאָזט וויסען וועגען זיין פּלאַן, האָט ער גאָרנישט געענטפערט; ער האָט נאָר געזאָגט, אַז ער וועט אַ טראַכט טאָן. צוויי טעג איז ער אַרומגעגאַנגען אַ פאַרכמורעטער, מיט קיינעם ניט גערעדט, און צולעצט דערקלערט, אַז ער וויליגט איין.

צו 15 יאָהר איז ער אַוועק אין שטעדטעל סאָלצי, פּסקאָווער גובערניע, וואו זיין פעטער האָט געהאַלטען אַן אַפּטייק. זיינע ערשטע בריוו אַהיים צו די עלטערען האָט זיי איבערצייגט, ווי שטאַרק צוגע־בונדען ער איז געווען צו זיי און וואָס פאַר אַ ביטערען קאַמף ער האָט געפיהרט מיט זיך, איידער ער האָט מסכים געווען אויף זייער

באַשלוס. אפזייענדיג אין סאָלצי איבער אַ יאָהר, האָט ער מיט זיין פעטער אַריבערגעוואַנדערט אין סטאַראַיאַ רוססאַ, וואו ער האָט פאַר־בראַכט ביז 1887. ניט געקוקט אויף דער שווערער ארבייט פון דעם אפטייק־לעהרלינג, האָט ער דאָך געפונען צייט צו לייענען, און אַ סך צו לייענען, הויפּטזעכליך די רוסישע קלאַסיקער. אין יענער שטאָדט האָט ער צום ערשטען מאָל זיך באַקענט מיט איינעם כ., וועלכער האָט געהאַט געוויסע פאַרבינדונגען מיט רעוואָלוציאָנערע קרייזען, נאָר יענער מענש האָט ניט געקענט געווינען זיין סימפּאַטיע און נאָך ווייניגער צו באַאיינפלוסען איהם מיט דער אידעע פון רעוואָלוציע. די יאָהרען 1887—1888 האָט גערשוני געדינט אין אַן אַפּטייק אין קראָנשטאַט. ווי ווייט ער איז דאַמאָלסט געווען פון רעוואָלוציע, באַ־ווייזט דער פאַקט, וואָס ער האָט גענומען אַ טעטיגען אָנטייל אין דער איינאָרדנונג פון אַן אָוועגד פאַר דעם אָרטיגען „ארבייטס־הקדש”. דער אָוועגד, אַ דאַנק זיינע אָנשטרענגונגען, איז אַרויסגעקומען זעהר ערפאָלגרייך, און ער איז באַעהרט געוואָרען מיט אַ דאַנק־בריף פון „פאָטער” יאָהאַן קראָנשטאַטסקי אַליין.

אין יאָהר 1888, נאָך דריי יאָהר אין דער פרעמד, איז גערשוני געפאָהרען צו די עלטערען קיין שאַוועל, וואו ער האָט פאַרבראַכט די זומער־וואַקאַציע אויף אַ דאַטשע אונטער'ן שטאָדט. דאָ דאַרף דער־מאָנט ווערען, אַז נאָך זייענדיג אין סטאַראַיאַ רוססאַ, האָט ער ליידענ־שאַפטליך זיך פאַרנומען מיט יאַגד, וואָס עס האָט איהם געגעבען אַ געלעגענהייט נעהענטער זיך צו באַקענען מיט דער נאַטור, וועלכע ער האָט ליב געהאַט זייט זיין פריהסטער קינדהייט.

די דריי יאָהר צווישען פרעמדע מענשען, די פאַרשיידענאַרטיגקייט פון איינדרוקען און באַגעגענישען, האָבען פון דעם ציטריגען שעמע־דיגען איינגעל געמאַכט אַ לעבעדיגען און לעבענס־לוסטיגען בחור'ל, פול מיט גלויבען אין זיינע אייגענע כחות. אָנהויב הערבסט פון זעלביגען יאָהר איז גערשוני אַוועקגעפאָהרען קיין קיעוו האַלטען עקזאַ־מען אויף אפטייק־געהילף. און באַלד נאָך זיין אָנקומען אהין, האָט ער געהאַט זיין ערשטען צוזאַמענשטויס מיט די זשאַנדאַרען — איבער אַזאַ מעשה: אין זשיטאָמיר האָט מען אַרעסטירט איינע אַ פרייליין ט., ביי וועמען מען האָט געפונען אַ בריף פון דעם אויבען־דערמאָנטען באַקאַנטען אין סטאַראַיאַ רוססאַ, אַדרעסירט צו גערשוני'ן, וואו יענער האָט איהם געבעטען ער זאָל העלפען אַריבערפיהרען קיין אויסלאַנד איינעם אַ לאַזאַרעוו'ן. ביי גערשוני'ן אין קיעוו האָבען די זשאַנ־

דארען געמאכט א הויז־זוכונג; מען האָט גאָרנישט געפונען, אָבער מען האָט איהם גערופען אין דער „זשאַנדאַרמסקע אופּראַוולעניע" אויף א פאַרהער, וואָס האָט געדויערט כמעט א גאַנצען טאָג. זיינע ערקלערונגען האָבען אויף אַזויפיל צופרידענגעשטעלט דעם זשאַנדאַרמסקען פּאָלקאָווניק נאָוויצקי, אַז יענער האָט איהם אָפּגעלאָזט.

אין קיעוו האָט גערשוני פאַרבראַכט אַרום פיר חדשים. אויסהאַלטענדיג דעם עקזאַמען, איז ער אַוועק קיין פּעטערבורג. די אַרבייט אין אַפּטייק האָט איהם גענומען פאַלען צו לאַסט; זי פלעגט פאַרשלינגען זיין גאַנצע צייט, גאָרנישט איבערלאָזענדיג פאַר לעזען, פאַר זעלבסט־אַנטוויקלונג. האָט ער באַשלאָסען צו זוכען זיך אַן אַנדער באַשעפטיגונג, און איהם האָט זיך איינגעגעבען צו געפינען די שטעלע פון א קאָרעקטאָר אין א טיפּאָגראַפיע פון א געוויסען פאַרלאַג, וואו ער האָט אָפּגעאַרבייט א יאָהר צייט. דאָרט האָט ער זיך גוט באַקענט מיט דעם גאַנצען ענין טיפּאָגראַפיע, וואָס שפּעטער איז עס איהם זעהר צוניץ געקומען. דעם פּלאַץ אָבער האָט ער באַלד פאַרלאָרען, און ער האָט געמוזט צוריק אַנקומען אין אַן אַפּטייק.

זינט ער האָט פאַרלאָזען דאָס הויז פון זיינע עלטערען, האָט גערשוני זיך אַליין אויסגעהאַלטען. מיט קליינע איבעררייסען האָט ער אָפּגעדינט אין פאַרשיידענע אַפּטייקען פון פּעטערבורג און קראָנשטאַט ביז'ן יאָהר 1895. אין 1890 האָט גאָר אומגעריכט ביי איהם זיך באַוויזען בלוט פון האַלז, וואָס דאָס האָט אָבער אָנגעהאַלטען ניט לאַנג. ער האָט פאַר א ווײלע פאַרלאָזט די אַפּטייק, אָפּגעפאָהרען צו די עלטערען קיין לאָדז, וואו זיי האָבען זיך געהאַט באַזעצט, איז אָפּגעזעסען דעם זומער אויף א דאַטשע ביי דער סטאַנציע ראָגאָוואָ, און האָט זיך פּאַלשטענדיג דערהאָלט פון דער קראַנקהייט.

פאַר די אַלע אַרבייטס־יאָהרען אין פאַרשיידענע אַפּטייקען האָט גערשוני א סך געלייענט אויף פאַרשיידענע וויסענשאַפטליכע געביטען, און צייטענווייז פלעגט ער פאַרכאַפּט ווערען מיט א שטאַרקען אינטערעס אין קונסט — ספּעציעל אין מוזיק, אָבער צו קיין געזעלשאַפטליכער שטרעמונג איז ער ניט צוגעשטאַנען. אין יענער לעבענספּעריאָדע האָט זיך אויך גענומען אַנטפּלעקען ביי איהם א ליטעראַרישער טאַלאַנט. נאָך זייענדיג אין קראָנשטאַט, פלעגט ער שיקען קאָרעספּאָנדענצען אין די צייטונגען פון דער הויפּטשטאָדט, געשריבען קירצערע און לענגערע ערצעהלונגען; איינע פון זיינע זאַכען — אַז

איינאַקטיגער מאָנאָלאָג — איז זעהר געפעלען געוואָרען איינעם פון די באַריהמטע אַרטיסטען — דאַכט זיך, דאַלמאַטאָ'ען — און יענער האָט זיך געקליבען עס פאָרצוטראָגען פון דער ביהנע. צו יענער צייט האָט ער אויך געשיקט צום צוזאַמענפאָהר פון פאַרמאַצעווטען א זעהר אינטערעסאַנטען רעפעראַט, וואו עס איז געשילדערט געוואָרען די שווערע לאַגע פון די אַרבייטער אין די אַפּטייקען. דער רעפעראַט, סיי מיט זיין אינהאַלט און סיי מיט זיין ליטעראַרישער פאָרמע, האָט געצויגען די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט אויפ'ן צוזאַמענפאָהר.

די קרייזען, וואו גערשוני האָט דאַמאַלסט פאַרקערט, זיינען געווען ביז'ן העכסטען גראַד פאַרשיידענאַרטיגע: ליטעראַרישע, אַרטיסטישע און טיילווייז אויך סטודענטישע. א צופעליגע באַקאַנטשאַפט האָט איהם געגעבען א געדאַנק אָנצושרייבען אַן ערצעהלונג אויף א טעמע, וואָס איז אין די לעצטע יאָהרען ניט איינמאַל באַאַרבייט געוואָרען פון פאַרשיידענע שריפטשטעלער. אין א געוויסען רעוואָלוציאָנערען קרייזעל האָט איינער פון די חברים זיך אַרויסגעוויזען צו זיין א שפּיאָן, און עס איז באַשלאָסען געוואָרען איהם צו טויטען. דער גורל דורכ־צופיהרען דעם פּסק איז געפאַלען דוקא אויף זיין בעסטען פריינד. אין העלע פאַרבען שילדערט דער אויטאָר דעם פּיינליכען מאָראַלישען קאַמף, וואָס דער אויספיהרער פון דעם אורטייל האָט איבערגעלעבט ביז און נאָך דעם אַקט. שוין דאַמאָלסט אין די קרייזען, וואו גערשוני האָט פאַרקערט, האָט דער צויבער פון זיין פּערזענליכקייט זיך געלאָזט שטאַרק פיהלען; צונויפטרעפענדיג זיך מיט איהם, האָבען מענשען ניט ווילענדיג זיך אונטערגעגעבען זיין איינפלוס.

אין 1895 איז ער אָפּגעפאָהרען פון פּעטערבורג קיין קיעוו, וואו ער איז אָנגעקומען אין אוניווערזיטעט אויף די פאַרמאַצעווטישע קור־סען, און גלייך האָבען זיינע אוניווערזיטעט־חברים איהם באַמערקט און איהם אויסגעקליבען פאַר זייער עלטסטען. צו יענער צייט האָט שוין גאַנץ קענטיג גענומען שלאָגען אין איהם דער געזעלשאַפטליכער אָדער. ער האָט זיך גלייך גענומען פאַר דער אַרבייט. ער האָט זיך פאָרגענומען אויסצוברייטערען דעם גייסטיגען האָריזאָנט פון זיינע חברים־פאַרמאַצעווטען און צוציהען זיי צו דעם אַלגעמיינעם סטודענ־טישען לעבען, פון וועלכען זיי האָבען ביז אהער זיך געהאַלטען אָן א זייט. אויף איינער פון די סטודענטישע צוזאַמענקונפטען האָט ער געהאַלטען זעהר א הייסע רעדע, אין וועלכער ער האָט אָנגעוויזען אויף

דער אומנאָרמאַלער לאַגע פון די פאַרמאַצעווטען צווישען דער סטודענ־טענשאַפט, אויף זייער פאָלשטענדיגער אָפּגעזונדערטקייט. ער האָט אָנגעוויזען דערויף, אַז אויך צווישען זיי זיינען פאַראַן מענשען, וועמען עס זיינען ניט פרעמד די אַלגעמיין־סטודענטישע שטרעבונגען, און אַז די אַנדערע סטודענטען דאַרפען קוקען אויף זיי, ווי אויף חברים, און ניט ווי אויף עפּעס נידעריגערע באַשעפענישען. די רעדע האָט גע־מאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק, און גלייך האָט די לאַגע פון די פאַרמאַ־צעווטען זיך געענדערט צום בעסערען: זיי האָבען באַקומען אַ פאָר־שטעהער אין דעם נאָר וואָס געשאַפענעם ראַט פון די עלטסטע, אין דעם אַזוי גערופענעם פאַרבאַנד־ראַט. גערשוני האָט באַלאַנגט צו דער ליטווישער לאַנדסמאַנשאַפט, וואו עס זיינען שוין דאַמאָלסט געווען מענשען מיט שאַרף אויסגעשפּראָכענע סאָציאַליסטישע אָנשויאונגען; דאָרט זיינען געהאַלטען געוואָרען רעפעראַטען אויף סאָציאַליסטישע טעמען, און דאָרט טאַקע האָט גערשוני אויספיהרליך זיך באַקענט מיט דער אידעע פון סאָציאַליזם. דאַמאָלסט האָט זיך ביי איהם אַרויסגע־וויזען אַ נייגונג צו פילאָזאָפיע, און ער האָט געהערט צו אַ צירקעל, וואָס האָט געאַרבייט אונטער דער אָנפיהרערשאַפט פון פּראָפעסאָר טשעלפּאַנאָוו. אין קיעוו האָט ער פאַרבראַכט צוויי יאָהר, און די צוויי יאָהר האָבען געהאַט אַ באַשטימענדען איינפלוס אויף זיין גאַנצען וויטערדיגען לעבען. ער האָט זיך גייסטיג פאָרמירט, ער האָט זיך קלאָר געמאַכט די באַציהונגען פון די גייסטיגע כחות אין רוסלאַנד — און דאָ האָט ער פאַרשטאַנען, אַז וויטער שטעהן אָן אַ זייט פון גע־זעלשאַפטליכען לעבען וועט ער ניט קענען.

אין מערץ, 1897, קורץ פאַר זיין ענדיגען דעם קורס, איז ער אַרעסטירט געוואָרען. די סטודענטענשאַפט האָט זיך דאַמאָלסט גע־קליבען צו פייערען דעם 19טען פעברואַר, דעם יאָהר־טאָג פון דער פּויערים־באַפרייאונג, אַלס אַן אויסדרוק פון פּראָטעסט. גערשוני האָט שוין דאַמאָלסט זיך געהאַלטען ביי דעם שטאַנדפּונקט, אַז מען דאַרף שפּאָרעוודיג זיין מיט די כחות; און אין דעם זין האָט ער אָנגעשריבען אַ בריוו אין פאַרבאַנד־ראַט, וואו ער האָט אָפּגעראַטען פון אַ מאַני־פעסטאַציע, אָנווייזענדיג דערויף, אַז די סטודענטישע אָרגאַניזאַציע איז נאָך צו שוואַך, אַז דער פאַרבאַנד־ראַט הויבט זיך ערשט אָן צו באַפעסטיגען, אַז די בעסטע כחות וועלען אָהן ספק אַרויסגענומען ווערען פון די רייהען און די סטודענטענשאַפט וועט בלייבען אָהן

פיהרער און אויף אזא אופן וועט די מאַניפעסטאַציע נאָר שפּילען אין די הענט אַריין פון די זשאַנדאַרען. אַט דער בריוו איז ביי א הויז־זוכונג ביי איינעם פון די מיטגלידער פון פאַרבאַנד־ראַט געפונען און אַוועקגענומען געוואָרען, און זיין פאַרפאַסער איז גלייך אַרעסטירט געוואָרען. נאָוויצקי האָט אויפ׳ן שטעל ריכטיג אָפּגעשאַצט גערשוני׳ס פּערזענליכקייט, און שוין אויפ׳ן ערשטען פאַרהער האָט ער דערקלערט, אז ער האַלט איהם פאַר איינעם פון די וויכטיגסטע און געפעהרליכסטע שטאַאַטס־פאַרברעכער. אָבער גערשוני׳ן איז דאָך געלונגען די זשאַנדאַרען צו פאַררייידען די צייהן, און ער איז באַלד באַפרייט געוואָרען. מיט דעם אַרעסט האָט זיך פאַרענדיגט די קיעווער פּעריאָדע פון גערשוני׳ס לעבען.

אויסהאַלטענדיג דעם עקזאַמען אויף פּראָוויזאָר, איז גערשוני צוריק אָפּגעפאָהרען קיין פּעטערבורג און האָט פאַרנומען די שטעלע פון א פּאַרוואַלטער אין אַן אַפּטייק. נאָר באַלד האָט ער באַשלאָסען צו פאַרלאָזען די אַפּטייק און זוכען זיך א באַשעפטיגונג, וואו ער זאָל זיין אומאָפּהענגיג און זאָל גלייכצייטיג איהם איבערלאָזען גענוג פרייע צייט, און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם געדאַנק צו עפענען א באַקטעריאָלאָגישען קאַבינעט. א שטיקעל צייט האָט ער אָפּגעאַרבייט אין מאָסקווע אויף די באַקטעריאָלאָגישע קורסען פון בלומענטאַל, דערנאָך ביים אינסטיטוט פון עקספּערימענטאַלער מעדיצין און אין פריהלינג פון 1898 איז ער אָנגעקומען קיין מינסק און דאָרט געעפענט א כעמיש־באַקטעריאָלאָגישען קאַבינעט.

צו יענער צייט האָט שוין ענדגילטיג זיך ביי איהם אויסגעאַרבייט זיין סאָציאַליסטישער אידעאַל, און דעם קאַמף מיט דער רוסישער רעגירונג פאַר דער באַפרייאונג פון די פאָלקס־מאַסען האָט ער שוין געהאַלטען פאַר זיין הויפּט־לעבענס־אויפגאַבע. אַט דעם קאַמף האָט ער באַשלאָסען צו פיהרען אויף צוויי פראָנטען — פון איין זייט, דורך לעגאַלער קולטור־אַרבייט פּרואווען אויפהויבען דעם אַלגעמיינעם גייסטיגען צושטאַנד פון די מאַסען, און פון דער אַנדער זייט — אומלעגאַל. זיין קולטור־אַרבייט איז הויפּטזעכליך געווענדט געווען אויף דער דערוואַקסענער אַרבייטער־באַפעלקערונג פון דער שטאָדט מינסק. און אין א קורצער צייט איז די שטאָדט ניט געווען צו דערקענען; אַלע אינטעליגענטע און האַלב־אינטעליגענטע כחות, וואָס זיינען געווען אויף דער האַנד, זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען. גערשוני האָט געהאַט

די פעהיגקייט אריינצובלאָזען קראַפט און ענערגיע אין יעדען איינעם, און די ארבייט האָט געקאָכט. ער האָט געזוכט יעדען איינעם נאָכ־צוקומען נאָך זיינע באדערפנישען. באַלד האָבען פון די ארומיגע שטעדטלאך גענומען זיך ציהען יונגע לייט, וואָס האָבען געזוכט ליכט און וויסען. מען האָט גענומען מיט זיי זיך פאַרנעמען גרופּעסוויז — אזוי צו זאָגען האַלב־לעגאַל. עס האָט זיך ארויסגעשטעלט די נויט־ווענדיגקייט פון א ריכטיג אָרגאַניזירטער שולע פאַר דערוואַקסענע. און באַלד איז געלונגען צו עפענען אַן אָנפאַנג־שולע פאַר אידישע אינגלאך, און ביי דער שולע אָוונט־קורסען און א שבת־שולע פאַר דערוואַקסענע. די לעצטע — די שבת־שולע — איז געווען גערשוני'ס ליבלינג.

דאָס פּראָגראַם פון דער שולע האָט ווייט אריבערגעשטיגען די גרענעצען פון דאָס, וואָס איז ערלויבט געווען. אַחוץ דער אונטער־ריכט אין לעזען און שרייבען, האָבען זיך געפיהרט פאַרלעזונגען און געשפּרעכען אויף פארשיידענע טעמען, וואָס האָבען באַזונדערס געדינט צו דערנעהנטערען די לעהרער און די שילער. די שילער זיינען אין גרעסטען טייל געווען ארבייטער. אין מינסק איז געווען א געזעלשאַפט פון דאָקטוירים — געוועהנליך א פארשלאָפענע און קנאַפּ־טעטיגע. גערשוני, אַלס פּאַרמאַצעווט, איז אריינגעטראָטען אַלס מיטגליד און די געזעלשאַפט האָט זיך גענומען באַוועגען. ער האָט געצוואונגען די געזעלשאַפט אויסצונוצען איהר רעכט אויף איינאָרדנען פאָלקס־פאָר־לעזונגען, און די פאָרלעזונגען, אויף וועלכע גערשוני האָט אַוועקגע־לעגט א מאַסע ארבייט, זיינען אַזוי ערנסט אַוועקגעשטעלט געוואָרען, אַז זיי האָבען זיך דערנעהנטערט צו א פאָלקס־אוניווערזיטעט. די צוהערערשאַפט, הויפּטזעכליך אַן ארבייטער־עלעמענט, פלעגט דער־גרייכען ביז 800, און צווישען זיי און דעם לעקטאָר האָט זיך גאָר גיך איינגעשטעלט אַן ענגע גייסטיגע פארבינדונג. א סך פון די צו־הערער האָבען געוואוסט, נאָך מעהר האָבען געפּרואווט טרעפען, אַז גערשוני פאַרנעמט זיך אויך מיט אומלעגאַלער ארבייט, און דערפאַר, ווען ער האָט גערעדט, צום ביישפּיל, וועגען דעם קאַמף מיט די שונאים פון דער מענשהייט — די באַקטעריען — און אַז אַין אָט דעם קאַמף קאָן מען נאָר מיט פאַראייניגטע כחות זיך דערשלאָגען צו ערפאָלג, האָבען די צוהערער גוט פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף עס אויסטייטשען אין אַן אַנדערען, געהיימען זין, און מיט פריינדליכע אַפּלאָדיסמענטען

האָבען זיי געוויזען, אַז אַזוי פאַרשטעהען זיי טאַקע. זיין לעקציע וועגען פייער, וועלכע איז געווען די לעצטע פאַר זיין אָפּפאָהרען פון מינסק, איז געווען עפּעס אַזוינס, וואס מ׳קען עס קיינמאָל ניט פאַרגעסען. דער עולם, ווי עלעקטריזירט, האָט זיך צוגעהערט צום לעקטאָר מיט גרוים יראת הכבוד. ווען ער האָט דערמאָנט די לעגענדע פון פּראָמעטעאוס, דעם פייער־ברענגער, האָט זיך געפיהלט, אַז די צוהערער זעהען אין לעקטאָר איינעם פון די זיהן פון יענעם טיטאַן און מיט שטומע בליקען ווינשען זיי איהם דערפאָלג אין דעם קאַמף, וואָס שטעהט איהם פאָר מיט דעם הערשענדען אָלימפּ.

אחוץ די אויבען־דערמאָנטע אויפטועו, האָט גערשוני נאָך גע־עפענט אין מינסק אַ באַוועגליכען מוזיי פון לעהר־מיטלען, פלעגט אַראַנזשירען שול־ימים טובים פאַר קינדער און דערוואַקסענע א. אַז. וו. עס איז געווען צו באַוואונדערען זיין אונערמידליכע ארבייטס־פעהיג־קייט און ענערגיע. דאָס אַלץ איז געווען די אָפענע ארבייט, פאַר אַלעמען אין די אויגען — אָבער אונטער דעם איז אָנגעגאַנגען אַן אנדער ארבייט — אַ באַהאַלטענע, אַן אומזיכטבאַרע.

ניט געקוקט דערויף, וואָס דאַמאָלסט האָט אומבאַשטריטען גע־הערשט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, האָט גערשוני׳ן ביים אָנהויב פון זיין מינסקער טעטיגקייט אַלץ מעהר און מעהר געצויגען צו יענער וועלט־אָנשויאונג, וואָס איז פריהער פאַרטראָטען געווען דורך דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ און פון דער דאַמאָלסט נאָר־וואָס געשאַפענער „פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען״. אין איינער פון די פּראָ־קלאַמאַציעס, וואָס איז פון איהם געשריבען און אָפּגעדרוקט געוואָרען אין 1900 אין דער טיפּאָגראַפיע פון דעם „קרייז פאַר רוסלאַנד׳ס פּאָלי־טישער באַפרייאונג״, האָט ער בפירוש דערקלערט, אַז עס איז צייט אויפצולעבען די הערליכע טראַדיציעס פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״. מיט דעם זעלביגען גייסט איז דורכגעדרונגען זיין בראָשורע „פריי־הייט״, וואָס געהערט צו יענער צייט. יעדען זונטאָג פלעגט זיך ביי איהם צונויפקומען די גאַנצע ראַדיקאַלע אינטעליגענץ, די שטודירענדע יוגענד א. אַז. וו., און אין די דעבאַטען פלעגט ער שטאַרק אונטער־שטרייכען די נויטיגקייט פון טעראָר אין קאַמף מיט דער רוסישער רעגירונג.

צו יענער צייט געהערט אויך זיין באַקאַנטשאַפט מיט דער באַ־בושקאַ, וועלכע האָט דאַמאָלסט געלעבט אין מינסק ארום אַ יאָהר צייט.

אין מינסק איז דער „בונד" דאמאלסט געווען כמעט אן אליין־הערשער. די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע ריכטונג איז פארטראטען געווען דורך דעם „קרייז פאַר רוסלאַנד'ס באַפרייאונג", וואָס האָט געצעהלט ביי צוויי־דריי צעהנדליג ארבייטער און ביי צוויי־דריי אינטעליגענטען. מיט דער הילף פון אָט דעם „קרייז" איז איהם געלונגען איינצואָרדנען א וואַר־שטאט פון ביליגע טיפּאָגראַפישע געשטעלען פאר די באדערפענישען פון גאנץ רוסלאַנד, צו שאַפען א פּאַספּאָרטען־ביוראָ, א גרעניץ־טראַנס־פּאָרט, און אויף אזא אופן אוועקשטעלען אויף א ברייטען פוס די באַפרידיגונג פון די טעכנישע נויטען פון אומלעגאלען רוסלאַנד. די נאָכפראַגע דערויף איז געווען א געוואלדיגע. מאסען מענשען פלעגען קומען פון אלע עקען פון לאַנד. און שוין דאמאָלסט האָבען זיך ביי איהם איינגעשטעלט פעסטע און ברייטע פאַרבינדונגען מיט דעם גאַנצען רעוואָלוציאָנערען רוסלאַנד. אונטער זיין פיהרערשאַפט האָט אין מינסק זיך געגרינדעט אן אלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע קאַסע, וואו אלע זאַמלונגען פלעגען אריינקומען. דאָס געזאַמעלטע געלד פלעגט פאַרטיילט ווערען צווישען די פארשיידענע אָרגאַניזאַציעס דורך דעם „רויטען קרייץ". צו יענער צייט האָט ער נאָך אומבאדינגט געגלויבט, אז עס וועט זיך איינגעבען צו באַשאַפען אין רוסלאַנד איין רעוואָ־לוציאָנערע פּאַרטיי, אין וועלכער עס וועלען זיך צונויפגיסען אלע ריכטונגען. שפּעטער, ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אז זיין טרוים איז ניט באַשערט פאַרווירקליכט צו ווערען, האָט ער שטאַרק געליטען ידערפון.

צו זיין גאַנצער טעטיגקייט האָט מיט א שאַרפען אויג זיך צוגע־קוקט זובאַטאָוו, און ווען ביים אַרעסט פון איינעם פ., איז צו איהם אריינגעפאלען גערשוני'ס א בריף, וואו עס האָט זיך גערעדט וועגען שריפט, איז גערשוני אין יולי 1900 אַרעסטירט און אוועקגעפיהרט געוואָרען קיין מאָסקווע. די געשיכטע פון דעם אַרעסט און גערשוני'ס באַפרייאונג נאָך 11 טעג זיצען, ווען זובאַטאָוו האָט ליכט געקאָנט איהם פאַרשיקען, איז זעהר אן אינטערעסאנט זייטעל אין דער גע־שיכטע פון דעם קאַמף צווישען די רוסישע רעוואָלוציאָנערען און זובאַטאָוו'ען בכלל. דאָ איז גענוג צו דערמאָנען, אז גערשוני'ן איז געלונגען צו איבערצייגען זובאַטאָוו'ען, אז פאַר דעם דערפאָלג פון דער לעגאלער טעטיגקייט דאַרף ער איהם גלייך באַפרייען. דאַמאָלסט האָט גערשוני ענדגילטיג זיך איבערצייגט, אז אזוי אַרבייטען ווי ביז אהער

וועט ער ווייטער ניט קאָנען, אַז ער דאַרף וואָס גיכער איבערגעהן אויף אַן אומלעגאַלען שטאַנד. אַזאַ איבערגאַנג איז פאַר גערשוני'ן געווען באַזונדערס שווער צוליב זיין צאַרטער צוגעבונדענקייט צו זיינע על־טערען. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ קלאַפּ דאָס וועט זיין פאַר זיי, און ער האָט שטאַרק געליטען דערפון. אויף זיין לעצטען באַזוך ביי זיינע עלטערען האָט ער געזוכט, דורך אומענדליכע גע־שפּרעכען וועגען דעם ווערט פון לעבען, וועגען גליק, וועגען די געגענ־זייטיגע באַציהונגען צווישען עלטערען און קינדער א. אַז. וו. — ברענגען דעם פאָטער צו פאַרשטעהן, אַז עלטערען, וואָס האָבען שטאַרק ליב זייערע קינדער, דאַרפען זיין גליקליך, ווען די קינדער זיינען גליקליך, אין וואָס די קינדער זאָלען זייער גליק ניט זעהן. אויף דער זעלביגער טעמע פלעגט ער פיהרען מיט'ן פאָטער געשפּרעכען, ווען דער פאָ־טער פלעגט איהם באַזוכען אין פעטראָפּאַוולאָווסקער און אין שליסעל־בורגער פעסטונגען.

שפּעטער, זיצענדיג שוין אין בוטירקי, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז זיין פאָטער, אויב ער פיהלט זיך ניט גליקליך, באַגרייפט ער דאָך דאָס גליק פון זיין זוהן — האָט עס איהם פאַרשאַפט גרוים פרייד. ביי קיין איינעם פון די העכסט ערנסטע מאָמענטען פון זיין לעבען האָט איהם ניט פאַרלאָזט דער געדאַנק וועגען זיינע עלטערען, און די צייכענס פון זיין ליבע צו זיי, ביי איניגע געלעגענהייטען, זיינען אַזוי ריהרענד, אַז קיין בעסערע עדות דאַרף מען גאָרניט, אַז אין דער נשמה פון אָט דעם מורא'דיגען קעמפער האָט געשלאָגען אַ קוואַל פון צערט־ליכקייט.

דעם 9טען פעברואר 1901 האָט ער פאַרלאָזען מינסק, פאַרבראַכט אַ שטיקעל צייט אין פעטערבורג, האַלב־לעגאַל, וואו אונטער זיין אייגענעם נאָמען האָט ער צווישען אַנדערעס געהאַלטען אַ רעפעראַט ביי דער „געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטען בילדונג צווישען די אידען אין רוסלאַנד", אין וועלכען ער האָט גערעדט וועגען דער נויטיגקייט פאַר דער געזעלשאַפט צו ענדערען איהר טעטיגקייט אין דער ריכטונג פון דעמאָקראַטיזאַציע. פון פעטערבורג איז ער געפאָהרען קיין וואַר־שע, פאַר אונטערהאַנדלונגען מיט דער פּ. פּ. ס.; פון דאָרט איז ער פאַרפאָהרען צו זיינע עלטערען אין לאָדז. אין אַ שטיקעל צייט אַרום איז ער געפאָהרען קיין ליבוי, וואו ער פלעגט שעה'נוויוז אָפּזיצען ביים ברעג ים — באַזונדערס אין שטורם־טעג. דאָרט האָט ער אָנגעשריבען

זיין „צושטערטע דאַמבע". זומער דעמזועלבען יאָהר איז ער געווען אויף דער וואָלגא — אין ניזשני־נאָווגאָראָד, סאַמאַרא, סאַראַטאָוו. אין אופאַ האָט ער געלייענט אַ סעריע לעקציעס פאַר דער גרופע פון פאָלקס־לעהרער וועגען פאַרשיידענע פראַגען פון פראָגראַם און טאַקטיק. אָט די רייזע האָט אויף איהם איבערגעלאָזט אַ טיפען איינדרוק. צום ערשטען מאָל האָט ער מיט זיינע אייגענע אויגען געזעהן די שטימונג פון רוסישען דאָרף, פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ אויף די דערפער און איז נאָך מעהר דורכגעדרונגען געוואָרען מיט'ן גלויבען אין דעם ענד־ציל פון דער רוסישער רעוואָלוציע. זיינע בריף פון דאָרט, און שפּעטער זיינע פּערזענליכע געשפּרעכען האָבען גע־אָטעמט מיט אַזויפיל באַגייסטערונג, מיט אַזאַ דערהויבונג — ווי זיי וואָלטען אַ הימנע געזונגען דער וואָלגאַ, איהר נאַטור, איהרע האָרע־פּאַשנע מאַסען און דער קומענדער רוסישער רעוואָלוציע.

שפּעט אין הערבסט פון 1901 איז ער צום ערשטען מאָל אריבער־געגאַנגען דעם רוסישען גרענעץ, און אין יאַנואַר 1902 האָט ער זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד.

אי. דאליעוו

# די פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען אין דער עפּאָכע פון גערשוני'ן

יעדע היסטאָרישע פּערזענליכקייט דאַרף שטודירט ווערען אויפ'ן הינטערגרונד פון דער באַוועגונג, מיט וועלכער דער מענש איז געווען פאַרבונדען. אַנדערע וועלען אָנצייכענען דאָס אינדיווידועלע בילד פון ג. א. גערשוני. מיין אויפגאַבע איז צו געבען אַ קאָמפּאַקטע אָבער ווי ווייט מעגליך אַלזייטיגע באַשרייבונג פון וואוקס און אַנטוויקלונג פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען, וואָס איז איהם אַזוי פיל שולדיג.

די פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען טרעט ארויס היס־טאָריש ווי די אידעאישע יורש'טע און אוממיטעלבאַרע פאָרטזעצערין פון דער אַזוי גערופענער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" (פּאָלקס־ווילען). אָט די ירושה־פאַרבינדונג איז אָנערקענט געוואָרען פוןביידע צדדים — סיי פון די בויער פון דער נייער פּאַרטיי, אַזוי אויך מצד די וועטעראַנען פון דער פריגער עפּאָכע. אין יאָהר 1905 איז די פּאַרטיי אַפילו פאָרמעל באַשטעטיגט געוואָרען אַלס יורש'טע דורך פאָלגענדען סימבאָלישען אקט. ג. א. לאָפּאַטין, דער באַריהמטער רעוואָלוציאָנער, וואָס איז געווען פאַרבונדען דורך פּערזענליכער פריינד־שאַפט מיט מאַרקס'ן און ענגעלס'ן, איז דעמאָלט ארויס פון דער שליסעלבורגער פעסטונג און האָט דורך וו. מ. טשערנאָוו'ן איבער־געגעבען אין דער צענטראַלער קאַסע פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען די רעשטלאַך פאָנדען פון אויספיהר־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וואָס זיינען פון יאָהר 1883 גע־לעגען אין איינעם פון די רוסישע בענק.

די פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז געווען דער לעצטער העכ־סטער אויסדרוק פון רוסישען רעוואָלוציאָנערען פאָלקיזם (נאַראָד־ניטשעסטוואָ). די גרונט־לאַגע פון דער „נאַראָדניטשעסטוואָ" איז געווען געבויט אויפ'ן גלויבען אין דער רעוואָלוציאָנערישקייט פון דער הויפּט רוסישער האָרעפּאַשנער מאַסע — איהר פויערטום. מ'האָט געגלויבט, אַז אויב מ'וועט זיך שטיצען דירעקט אויף אַ פויערשען

אויפשטאַנד, וועט זיך די סאָציאַליסטען איינגעבען צו שטירצען נישט בלויז די זעלבסט־הערשאַפט, נאָר גלייכצייטיג אויך דעם רוסישען קאַפּיטאַליזם, וואָס האָט זיך ערשט אָנגעהויבען צו אנטוויקלען. די נאַראָדניקעס האָבען געגלויבט אויך אין אַ מעגליכקייט צו קומען צום סאָציאַליזם דורך די איינגעוואָרצעלטע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פאָרמען פון רוסישען פאָלקס־שטייגער — די פויערשע געמיינשאַפט (אָבשטשינע) און דעם אַרטעל — וואָס זאָלען ווערען אַלץ אנטוויקעלטער און קאָמפּליצירטער, און סיי אונטער דער פיהרערשאַפט פון אַ רעוואָלוציאָנערער מלוכה אָדער דורך אַ געמיינשאַפטליך־קאָאָפּעראַטיווער עוואָלוציע דורכמאַכען דעם וועג צום סאָציאַליזם, און אַזוי אַרום זאָל אינגאַנצען קענען אויסגעמיטען ווערען די בורזשואַז־קאַפּיטאַליסטישע סטאַדיע פון אנטוויקלונג.

אין דער רעוואָלוציאָנערער נאַראָדניטשעסטוואָ זיינען געווען צוויי באַזונדערע שטראָמען: אַ באַקונינ׳שער און אַ לאַווראָוו׳שער. דער ערשטער איז געווען אין דער טעאָריע אַנאַרכיסטיש און אין דער פּראַקטיק דערהויפּט בונטאַריש. דער צווייטער האָט געזאָלט זיין אַ „מאַרקסיסטישער", כאָטש דער מאַרקסיזם זיינער איז געווען גאַנץ אייגענאַרטיג און רעלאַטיוו; אין דער פּראַקטיק אָבער איז ער געווען פרידליך־פּראָפּאַגאַנדיסטיש.

די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז אין אַ געוויסען זין געווען אַ סינטעז פוןביידע שטרעמונגען: זי האָט גענומען ביי די באַקוניניסטען זייערע עקסטרעמע קאַמפּס־מעטאָדען, אָבער דערפאַר אויך געמאַכט אַ סוף מיט׳ן אַפּאָליטיזם און ארויסגעשטעלט אויפ׳ן טאָג־אָרדנונג דעם קאַמף פאַר פּאָליטישער פרייהייט און פאַר דעמאָקראַטישער מלוכה־פיהרונג. מען האָט דערביי צוריקגעוואָרפען די מורא פון די נאַראָדניקעס, אַז דער באַלדיגער פּאָליטישער קאַמף מיינט — אַראָפּפיהרען די רעוואָלוציע פון איהר אמת׳ן פאָלקיש־רעוואָלוציאָנערען וועג, אַן אָפּנויג צום בורזשואַזען קאָנסטיטוציאָנאַליזם און במילא — פאַרראַט פון פאָלק דורך דער אינטעליגענציע. אַגב האָבען די נאַראָדאָוואָלצעס געגלויבט, אַז ווען אפילו די רעוואָלוציע זאָל זיך אָנהויבען פון אַ ריינפּאָליטישער, ליבעראַלער פאַזע, וועט זי אָבער באַלד פאַרטיפט ווערען דורכ׳ן ארויסטריט אויף דער סצענע פון דעם פויערטום און דער אגראַרער רעוואָלוציע. די נאַראָדאָוואָלצעס האָבען ווייטער געמאַכט אַ שריט פאָראויס אין אָנערקענען די אַוואַנגאַרד־ראָלע פון יונגען

רוסישען אינדוסטריעלען פּראָלעטאַריאַט. גלייכצייטיג זיינען זיי גרייט געווען צו שטיצען און אויסנוצען אי דעם דרוק פון דער ליבעראַלער אָפּאָזיציע, אי מיליטערישע פאַרשווערונגען, אי די סטרייק-באַוועגונג, אי פּויערשע בונטען, אי סטודענטישע אומרוהען, אי דעם קאַמף פון די פּאָלקישע אַפּיקורסים — די „ראַסקאָלניקעס" און סעקטאַנטען ווי דוכאָבאָרען, סובאָטניקעס, מאָלאָקאַנעס — געגען דער מלוכה'שער קירך, אי יעדע אַנדערע דערשיינונג פון אומצופרידענהייט. פאַקטיש אָבער האָבען די נאַראָדאָוואָלצעס אין קיינעם פון די גרונט-געביטען פון דער אַנגעמערקטער אַרבייט נישט דערגרייכט קיין אַנטשיידענדיגע דער־פאָלגען; און דעריבער איז סוף כל סוף אויסגעקומען אַזוי, אַז דער וויכטיגסטער — און געגען זייער ווילען, אפשר דער אויסשליסליכער — מיטעל פון זייער קאַמף געגען דער זעלבסט-הערשאַפט איז געוואָרען די פּאָליטישע פאַרשווערונג געגען די סאַמע פאַרהאַסטע טוער פון רעזשים — די איינצעלנע אַרויסטריטען מיט'ן קינזשאַל, רעוואָלווער אָדער באָמבע.

אין דער צווייטער העלפט פון די אַכציגער יאָהרען איז די באַ־וועגונג איינגאַנצען צוקלאַפּט געוואָרען. נישט בלויז איז אַ תל גע־וואָרען פון דער געהיימער אָרגאַניזאַציע — עס איז געבראָכען גע־וואָרען דער ווילען צום קאַמף: די באַוועגונג איז געבליבען אָהן מענשען, און ביי די צושלאָגענע רעשטלאַך האָט זיך אַרומגעטראָגען דאָס באַוואוסטזיין, אַז דער אַנגעהויבענער קאַמף מיט דער זעלבסט־הערשאַפט איז געקומען צו אַ קאַטאַסטראָפאַלער ענדע. עס איז אַריינגעטראָטען די עפּאָכע פון פאַנאַנדערפאַל, פון נאָכשלעפעריי און דעקאַדענץ פון דער גאַנצער באַוועגונג. די איינצעלנע עלעמענטען פון דער נאַראָדאָוואָלישער פּראָגראַם, וואָס האָט פריהער געצויגען צו סינטעטישקייט, האָבען זיך פאַנאַנדערגעזונדערט ווי אויסשליסליכע און זעלבסטשטענדיגע פּראָגראַמען: עס האָבען זיך באַוויזען קורצזיכטיגע פאַנאַטיקער פון דער אידעע צו דערמאָרדען דעם צאַר; „יונגע נאַ־ראָדאָוואָלצעס", וואָס האָבען געוואָלט ברענגען דעם טעראָר צו די מאַסען אין דער פאָרם פון אַגראַרען און פאַבריק-טעראָר; „מיליטאַ־ריסטען" — אָנהענגער פון מיליטערישע פאַרשווערונגען; „אַליאַנסי־טען", וואָס האָבען געזוכט זיך צו פאַרבינדען מיט די ליבעראַלען פאַר'ן פּרייז פון אויפגעבען די סאָציאַלע צוועקען פון דער רעוואָ־לוציע א. א. וו.

אין דער זעלבער צייט האָבען אין דער פאַר'יאָוש'טער אויסגע־מאַטערטער געזעלשאַפט גענומען זיך פאַרשפּרייטען די שטרעמונגען וואָס האָבען אין נאָמען פון דעם אָדער יענעם פּרינציפּ געשטרעבט צו ליקווידירען דעם רעוואָלוציאָנערען פּאָליטישען קאַמף אַלס אַזעלכען. עס איז אויפגעקומען די „טאָלסטאָאוסטוואָ" מיט איהר אידעע פון „ניט שטעלען זיך אַנטקעגען דער רשעות מיט גוואַלט"; די זעלבסט־גענוגענדיגע קולטורעריי, וואָס האָט אין רעוואָלוציאָנערען קאַמף געזעהן אַ שטער צו דער רוהיגער לעגאַלער מוראַשקע־אַרבייט פון אויסבילדען די מאַסען; און ענדליך אויך די „נאַראָדניטשעסטוואָ", וואָס האָט זיך געלאָזט צוימען פון דער רעגירונג און זיך געטרייסט מיט אילוזאָ־רישע חלומות פון איינפלאַנצען אין דער אַדמיניסטראַציע, אין דער זעמסטוואָ און אפילו אין דער רעגירונג אַליין — ליבע צום פאָלק און זייער פּראָגראַם פון פאַרבעסערען דעם שטייגער פון די האָרעפּאַשנע מאַסען.

אין אָט די באַדינגונגען, אין אָט דער אומגעבונג פון געזעל־שאַפטליכער און גייסטיגער רעאַקציע, אין עקשנות'דיגען קאַמף מיט איהר, האָבען זיך בהדרגה, איינע נאָך דער אַנדערער, אויסגעטיילט און דערנאָך זיך אויסגעבילדעט אין געהעריגע אָרגאַניזירטע פּאַרטייען, צוויי שטרעמונגען: פריהער די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, און אין גיכען, באַלד נאָך איהר — די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע.

די פאַראייניגטע פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָט זיך ענדגילטיג פאָרמירט אין סוף יאָהר 1901. ביז יענעם מאָמענט האָבען עקזיסטירט עטליכע באַזונדערע גרופּירונגען, וועמען עס איז פאָרגע־שטאַנען אָט די פאַראייניגונג צו פאַרווירקליכען. די עלטסטע פון זיי איז געווען דער קליינער „פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַליסטען־רעוואָ־לוציאָנערען", וואָס איז געגרינדעט און אָנגעפיהרט געוואָרען אין אויס־לאַנד פון ח. זשיטלאָווסקי'ן און האָט דאָרט ארויסגעגעבען — נישט גאַנץ רעגעלמעסיג — אַ קליינעם פּאָפּולערען זשורנאַל „רוסקי ראַ־באָטשי" (דער רוסישער אַרבייטער). זיין קרעדאָ איז דערקלערט גע־וואָרען אין אַ ביכעל פון נ. גריגאָראָוויטש (חיים זשיטלאָווסקי) „סאָ־ציאַליזם און דער קאַמף פאַר פּאָליטישער פרייהייט". דער פאַרבאַנד האָט פּרובירט — כאָטש ס'איז איהם נישט געלונגען — צו פאַר־אייניגען די הויפּט־מאַסען פון די נאַראָדניקעס און נאַראָדאָוואָלצעס־עמיגראַנטען, וואָס האָבען זיך גרופּירט ארום צוויי צענטערס: דעם

פּאַריזער—מיט לאַווראָוו'ן, מ. פּאַלאָנסקאַיאַ, רובאַנאָוויטש און רוסאַנאָוו (פּאַרבאַנד פון אַלטע נאַראָדאָוואָלצעס) און דעם לאָנדאָנער—מיט וואָל־כאָווסקי, טשאַיקאָווסקי, שישקאָ, לאַזאַרעוו און אַנדערע (לאָנדאָנער פאָנד פון דער פרייער רוסישער פּרעסע).

דער צווייטער — כראָנאָלאָגיש — איז געווען דער „פּאַרבאַנד סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען" (אַרגונאָוו'ס גרופּע), וואָס האָט זיך געגרינדעט אין גרויס־רוסלאַנד און האָט פון אָנהויב געהאַט דעם צענטער אין סאַראַטאָוו, און דערנאָך אין מאָסקווע. דער פּאַרבאַנד האָט אַרויסגעגעבען צוויי נומערען פון אַ זשורנאַל „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָססיאַ" (רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד). ער האָט אויך אָנגעקניפּט אַ פאַרבינדונג מיט אַן איינפלוסרייכער לעגאַלער ליטעראַרישער גרופּע, מיט דעם גלענצענדען און אָריגינעלען סאָציאָלאָג און פּובליציסט נ. ק. מיכאַילאָווסקי אין דער שפּיץ און מיט א. וו. פּעשעכאָנאָוו און וו. א. מיאַקאָטין צווישען די אינגערע פאָרשטעהער. די פּראָגראַם פון דעם „פּאַרבאַנד" איז געווען אַ ביסעל צושוואומען און זי איז נישט גע־גאַנגען ווייטער פון מאָדערניזירטע וואַריאַציעס אויף דער אַלטער נאַראָדאָוואָלישער פּראָגראַם. זי האָט אינגאַנצען נישט געשפּירט דעם אָנקום פון דער זיך גרייטענדיגער אַגראַרישער רעוואָלוציע; פון דער אַמאָליגער נאַראָדניטשעסטוואָ האָט זי אויפגעהאַלטען בלויז די האָפנונג אויף דעם, אַז נאָך דער פּאָליטישער באַפרייאונג פון רוס־לאַנד וועלען די סאָציאַליסטען קענען דערפאָלגרייך אַרבייטען אויך אין דאָרף און אַריינציהען די מאַסען פון פּויערטום אין דער סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי; וואָס איז שייך אָבער דער אַקטיווער ראָל, וואָס דאָס פּויערטום קען שפּילען אין דער פּאָליטישער רעוואָלוציע געגען אַבסאָלוטיזם, האָט עס דער „פּאַרבאַנד" אינגאַנצען נישט פאַראויס־געזעהן. ער האָט זיך דעריבער אָנגעצייכענט זעהר אַן עלעמענטאַרען פּלאַן פון אַ רעוואָלוציאָנערער קאַמפּאַניע: סיסטעמאַטיש טעראָרי־זירען די רעגירונג מיט איינצעלנע טעראָריסטישע אַקטען, שטיצענדיג זיך אויף דעם פּראָלעטאַרישען אַוואַנגאַרד פון די הויפּט־שטעדט און די גרויסע צענטערס.

אין דער זעלבער צייט האָבען איניגע גרופּעס פון דרום רוס־לאַנד (אוקראַינע און אונטערשטער וואָלגאַ־ראַיאָן) זיך אויך פאַר־אייניגט אין אַ פּאַרטיי, וואָס האָט זיך געגעבען דעם נאָמען „סאָציאַ־ליסטען־רעוואָלוציאָנערען". נישט אָפּוואַרטענדיג אונטער די רוסישע

באַדינגונגען דעם מיטעל פון פּאָליטישען טעראָר, האָט די דרום׳דיגע „פּאַרטיי״ די פּראַגע וועגען דורכפיהרען דאָס גלאָזט אָפען, און אויפ׳ן ערשטען פּלאַן ארויסגערוקט די ארבייט פון געווינען וואָס גרעסערע מאַסען פאַר דער באַוועגונג, צוטרעטענדיג גלייך צו דער ארבייט אויך אין דאָרף. אין געגענזאַץ אָבער צו דער שפּעטערדיגער פּאַראייניג־טער פּאַרטיי, האָט די דרום׳דיגע גרופּירונג געגלויבט, אַז אין דער נאָהענטער צוקונפט מוז אומפאַרמיידליך פּאַרקומען א צוויי־זייטיגע דיפע־רענצירונג פון דאָרף, און זי האָט דעריבער נישט געקענט פּאָרלעגען קיין קאָנקרעטע פּראָגראַם פאַר׳ן דאָרפישען מיטעלשטאַנד, וואָס האָט אין זיך פאַרקערפּערט די איינציגקייט פון דאָרפישען ארבייטס־פראָנט. די פּראָגראַם ווידער, וואָס איז געווען געצילט בלויז אויפ׳ן דאָרפישען פּראָלעטאַריאַט, א קליין־צאָהליגען, צעוואָרפענעם און נישט אויסגע־טיילטען פון איבעריגען פּויערטום, האָט געהאַט אין זיך וועניג פּאָלי־טישע רעאַליטעט און האָט נישט געעפענט קיינע ברייטע פּאָליטישע פּערספּעקטיוון.

אָבער בנוגע צו דער אגראַר־פּראַגע איז עטוואָס נייעס אריינגע־טראָגען געוואָרען אין דער קומענדיגער פּאַראייניגטער פּאַרטיי גאָר פון אַן אנדער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז צוערשט געשטאַנען אויסער אַלע פראַקציעס, אַן אָרגאַניזאַציע אין טיף־רוסלאַנד, אין טאַמבאָווער גובערניע, וואו די גרופּע פון טשערנאָוו׳ן, די סליאָטאָווס, דאָבראָ־נראַוואָוו׳ן און אַנדערע האָבען שוין געמאַכט א פּראָבע פון סיסטע־מאַטישער ארבייט צווישען די פּויערים. די דערפּאָלגען איהרע זיינען געווען אַזוי אָנציהענד־גרויס און שנעל, און דער סטיכישער אויפברויז אין פּויערטום, וואָס איז אנטקעגענגעגאַנגען דער ארבייט, איז געווען אַזוי ממשות׳דיג, אַז די איניציאַטאָרען האָבען אונטערגענומען א רייזע קיין אויסלאַנד, כדי דאָרטען אָוועקשטעלען אויף א געהעריג־ברייטען פּאַרנעם די אויסגאַבע פון פּאָפּולערע, רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צום קולטורעלען ניוואָ פון רוסישען דאָרף, און צוציהען דערצו וואָס מעהר אויסלענדישע כחות. כדי גובר צו זיין די עקשנות׳דיגע גלייכגילטיגקייט פון די עמיגראַנטישע קלייזלאַך מיט זייער אָפּגעזונדערטקייט און אַלטע חשבונות, האָט מען געמאַכט א פּראָבע צו פּאַראייניגען נישט די קרייזלאַך און פראַקציעס, נאָר איינצעלנע פּערזאָנען. עס איז אַזוי אַרום געגרינדעט געוואָרען די „אגראַר־סאָציאַליסטישע ליגע״, וואָס האָט זיך באַוואוסטזיניג אָפּגע־

זאָגט פון אויסאַרבייטען אַן אויספיהרליכע רעוואָלוציאָנערע פּראָגראַם און זיך באַגרעניצט בלויז מיט איין ספּעציעלער אויפגאַבע: צוציהען דאָס פּויערטום צו דער פּאָליטישער באַפרייאונגס־באַוועגונג דורך אָרגאַניזירען איהם צום קאַמף פאַר ערד, פאַר דער אַגראַרער רעוואָ־לוציע אַלס אַ באַשטאַנד־טייל פון דער אַלגעמיין־פּאָליטישער רעוואָ־לוציע. די אַגראַר־סאָציאַליסטישע ליגע האָט גערופען צו זיך אויך די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, אָבער יענע — מיט איינינע אויסנאַמען — זיינען נישט צוגעטראָטען. דערפאַר אָבער האָט די פאַראייניגונג פון דער איבעריגער עמיגראַציע פאַר איין רעאַלער אויפגאַבע, אָפּגעזעהן פון אַלע אַנדערע פּאָליטישע חלוקי־דעות׳ן, זיך איינגעגעבען דער ליגע אין דער פולסטער מאָס. מיט דער „ברכה" פון וועטעראַן פון רוסישען סאָציאַליזם, דעם באַקאַנטען געלערטען, פילאָזאָף און היס־טאָריקער פון געדאַנק פּ. ל. לאַווראָוו, האָט די ליגע גאָר אין גיכען געקענט צעהלען צווישען איהרע מיטגלידער אי די אַלטע אי די יונגע נאַראָדאָוואָלצעס, אי די טועֶר פון לאַנדאָנער פאָנד, אי די סאָציאַ־ליסטען־רעוואָלוציאָנערען פון זשיטלאָווסקי׳ס גרופּע, אי די נישט־פראַקציאָנעלע סאָציאַליסטען. אין דער טיף פון דער אַגראַר־סאָציאַ־ליסטישער ליגע איז ביסלאַכוויין געוואָרען צייטיג און ס׳האָט זיך אויסגעאַרבייט די אַגראַרע פּראָגראַם פון דער צוקינפטיגער פאַראייניג־טער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

נעבען אָט די נאַטירליכע באַשטאַנד־טיילען פון דער קומענדיגער פּאַרטיי האָבען אויך עקזיסטירט נאָהענטע צווישען־אָרגאַניזאַציעס, וועֶ־מען עס איז באַשערט געווען אָדער גאַנצערהייד אַריינגיסען זיך אין דער פּאַרטיי אָדער צו שפּאַלטען זיך און צוטיילען די כחות אין דער אָדער יענער פּראָפּאָרציע צווישען דער פּ. ס. ר. און דער ר. ס. ד. אַ. פּ.

אזוי איז געווען פון איין זייט די אזוי גערופענע „אַרבייטער פּאַרטיי פאַר דער פּאָליטישער באַפרייאונג פון רוסלאַנד", וואָס איהרע קאַדרען זיינען צוגעגרייט געוואָרען אין מינסק פון אַלטען נאַראָדאָ־וואָליעץ, דעם בלינדען יעפים האַלפּערין, און וואָס האָט זיך געפונען אונטער אַ גרויסען איינפלוס פון שיער נישט דעם באַדייטענדסטען רעוואָלוציאָנערען קעמפער פון יענער עפּאָכע, גריגאָרי געֶרשוני, וואָס האָט שוין דעמאָלט אָנגעהויבען דורכצומאַכען די פאַרוואַנדלונג פון אַ פרידליכען קולטור־טועֶר צווישען פּראָלעטאַריאַט צו אַ רעוואָלוציאָ־נער. די „אַרבייטער פּאַרטיי" האָט אין איהר מאָגער ביסעל ליטעֶ־

ראַטור ארויסגעוויזען א סך קעמפּעריישען טעמפּעראַמענט צוזאַמען מיט ראָמאַנטישען ענטוזיאַזם. זי האָט געקוקט אויף זיך ווי אויף דער נאַטירליכער פּאָרגענגערין פון יענער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון אייראָפּעאישען שטייגער, וואָס דאַרף ערשט קומען נאָכדעם ווי עס וועט אויסגעקעמפּט ווערען די פּאָליטישע פרייהייט. זי האָט זיך געקליבען דורכצופיהרען באוואפענטע אָנפאַלען אויף די אָנגעזעהענסטע טוער פון זעלבסטהערשערישען מלוכה־אַפּאַראַט. אין דער באַהאַנדלונג פון א גאַנצער רייהע קאָמפּליצירטע פראַגען פון פּראָגראַם און טאַקטיק האָט זי צייטענווייז ארויסגעוויזען א סך נאַאיווע אומרייפקייט. זי האָט אָבער זעהר שנעל געוואונען די לעבעדיגע סימפּאַטיעס פון דער ארבייטער־יוגענט.

פון דער צווייטער זייט, האָט אויסער דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ארבייטער פּאַרטיי, א צייט עקזיסטירט אויך די „רוסישע סאָצ.־דעמ. פּאַרטיי" מיט איהר אָרגאַן „ראַבאָטשעיע זנאַמיע". זי איז געווען ווייניגער דאָגמאַטיש, זי האָט קלאָרער אוועקגעשטעלט די פראַגע פון קאַמף פאַר פּאָליטישער באַפרייאונג ווי א דרינגענדע מאָמענטאַלע אויפגאַבע, זי איז געווען פריי פון יענעם הויך פון „פּויערים־פיינדליכע שטימונגען", וואָס זיינען ביי די ערשטע מאַרקסיסטישע קרייזלאַך געקומען ווי א רעאַקציע געגען דער אידעאַליזירונג פון די פּויערים מצד די נאַראָדניקעס, און ענדליך האָט די צווייטע פּאַרטיי אויך נישט געהאַט קיין פּרעטענזיעס צו זיין אַן אַלרוסלענדישע פּאַרטיי. זי האָט אויף זיך גענומען די ראָל צו זיין בלויז די רוסיש־נאַציאָנאַלע סאָצ.־דעמ. פּאַרטיי און דעריבער געזעהן א מעגליכקייט פאַר דער גרינדונג און עקזיסטענץ פון אומאָפּהענגיגע סאָצ.־דעמאָקראַטישע אָדער בכלל סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען. דורך אָט דער לעצטער שטעלונג האָט זי אויך אין דער פּראַקטישער ארבייט געקענט קריגען די שטיצע פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. שפּעטער זיינען פילע טוער פון דער רוסישער סאָצ.־דעמ. פּאַרטיי איינציגווייז און קאָמיטעטענווייז אריבער אין דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, בשעת אַנדערע, געטריי זיין נאָמען, זיינען צוגעשטאַנען צו דער רוסל. סאָצ.־דעמאָק. ארבייטער־פּאַרטיי. אַזא מין „חלוקה" צווישעןביידע פּאַרטייען (ס. ר. און ס. ד. א. פּ.) האָבען אויך געמאַכט דערנאָך אַנדערע לינקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּירונגען, ווי די „גרופּע פון צוואַנ־

ציג" און „סאָציאַליסט", פון וועלכע עס זיינען צו די ס. ר. צוגע־שטאַנען אַזעלכע שפּעטער באַריהמטע טוער ווי ב. סאַווינקאָוו און אי. פּ. קאַלאַיעוו. עס זיינען אויך, פאַרקערט, געווען גרופּעס „יונגע נאַראָדאָוואָלצעס", וואָס האָבען זיך א קעהר געטאָן צום אָרטאָדאָק־סאַלען מאַרקסיזם און א גרויסער טייל פון זיי איז אריין אין די רייהען פון דער סאָצ.־דעמ. פּאַרטיי. די פאַרבליבענע זיינען צוגע־שטאַנען צו די סאָצ.־רעוואָלוציאָנערען.

ביים פאַראייניגען די באַזונדערע עס־ערישע עלעמענטען אין אַן איינציגער פּאַרטיי האָט זעהר אַן אָנגעזעהענעם חלק געהאַט א סאַראַ־טאָווער גרופּע, וואָס האָט א געוויסע צייט פאַרמאָגט א סך זעהר ערנסטע טוער. אין אַן ענגער פאַרבינדונג מיט דער גרופּע האָבען זיך אויך געשטעלט די אַלטע רעוואָלוציאָנערען, וואָס האָבען זיך אומ־געקערט פון פאַרשיקונג, אַזוי ווי די „באָבע פון דער רוסישער רעוואָ־לוציע" ע. ק. ברעשקאָווסקאַיאַ, און די יונגע קרעפטיגע טוער, ווי ג. א. גערשוני, פּ. פּ. קראַפט און אַנדערע. די סאַראַטאָווער גרופּע האָט אויך געהאַט צווישען זיך אַזעלכע דערפאַרענע טוער ווי בולאַ־נאָוו, די ראַקיטניקאָווס, מיכ. מעלניקאָוו און אַנדערע, און זי איז גע־וואָרען די פּאַרמיטלערין צווישען דעם צפון'דיגען „פאַרבאַנד פון סאָצ.־רעוו." און דער דרום'דיגער „פּאַרטיי סאָצ.־רעוו." נאָך דער פאַראייניגונג זיינען דעם צענטראַלען קערן פון דער גרופּע צייט־ווייליג אָנפּאַרטרויט געוואָרען אפילו די פונקציעס און פולמאַכטען פון א צענטראַלען קאָמיטעט. אָבער די וויכטיגסטע ראָל אין דער פאַראייניגונגס־אַרבייט איז אויסגעפאַלען אויפ'ן גורל פון ג. א. גער־שוני. אוועקגעגאַנגען פון זיין פריהערדיגען געביט פון קולטור־טוערײ, און מיט אַלע בריקען פאַרברענט הינטער איהם, איז גערשוני געוואָרען אַן אומדערמידליכער קאָנספּיראַטאָר, וואָס האָט זיך כסדר געטראָגען איבער רוסלאַנד, האָט געזוכט מענשען, זיי צונויפגעפיהרט, באַפעס־טיגט אויף די פלעצער אַלץ נייע און נייע אָרגאַניזאַציעס און זיי גע־שטעלט אין פאַרבינדונג מיט'ן צענטער. גערשוני איז געווען דער ערשטער קלאָר צו באַגרייפען, ווי גוואַלדיג נויטיג עס איז אָהן פאַר־שלעפּענישען אריבערצוגעהן פון דער צואוואָרפענקייט און פּראָווינ־ציאַליזם פון די באַזונדערע לאָקאַלע גרופּירונגען צו אַן אָרגאַניזאַציאָ־נעלער איינהייט פון אַן אַלגעמיין־מלוכה'שען פאַרנעם. ער האָט אויך פאַרשטאַנען ווי זעהר וויכטיג עס איז פאַר אַזאַ איינהייט אויסצונוצען

די עמיגראַציע, וואָס האָט געלעבט אין די פרייע פּאָליטישע באַדינ־גונגען פון מערב־אייראָפּע, וואָס איז געשטאַנען אין לעבעדיגער באַ־ריהרונג מיט די אייראָפּעאישע אַרבייטער־פּאַרטייען, וואָס האָט געהאַט ברייטע מעגליכקייטען טעאָרעטיש־טיף צו באַגרינדען די צוועקען און מעטאָדען פון דער באַוועגונג און נישט ווייניגער מעגליכקייטען אויך צו באַשאַפען אַ קעמפערישע פּאָפּולער־פּראָפּאַגאַנדיסטישע און אַגי־טאַציע־ליטעראַטור.

גערשוני איז דעריבער אַוועק קיין אויסלאַנד, און דאָרט האָט ער גלייך אַוועקגעשטעלט די אַרבייט פון דער פאַראייניגטער פּאַרטיי סאָ־ציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען אויף פעסטע רעלסען. אין די פּערזאָנען פון גאָץ'ן און טשערנאָוו'ן האָט ער דאָרט געפונען מענשען, וואָס האָבען באַזונדערס ענערגיש געשטיצט אַלע זיינע טואונגען און פּלע־נער. אַ דאַנק דער פאַרמיטלונג פון מ. פ. גאָץ'ן האָט ער זיך צונויפ־גערעדט מיט'ן פּאַריזער „קרייז פון אַלטע נאַראָדאָוואָלצעס", און זיינע הויפּט־קרעפטען, רוסאַנאָוו און רובאַנאָוויטש (לאַוורואָוו און פּאָלאָנ־סקאַיאַ זיינען שוין געווען געשטאָרבען), זיינען אריין אין דער פּאַרטיי. דער זשורנאַל „וויעסטניק רוסקאַי רעוואָלוציי" אונטער דער רעדאַקציע פון רוסאַנאָוו'ן איז געוואָרען דער אָפיציעלער טעאָרעטישער אָרגאַן פון דער פּאַרטיי. רובאַנאָוויטש האָט אין גיכען געקראָגען אַ מעג־ליכקייט ארויסצוגעבען אויף פראַנצויזיש — פאַר דער פּאָרטגעשרי־טענער עפענטליכער מיינונג פון אייראָפּאַ — אַ זשורנאַל „לאַ טריביון רוסס", און דערנאָך איז ער באַשטימט געוואָרען אַלס דער פאָר־שטעהער פון דער פּאַרטיי אין אינטערנאַציאָנאַל און איז פאַרבליבען אַלס פאָרשטעהער ביז זיין טויט אין 1922. דער „פאַרבאַנד פון רוסישע סאָצ.־רעוו." מיט זשיטלאָווסקי'ן אין דער שפּיץ איז פאַר־שמאָלצען געוואָרען אין דער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי. אין דער אַגראַר־סאָציאַליסטישער ליגע האָט דער יונגער דור מיט טשערנאָוו'ן, די סליאָטאָוום, גאָץ'ן, זשיטלאָווסקי'ן געשטרעבט צו אַ פּאָלקאָמער צונויפגיסונג מיט דער פּאַרטיי, אָבער דער עלטערער דור מיט וואָלכאָווסקי'ן, שישקאָ, טשאַיקאָווסקי, האָבען זיך פון אָנ־הויב געוואַקעלט. עס איז דעריבער לכתחילה געשלאָסען געוואָרען אַ פעדעראַטיווער אָפּמאַך, און ביסלאַכווייז האָט זיך אויך די ליגע אָהן איבעריגע יסורים פאַרשמאָלצען אין דער פּאַרטיי. דער זשורנאַל „רע־וואָלוציאָננאַיאַ ראָססיאַ", וואָס דער צפונ'דיגער פאַרבאַנד האָט אָנגע־

הויבען ארויסצוגעבען, איז אַריבערגעטראָגען געוואָרען קיין אויסלאַנד אונטער דער רעדאַקציע פון מ. גאָץ׳ן און וו. טשערנאָוו׳ן.

מיט׳ן מאָמענט פון דער פאַראייניגונג געהט אוועק דער פעריאָד פון דער רעוואָלוציאָנערער „קוסטאַר־ארבייט" און עס הויבט זיך אָן אַ שנעלער, אימפּעטיגער וואוקס פון דער באַוועגונג.

אויפ׳ן ערשטען וואָראָניעזשער עס־ערישען צוזאַמענפאָהר פון די „דרומ׳דיגע", און אווגוסט 1897, האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען דעלעגאַטען איינגאַנצען פון פינף לאָקאַלע גרופּעס. אומגעפעהר דאָס זעלבע האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט אויפ׳ן צווייטען, פּאָלטאַווער, צוזאַמענפאָהר אין 1897, און אויפ׳ן דריטען, קיעווער, אין אווגוסט 1898. אַ ביסעל שטאַרקער איז שוין געווען די פאַרטרעטערשאַפט אויפ׳ן פערטען, כאַרקאָווער, צוזאַמענפאָהר, אין יולי 1900. אין 1901 ווערען אָרגאַניזירט פיר נייע גרופּעס, אָבער די פאַרבינדונג צווישען די גרופּעס איז נאָך אַלץ זעהר אַ שוואַכע.

פאַרקערט אָבער, אין 1902, אַזוי שנעל ווי די פאַראייניגונג אין רוסלאַנד און אין אויסלאַנד איז דורכגעפיהרט געוואָרען, צעהלט שוין די אָרגאַניזאַציע 9 קאָמיטעטען און 10 שוואַכערע „פאַרטיי־גרופּעס". אַ יאָהר שפּעטער אָרגאַניזירען זיך פיר נייע קאָמיטעטען, עס ווערען דערהויבען צו „קאָמיטעטען" פיר אַלטע גרופּעס און עס גרינדען זיך 18 נייע גרופּעס. דאָס יאָהר 1904 ברענגט נאָך דריי קאָמיטעטען און 23 גרופּעס. אויפ׳ן ערשטען פאַראייניגטען צוזאַמענפאָהר פון דער פאַרטיי אין אימאַטרא, צום סוף 1905, זיינען שוין דאָ דעלעגאַטען פון 51 אָרגאַניזאַציעס, און אויפ׳ן צווייטען, טאַמערפאָרסער, אין פריהלינג 1907 — 65 אָרגאַניזאַציעס. אין משך פון יאָהר 1906 דערגרייכט דער וואוקס פון דער פאַרטיי זיין העכסטער מדרגה: עס שטעהען צו 89 נייע אָרגאַניזאַציעס. און אפילו נאָך דער גרויסער ליקווידאַציע פון אַלע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס די רעגירונג האָט גענומען אַזוי דערפאָלגרייך דורכפיהרען אין די יאָהרען 1907—1908, געלינגט נאָך אַלץ דער פאַרטיי צונויפצוברענגען אין אווגוסט 1908 אויף אַן אַלגעמיין־פאַרטייאישער קאָנפערענץ אין לאָנדאָן 48 פאַרשטעהער פון 22 גרעסערע פאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס.

עס איז געוואַקסען אויך די פאַרטיי־טעטיגקייט. אין משך פון יאָהר 1902 האָט די פּאָליציי פאַרכאַפּט פיר פאַרטייאישע געהיימע

דרוקערייען, אין 1903 — פינף (דערביי באמערקט זי, אז די פּאַרטיי האָט לכל הפּחות נאָך אַן עהנליכע צאָהל נישט־אַנטדעקטע דרוקערייען), אין 1904 פאַרהאַלט זי 7 דרוקערייען און אין משך פון 1905 — 11. אין 1905 נעמט אָן די פּאַרטיי־פּראָגראַם די גרעסטע פּראָגרעסיווע פּעטערבורגער צייטונג „סין אָטיעטשעסטווא", אַרויסגעגעבען פון ג. א. שריידער און ס. יוריצין. אין 1906 באַנוצט זיך די פּאַרטיי זעהר ברייט מיט לעגאַלע דרוקערייען און דערגענצט איהר אַרבייט דורך געהיימע. אין דער זעלבער מאָס וואַקסט אויך די צאָהל פון דער אַרויסגעגעבענער ליטעראַטור.

שוין אין ערשטען יאָהר פון דער פאַראייניגטער פאַרטיי האָט זי אַרויסגעגעבען איבער א מיליאָן דרוק־בויגען. אין יאָהר 1902, גלייך נאָך דער פאַראייניגונג, קאָנסטאַטירט די פּאָליציי, אַז אומ־לעגאַלע ליטעראַטור ווערט פאַרשפּרייט צווישען פויערים אין 6 גובער־ניעס, — און אין 1903 האָט זי שוין אויפ'ן אויג א חשבון פון 42 גובערניעס. דער וויטערדיגער וואוקס געהט מיט אַזא אימפּעט, אַז עס איז שווער איהם נאָכצופאָלגען.

אין דער ערשטער העלפט פון 1906, בשעת דער ערשטער דומע און די נייע וואַקלונגען אין דער רעגירונגס־פּאָליטיק, זיינען אין רוס־לאַנד אַנטשטאַנען מיט אַמאָל ביז 20 לעגאַלע טעגליכע צייטונגען פון עס־ערישער ריכטונג. עס זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען ביז 250 טיטולען פון ביכער און בראָשורען אין א צאָהל פון אַרום 4 מיליאָן עקז. אין דער שפּיץ פון דער עס־ערישער פּרעסע איז גע־שטאַנען דער פּעטערבורגער אָרגאַן פון פּאַרטייאישען צענטראַל־קאָמי־טעט „דיעלאָ נאַראָדאַ" (די פאָלקס־זאַך), וואָס האָט זיך מיט זיין גלאַנץ אויסגעטיילט פון דער גאַנצער פּעטערבורגער פּרעסע און איז פּשוט צוכאַפּט געוואָרען. דריי מאָל האָט די רעגירונג די צייטונג פאַרמאַכט און יעדעס מאָל איז זי באַנייט געוואָרען אונטער אַן אַנדער נאָמען. אויפ'ן פערטען מאָל האָט מען פאַרמאַכט די דרוקעריי גופא און אַרעסטירט די גאַנצע רעדאַקציע, אויסער טשערנאָוו'ן, וואָס האָט באַוויזען זיך צו ראַטעווען אַרויסשפּרינגענדיג פון א פענסטער פון צווייטען שטאָק. נאָכ'ן צוטרייבען די דומע האָט די פּאַרטיי־פּרעסע ווידער אָנגעהויבען אַרויסצוגעהן אומלעגאַל. אין משך פון א יאָהר צייט האָט די פּאָליציי אַרעסטירט איבער 30 געהיימע פּאַרטיי־דרוקע־רייען, וואו עס האָבען זיך געדרוקט בראָשורען, פּראָקלאַמאַציעס און

א צוויי־צעהנדליג פּעריאָדישע אויסגאַבען פון פארשיידענע אָרטיגע קאָמיטעטען. בלויז דורך דער פּויערשער קאָמיסיע ביים צענטראַל־קאָמיטעט זיינען אין דאָרף דורכגעגאַנגען ארום 184,000 לעגאַלע און אומלעגאַלע פּאַרטיי־ביכער. די פּאַרטיי גופא, לויט השערה׳דיגע ציפערען, האָט געהאַט ארום 50,000 אָנגעשלאָסענע מיטגלידער און ארום 300,000 אין דער „פּעריפעריע”. אין יאָהר 1907 האָט די פּאָליציי וווייטער פארכאַפּט 32 פּאַרטייאישע געהיימע דרוקערייען. עס זיינען דערשינען דריי צענטראַלע אומלעגאַלע אָרגאַנען (אַן אַלגעמיי־נער, אַ פּאָפּולערער ארבייטער־פּויערשער און אַ מיליטערישער) און 13 לאָקאַלע. דער טערמין פון זייער עקזיסטענץ אָבער איז שוין אין משך פון דעם יאָהר שטאַרק פארקירצט געוואָרען. וואָס ווייטער ווערט אַלץ שווערער צוריק אויפצושטעלען די פארלאָרענע דרוקערייען. פונדעסטוועגען האָט די פּאָליציי אין 1908 נאָך אַלץ פארכאַפּט 21 געהיימע פּאַרטייאישע דרוקערייען. אָבער דאָס זיינען שוין געווען די לעצטע אָנשטרענגונגען פון דער פּאַרטיי זיך צו האַלטען אויף דער פריהערדיגער הויך. די פּאַרטיי ס.־ר. מוז טיילען דעם אַלגעמיינעם גורל פון אַלע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס אין יענער עפּאָכע פון געזעלשאַפטליכער ירידה, פון גייסטיגער רעאַקציע און נצחון פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע.

אָבער אויך אין מאָמענט פון זייער נצחון האָבען די זיגער געקענט זעהן די כחות פון די באַזיגטע. אַזוי האָט אין משך פון 1908 אַליין די פּאָליציי פארכאַפּט אין געהיימען סקלאַד פון פּעטערבורגער פּאַרטיי־קאָמיטעט 200 פּוד פּאַרטיי־ליטעראַטור, אין איינעם פון די ראַיאָן־סקלאַדען — 10 פּוד, אין וועג — 60 פּוד, אין קליינעם סקלאַד פון צ. ק. — 150 פּוד, אין די אָראַנזשערייען פון פארלעגער מיאַכקאָוו באַהאַלטענע 1,500 פּוד, אין גרויסען סקלאַד פון צ. ק. אויפ׳ן ניעווסקי פּראָספּעקט — 1,000 פּוד, אין צוויי קליינע סקלאַדען — אין איינעם 500 פּוד און אין אַ צווייטען 40,000 עקזעמפּליאַרען — בסך־הכל, נישט רעכענענדיג די פּראָווינץ, פון 3,000 ביז 4,000 פּוד.

***

אויפ׳ן הינטערגרונד פון אָט דעם אימפּעטיג־אָנגעהויבענעם וואוקס איז גרעגאָרי גערשוני אין 1902 צוגעטראָטען צום פאַנאַנדערוויקלען די קאַמפּס־טאַקטיק פון דער פּאַרטיי.

ער האָט שוין געהאַט איינציגע פאָרגעהער פון צווישען די העל־

דישע יחידים. ווען דער אויפשטייג פון דער געזעלשאַפטליכער שטי־
מונג האָט זיך קודם כּל באַוויזען ביי דעם איידעלסטען און פיין־
פיהלענדסטען שיכט פון דער געזעלשאַפט — דער סטודענטישער
יוגענט — און עס האָבען זיך אומעטום אָנגעהויבען אומרוהען און
דעמאָנסטראַציעס אין די אוניווערזיטעטען, האָט די רעגירונג נישט
געפונען קיין בעסערען קאַמפּס־מיטעל געגען זיי ווי אָפּגעבען די
סטודענטען פאַר סאָלדאַטען. אַלס ענטפער דערויף האָט דער סטודענט
סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער פּ. קאַרפּאָוויטש זיך דערקליבען צום שול־
דיגען, דעם מיניסטער פון פאָלקס־בילדונג, דעם טרוקענעם, האַרטען
און קאַלטען ביוראָקראַט באָגאָליעפּאָוו און האָט איהם אַוועקגעלעגט
מיט א שאָס פון רעוואָלווער. זיין ביישפּיל האָט נאָכגעפאָלגט א
צווייטער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער לאַגאָווסקי, וואָס האָט געוואָלט
דורכ'ן פענסטער דערשיסען דעם אָנערקענטען גייסטיגען פיהרער פון
דער רוסישער רעאַקציע, דעם אָבער־פּראָקוראָר פון סינאָד, פּאָביעדאָ־
נאָסצעוו. אָבער דאָס יאָ געלינגען אָדער נישט־געלינגען אין די
דערמאָנטע פאַלען — און די אָנפאַלען גופא — איז געווען צופעליג.
גערשוני אָבער האָט גע'חלום'ט וועגען א קאַמף, וואָס זאָל טרעפען
די ציילען פון דער רעאַקציע סיסטעמאַטיש און אָהן דורכפאַל. ער
האָט געזאַמעלט מענשען, וועמעס רעוואָלוציאָנערע באַגייסטערונג, מאָ־
ראַלישע ריינקייט און אויסגעהאַלטענקייט פון כאַראַקטער זיינען אין
זיינע אויגען געשטאַנען אויף דער פולער הויך פון די שטרענגסטע
פאָדערונגען, און פון זיי האָט ער געבילדעט א געשלאָסענע אָפּטיי־
לונג, וואָס האָט זיך גענומען גרייטען צו ווערען דאָס שטראָף־געוועהר
פון דער רעוואָלוציע.

דער ערשטער קרבן פון דער „באָיעוואיאַ אָרגאַניזאַציאַ" (קאַמף־
אָרגאַניזאַציע) מיט גערשוני'ן אין דער שפּיץ איז געווען דער נייער
מיניסטער פון אינערן, דער מאָנאַרכיסט און דוואָריאַנין ביז'ן מארך
פון די ביינער, דער באַגרעניצטער און שטיין־האַרטער ד. ס. סיפּיאַגין,
וועמען דער צאַר האָט גערופען איינצושטילען די געזעלשאַפט און
האָט איהם באַשאָנקען מיט אומבאַגרעניצטען צוטרוי. דער אויס־
פיהרער איז געווען א זעלטען באַ'חנ'טער יונגערמאַן, א סטודענט,
זוהן פון א פּאָליטיש־פארשיקטען, ס. באַלמאַשאָוו. אַט דער אַקט
פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגערופען א געוואַלדיגען אָפּ־
קלאַנג פון מיטגעפיהל אין די ברייטסטע געזעלשאַפטליכע קרייזען און

צווישען דער יוגענט. די „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ״ האָט מיט אַמאָל געוואונען די גרעסטע פּאָפּולאַריטעט. נאָר גערשוני איז געווען ווייט פֿון צופֿרידענשטעלען זיך דערמיט. ער האָט געשעצט דעם אָפּרוף אויפֿ׳ן טעראָריסטישען קאַמף נישט אין די ליבעראַלע סאַלאָנען און נישט אין די בוידעם־שטיבלאַך פֿון דער אינטעליגענטישער באָהעמיע, נאָר אין די כאַטעס פֿון די פֿויערים און אין די קעלער־שטיבער פֿון דער אַרבייטערישער אָרימקייט. און דער צווייטער אַקט פֿון דער „ב. אָ.״ איז געווען אַן אָנפֿאַל אין טיוואָלי־גאָרטען אויפֿ׳ן כאַרקאָווער גובערנאַטאָר פֿירשט אָבאָלענסקי, וואָס האָט זיך געמאַכט אַ שם דורכ׳ן איינשטילען אַגראַרע אומרוהען מיט מורא׳דיגע קאָנטריבוציעס, מיליטערישע זאַקוציעס און קערפּערליכע שטראָפֿען. דער אויספֿיהרער פֿון ב. אָ.־אורטייל איז דאָס מאָל געווען אַן אַרבייטער, פֿאָמאַ קאַטשוראַ, וואָס איז געווען זעהר באַליבט און פּאָפּולער אין די אַרבייטער־קוואַרטאַלען פֿון יעקאַטערינאָסלאַוו. אַן אַרבייטער, וואָס זאָל אַרויסטרעטען פֿאַר דער באַשיצונג פֿון די פֿויערים, און דערנאָך אַ פֿויער, וואָס זאָל אויף זיך נעמען דורכצופֿיהרען די נקמה פֿאַר דער באַליידיגונג און פּייניגונג פֿון די אַרבייטער — דאָס איז געווען דער מעטאָד פֿון דעם אייגענאַרטיגען פּאָליטישען סימבאָליזם, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר גערשוני׳ס דערפֿינדערישען מוח. די אידעע פֿון אַרבייטער־פֿויערישען בונד האָט אָנגענומען אַן אומגעוועהנליך־ממשות׳דיגע פֿאָרם, וואָס האָט געווירקט אויף דער מאַסען־פֿאַנטאַזיע. גערשוני׳ן איז נישט לאַנג אויסגעקומען צו וואַרטען אויף אַ געלעגענהייט: אין דעם גרויסען אוראַלער פֿאַבריק־צענטער זלאַטאָאוסט, אופֿאַ׳ר גובערניע, איז אַ מחנה סטרייקער באַפֿאַלען געוואָרען פֿון באַוואָפֿענטע סאָלדאַטען, וואָס זיינען געשטאַנען צו דינסט דער אָרטיגער אַדמיניסטראַציע. גערשוני האָט זיך גלייך אַ לאָז געטאָן קיין אופֿאַ, און אין גיכען זיינען טעראָריסטען אין מיטען העלען טאָג אויף אַ בולוואַר מיט מענשען באַפֿאַלען דעם אופֿאַ׳ר גובערנאַטאָר באָגדאַנאָוויטש און איהם דערשאָסען אויפֿ׳ן אָרט. זיך אָפּשיסענדיג פֿון דער פּאָליציי, האָבען די טעראָריסטען באַוויזען צו אַנטלויפֿען.

גערשוני אָבער איז אַלץ נישט צופֿרידען מיט די גלענצענדע אויפֿטוען, וואָס רופֿען אַרויס אומעטום געוואַלדיגע באַגייסטערונג און אַ חשק נאָכצומאַכען. דאָרט וואו אַלע האָבען געזעהן אָפֿענעם דערפֿאָלג, האָט זיין אויג אויך באַמערקט באַהאַלטענע מיסערפֿאָלגען. ער נעמט

בויען פּלענער פון גראַנדיעזע איבערפאַלען אויף די הויפּט־פּאָזיציעס פון רעגירונגס־אַפּאַראַט, און בשעת זיין צווייטער רייזע קיין אויסלאַנד וועגדט ער זיינע זוכענישען אויפ׳ן געביט פון דינאַמיט־טעכניק. אָבער נאָך איידער ער באַווייזט צוצוגרייטען די נייע פאַזע פון אַקטיווען קאַמף, פאַלט ער אַרויס פון די רייען. באַוואוסט אין דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער וועלט מיט זיינע פאַרשידענע צונעמען, ווערט ער אויך אַנטפּלעקט פון דער זשאַנדאַרמעריע. דער אַלמעכטיגער מיניס־טער פּלעווע, וואָס האָט זיך געשאַפען א רעפּוטאַציע אלס באַזיגער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליא", שטעלט אַוועק גערשוני׳ס בילד צו זיך אויפ׳ן שרייב־טיש און דערקלערט, אַז ער וועט זי נישט צונעמען ביז דער אָריגינאַל וועט נישט אַרעסטירט ווערן. דער צאַר אַליין כעס׳ט זיך און פאַרלאַנגט דאָס זעלבע פון דער פּאָליציי. די שמחה אין די פּאָ־ליציייאישע קרייזען, נאָכדעם ווי מ׳האָט צופעליג אַנטדעקט די שפּורען פון גערשוני׳ן און איהם גענומען געפאַנגען, איז געוועזן אומבאַ־שרייבליך.

*****

גערשוני איז געוועזן א מענש מיט אַן אומגעוויינליך בויגיגען מוח און שאַרפען פּאָליטישען חוש, און מיט זיין דירעקטען אַנטייל האָט דער אינטעלעקטועלער צענטער פון דער פּאַרטיי אין אויסלאַנד געלייזט א גאַנצע רייע אָנגעזאַמלטע שטרייט־פראַגען פון דער רעוואָלו־ציאָנערער טעאָריע און פּראַקטיק, און דאָס האָט שטאַרק געהאָלפען דעם וואוקס פון דער פּאַרטיי. זי האָט באַהערשט די מחות און הערצער פון וויכטיגסטענס א העלפט פון דעם יונגען רעוואָלוציאָנערען דור. חוץ דעם זיינען צו איהר צוגעשטאַנען די מאָהיקאַנער פון די פריהער־דיגע רעוואָלוציאָנערע דורות. אמת, זיי האָבען זיך נישט אַלע מאָל באַפרייט פון א געוויסען אַרכאַאיזם אין זייערע אַנשויאונגען, זיי האָבען נישט אַלעמאָל שלום געמאַכט מיט די טעאָרעטישע „נייאיגקייטען", אָבער זיי האָבען נישט געהאַט קיין אַנדער אָרגאַניזאַציאָנעלען צענטער, וואָס זאָל זיי אַזוי צוציהען, און זיי האָבען זיך אָנפאַרטרויט די יונגע פיהרער, וואָס האָבען געלערענט טראַכטען און ריידען אין די טערמינען פון מאָדערנעם, אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם.

די פּאַרטיי האָט אַנטשלאָסען אָפּגעוואָרפען די טראַדיציע פון די רוסישע אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס פלעגען זיך רופען (אגב, איז דאָס אויך צו באַמערקען אין דער געשיכטע פון די מערב־אייראָפּיי־

אישע געהיימע געזעלשאַפטען) מיט פאַרשידענע סימבאָלישע נעמען: „ערד און פרייהייט", „שוואַרץ־חלוקה", „פאָלקס־ווילען", „פאָלקס־רעכט" און דערגלייכען, און זי האָט זיך באַנוגענט מיט אַ פשוט'ער און אַלגעמיינער באַצייכענונג: סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. ביים אויסאַרבייטען די פּראָגראַם איז זי ווידער אַוועק פון דער טראַדיציע פון די פריערדיגע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס און האָט געלאָזט אָן אַ זייט דעם אַני־מאמין טיפּ פון דעקלאַראַציעס (די פּראָגראַם פון באַרימטען אויספיר־קאָמיטעט פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט זיך, למשל, אָנגעהויבען מיט די ווערטער: „לויט אונזערע גרונט־איבערצייגונגען זיינען מיר סאָציאַליסטען און נאַראָדניקעס"). זי האָט אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדער טיפּ, אַ היסטאָריש־סאָציאָלאָגישען, וואָס האָט זי דערנעהנטערט צו אַ לאַנגער רייע פּראָגראַמען פון אייראָפּעאישע אַרבייטער־פּאַרטייען, וואָס די ערפורטער פּראָגראַם פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געווען דער מוסטער פאַר זיי אַלעמען.

אין דער פּראָגראַם פון אַזאַ טיפּ קומט נישט אַרויס די פּאַרטיי ווי אַ מין „דעאוס עקס מאַכינאַ", וואָס שטעלט זיך אין נאָמען פון איהר אייגענעם סאָציאַל־פּאָליטישען אַני מאמין אַנטקעגען דער גאַנצער איבעריגער וועלט. פאַרקערט — דער פּאַרטיי ווערט אָנגעוויזען איהר פּלאַץ אין דער געשיכטע, זי ווערט באַטראַכט ווי אַ רינג אין דער לאָגישער קייט פון געשעהענישען, וואָס קריגט זיין זין אַ דאַנק זיין פּלאַץ אין דער קייט: עטוואָס, וואָס איז פאָראויסבאַשטימט, וואָס געהט מיט'ן שטראָם פון אַלוועלטליך־היסטאָרישען פּראָצעס און געהט אַריין אין איהם ווי אַן אומבאַדינגטער באַשטימענדיגער עלעמענט.

אין דער פאָרמולירונג פון היסטאָריש־סאָציאָלאָגישען אַריינפיר צו דער פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, באַמערקען זיך פאָלגענדיגע אייגענטימליכקייטען: די טערמינאָלאָגיע איז פריי סיי פון איינפלוס פון דער דיאַלעקטישער פילאָזאָפיע, אַזוי אויך פון איינזייטיגען היסטאָרישען מאַטעריאַליזם; דער שטאַנדפונקט איז פון קולטור־סאָציאַלען „אינטעגראַליזם"; עס ווערט אונטערגעשטראָכען די עטיש־הומאַניטאַרישע זייט פון דער סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג, און אין צענטער, אַלס אַ קולטורעלער אידעאַל, ווערט אַוועקגעשטעלט די פרייע מענשליכע פּערזענליכקייט, וואָס קאָן אומגעשטערט אַנטוויקלען איהרע שעפערישע כחות.

דאָס אַלץ שטייט אין פאַרבינדונג מיט די גרונטלאַגען פון דער אַזוי־גערופענער „רוסישער סאָציאָלאָגישער שולע", וואָס איהר ערשטער

אַנזאַגער איז געווען גערצען און איהרע באַגרינדער זיינען געווען פּ. ל. לאַווראָוו און נ. ק. מיכאַילאָווסקי. לויט דער לעהרע פון דער דאָזיגער שולע זיינען עקאָנאָמיק, רעכט און אידעאָלאָגיע די דריי זייטען פון געזעלשאַפטליכער עוואָלוציע, וואָס קענען פונאַנדערגע־טיילט ווערען נאָר אין דער אבסטראַקציע. די אויפגאַבע פון דער וויסענשאַפט איז — נישט קינסטליך אָנקניפּען איינע פון די זייטען אָן דער אַנדערער, נאָר פעסטשטעלען זייער פונקציאָנעלע שייכות אין דעם אויגענשיינליכען פּאַראַלעליזם פון זייער גאַנצער און איינציגער אַנט־וויקלונג. די דאָזיגע שולע זעהט ווייטער, אַז די געזעצען פון געזעל־שאַפטליכער אַנטוויקלונג זיינען אין תוך די געזעצען פון קאַמף פאַר עקזיסטענץ, קינסטליך קאָמפּליצירטע דורך דער סאָציאַלער סביבה, און צונויפגעקניפּטע מיט׳ן קאַמף פאַר דער אינדיווידואַליטעט וואָס פאַרוואַנדעלט די צופּאַסונג פונ׳ם איינצעלנעם צו דער סביבה אין א צופּאַסונג פון דער סביבה צום איינצעלנעם — אין ש ע פּ ע ר י־ש ע ר ע ו ו אָ ל ו צ י ע. דער וויכטיגסטער טרעגער פון דער שעפּערישער עוואָלוציע איז דער אויפבוי פון א ר ב י י ט ס־ה י־פּ אָ ט ע ז ע ן, וואָס טראָגען אויפ׳ן סאָציאַלען געביט דעם נאָמען — אידעאַלען. אידעאַל — דאָס איז דער קנופּ, וואו עס פלעכט זיך צונויף די טעאָריע מיט דער פּראַקטיק, דאָס אָביעקטיווע מיט׳ן סוב־יעקטיווען, דאָס וויסען וועגען דעם וואָס איז, מיט׳ן באַגריף פון דעם וואָס דאַרף זיין, די אויספאַרשונג מיט דער אָפּשאַצונג, דער אמת מיט גערעכטיגקייט. אָהן דעם אידעאַל איז נישטאָ קיין גאַנצער וועלט־באַנעם, וואָס איז נויטיג דרייפאַך: ווי א וועלט־אָנשויאונג, א וועלט־עמפּפינדונג און א וועלט־באַווירקונג. אין הסכם מיט דעם האָט די רוסישע סאָציאָלאָגישע שולע אויך דעם סאָציאַליזם באַטראַכט נישט ווי א פּשוט׳ע אָביעקטיווע פאַראויסזעהאונג פון ריינעם וויסען, נאָר ווי די העכסטע מאָס פון אָפּשאַצונגען, דעם העכסטען קריטער־יום פון טעטיגקייט און קאָנצענטראַציע פון מאָראַלען ווילען. דער אי־דעאַל פאַרענטפערט אויף א וויסענשאַפטליכען אופן יענע איינגע־וואָרצעלטע מענשליכע באַדערפעניששען, וועלכע די „אוטאָפּיעס" האָ־בען אמאָל געזוכט צו באַפרידיגען מיט דער הילף פון פאַנטאַזיע. דער אידעאַל איז דורכאויס פאַרבונדען מיט׳ן פונאַנדערשיידען אין דער היסטאָרישער עוואָלוציע די פּראָגרעסיווע פּראָצעסען פון די רעגרע־סיווע, די סאָציאַלע געזונטקייט פון די סאָציאַלע קראַנקהייטען. אין דעם זין איז דער סאָציאַליזם דער אוניווערסאַלער הומאַניזם פון דער

נייער צייט; ער איז אינטערנאַציאָנאַל נישט בלויז לויט זיינע וויר־קונגס־מעטאָדען, נאָר אויך לויט דער טיפער א ל מ ע נ ש ל י כ ־ ק י י ט פון זיין אינערליכען מאָראַלישען אינהאַלט.

אין די רייהען פון די ס. ר. איז געווען אַלגעמיין אָנגענומען די מיינונג, אַז די פּאַרטיי איז נישט מחויב צו פאַרבינדען איהר גורל מיט'ן גורל פון אַ באַשטימטער פילאָזאָפישער שולע און אַרויפצווינגען אויף די מיטגלידער ווי אַ מוז אַ געוויסען וועלט־באַנעם, וואָס זאָל אַרומכאַפּען אַלע ספערען פון געדאַנק און לעבען. נאָכדעם ווי מ'איז געקומען צו אַ באַשטימטער אויפפאַסונג וועגען די צילען פון סאָציאַ־ליזם, האָט די פּאַרטיי געלאָזט יעדען איינעם פילאָזאָפירען און באַ־גרינדען די דאָזיגע צילען אַזוי ווי ער פאַרשטעהט אַליין. וויכטיג איז ביי איהר געווען נישט ווי אַזוי די מענשען באַזינען און באַנעמען טעאָרעטיש זייערע מעשים, נאָר ווי אַזוי די מעשים ווערען דורכגעפירט ביים שאַפען די לעבעדיגע געשיכטע. פונדעסטוועגען האָט מען געקענט אין דער פּאַרטיי באַמערקען — און זיכער נישט צופעליג — אַ קלאָרען איבערוואָג פון וויסענשאַפטלאַך־פּאָזיטיווע אָדער קריטיש־רעאַליסטישע טענדענצען, וואָס שליסען אויס וועלכע עס איז מעטאַפיזיק, סיי רע־ליגיעז־אידעאַליסטישע, סיי מאַטעריאַליסטיש־דיאַלעקטישע.

דורך דער פּראָגראַם געהט דורך ווי אַ רויטער פאָדים די שטרעמונג אויסצומיידען יעדען איינפלוס פון „פאַטאַליסטישען אָפּטימיזם" ביים אָפּשאַצען דעם פּראָצעס פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, וואָס מוז — לויט איהרע „אימאַנענטע געזעצען" — כמעט אויטאָמאַטיש צוגרייטען דעם סאָציאַליזם. די פּאַרטיי האָט אויך נישט אָנגענומען די הנחה פון מאַרקסיזם, אַז אינדוסטריעל אָפּגעשטאַנענע לענדער קע־נען זעהן אין די פּאָרטגעשריטענע דאָס פּאָרבילד פון זייער אייגענער קינפטיגער אַנטוויקלונג. די פּאַרטיי־טעאָריע האָט געלערענט, אַז עס עקזיסטירען אייגענאַרטיגע „נאַציאָנאַלע טיפען" פון קאַפּיטאַליזם, וואָס טיילען זיך אויס מיט באַזונדערקייטען אין דעם גאַנצען קרייז פון זייער אַנטוויקלונג. די וויכטיגסטע באַדייטונג האָט פאַר זיי די שייכות צווי־שען די אַזוי־גערופענע „ליכטיגע" און „טונקעלע" זייטען פון קאַפּי־טאַליזם. אין דער ענטוויקלונג פון איין און דעם זעלבען קאַפּיטאַ־ליסטישען לאַנד קען מען באַמערקען נישט בלויז פּעריאָדישע וואַק־לונגען אַמאָל צו דער ליכטיגער זייט (הויכע קאָניונקטור), און אַמאָל צו דער אַנדערער (אינדוסטריעלע קריזיסען), נאָר אויך אַ געוויסען דורכשניט פון זייער פּראָפּאָרציאָנעלער געגנען־שייכות, וואָס איז אָפּ־

הענגיג פון אַ סך סבות. צווישען אַנדערע שפּילט דאָ אַ ראָלע די צייט, ווען דאָס לאַנד האָט זיך פאַרנומען אויפ'ן קאַפּיטאַליסטישען וועג — ד. ה., צי דאָס לאַנד האָט נאָך געהאַט אַ מעגליכקייט צו פאַרנעמען אַ נאַטירליכע מאָנאָפּאָליזירטע לאַגע אויפ'ן וועלט־מאַרק, אָדער עס האָט שוין געפונען די בעסטע פּאָזיציעס פאַרנומענע פון אַנדערע. ווייטער איז וויכטיג דער פּלאַץ, וואָס דאָס לאַנד פאַרנעמט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרטיילונג פון ארבייט. היות ווי די קאַפּיטאַליסטישע פאָרם פון דער אינדוסטרי האָט נישט דיזעלבע עלאַס־טישקייט אין אַלע איהרע צווייגען, און בשעת אין אייניגע העלפט זי די אינדוסטרי זיך אַנטוויקלען אַ לענגערע צייט, ביז וואַנען זי הייבט אָן ווערען אַ שטער און אַ הינדערניש, ווערט דערזעלבער פּראָצעס דורכגעמאַכט אין אַנדערע אינדוסטריען אַ סך שנעלער. אַזוי אַרום זיינען פאַראַן „פּריווילעגירטע" לענדער, ביי וועלכע די „פּאָזיטיווע" זייטען פון דער בורזשואַזער ציוויליזאַציע קענען מיט זייער גלאַנץ פאַר־שיינען די טונקעלע זייטען, און עס זיינען דאָ לענדער — שטיפקינדער פון דער געשיכטע — וואו אַלע גרוילען פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע צובליען זיך מיט דאָפּעלט־בלומען, און די בורזשואַזע פאָלקס־ווירטשאַפט ווי אויך דאָס קולטורעל־סאָציאַלע שאַפען זיינען פולשטענדיג בלוט־אָרעם. צווישען די צוויי עקסטרעמען ליגען די לענדער פון מיטלסטען אָדער געמישטען טיפּ.

וואָס איז שייך רוסלאַנד, האָבען די טעאָרעטיקער פון דער פּאַרטיי ס. ר. זי אָנגענומען פאַר אַ מוסטער־לאַנד פון יענעם טיפּ, וואו די „טונקעלע" זייטען פון קאַפּיטאַליזם וועגען איבער אַנצען אַריבער די „ליכטיגע". אין דעם איז שולדיג סיי דער פאַקט, וואָס דאָס לאַנד האָט זיך זעהר שפּעט פאַרנומען אויפ'ן וועג פון קאַפּיטאַליזם, אַזוי אויך דער הויפּטזעכליך־אַגראַרישער כאַראַקטער פון איהר עקאָנאָמיק, און דערפון נעמט זיך די אָפּגעשטאַנענקייט פון דער רוסישער בורזשואַזיע לגבי די ליבעראַלע בורזשואַזיעס פון די אינדוסטריעלע לענדער און איהר אונטערטעניגקייט צו דער זעלבסטהערשאַפט.

דערפון איז ווייטער אַרויסגעדרונגען די אומזיכערע לאַגע פון רוסישען קאַפּיטאַליזם אין דער עפּאָכע פון רעוואָלוציעס און די ערנסטע מעגליכקייט, אַז די בורזשואַזיע, וואָס האַלט זיך אָן דער זעלבסטהערשאַפט, זאָל צוזאַמען מיט איהר אַראָפּגעשוואונקט ווערען דורך דעם רעוואָלוציאָנערען שטראָם, און דער יונגער רוסישער קאַפּיטאַ־

ליזם זאָל „פּאַרוועלקען נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט אויפצו־בליהען".

קומענדיג צו דעם פּונקט, האָט זיך דער פּאַרטיי־געדאַנק נאָ־טירליכערווייז געמוזט פונאַנדערגעהן אין צוויי ריכטונגען.

איינינע, שטיצענדיג זיך אויף דער שוואכער לעבענס־פעיאיג־קייט פון רוסישען קאַפּיטאַליזם, זיינען געקומען צום שלוס, אַז דער מאָמענט פון אַ פּאָליטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד קען און דאַרף אויך ווערען דער מאָמענט, ווען עס זאָל געמאַכט ווערען אַן ערנסטע פּראָבע צו טאָן אַ „שפּרונג" פון קאַפּיטאַליזם אין סאָציאַליזם אריין.

פון דעם שטאַנדפּונקט האָט די פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי גע־דאַרפט ווערען אוממיטעלבאַר אַ פּראָגראַם פון אַ „סאָצילא־רעוואָ־לוציאָנערער איבערקערעניש", אַ מין פּראַקטישע פּראָגראַם פון קאָמו־ניסטישען מאַניפעסט פון יאָהר 1847. דאָס האָט געמיינט — אַ סיסטעם פון איינמאָליגע הארבע, דיקטאַטאָריש־דעספּאָטישע מיטלען, וואָס זאָלען מיט איין קלאַפּ אריבערפיהרען דאָס לעבען פון דער מענש־הייט אויף אַן אויסגעהאַלטענעם סאָציאַליסטישען דרך. מען דאַרף מאַכען אַ סוף צו דער צווייענדיגקייט פון אַלע סאָציאַליסטישע פּראָ־גראַמען מיט זייער פּאַרטיילונג אין אַ פּראָגראַם־מינימום און אַ פּראָ־גראַם־מאַקסימום, און אָננעמען דאַרף מען בלויז די פּראָגראַם־מאַק־סימום, אַ ברייט־אַנטוויקעלטע און קאָנקרעטיזירטע.

אָט די „מאַקסימאַליסטישע" שטרעמונג, פאַרטראָטען פון נ. ראַקיטניקאָוו'ן און אַנדערע, איז פון דער פּאַרטיי נישט אָנגענומען געוואָרען, און האָט געפונען איהר הויפּט־געגנער אין וו. מ. טשערנאָוו'ן. טשערנאָוו און אַנדערע האָבען אָפּגעלייקענט די מעגליכקייט פון אַן אוממיטעלבאַרען „שפּרונג אין סאָציאַליזם" בשעת אַ פּאָליטישער רעוואָלוציע. נישט צוליב דעם, ווייל דער קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד האָט נאָך נישט גענוג באַהערשט די פאָלקס־ווירטשאַפט און צענטראַ־ליזירט די אינדוסטריע. לויט דער מיינונג פון די טעאָרעטיקער פון עס־ער'ישען צענטער, איז די מדרגה פון קאַפּיטאַליסטישער צענטראַ־ליזאַציע ניט אַלעמאָל אויך די מדרגה פון צוגעגרייטקייט צום סאָ־ציאַליזם. ערשטענס, וועלען אויך ביים סאָציאַליזם נישט אַלע צווייגען פון דער אינדוסטרי פאַרוואַלטעט ווערען מיט דער זעלבער צענטראַ־ליסטישקייט — דער וויסענשאַפטליכער אווטאָנאָמיזם און דעצענטראַ־ליזאַציע וועלען אויך ביים סאָציאַליזם פאַרנעמען זייער געזעצליכען פּלאַץ. צווייטענס, איז די קאַפּיטאַליסטישע צענטראַליזאַציע אַ שטע־

קען מיט צוויי עקען: זי זונדערט אָפּ די פּאַרוואַלטונג פון דער אונטערנעמונג און איהר קאָמערציעלע פּאָליטיק פון די אויספיהר־פונקציעס אויף אַזוי ווייט, אַז אַנשטאָט וואָס אין דעם אַרבייטער זאָל זיך אַנטוויקלען אַ פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דער אונטערנעמונג, ווערט ער דורך די פּאָדערונגען פון דער טעמפּער דיסציפּלין פאַרוואַנדעלט אין איהרען אַ שונא. דער סאָציאַליזם דאַרף האָבען נישט אַזוי די טויטע „צוגעגרייטקייט" פון זאַכען, ד. ה. פון ווירטשאַפטליכען אַפּאַראַט, ווי די לעבעדיגע צוגעגרייטקייט פון מענשען: נישט בלויז אין נעגאַטיווען זין (שנאה צום קאַפּיטאַליזם, קאַמפּס־גייסט, ווילען צו רעוואָלוציע), נאָר באַזונדערס אין פּאָזיטיווען, אין שעפּערישען, אין זין פון פעהיגקייט צו זעלבסטשטענדיגער סאָציאַלער בויאונג. די דאָזיגע פעהיגקייטען קומען נאָר דורך דער פּראַקטיק פון וויסענשאַפּטליכער זעלבסטפאַרוואַלטונג: זיי אַרבייטען זיך אויס אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, באַזונדערס ביי דער קאָנסטרוקטיווער ריכטונג, וואָס זוכט אַרומצורינגלען די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען מיט כל'ערליי אַנשטאַלטען: געגענזייטיגע, קולטורעלע און אַנדערע. די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט וועט דאַרפען מיט זיך פאָרשטעלען פון איין זייט — אַ מין פיל־פאַרצווייגטע קאָנסום־געזעלשאַפט, וואָס כאַפּט אַרום דאָס גאַנצע לאַנד, און פון דער צווייטער זייט — פונקט אַזאַ פאַרצווייגטע סיסטעם פון פּראָפעסיאָנעלע אַרבייטער־קאָאָפּעראַציעס אויפ'ן מלוכה'שען פאַרנעם, וואָס וועלען דאַרפען דורכפירען די „באַשטעלונגען" פון די קאָנסומענטען. נישט די ערשטע, נישט די צווייטע קענען באַשאַפען ווערען מיט דעקרעטען — זיי מוזען אָרגאַניש אַרויסוואַקסען פון די שוין עקזיסטירענדיגע קאָאָפּעראַטיווען און פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען: פון פּריוואַט־רעכטליכע אָרגאַניזאַציעס וועלען זיי ווערען עפענטלאַך־רעכטליכע. און אַזוי ווי דאָס רוסלאַנד פון זעלבסטהערשאַפט, פון ווילקיר און רעכטלאָזיגקייט, שטערט די געזונטע ענטוויקלונג פון דעמאָקראַטישער קאָאָפּעראַציע און האָט אינגאַנצען נישט געלאָזט זיך ענטוויקלען די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, שטעהען דעריבער די אַרבייטער־מאַסען אויף אַ זעהר נידעריגער מדרגה פון צוגעגרייטקייט צו ווירטשאַפטליכער זעלבסטפאַרוואַלטונג און עס וועט אוממעגליך זיין מיט זיי צו מאַכען אַ באַלדיגען שפּרונג צו דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

אַזוי אַרום האָט די צענטראַלע שטרעמונג אין דער פּאַרטיי,

להיפוך צו דעם עקסטרעם־לינקען מאַקסימאַליסטישען פליגעל, נישט געגלויבט אין דעם, אז די רעוואָלוציע, וואָס וועט אָפּשאַפען דעם אבסאָלוטיזם, וועט קענען אויך ליקווידירען די קאַפּיטאַליסטישע סיס־טעם פון פאָלקס־ווירטשאַפט. מען איז געווען פונקט אזוי ווייט פון דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט, ווי פון דער גענענגעזעצטער רעכטס־סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָנשויאונג, אז די רוסישע רעוואָלוציע קאָן און דאַרף שטרעבען צו זיין בלויז א בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעוואָ־לוציע. די טעאָרעטיקער פון עס־ער׳ישען „צענטער” האָבען פעסט פאָרמולירט די אנשויאונג, אז פאַר א קלאַסיש־בורזשואַזער רעוואָלו־ציע איז די צייט אין רוסלאַנד שוין לאַנג אריבער, און פאַר א פולער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע איז זי נאָך ווייט נישט געקומען. די פאָרשטייענדיגע רעוואָלוציע דאַרף מען זיך דעריבער פארשטעלען ווי א רעוואָלוציע פון געמישטען אָדער איבערגאַנגס־טיפּ, א רעוואָלוציע — אזוי צו זאָגען — אָן עמפּיריש־לייבאָריסטישע, א פאָלקס־האָרע־פּאַשנע.

אָט די אָנשויאונג האָט זיך אין פּאַרטייאישען באוואוסטזיין אָרגאַניש צונויפגעפלאָכטען מיט׳ן אַלגעמיינעם קוק אויף דעם, ווי אזוי מען דאַרף זיך בכלל פאָרשטעלען דעם איבערגאַנג פון דער מענש־הייט צום סאָציאַליזם. די טעאָרעטיקער פון פּאַרטיי־צענטער האָבען איינגאַנצען אָפּגעוואָרפען די שיטה, אז דוקא די אנטוויקלונג פון קאַפּי־טאַליזם ביז די ווייטסטע מעגליכקייטען זיינע, דוקא דאָס פארכאַפּען אַלע געביטען פון פאָלקס־ווירטשאַפט און די מורא׳דיגע צענטראַלי־זאַציע פון דער מאַכט פון קאַפּיטאַל, וועלען אזוי צוגרייטען אַלצדינג פאַר׳ן סאָציאַליזם, אז דעם פּראָלעטאַריאַט וועט נאָר בלייבען צו פאַר־כאַפּען די מאַכט פּאָליטיש, און דעמאָלט וועט די ארבייטער־מלוכה ווערען דער קאָלעקטיווער באַלעבאָס פון אַלע אונטערנעמונגען, און זייער פאַרוואַלטונג וועט אריבער צו די באַאַמטע פון דער מלוכה, וואָס וועלען — נאָך די נויטיגע רעפאָרמעס — ווערען דער דינסט־אַפּאַראַט פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. די טעאָרעטיקער פון דעם פּאַרטיי־צענטער האָבען די שיטה אָפּגעוואָרפען, ווי א פאַנטאַס־טישע, און זיינען געקומען צום שלוס, אז צווישען דער עפּאָכע פון ריינעם קאַפּיטאַליזם און דער עפּאָכע פון אינטעגראַלען סאָציאַליזם וועט מען דאַרפען דורכגעהן א גאַנצען היסטאָרישען פּעריאָד מיט איבערגאַנגס־שטופען: ביי דער מאַכט וועלען שטעהן געמישטע רעגי־רונגען, רעגירונגען פון הנחות און קאָמפּראָמיסען; די קאָלעקטיווע,

געזעלשאַפטליכע פאָרמען פון אייגנטום אוןווירטשאַפט וועלן טריט נאָך טריט אָפּנעמען איין געביט נאָכ'ן אַנדערן ביים פּריוואַט־אייגנטום און פּריוואַטע אונטערנעמונגען; די קאָאָפּעראַטיווע, שטאָדטישע, געגענטליכע און מלוכה'שע אונטערנעמונגען וועלן מיט זייער אינדוסטריעלער ווירטשאַפט און מעטאָדען פון האַנדעל באַווייזן זייער באַרעכטיגונג און פעהיגקייט צו קאָנקורירען מיט די פּריוואַט־קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען; די קאָנסטיטוציאָנעלע פאַבריק, וואָס וועט פאַרטרייבען דעם פאַבריק־אַבסאָלוטיזם פון אונטערנעמער, וועט זיך אַנטוויקלען אין אַ מין „פאַבריק־רעפּובליק"; דער קאָנטראָל פון די אַרבייטער און דער מלוכה וועט צוגרייטען אַן עהנליכען רעזשים פון ווירטשאַפטליכער דעמאָקראַטיע אויך אין אַל־מלוכה'שען פאַרנעם; די מלוכה, די מאַכט, די ווירטשאַפט, וואָס זיינען ביז אַהער געפיהרט געוואָרען פון איין אידעע פון דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַסען־הערשאַפט, וועלן אָנשטאָט דעם געפיהרט ווערען פון אַ גאַנצער רייהע געגענגעזעצטע, געמישטע, פאַרשיידענפאַרביגע טענדענצען; און ענדליך— וועט די אַלגעמיינע אידעע, וואָס באַוועגט די אַלע פאַרשיידענאַרטיגע כחות, זיי ביסלאַכווייז צונויפנעמען און געבען איין ריכטונג, די ריכטונג פון אַ נייעם מאָניזם, פון סאָציאַליסטישען.

⁂

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט געקראָגען אַ באַזונדערע באַדייטונג דער קליינער ווערט, וואָס די טעאָרעטיקער האָבען צוגעשריבען דעם קאַפּיטאַליזם אין ערד־אַרבייט, אין דער עקאָנאָמישער באַזע פון דער גרעסטער מערהייט פון דער רוסישער באַפעלקערונג. פאַר'ן דאָרף האָט מען געדאַרפט זוכען גאָר אַנדערע וועגען פון אַריינוואַקסען אין סאָציאַליזם, וועגען מעהר דירעקטע און אוממיטעלבאַרע ווי דאָס פּראָבלעמאַטישע דורכגעהן — לויט'ן מוסטער פון דער אינדוסטריע — דורך די סטאַדיעס פון פּראָלעטאַריזאַציע און קאַפּיטאַליזאַציע. די עקשנות'דיגע לעבענס־פעהיגקייט פון רוסישען פויערטום האָט געצוואונגען צו באַטראַכטען די פויערים נישט ווי אַן איבערבלייבאַכץ פון אַמאָל, נאָר ווי אַ גאַנץ פעסטען לעבעדיגען עלעמענט פון דער מאָדערנער עקאָנאָמיק, וואָס האָט זיך זיינע אייגענע טענדענצען פון ווייטערדיגער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג. לאַסאַל'ס שטאַנדפּונקט, אַז דער פויערים־קריג איז געווען אַ רעאַקציאָנערע דערשיינונג, איז פון דער עס־ערישער טעאָריע דורכאויס פאַרוואָרפען געוואָרען. דער מאָדער־

נער „פויערים־קריג״ און די באוועגונג פון אינדוסטריעלען פּראָלע־טאַריאַט זיינען באטראכט געוואָרען ווי נאַטירליכע פאַרבינדעטע, און נישט ווי צופעליגע מיטגעהער צו איין ציל. אין דאָרף האָט זיך די פּאַרטיי אָפען אָריענטירט אויף אַן אגראַרער רעוואָלוציע, וואָס זאָל די ערד־אַרבייט באפרייען פון די קייטען פון פּריוואַטען ערד־אייגענטום. די פּאַרטיי ס. ר. האָט זיך געשטעלט פאַר איהר צוועק ארויסצורופען די אגראַרע רעוואָלוציע פון פּויערטום, אויסצואַרבייטען איהרע לאָ־זונגען און פּראָגראַם. דערויף האָט זי געזוכט אין דעם רעכט־באַ־וואוסטזיין פון די דאָרפישע האַרעפּאַשנע מאַסען אַזעלכע עלעמענטען, וואָס זאָלען אין זייער לאָגישער אנטוויקלונג קענען ווערען דער פונדאַ־מענט פון סאָציאַלען איבערבוי אויף׳ן וועג צום סאָציאַליזם.

אַזאַ עלעמענט איז, לויט די טעאָרעטיקער פון דער פּאַרטיי, די טראַדיציאָנעלע חזקה־איינפיהרונג פון פּויערטום בנוגע צו דער ערד. די געשיכטע פון רוסלאַנד איז צום גרעסטען טייל אַלעמאָל געווען אַ געשיכטע פון קאָלאָניזאַציע, דערהויפּט אגראַרע קאָלאָניזאַציע — פריהער פון די ברייטע ערד־שטחים פון מזרח־אייראָפּעאישען פלאַכ־לאַנד און שפּעטער — די נאָך ברייטערע שטחים פון די סטעפּעס פון מיטעל־אַזיע און די פלאַכלענדער פון סיביר. פון דער קאָלאָ־ניזאַציע איז ארויסגעוואַקסען אַ פאָרם פון ערד־אייגענטום, וואָס גיט דאָס רעכט אויף דער ערד צו יענעם, ווער עס האָט זי דער ערשטער פאַרכאַפּט. וואָס מעהר אָבער עס קומען אָן נייע קאָלאָניסטען און עס צוּוואַקסען זיך די משפחות פון די אַלט־געזעסענע, אַלץ ווייניגער אַכט ווערט געלעגט אויף דעם קנין דורכ׳ן פשוט׳ן פאַרכאַפּען און עס פאַרלאַנגט זיך, אַז דער פאַרכאַפּער זאָל קונה זיין דאָס פאַרכאַפּטע מיט זיין מיה; דאָס רעכט פון ערשטען פאַרכאַפּען ווערט ביסלאַכווייז פאַרוואַנדעלט אין אַ רעכט פון דעם, וואָס האָט אריינגעלעגט זיין מיה אין דער ערד, זיך צו באַנוצען מיט די פּרוכט פון זיין מיה; און גלייכצייטיג מיט אָט דעם אינדיווידועלען רעכט פון אַרבייט וואַקסט אויס דאָס קאָלעקטיווע רעכט אויף אַרבייט, דאָס רעכט אויף אַ פּלאַץ אונטער דער זון, קלאָרער גערעדט: דאָס רעכט פון די ניי־געקומענע און ניי־געבוירענע צו קענען לעבען פון אַרבייט. פון דער נויטווענ־דיגקייט צונויפצופּאָרען אָט דיביידע רעכטען, דעם אינדיווידועלען רעכט פון געניסען די פּרוכט פון דער אַרבייט און דעם קאָלעקטיווען רעכט אויף צו באַזאָרגען יעדען איינעם מיט אַרבייט (פון וועלכער ער זאָל שפּעטער געניסען די פּרוכט), איז ארויסגעוואַקסען יענע אייגענ־

אַרטיגע טראַדיציאָנעלע קאָאָפּעראַציע ביים פאַרטיילען די ערד, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דאָרפישען „מיר" (קהל), אָדער „אָבשטשינא" (געמיינשאַפט).

די פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָט אין איהר אַג־ראַר־פּראָגראַם דעריבער פּרובירט אויף אַן אַל־מלוכה'שען מאַסשטאַב אָנווענדען די צוויי גרונט־פּרינציפּען, דאָס רעכט פון ארבייט און דאָס רעכט אויף אַרבייט, אין זייער האַרמאָנישער צונויפּפּאַרונג; עס זאָלען פּאַנאַנדערגענומען ווערען די ענגע אָפּגעגרעניצטע ראַמען פון דאָר־פישען „מיר" און די גאַנצע ערד זאָל דערקלערט ווערען ווי דאָס פאַר־מעגען פון גאַנצען פאָלק און עס זאָל אויף איהר איינגעפיהרט ווערען א רעזשים פון אַ נייעם ארבייטס־רעכט. דאָס האָט געמיינט, אַז אַלע בירגער זאָלען באַקומען גלייכע רעכט צו אַרבייטען אויף דער ערד און דאָס גאַנצע לאַנד זאָל ווערען איין גרויסע קאָאָפּעראַציע — אַ מין אַל־רוסישע ערד־געמיינשאַפט. אָט דער דאָזיגער פּונקט, די סאָציאַ־ליזירונג פון דער ערד, איז אין דער פּראָגראַם פון די סאָצ.־רעוו. גע־וואָרען די גרונט־באַזע פאַר אַ גאַנצער סיסטעם פון ווייטערדיגע אַנט־וויקלונגען, דער תוך פון וועלכע איז געווען דער פרייער קאָאָפּעראַ־טיוויזם, וואָס ווערט געשטויסען פאָראויס און באַפרוכפּערט דורך דער מלוכה'שער אָנווענדונג פון די מאָדערנסטע איינריכטונגען פון דער אַגראָנאָמישער טעכניק. דאָס אַלץ אינאיינעם האָט צונויפגע־שטעלט אָט יענעם „באַזונדערען וועג פון אַנטוויקלונג" אויף וועלכען דער דאָרף האָט געדאַרפט אריינוואַקסען אין סאָציאַליזם. די פּאַרטיי, וואָס האָט געוואָלט אויפהויבען דאָס פּויערטום געגען דער זעלבסט־הערשאַפט „פאַר ערד און פרייהייט", האָט געדאַרפט האָבען פאַר די אויגען אָט די פולע פּערספּעקטיווע פון דער באַוועגונג.

אין הסכם דערמיט האָט די פּאַרטיי געזוכט צו אנטוויקלען די ברייטסטע אַרבייט אין דאָרף. דאָס ערשטע קעמערעל פון אַ פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ פּויערשע „ברודערשאַפט", וואָס האָט גע־דאַרפט צונעוואוינען די פּויערים צו סאָלידאַרישע מעשים אין צוויי ריכטונגען: ערשטענס, באַשיצען דעם דאָרפישען „מיר" פון דער אריינמישונג און השגחה מצד דער אַדמיניסטראַציע, און פון די מיסברויכונגען מצד איהרע משרתים, די דאָרפישע מאַכט; און צוויי־טענס, פיהרען אַ קאַמף מיט די פּריצים — פאַר העכערע פּאַרדינסטען פון די באַטראַקעס (דאָרפישע לוין־אַרבייטער), פאַר קלענערע אַרענדע־צאָהלונגען, פאַר אָפּשאַפען די שקלאַפישע באַדינגונגען פון „אָפּאַר־

בייטען״ דאָס אָרענדע־געלט א. א. וו. צווישען די מיטלען פון קאַמף זיינען באַזונדערס רעקאָמענדירט געוואָרען אָפּמאַכען פון גרויסע ראיאָנען פויערים צווישען זיך נישט צו צאָהלען פאַר אָרענדע איבער א באַשטימטען פרייז, נישט אָנצודינגען זיך אויף אַרבייט נידעריגער פון די באדינגונגען, וואָס דער פויערים־פאַרבאַנד האָט באַשטימט א. א. וו. פאַר דעם צוועק האָבען די ברודערשאַפטען פון באַזונדערע דערפער געדאַרפט גרינדען זייערע פאַראייגען — פאַר וואָלאָסטען, אויעזדען א. א. וו., וואָס האָבען צוזאַמען געבילדעט דעם „פויערים־פאַרבאַנד פון דער פאַרטיי ס. ר.״

דעם אַזוי גערופענעם אַגראַרען טעראָר, וואָס איז געווען זעהר פּאָפּולער אין די דערפער און איז באַשטאַנען אין כסדר קאַליע מאַכען דעם פּריציש׳ען אינוואַנטאַר, שעדיגען די פיה, אונטערצינדען געביידעס א. א. וו. האָט די פאַרטיי אָפּגעוואָרפען. דער טעראָר איז באַטראַכט געוואָרען ווי א מיטעל, וואָס צושטויבט, אָבער אָרגאַניזירט נישט דעם דאָרף, וואָס צינדט אָן דאָס בלוט, ברענגט צו כאַאָס און מעסערשטעכעריי, וואָס דאָס קען זיין א צאָרן־אויסדרוק פאַר׳ן ערדלאָזען, דעקלאַסירטען, דאָרפישען לומפּען־פּראָלעטאַריער, אָבער עס איז געגען דער געזונטער פּסיכיק פון ווירטשאַפטליכען מיטעל־פויער, וואָס האָט ליב די ערד און ערד־אַרבייט און האָט פיינט יעדע שעדיגונג, פאַרדאַרבעריי און נאַכלעסיגקייט אין דער ווירטשאַפט. דער פאַרבאַנד האָט רעקאָמענדירט: דערקלערען אַן אַלגעמיינעם באָיקאָט געגען די באַזונדערס־פאַר׳עקשנ׳טע פּריצים, נישט האָבען מיט זיי צו טאָן און אַרומרינגלען זיי מיט א מין חרם. דער ווייטערדיגער שריט האָט געדאַרפט זיין א דעקלאַראַציע וועגען אָפּשטעלען אַלע צאָהלונגען, דאָס באַנוצען זיך אומזיסט מיט די פּריצישע לענדערייען און ענדליך — מיט געוואַלד אַרויסזעצען דעם פּריץ פון דאָרף. אין לעצטען פאַל האָבען זיינע זאַפּאַסען פון תבואה, היי, וואַלד־מאַטעריאַלען און עהנליכעם געדאַרפט — אונטער דער השגחה פון פאַראיין — גלייך צוטיילט ווערען צווישען די פויערים לויט די באַדערפעניש׳ען פון די משפּחות. די העכסטע פאַזע פון דער באַוועגונג, וואָס האָט געדאַרפט בשעת א רעוואָלוציאָנערער איבערקערעניש פאָרקומען גלייכצייטיג מיט׳ן אַלגעמיינעם סטרייק אין די שטעדט, האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל אַרויסטרייבען נישט נאָר די פּריצים, נאָר אויך די צאַרישע אַדמיניסטראַציע, מען זאָל אויפהערען צאָהלען שטייערן און געבען רעקרוטען, און בכלל פאַרכאַפּעריש איינפיהרען א פולע און דורכ־

אויסיגע רעוואָלוציאָנערע זעלבסט־פּאַרוואַלטונג, און די צייטווייליגע פּאַרוואַלטונג מיט די פּריצישע גיטער זאָל איבערגעגעבן ווערן צו דער אויסגעוועהלטער מאַכט. די גרעניצען פון די פּריוואַטע גיטער און די דאָקומענטען אויף זיי זאָלען פאַרניכטעט ווערען, זיי זאָלען דערקלערט ווערען אַלס אַ פאָלקס־פאַרמעגען און דער סדר פון באַנוצען זיך מיט דער אויסגעלייזטער ערד זאָל שפּעטער אויסגעאַרבייט ווערען פון דער רעוואָלוציאָנערער געזעצגעבערישער מאַכט פון פאָלק.

די פּאַרטיי האָט זיך נישט געלעגט קיין פויגעלאַך אין בוזעם וועגען דער מעגליכקייט פון אַ גלייכצייטיגען אַלגעמיינעם פּויערים־אויפשטאַנד. ביי דער טעריטאָריעלער צעאוואָרפענקייט און שיטער־קייט פון פּויערשען ישוב איבער די אומגעהייערע שטחים פון רוס־לאַנד האָט עס אויסגעזעהן זעהר צווייפעלהאַפט. דער פּויערים־אויפ־שטאַנד איז דעריבער נישט באַטראַכט געוואָרען ווי אַ געניגענדיגער מיטעל צום זיג, נאָר בלויז ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון דער אַלגע־מיינער באוועגונג. די אָנפיהרענדיגע ראָליע, די סיגנאַלען, און די אַנטשיידענדיגע קלעפּ איבער די קעפּ פון דער זעלבסטהערשאַפט האָבען געדאַרפט קומען פון די שטעדט. דער אַנטייל פון דאָרף האָט געדאַרפט קודם כל צווינגען די רעגירונג פאַנאַנדערצואוואַרפען איהרע כחות און דערנאָך אויסמאַטערען און דעמאָראַליזירען די אַרמיי, וואָס איז אין איהר צוזאַמענשטעל דערהויפּט אַ פּויערשע, און ס'וועט איהר דעריבער שווערער ווי אַנדערע אָנקומען צו זיין אַ שטומער געוועהר אין די הענט פון די פּריצים און באַאַמטע געגען דעם פיינדליכען דאָרף. און דער לעצטער חשבון איז געווען, אַז בלויז אַ וואַקסענדיגע פּראָ־פּאַגאַנדע אין דאָרף קען ביסלאַכווייז, דורך די נייע רעקרוטען, אָנ־פילען די אַרמיי מיט אַזאַ מענשען־מאַטעריאַל, צווישען וועלכען די רעוואָלוציאָנערע אַרבייט זאָל קענען רעכענען אויף גרעסערע דער־פאָלגען.

פון פעברואַר 1902 הויבט די פּאַרטיי אָן ארויסצולאָזען פּראָ־קלאַמאַציעס, בראָשורען, בלעטלאַך פאַר רעקרוטען און סאָלדאַטען, מאַטראָסען, קאָזאַקען. אין יאָהר 1904 ווערט געמאַכט אַ פּראָבע צו פיהרען אַ ברייטע אַגיטאַציע צווישען די רוסישע קריגס־געפאַנגענע אין יאַפּאַן, און די יאַפּאַנעזישע רעגירונג גיט ארויס אַ פאַראָרדנונג, אַז די פּאָסט זאָל נישט אָננעמען די עס־ערישע ליטעראַטור (די זעלבע פּראָבע ווערט באַנייט בשעת דער וועלט־מלחמה בנוגע צו די קריגס־

געפאַנגענע אין די לאַגערן פון די צענטראַל־אייראָפּעאישע מלוכות). אין דער צייט פון דער ערשטער רעוואָלוציע ווערט באַשאַפן אַן „אַלרוסלענדישער פאַרבאַנד פון סאָלדאַטן און מאַטראָסן" מיט צוויי אָפּטיילן: דער „פרייער צוזאַמענשטעל" פון פאַרבאַנד פון ציווילע פאַרטיי־אַגיטאַטאָרס און אָרגאַניזאַטאָרס, און דער אייגנטלעך־מיליטערישער, וואָס האָט אין דער אַרמיי אויף די פלעצער גאַרניזאָן־פאַרזאַמלונגען, און אין פלאָט — שיפס־קאָמיטעטן און פאַראייניגטע פלאָט קאָמיטעטן. דער אָרגאַן פון פאַרבאַנד איז געווען די „סאָלדאַטסקאַיאַ גאַזעטאַ" (זיבען נומערן), וואָס איז דערנאָך רעאָרגאַניזירט געוואָרען אין „זאַ נאַראָד" („פאַר'ן פאָלק"). אין דער פּראָווינץ זיינען אויך אַרויסגעגעבען געוואָרען ביז 7 אָרגאַנען (זיי פלעגען געוועהנליך טראָגען די נעמען: „סאָלדאַט", „סאָלדאַטישער געדאַנק", „סאָלדאַטיש בלאַט" א. א. וו.). חוץ דעם איז באַשאַפן געוואָרען אַן אומפּאַרטייאישער „אַלרוסלענדישער אָפיצערען־פאַרבאַנד" מיט אַ זשורנאַל „וואָיענני סאָיוז" („מיליטערישער בונד"), וואָס איז שפּעטער אויסגעברייטערט געוואָרען אין „נאַראָדנאַיאַ אַרמיאַ" („פאָלקס־אַרמיי"). דער צוזאַמענשטעל פון פאַרבאַנד איז געווען אַ דאָפּעלטער: אַן אייגנטליכער עס־ערישער קערן מיט אַן אומפּאַרטייאישען שאָלאַכץ. די מיטלען אויפ'ן זשורנאַל האָט געגעבען די פאַרטיי. אַ געוויסע צייט איז אויפגעקומען און ענערגיש געאַרבייט אויך אַ „פאַרבאַנד פון מיליטערישע שרייבער" (קאַנצעלאַריסטען) מיט אַ ריין־פּאַרטייאישען צוזאַמענשטעל. ביים צענטראַל קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי האָט אויך עקזיסטירט אַ צענטראַלע מיליטערישע ביוראָ, עס האָט זיך אויך פאַרזאַמעלט אַ קאָנפערענץ פון פאָרשטעהער פון מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס.

ווען די ערשטע רעוואָלוציע האָט גענומען געהן באַרג אַראָפּ, האָט זיך ביי די מיליטערישע טוער באַוויזען אַ געפעהרליכע טענדענץ אָפּצורייסען די מיליטערישע אַרבייט פון דער אַלגעמיינער, און ביי די טוער אויף די פלעצער — זיך אָפּצורייסען פון די לאָקאַלע פּאַרטיי־קאָמיטעטן. גלייכצייטיג דערמיט קומען אויך אויף פלענער פון זעלבסטשטענדיגע, ריין־מיליטערישע אויפשטאַנדען, וואָס זאָלען זיך נישט רעכענען מיט דער שטימונג פון די לאָקאַלע אַרבייטער־מאַסען. דער צ. ק., צו וועמען די לאָקאַלע קאָמיטעטן האָבען זיך געווענדעט, שטרעבט אויסצוגלייכען די „זעלבסטשטענדיגע" אָפּנויגען, שטויסט זיך אָן ביי אַ טייל מיליטערישע טוער אויף אַן „אווטאָנאָמישע" אָדער

סעפּאַראַטיסטישע שטרעמונג, וואָס לאָזט זיך אָבער ענדליך בייקומען
ביי דער פּולער שטיצע פון דער גאַנצער פּאַרטיי. אַזוי איז אויך
אַנטשטאַנען און איז אויסגערונען אַ „זעלבסטשטענדיגער” אָפּנויג
צווישען די טעראָריסטען פון דער באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ.

אַ סך ערנסטער איז געווען דער אינערליכער קאָנפליקט מיט די
אַזוי גערופענע „מאַקסימאַליסטען” פון דעם נייעם שניט, וואָס האָט
אין 1906 געבראַכט דערצו, אַז זיי זאָלען זיך אָפּטיילען אין אַ באַ־
זונדער פּאַרטיי. בשעת דער אַלטער טעאָרעטישער מאַקסימאַליזם פון
ראַקיטניקאָוו'ן, אַלטאָוסקי'ן און די אַנדערע האָט זיך גאַנץ גוט איינ־
געלעבט אין די ראַמען פון דער פּאַרטיי, האָבען זיך די נייע מאַקסימאַ־
ליסטען אַלץ מעהר אָפּגעזונדערט אידעאָלאָגיש און פּראַקטיש, אויפ־
נעמענדיג אין זייער פּראָגראַם אַ סך פּונקטען פון אַנאַרכאָ־סינדיקאַ־
ליזם און אויך פון דער אַזוי גערופענער „מאַכאַיעווטשינאַ” (דאָס
איז געווען אַן אייגענאַרטיגע, כלומרשט־מאַרקסיסטישע לעהרע פון אַן
„אַרבייטער־פּאַרשווערונג”, וואָס זאָל דורכפיהרען אַ גלייכצייטיגע סאָ־
ציאַליסטישע עקספּראָפּריאַציע ביי אַלע מינים בורזשואַזיע. צוזאַמען
דערמיט איז געגאַנגען אַ לעהרע, אַז די אינטעליגענציע איז דער
ערגסטער עלעמענט פון קאַפּיטאַליסטישען קלאַס, די באַזיצערין פון
„גייסטיגען קאַפּיטאַל” און אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז די ספּע־
ציעלע באַשיצערין פון דעם דאָזיגען מין „קאַפּיטאַל”). די מאַקסי־
מאַליסטען זיינען סוף כל סוף דערגאַנגען צו אַ פּרינציפּיעלען אַנטי־
פּאַרלאַמענטאַריזם. זייער הויפּט־לאָזונג איז געווען: פּויערים זאָלען
דירעקט פּאַרכאַפּען דאָס לאַנד, אַרבייטער — די פאַבריקען און זאַ־
וואָדען. דער טאַקטישער צוגרייטונגס־מיטעל איז געווען — ערשטענס
אַלגעמיינער טעראָר, אויך אין דער פאַבריק און אויפ'ן לאַנד, און
צווייטענס — רעוואָלוציאָנערע עקספּראָפּריאַציע — ד. ה. צואוואָר־
פענע איינצעלנע אָנפּאַלען אויף די רייכע, כדי אַוועקצונעמען ביי זיי
דאָס געלט און פּאַרווענדען עס סיי אויף ווייטערדיגען קאַמף, אַזוי
אויך אויף צו דערהאַלטען די עקזיסטענץ פון די קעמפּענדיגע שיכטען
פון די מאַסען. אין אַ סך פּונקטען פון זיין טעאָריע איז דער מאַק־
סימאַליזם געווען אַ מין נאַראָדניסטישער אָנזאָג אויף די העכסט־דעמאַ־
גאָגישע און פּרימיטיווע דרכים פון דעם קומענדיגען באָלשעוויסטישען
קאָמוניזם. די פּאַרטיי ס. ר. האָט זיך שאַרף אָפּגעצאַמט פון די
מאַקסימאַליסטישע טענדענצען נאָך אויף איהר ערשטען צוזאַמענפאָהר
אין אימאַטראַ, סוף 1905 — אָנהויב 1906. אויפ'ן צווייטען צוזאַ־

מענפאָהר אין טאַמערפאָרס האָט גערשוני, וואָס איז נאָר וואָס צוריק־געקומען נאָכ׳ן אַנטלויפען פון קאַטאָרגע, און מיט איהם ברעשקאָווסקאַיאַ און טשערנאָוו, דורכגעפיהרט אַן ענערגישע רעזאָלוציע געגען פּאַרטיזאַנעריי, געגען „צושטויבען די רעוואָלוציע״ אין אַלגעמיין און באַזונדערס געגען עקספּראָפּריאַטאָרישע אַנפאַלען.

נאָך איידער דאָס איז געשעהן, אין דער צייט פון ערשטען צוזאַמענפאָהר, האָט זיך פון דער פּאַרטיי אָפּגעשפּאַלטען פון רעכטס א גרופּע פון פאָלקיסטישער אינטעליגענץ, וואָס איז געווען ליטעראַריש איינפלוסרייך אָבער רעוואָלוציאָנער אומטעטיג, און וועלכע האָט זיך גרופּירט ארום דעם זשורנאַל „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ״. די גרופּע האָט איינגעפונען פאַר נויטיג אויסצושליסען פון דער פּראָגראַם אַלע רעוואָלוציאָנערע קאַמפּס־מיטלען און זיך שטעלען אויף א ריין־לעגאַלען באָדען. אַזוי ווי אָבער די מאַכט האָט זיך אַלץ איינס אָפּגעזאָגט צו רעגיסטרירען די נייע „פאָלקס־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי״, איז אויך דערמיט אוועקגעפאַלען די כלומר׳שטע מעלה איהרע פון קענען ווערען אַן אָפענע דעמאָקראַטישע מאַסען־פּאַרטיי אין געגענזאַץ צו די פאַרמאַכטע, קאָנספּיראַטיווע און שוין דערמיט אַליין נישט ברייט־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען. עס האָט אויך נישט געהאָלפען דער נייער פּאַרטיי, וואָס זי האָט איהר פּראָגראַם צוגעפּוצט צום נוסח פון די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע גרופּירונגען און האָט אין א גרויסער מאָס מקריב געווען די פּרינציפּען פון אינטערנאַציאָנאַליזם. זי איז געבליבען א ריין־אינטעליגענטישער שטאַב אָהן אַן ארמיי און האָט אין דעם ווייטערדיגען פּאָליטישען גורל פון לאַנד קיין ראָל נישט געשפּילט.

די פּאַרטיי ס. ר. האָט פון אָנהויב אָן צוגעגעבען א גרויסע באַדייטונג דער ארבייט צווישען דער אינטעליגענציע. לויט׳ן בליק פון דער פּאַרטיי, האָבען די זעלבע באַדינגונגען, וואָס האָבען געמאַכט די רוסישע בורזשואַזיע רעאַקציאָנער, אויך ארייננעוואָרפען די אינטעליגענציע אין לאַגער פון די ארבייטענדיגע און זי אָנגעשטעקט מיט א שאַרפער אַנטי־בורזשואַזער שטימונג. דערפון נעמט זיך די העגעמאָניע פון דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע אין דער רוסישער ליטעראַטור, דערפון אויך די שטענדיגע אַוואַנגאַרד־ראָלע פון סאָציאַליזם אין די העכערע בילדונגס־אַנשטאַלטען און ביי דער שטודירענדיגער יוגענד. אַלע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס אין די אוניווערזיטעטשטעדט האָבען געווענליך געהאַט ארום זיך א קרייז פון סאָציאַליס־

טישער סטודענטענשאפט און אפילו שילער פון די מיטעל־שולען. אין אדעם איז אין 1904 צוגעשטאנען צו דער פארטיי דער גאנצער „קאמיטעט פון די פאראייניגטע ארגאניזאציעס פון דער אינטעלי־גענציע". אין מאי 1903 האט די פארטיי ארגאניזירט א „פארבאנד פון פאלקס־לעהרער ביי דער פארטיי ס. ר.", און אין נאוועמבער פון זעלבען יאהר האט די טעטיגקייט פון פארבאנד שוין ארומגעכאפט 10 גובערניעס. אין די יאהרען 1905—1906 האט ער זיך ארייג־געגאסען אין אלגעמיינעם אומפארטייאישען פראפעסיאנעל־פאליטישען „פארבאנד פון פאלקס־לעהרער" און דאס האט געפיהרט דערצו, אז אויפ'ן צוזאמענפאהר פון פארבאנד האט די פראקציע ס. ר. געהאט א שטארקע מערהייט.

די פארטיי האט באטראכט די ארבייטענדיגע אינטעליגענץ ווי אן ארגאנישען באשטאנד־טייל פון ארבייטער־קלאס. זי האט אנערקענט די באדערפעניש אין אומבאגרעניצטער גייסטיגער פרייהייט ווי א באזונדערע אייגענשאפט פון אינטעלעקטועלער ארבייט, און נישט דורכגעלאזט קיין געלעגענהייט אונטערצושטרייכען אין איהר ליטע־ראטור, אז פאליטישע פרייהייט אין ברייטסטען זין פון ווארט איז ביי איהר נישט בלויז א קאמפס־מיטעל פאר סאציאלער גלייכהייט. באטראכטען די פרייהייט פאר בלויז א מיטעל, וואלט געהייסען פאר־קלענערען און דערנידעריגען איהר באדייטונג. די פרייהייט איז א גאנץ זעלבסטשטענדיגער סאציאל־קולטורעלער ווערט, וואס איז א טייל פון דעם ענדגילטיגען געזעלשאפטליך־פאליטישען ציל אדער אידעאל. סאציאליזם אהן פרייהייט וואלט געווען א מענשליכע שטאל אדער א קאזארמע.

די פארטיי ס. ר. האט בכלל געגלויבט, אז די סאציאליסטישע אינטעליגענציע האט א באזונדערען בארוף אין לאגער פון דער רעוואָ־לוציע. אזוי ווי ביי דער אלטער ארדנונג איז די זעלבסטהערשערישע ביוראקראטיע דער פארבינדונגס־רינג צווישען די גוט־באזיצער און דער נייער בורזשואזיע, אזוי דארף די אינטעליגענציע אין דער רעוואָ־לוציע פארבינדען דעם אינדוסטריעלען פראלעטאריאט מיט דעם הארע־פאשנעם פויערטום. די פארטיי האט מיט אלע כחות זיך געמיהט צו ווערען די ארגאניזירטע דריי־אייניגקייט, וואס זאל פארבינדען אין לאגער פון ארבייט די אינטעלעקטועלע ארבייט מיט דער פיזישער און די אינדוסטריעל־פראלעטארישע מיט דער אגראר־פויערישער.

די טעטיגקייט פון דער פארטיי אין די שטאדטישע ארבייטער־

קוואַרטאַלען האָט אוועקגעשטעלט אויפ'ן טאָג־אָרדנונג די פראַגע וועגען די געגענזייטיגע באַציהונגען צווישען די ס. ד. און ס. ר. פון אָנהויב זיינען די באַציהונגען נישט געווען אַזוי פיינדליך און אָנגעצויגען, ווי ס'איז געוואָרען דערנאָך. דאָס האָט זיך טיילווייז גענומען דערפון וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטען פון יענע צייטען האָבען כמעט נישט אָנגעפיהרט קיין שום אַרבייט אין דאָרף, בשעת די עס־ערן זיינען געווען בלוטיג פאַראינטערעסירט אַריינצוציהען אין דער רעוואָלוציע די גרויסע און רויהע דאָרפישע מאַסע, און זיי האָבען דעריבער געזעהן אין דאָרף זייער „אמת'ע" און וויכטיגסטע אַרבייט. אַזוי אַרום האָט זיך פון אָנהויב אָן איינגעשטעלט אַ מין אייגענווילּיגע „צוטיילונג פון אַרבייט" און דערמיט אויך אַ טעריטאָריעלע גרעניץ צווישען דער טעטיגקייט פוןביידע פאַרטייען. חוץ דעם איז אין דער אַרבייט צווישען פראָלעטאַריאַט כמעט נישט געווען קיין חילוק צווישען ביידע פאַרטייען, און די ריכטונגען זיינען גאַנץ אָפט געגאַנגען פאַראַלעל, נישט קומענדיג צו קיין פּרינציפּיעלען צוזאַמענשטויס. אין איינעם פון די פאַרטגעשריטענסטע רעוואָלוציאָנערע צענטערס פון יענער צייט, אין סאַראַטאָוו, האָט זיך אַפילו געגרינדעט אַ פאַראייניגטע גרופּע פון ס. ד. און ס. ר. נאָכדעם איז אַנטשטאַנען דער „אוראַלער פאַרבאַנד פון ס. ד. און ס. ר." מיט אַ נאָך ברייטערען טעריטאָריעלען קרייז פון טעטיגקייט. די פיהרענדיגע קרייזען פון דער פאַרטיי ס. ר. און דער זשורנאַל „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָססיאַ" האָבען באַגריסט די דאָזיגע פאַראייניגונגען.

ווען אַזעלכע געמישטע אָרגאַניזאַציעס וואָלטען געבליבען לעבען און אָנגעשטעקט מיט זייער ביישפּיל אויך אַנדערע פלעצער, וואָלט רוסלאַנד מיט שנעלע טריט אוועק אויפ'ן וועג פון באַשאַפען אַן איינציגע סאָציאַליסטישע פאַרטיי. עס איז אָבער היסטאָריש באַשערט געווען צו גערן לאַנגע־לאַנגע יאָהרען נישט מיט'ן וועג פון פאַראייניגונג, נאָר פון צוברעקלונג. דערצו האָט באַזונדערס צוגעהאָלפען די פאַרביסענע און אַגרעסיווע פּאָליטיק פון סאָצ.־דעמ. צענטראַלען אָרגאַן „איסקראַ", וואָס האָט אונטער'ן איינפלוס פון לעניג'ען פאַנאַנדערגעבלאָזען די פראַקציאָנעלע שנאה. זי האָט שנעל אונטערגעגראָבען דעם גייסט פון אַל־סאָציאַליסטישער און אַל־רעוואָלוציאָנערער סאָלידאַריטעט, וואָס האָט באַהערשט די געמישטע פאַראייניגטע אָרגאַניזאַציעס, און זיי געבראַכט צום אונטערגאַנג.

ביסלאַכווייז אָבער האָבען זיך אויך דאָ, אויפ'ן געביט פון דער

אַרבייטער־באַוועגונג, אַנגעזאַמעלט גרינטליכערע און טיפערע חילוקי־דעות'ן.

קודם כל איז אויפגעקומען די פראַגע וועגן די געגענזייטיגע באַציהונגען צווישען די פּאָליטיש־פּאַרטייאישע, פּראָפעסיאָנעלע און קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס. בשעת ביי די סאָצ.־דעמ. זיינען די לעצטע צוויי געווען מינדערוויכטיג אין פאַרגלייך מיט דער ערשטער און האָבען זיך געמוזט איהר אונטערוואַרפען, האָט די פּאַרטיי ס. ר. פון אָנהויב אָן פּרינציפּיעל דערקלערט אַלע דריי פאָרמען פון דער אַרבייטער־באַוועגונג פאַר גלייכבאַרעכטיגטע און גלייך־וויכטיגע. זייער „דריי־איינינקייט" דאַרף דערגרייכט ווערען דורך אַ פריינדליכער געגענזייטיגער צוזאַמענאַרבייט, באַזונדערס אין די קריטישע מאָמענטען פון פּראָלעטאַריאַט'ס לעבען. קיין איינע פון די פאָרמען אָבער פון דער אַרבייטער־באַוועגונג טאָר נישט זוכען קיין הערשאַפט איבער אַן אַנדערער.

עס איז געווען אויך אַ צווייטער ווידערשפּרוך. ביי אַ באַדייטענדיגען טייל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט די גאַנצע „פּאָליטיק" פון אַרבייטער־קלאַס געדאַרפט געפיהרט ווערען דורך דער קלאַסען־פּאַרטיי, און פאַר די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען איז דעריבער געבליבען נישט מעהר ווי צו פיהרען אַ ריין־עקאָנאָמישען פּאַרטיידיגונגס־קאַמף אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. די עס־ערן האָבען אויך געהאַלטען, אַז די פּראָפ־פאַראיינען דאַרפען זיין פריי פון וועלכער עס איז פּאַרטיי־פּאָליטיק און נים שטיצען זיך ספּעציעל אויף דער אָדער יענער פראַקציע, וואָס ראַנגלען זיך צווישען זיך אין דער אַרבייטער־באַוועגונג, אָבער צו דער זעלבער צייט קענען זיי אויך פיהרען זייער אייגענע ריין־עמפּירישע אַרבייטער־פּאָליטיק. נאָך מעהר — אין די גרעניצען פון דער זעלבסט־הערשאַפט קענען זיי נישט בלייבען אין די ענגע גרעניצען פון טרייד־יוניאָניזם, און צי זיי ווילען יאָ אָדער זיי ווילען נישט, מוזען זיי פאַרוואַנדעלט ווערען אין „פּראָפעסיאָנעל־פּאָליטישע" פאַראיינען, וואָס נעמען דעם לעבעדיגסטען זעלבסטשטענדיגען אַנטייל אין אַלגעמיינעם פּאָליטישען קאַמף און דעריבער האָבען זיי זייער אייגענע פּלאַטפאָרמע פון פּאָליטישע פאָדערונגען.

אויפ'ן זעלבען גרונט האָבען די עס־ערן אויפגענומען די אידעע פון גענעראַל־סטרייק אַזוי שנעל ווי זי איז אויפגעקומען אין אייראָפּא, בשעת די סאָצ.־דעמ. האָבען זיך פון אָנהויב צו איהר באַצויגען זעהר

פּאָרזיכטיג און אַפילו סקעפּטיש, איבער׳חזר׳ענדיג אַאוער׳ס היסטאָרישע פראַזע: „גענעראַל־סטרייק איז גענעראַל־אומזין״. די איבערוועגענדיגע צאָהל פון ס.א.צ.־רעוואָלוציאָנערען אין אַלרוסלענדישען אייזענבאַהן־פאַראיין האָט געבראַכט צו דעם, אַז אויף זיין ערשטען צוזאַמענפאָהר, אין אויגוסט 1905, אין וועלכען עס האָבען זיך באַטייליגט דעלעגאַטען פון 19 אייזענבאַהן־ליניעס, איז — נאָכדעם ווי עס זיינען אַוועקגעגאַנגען דעמאָנסטראַטיוו די ס.א.צ.־דעמאָקראַטישע פאָרשטעהער פון דריי אייזענבאַהן־ליניעס — באַשלאָסען געוואָרען דער גענעראַל־סטרייק פון די אייזענבאַהנען, מיט וועלכען עס האָט זיך אָנגעהויבען די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע פון 1905.

די פּאָזיציעס פון די פּאַרטייען זיינען זיך נאָך מעהר פאַנאַנדערגעגאַנגען בנוגע צום ראַט פון אַרבייטער־דעפּוטאַטען, וואָס איז באַשאַפען געוואָרען נאָכ׳ן ערשטען סטרייק. די באָלשעוויקעס האָבען געהאַלטען, אַז דער ראַט פאַרבינדט די סאָציאַליסטישע עלעמענטען מיט די צושוואַומען־דעמאָקראַטישע (צו די לעצטע האָבען זיי פאַררעכענט נישט בלויז די אומפּאַרטייאישע אַרבייטער, נאָר אויך די עס־ערן, און צייטענווייז אַפילו די מענשעוויקעס), און דעריבער האָבען זיי געפאָדערט, אַז דער ראַט (סאָוועט) זאָל זיך דערקלערען אַלס אַ געהילפס־אָרגאַן פון זייער פּאַרטיי. די מענשעוויקעס האָבען געוואָלט זעהן אין די ראַטען זעלבסט־באַשטימטע אָרגאַנען פון רעוואָלוציאָנערער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, און אַזוי אַרום האָבען זיי — אַליין דאָס נישט באַמערקענדיג — אַריינגעבראַכט אין זייער פּראָגראַם די אידעע פון אַ סאָוועטען־סיסטעם. פאַר די עס־ערן אָבער איז דער סאָוועט געווען אַ פאָר־פּאַרלאַמענט פון אַרבייטער־קלאַס, וואָס פאָרמולירט די אַלגעמיינע פאָדערונגען פון דער אַרבייטערשאַפט צו דער מלוכה, און צו דער זעלבער צייט אויך אַ פּראַקטישער אָרגאַן פון רעוואָלוציאָנערען קלאַסען־קאַמף, וואָס פאַראייניגט אַלע צושפּליטערטע און צושטויבטע פראַקציעס פון רוסישען סאָציאַליזם, כדי דערמיט צו צווינגען זיי אויפצוהאַלטען אַן „אייניגען פראָנט״ און זיך אונטערצואוואַרפען דער אַלגעמיין־רעוואָלוציאָנערער פּאָליטישער דיסציפּלין.

שוין בשעת די וואַהלען צו דער צווייטער „גאָסודאַרסטווענער דומע״ האָבען די עס־ערן געהאַט צו פאַרצייכענען באַדייטענדיגע דערפאָלגען אין די אַרבייטער־צענטערס. וועגען דעם זאָגען עדות די בריוו פון ל. אָ. מאַרטאָוו׳ן צו פּ. ב. אַקסעלראָד׳ן, וואָס באַשטעטיגען „אַ קאָלאָסאַלען נצחון פון די עס־ערן ביי די פּעטערבורגער

וואהלען אין דער אַרבייטער־קוריע", וואָס האָבען זיי געגעבען פון 30 ביז 40 פּראָצענט פון דער גאַנצער צאָהל פאַרשטעהער סיי אין שטאָדט אַזוי אויך אין די פאַרשטעדט, וואָס זיינען געווען איינגעשלאָסען אין שטאָדטישען וואהל־ראַיאָן. לויט מאַרטאָוו'ס עדות־זאָגען איז דער איינדרוק פון דעם דאָזיגען נצחון געווען אַ שטוינענדיגער, בפרט נאָך ווייל די פונקטען וואו די עס־ערן האָבען געזיגט זיינען געווען „די גרעסטע און דעריבער די רעוואָלוציאָנערסטע זאַוואָדען"; „דער־ביי — דערצעהלט ער ווייטער — איז דער נצחון פון די עס־ערן אַלעמאָל געקומען נאָך אַ רעדנער־קאַמף אויף די פאָרוואהל־מיטינגען און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די עס־ערן האָבען געקראָגען עטליכע מאָל אַזוי פיל שטימען ווי די ס. ד. אַזוי איז אויפ'ן סעמיאַ־ניקאָווער זאַוואָד דער צעטעל פון די עס־ערן דורכגעגאַנגען מיט 1300 ביז 1400 שטימען, בשעת די ס. ד. האָבען געקראָגען בלויז 400 שטימען. אויפ'ן אָבוכאָווער זאַוואָד איז געווען די זעלבע פּראָ־פּאָרציע". „אויף די קלענערע און מיטעלסטע זאַוואָדען — גיט מאַרטאָוו צו — האָבען מיר געזיגט כמעט אומעטום. מען דאַרף אָבער מורא האָבען, אַז דער לעצטער רעזולטאַט דערקלערט זיך פשוט דערמיט וואָס די עס־ערישע אָרגאַניזאַציע איז צו קליין אין צאָהל און האָט נישט געהאַט קיין כח אונז צו געבען אַ שלאַכט איבער דער גאַנצער ליניע, אַזוי אַז אונזער דערפאָלג אין די מעהרסטע פאַב־ריקען און זאַוואָדען נעמט זיך בלויז דערפון וואָס ווייטער ווי צו די „פאַרפאָסטען" פון פּראָלעטאַריאַט האָבען זיך די עס־ערן נאָך נישט דערקליבען" (זיין בריף פון 17טען פעוראַל 1907). פונקט אַזאַ „שטוינענדיגען" נצחון האָבען די עס־ערן אָפּגעהאַלטען אויך אין איניגע גרויסע אַרבייטער־צענטערס אין דער פּראָווינץ, ווי צ. ב. אין סעוואַסטאָפּאָל. מאַרטאָוו האָט נישט געמאַכט קיין סוד פאַר זיך און אָקסעלראָד'ן דערפון, אַז די הויפּט־סבה פון אָט דער ווענדונג צווישען די אַרבייטער איז „זייער מיטגעפיהל מיט איניגע פונקטען פון דער עס־ערישער פּראָגראַם, ווי דער טעראָר און ערד און פרייהייט".

וואָס איז שייך דער טעראָריסטישער טעטיגקייט, איז זי מיט'ן ערעסט פון גערשוני נישט איבערגעריסען געוואָרען. ער לאָזט איבער נאָך זיך אַ געניגענדיגען און פאַרזיכטיג־צוגעקליבענעם קאָנטינגענט מענשען, פון וועלכע עס טיילען זיך שפּעטער אויס און ווערען באַ־ריהמט אַזעלכע ליכטיגע און שטאַרקע פּערזענליכקייטען, ווי מאַק־סימילאַן שווייצער, איוואַן קאַלאַיעוו, יעגאָר סאַזאָנאָוו, אַלעקסעי

פּאָקאָטילאָוו, ניקאָלאַי בלינאָוו, באָרים סאַווינקאָוו און אַנדערע. עס איז אמת, אַז ער האָט געמאַכט אַ פּאַטאַלען שריט דורך דעם וואָס ער האָט איבערגעגעבען די פיהרערשאַפט און די פאַרבינדונגס־פעדים צווישען די טעראָריסטען אין די הענט פון אינזשעניר יעווגעני אַזעף, וועמעס נאָמען איז אין אַ צייט ארום געוואָרען אַ וועלט־סימבאָל פון פאַרראַט. אָבער אַזעף, אַן אויפגעטרייסעלטער פון די אידישע פּאָ־גראָמען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען לויט אַ וואונק פון אויבען, ווערט אַ דאָפּעלטער פאַררעטער: אי צו דער רעוואָלוציע, אי צו דער זעלבסטהערשערישער פּאָליציי. פון איין זייט הערט ער נישט אויף ארויסצוגעבען מענשען, און פון דער אַנדערער זייט לאָזט ער דורך און אָרגאַניזירט אפילו אַליין טעראָריסטישע אונטערנעמונגען. אין אַלגעמיין אָבער ווערט פאַרווירקליכט דער גרונד־געדאַנק פון גערשוני, און דער טעראָר־קאַמף, וואָס איז אין משך פון דריי יאָהר צייט, פון 1902 אָן, געווען איינגעשלאָסען אין די ענגע ראַמען פון דער צענ־טראַלער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ", ווערט דעמאָקראַטיזירט. לויט'ן מוסטער פון דער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע ווערען אָרגאַניזירט „פליהענ־דיגע קאַמפס־אָפּטיילונגען" פריהער ביי די גרויסע פּאַרטייאישע געגענד־אָרגאַניזאַציעס און ביסלאַכווייז אויך קלענערע „דרוזשינעס" ביי יעדען מעהר אָדער ווייניגער שטאַרקען אָרטיגען אָדער ראַיאָן־קאָמיטעט. פון די הויכען פון דער קאָנספּיראַציע, וואָס איז געווען אָפּגעריסען פון גאָר דער וועלט, לאָזט זיך דער טעראָר ארונטער אויף דער ערד, כדי צו ווערען אַ פאָרם פון פּאַרטיזאַנישען קאַמף ביי די מאַסען, איינער פון די פאַרשיידענע „מינים געוועהר" פון דער רעוואָלוציאָ־נערער אַרמיי, וואָס געהט צום באַוואָפענטען אויפשטאַנד.

די פּאָליטישע פּאָליציי פון יענער צייט — ווי איהרע פיהרער האָבען זיך אַליין מודה געווען — איז פון אָנהויב צוטומעלט גע־וואָרען פון די פּלוצלונגע קלעפּ וואָס האָבען גענומען פאַלען אויף די מאַכטהאָבער. זי האָט זיך געמוזט אויף שנעל איבעראָרגאַניזירען, באַשאַפען אַ גרויסע און פאַרצווייגטע סיסטעם פון פּאָליטישען שפּיאָ־נאַזש איבער דער פּראָווינץ און אַנטוויקלען אין אַן אויסערגעוועהנ־ליכער מאָס די סיסטעם פון פּראָוואָקאַציע. נישט קוקענדיג אויף דעם, האָט די צענטראַלע ב. אָ. אין מיטען 1904 און אין אָנהויב 1905 דורכגעפיהרט איהרע צוויי באַריהמטסטע אַקטען: זי האָט צו דער פרייד פון גאַנץ רוסלאַנד אָפּגעווישט דעם אַלמעכטיגען רעאַק־ציאָנערען הערשער, דעם פאַקטישען אַלרוסלענדישען דיקטאַטאָר פאָן־

פּלעווע, און נאָכדעם דעם מאָסקווער „וויצע־קעניג", דעם גרויספירשט סערגעי אַלעקסאַנדראָוויטש. די טאָג־ביכער פון גרויספירשט קאָנ־סטאַנטין ראָמאַנאָוו, וואָס זיינען נישט לאַנג פאַרעפענטליכט געוואָרען, זאָגען עדות, אַז די מיטגלידער פון דער דינאַסטיע און העכערער ביוראָקראַטיע האָבען אויס מורא פאַר דער ב. אָ. נישט געוואַגט זיך צו באַווייזען אַפילו אויף דער לויה.

אָנהויבענדיג פון 1905 און 1906 ווערט די ב. אָ. פּאַראַליזירט דורך דער אינוועניגער פּראָוואָקאַציע פון אזעפ'ן וואָס האָט שוין אויף זיך געצויגען דעם חשד פון זיינע פּאָליציייאישע באַלעבאַטים און איז געווען געצוואונגען זיך אָפּצוזאָגען אינגאַנצען אָדער צום גרעס־טען טייל פון דער דאָפּעלטער שפּיל. די אוממעכטיגקייט אָבער פון דער פּראָוואָקאַציע אין קאַמף מיט דער רעוואָלוציע ווייזט זיך ערגעץ נישט אַרוים אַזוי שאַרף ווי אין דער טעראָריסטישער טעטיגקייט. אין דער צייט וואָס דורך די יאָהרען 1902—1904 זיינען דורכגע־פיהרט געוואָרען אינגאַנצען 6 פּאַרטייאישע טעראָריסטישע אַקטען, ווערט אין 1905 זייער צאָהל — 51, אין 1906 — 78 און אין 1907 — 62.

אין דער פּאַרטיי־ליטעראַטור איז פאַראַן אַן אינטערעסאַנטער פאַרזוך צו זאַמלען סטאַטיסטישע ציפערען — נאַטירליך נישט קיין פולע — וועגען 202 פּאַרטייאישע טעראָריסטישע אַקטען. זייערע קרבנות זיינען געווען: איין מיטגליד פון דער צארישער פאַמיליע, צוויי מיניסטאָרען, 38 גראַדאָנאַטשאַלניקעס, גובערנאַטאָרען, וויצע־גובערנאַטאָרען און גענעראַל־גובערנאַטאָרען, 14 העכערע מיליטערישע באאַמטע, 52 איספּראַווניקעס, פּריסטאַוועס און פּאָליצמייסטערס מיט זייערע געהילפען, 12 העכערע באַאמטע פון דער זשאַנדאַרמעריע און פון דער אָכראַנע, 24 פּערזאָן פון דער טורמע־אַדמיניסטראַציע, פּראָ־קוראַטור א. א. וו., 40 שפּיאָנען, פּראָוואָקאַטאָרס, זשאַנדאַרמען, אַגענ־טען פון דער געהיים־פּאָליציי, 12 נידעריגערע פּאָליציי־באַאמטע, 3 פיהרער פון דער שווארצער מאה, 8 מיליטערישע, קאָנוואָי־אָפּטיי־לונגען און עהנליכע און 5 „פאַרשיידענע". פון דער דאָזיגער צאָהל זיינען 13 אַקטען אויף די וויכטיגסטע פּערזאָנען דורכגעפיהרט גע־וואָרען פון דער צענטראַלער ב. אָ., 65 פון די פליהענדיגע קאַמפּס־אָפּטיילונגען און 129 פון די גאַנץ דעמאָקראַטישע לאָקאַלע „קאַמפּס־דרוזשינעס". פון די אַטאַקירטע זיינען בלויז 16 געבליבען אומבאַ־שעדיגט, 85 זיינען פאַרוואונדעט געוואָרען און 139 געטויט. לויט'ן

סאָציאַלען אָפּשטאַם זיינען װעניגער װי 30% פון די אָנפאַלער געװען אינטעליגענטען, און די איבעריגע העכער 70% זיינען געװען ארבייטער, פויערים, סאָלדאַטען אָדער מאַטראָסען. פון זיי האָבען זיך דריי אַליין דערשאָסען נאָכדעם װי זיי האָבען דורכגעפיהרט דעם אַקט, 5 זיינען דער׳הרג׳עט געװאָרען אויפ׳ן אָרט, 38 האָבען באַקומען טויט־שטראָף, 14 האָבען געקראָגען קאַטאָרגע אויף טערמינען און 13 — אייביגע קאַטאָרגע. אַנטרונען בשלום נאָכ׳ן דורכפיהרען דעם אַקט זיינען 125 מענשען. אויסער דעם זיינען אין די פּראָצעסען װעגען נישט־פּאָר־געקומענע אַקטען געפאַלען פון טויט־שטראָף 19 פּאַרטיי־מיטגלידער, 26 האָבען געקראָגען קאַטאָרגע אויף טערמינען און 2 — אייביגע קאַטאָרגע.

לויט זייער באַדייטונג טיילען זיך באַזונדערס אויס — א חוץ די אויסגערעכענטע — פון איין זייט די טעראָריסטישע אַקטען, װאָס זיינען געקומען אַלס ענטפער אויף „איינשטילען״ מאַסען־באַװעגונגען, װי דער מאָרד פונ׳ם אונטערדריקער פון מאָסקװער אויפשטאַנד גענע־ראַל מין, דעם אונטערדריקער פון אויפשטאַנד אין פלאָט פון שװאַרצען ים אַדמיראַל טשוכנין, דעם מיליטערישען הויפּט־פּראָקוראָר פּאַװלאָװ, װאָס איז ארויסגעטריבען געװאָרען פון דומע מיט די געשרייען: תליון!; די „איינשטילער״ פון די סאַראַטאָװער פויערים, גענעראַל סאַכאַראָװ און לוזשענאָװסקי, און פון די פּאָלטאַװער פויערים — פילאָ־נאָװ; דעם רעאַקציאָנערען קאַנדידאַט אויף אַן אַלרוסלענדישען דיק־טאַטאָר גראַף איגנאַטיעװ, די פיינינגער פון מאַריא ספּירידאָנאָװא — דער פּעטערבורגער גראַדאָנאַטשאַלניק לאַוניץ, זשדאַנאָװ און אװראַ־מאָװ; װייטער קומען די אָנפאַלען אויף די באַריהמטע „איינשטילער״, די גענעראַלען קאַראַנגאָזאָװ, אַליכאַנאָװ, רענענקאַמף, דומבאַדזע, רימאַן און פילע אַנדערע. פון דער אַנדערער זייט זיינען געװען אויפרייסען, װאָס האָבען דעזאָרגאַניזירט די אַרבייט פון דער געהיים־פּאָליציי; שיסערייען אויף די פיהרער פון אַלגעמיינעם און ספּעציעל־פּאָליטישען שפּיאָנאַזש בשעת די גענעראַל־סטרייקען און אַנדערע מאַסען־באַװע־גונגען — אין מאָסקװע, סעװאַסטאָפּאָל, ביאַליסטאָק און אַנדערע פּלעצער; באָמבעס געגען אָפּטיילונגען פון דראַגונער, פון פּאַטרולען, פון קאָזאַקען, װאָס צוטרייבען דעמאָנסטראַציעס, פון סאָלדאַטען, װאָס אַטאַקירען באַריקאַדעס — אין יעקאַטערינאָסלאַװ, ביאַליסטאָק און אַנדערע פּלעצער.

בכלל געהט דער טעראָר האַנט אין האַנט מיט דער מיליטערישער

צוגרייטונג פון די מאַסען און מיט זייער באוואָפנונג. באזונדערס אין משך פון 1906—1907 שטויסט זיך די פּאָליציי כסדר אָן אויף לאַבאָראַטאָריעס פון אויפרייס־מאַטעריאַלען ווי אויך אויף סקלאַדען פון געוועהר, וואָס ווערען אין די באריכטען פון דער אָכראַנע קוואַ־ליפיצירט אַלס „גלענצענד־איינגעאָרדענטע”. באָמבעס ווערען דאָרט פּאַרכאַפּט אין די צעהנדליגער און אויפרייס־מאַטעריאַלען אין די פּודען; גלייכצייטיג ווערען געפונען אויך רעוואָלווערען, קוילען, ביק־סען און אין איינצעלנע פאַלען (ווי הינטער סעוואַסטאָפּאָל) אויך קוילען־וואַרפער, גע'גנב'עט פון די מיליטערישע סקלאַדען. אָבער דעם שטאַרקסטען איינדרוק האָט געמאַכט דער אומגליקליכער צופאַל מיט דעם דאַמפער „דזשאָן קראַפטאָן”, וואָס די פּאַרטיי האָט אויסגעשטאַט מיט געוועהר און וואָס איז אומגעקומען אין די פינלענדישע וואַסערען. נאָכדעם ווי עס איז געלונגען צו ראַטעווען אַ טייל פון געוועהר, וואָס איז דערנאָך באַנוצט געוואָרען צו באוואָפענען די פינלענדישע רעוואָ־לוציאָנערע „רויטע גוואַרדיע”, און אַ טייל אויפצורייסען צוזאַמען מיט'ן שיף, האָט די אָנגעלאָפענע פּאָליציי דאָך באוויזען ארויסצו־שלעפען פון וואַסער און צו געפינען פאַרגראָבען אויף די אינזלען אַ גרויסען מיליטערישען אַרסענאַל — דערין 10,000 ביקסען און רעוואָל־ווערען, איבער אַ האַלבען מיליאָן קוילען און 190 פוד אויפרייס־זשעלאַטין. אויפ'ן באריכט וועגען דעם האָט דער צאַר געמאַכט זיין באריהמטע אַלערהעכסטע באמערקונג: „אַ מיאוס'ע מעשה” (סקווער־נאָיע דיעלאָ).

ביים פאַרגאַנג פון דער רעוואָלוציע שפּילט דער טעראָר נאָך אַ ראָלע: ער האַלט איין די אָרגיע פון אומדערהערטער פייניגונג פון רעוואָלוציאָנערען אין די טורעמס און קאַטאָרגע (דער טויט פון די באריהמטע טורמע־סאַדיסטען מעטום, וויסאָצקי, באָראָדולין און אנדערע).

מען קען זאָגען, אַז די טעראָריסטען, וואָס האָבען די ערשטע אָנגעהויבען דעם קאַמף, האָבען אויך די לעצטע פאַרלאָזט דעם שלאַכט־פעלד.

אזוי ארום איז דער טעראָריסטישער קאַמף, אין וועלכען די פּאַרטיי ס. ר. איז געוואָרען אזוי ווי די יורש'טע פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ” און פון איהרע העלדישע טראַדיציעס, אין תוך געוועזען איב־גאַנצען אַנדערש ווי דער טעראָר פון די זיבעציגער און אַכציגער יאָהרען.

דער טעראָר פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז געווען אַ מין דועל, אַ טראַגישער גראַנדיעזער צווישן אַ הייפל רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געוואָלט פאַרדעקן זייער שוואַכקייט אין צאָל מיט דער שטאַרקייט פון זייער אָרגאַניזאַציע און איבערמענטשליכער ענערגיע — פון איין זייט — און דעם גאַנצן גראַנדיעזן אַפּאַראַט פון דער זעלבסטהערשערישער מלוכה־מאַכט, וואָס איז איבערגעבויט געוואָרן אין אַ קאַמפּס־אַפּאַראַט צו דערדריקן די געזעלשאַפטליכע באַוועגונגען.

דער טעראָר פון דער פּאַרטיי ס. ר. — להיפוך — איז געווען דורכגעטראַכט און אויסגערעכנט ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון אַן אַלגעמיינער באַוועגונג, וואָס שטעהט אין דינסט פון דעם גאַנצן „קאַמפּאַניע־פּלאַן". פון אָנהויב זיינען די טעראָריסטען געווען אַזוי ווי די אָנרעגער, וואָס רופן ארויס און ציהען אריין בּיסלאַכווייז אין שלאַכט די הויפּט־כחות פון שונא. דערנאָך שפּילען זיי די ראָל פון אַ צושאָטענער ליניע, אַ קייט פון שיסער וואָס צילען דערהויפּט אין די פיהרער און די קאָמאַנדירען פון דער פיינטליכער אַרמיי. צום סוף, ווען די באַוועגונג ווערט אָפּגעשוואַכט, טרעטען זיי ארויס ווי דער שויץ־אַריערגאַרד אָדער ווי פּאַרטיזאַנער, וואָס מאַטערען אויס און דעמאָראַליזירען דעם שונא מיט זייער פלינקייט, מיט דער שנעל־קייט און אומגעריכטקייט פון זייערע אָנפאַלען — דאָס איינציגע געוועהר, וואָס בלייבט איבער דאָרט, וואו די איבערוועגענדיגע מער־הייט פון שונא גיט נישט קיין מעגליכקייט צו פיהרען אַן אָפענעם קאַמף פּנים אל פּנים.

וואָס איז שייך דעם אַלגעמיינעם „קאַמפּאַניע־פּלאַן" פון דער פּאַרטיי, איז אויסגעקומען איהם צו אַנטוויקלען אויפ'ן הינטערגרונד פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. די פּאַרטיי ס. ר. האָט פאַר־נומען בנוגע צו דער מלחמה די זעלבע פּאָזיציע וואָס די פּאַרטיי ס. ד.: זי האָט געהאַלטען, אַז די פּרעטענזיעס פון רוסלאַנד אין קאָרעא און מאַנדזשוריע זיינען פונקט אַזוי אימפּעריאַליסטיש ווי די פּרעטענזיעס פון יאַפּאַן; אַז דער אַרבּייטער־קלאַס סיי פון רוסלאַנד אַזוי אויך פון יאַפּאַן איז געגען דער מלחמה פון די רעגירונגען און באַשיצט די סאָלידאַריטעט פון די פעלקער; די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען סיי פון רוסלאַנד, סיי פון יאַפּאַן, דאַרפען זיך דעריבער שטעלען געגען דער באַשאַפונג פון אַן „אַלגעמיין־נאַציאָנאַלען פראָנט", וואָס שאַפט אָפּ פּאָליטישען און קלאַסען־קאַמף; נישט קוקענדיג אויף דער מלחמה, דאַרף די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע אָנגעהן סיי אין רוסלאַנד, סיי

אין יאַפּאַן, און קיין איין רעוואָלוציאָנערע מעגליכקייט טאָר נישט דורכגעלאָזען ווערען.

אין משך פון דער דאָזיגער מלחמה — פונדעסטוועגען — איז דער פּאַרטיי ס. ר. נישט איינמאָל אויסגעקומען זיך אָפּצוגרעניצען פון די ליבעראַל־בירגערליכע שטימונגען, וואָס זיינען אין אָנהויב מלחמה געווען פלאַך־פּאַטריאָטישע, און צום סוף, אונטער דער ווירקונג פון די מפּלות, זיינען זיי געוואָרען פּונקט אַזוי פלאַך־„מפּלה'דיג". להיפּוך צו די ליבעראַלען, וואָס האָבען אין אַ גרויסער מאָס געלעגט אַלע האָפנונגען אויף דעם, אַז די — פון דרויסענדיגע קלעפּ צוטרייסעלטע — רעגירונג וועט צושניידען אַ קאָנסטיטוציע און זיי רופען צו דער מאַכט, כדי שלום צו מאַכען מיט די מיטעל־קלאַסען און פאַרגלעטען דעם איינדרוק פון פאַרלאָרענעם אויסערליך־פּאָליטישען פּרעסטיזש, — האָבען די סאָצ.־רעוואָלוציאָנערען פּראָקלאַמירט, אַז בירגערליכע פּאָליטישע רעכט און פרייהייטען זיינען פעסט נאָר דעמאָלט, ווען זיי ווערען נישט געגעבען פון אויבען, נאָר ווערען גענומען דורך אַ דרוק פון אונטען. די פּאַרטיי האָט זיך דעריבער אָפּגעגרעניצט פון דער ליבעראַלער „מפּלה"־שטימונג, ווי פון אַן אידעאָלאָגיע פון אָהנמאַכט און ווילענלאָזיגקייט, וואָס וואַרט, אַז דער געגנער זאָל באַזיגט ווערען נישט דורך איהר אייגענעם קאַמף געגען איהם, נאָר דורך דרויסענדיגע קאַטאַסטראָפעס.

דאָס צוזאַמענפאַלען פון אַזעלכע גרויסע טעראָריסטישע דערפאָלגען פון דער פּאַרטיי, ווי די באַזייטיגונג פון פּלעווע'ן און גרויספירשט סערגעי, מיט'ן דורכפאַל אין דער מלחמה און דער אָפּגעקיהלטער מיליטעריש־פּאַטריאָטישער אונטערטעניגקייט, האָט ארויסגערוקט די פּאַרטיי ס. ר. אויף דער פאָדערשטער פּאָזיציע אין דער וואַקסענדיגער באַוועגונג. אין הארבסט 1904 געלינגט איהר איינצואָרדנען אין פּאַריז אַ צווישען־פּאַרטייאישע קאָנפערענץ, אין וועלכער עס באַטייליגען זיך — אויסער איהר — די פאָלגענדע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען: די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, דער אַרמענישער דאַשנאַקצוטון, דער לעטישער סאָצ.־דעמ. פאַרבאַנד, די גרוזינישע פּאַרטיי סאָצ.־פעדעראַליסטען און די וויס־רוסישע „גראָמאַדאַ". אין דער קאָנפערענץ באַטייליגען זיך פּאַרטייען אויך פון דער נישט־סאָציאַליסטישער דעמאָקראַטיע: די פינלענדישע פּאַרטיי פון „אַקטיווען ווידערשטאַנד", די פּוילישע נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי און דער רוסישער „פאַרבאַנד פון באַפרייאונג". די אַלע פּאַרטייען זיינען

מסכים צו „געהן באזונדער, נאָר שלאָגען צוזאַמען” און ארבייטען אויס א פּלאַן פון א געזעלשאפטליכער קאמפּאניע פון קאמף פאר פּאָליטישער דעמאָקראַטיע אויפ'ן גרונד פון אַלגעמיינעם וואהלרעכט. די קאַמפּאַניע דארף זיך אָנהויבען מיט א רייהע ארויסטריטען פון דער באפעלקערונג: פּעטיציעס און אַדרעסען פון די זעמסקע פאר־זאמלונגען און שטאָדטישע דומעס, געזעלשאפטליכע באַנקעטען און פּאָלקס-מיטינגען און אַנדערע מינים דעמאָנסטראַציעס. אויפ'ן הינ־טערגרונד פון דער דאָזיגער אַלגעמיינער באוועגונג וועט יעדע פּארטיי אויסנוצען איהרע אייגענע מעטאָדען און קאמפּס-מיטלען, נישט ארויפ־צווינגענדיג זיי אויף די אַנדערע פארבינדעטע; אַלע פּארטייען אָבער זיינען זיך מתחיב נישט צו טאָן קיין זאַך, וואָס זאָל קענען אָפּשוואכען די האַנדלונגען פון יעדער באזונדער, אויף וויפיל זיי דערלאַנגען קלעפּ דער זעלבסטהערשאַפט; און אויך — נישט אוועקצולעגען דאָס גע־וועהר ביז עס וועלען נישט דערגרייכט ווערען די צילען, אין וועלכע עס זיינען פאראינטערעסירט אַלע אַנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ.

אין דער קאָנפערענץ האָט זיך געזאָלט באטייליגען אויך די סאָצ.-דעמ. פּארטיי, אויף וויפיל פּלעכאַנאָוו אליין האָט זיך באצויגען סימפּאטיש צו דער אידעע. שפּעטער אָבער האָט אין די קרייזען פון די ס. ד. געוואונען די אויבערהאַנט די שטרעמונג פון ניט-שלום מאַכען. דער פּועל-יוצא איז געווען, אַז די ר. ס. ד. א. פּ. האָט זיך אין דער קאָנפערענץ נישט באטייליגט און האָט געפיהרט א שאַרפע פּאָלעמיק מיט דער פּארטיי ס. ר., באשולדיגענדיג זי אין „בונד מיט די ליבע־ראַלען”, אין פאַרראַט צום סאָציאליזם.

די קאַמפּאַניע פון באַנקעטען, מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס האָט באַשאַפען אין לאַנד יענע אַלגעמיין-אָפּאָזיציאָנעלע און רעוואָ־לוציאָנערע שטימונג, וואָס האָט באַדייט די מאָראַליש-פּאָליטישע איזאָ־לאַציע פון דער זעלבסטהערשאַפט. די זעלבסטהערשאַפט האָט געזוכט זיך צו ראַטעווען דורך דער אזוי גערופענער „בוליגינשער” קאָנ־סטיטוציע. און כאָטש די רוסישע ליבעראַלען האָבען נישט אויסגע־האַלטען דעם ערשטען נסיון און האָבען באַשלאָסען צו געהן אין דער „בוליגינשער דומע”, איז אָבער דער אימפּעט פון דער באוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען מיט זייער אַנטייל, געווען שטאַרקער פון זיי. די רעוואָלוציאָנער-סאָציאַליסטישע פּארטייען האָבען דערקלערט דער דאָזיגער דומע א באָיקאָט. דערוויייל האָט דער שענדליכער שלום

פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה ארויסגעשטעלט געגען צאַריזם אויך דאָס באַליידיגטע געפיהל פון נאַציאָנאַלער זעלבסטווירדע ביי יענע געזעלשאַפטליכע קרייזען, אויף וועלכע די זעלבסטהערשאַפט איז געוועזן געוואוינט זיך אָנצושפּאַרען. אין אַזאַ אַטמאָספערע האָט מען געקענט ריזיקירען מיט אַן אָפענער אַטאַקע אַנטקעגען דער מאַכט, און דאָס איז געטאָן געוואָרען דורך דעם ערשטען „גרויסען אַלגעמיינעם אָקטיאַבער־סטרייק” פון יאָהר 1905. די באַוועגונג איז געוועזן אַזוי שטאַרק און אַל־אומפאַסענדיג, אַז די זעלבסטהערשאַפט האָט זיך געפונען געצוואונגען איינצוגעהן אויף אַ טיילווייזער קאַפּיטולאַציע (דער מאַניפעסט פון 17טען אָקטאָבער).

אין דער עפּאָכע פון אָנגעפאַנגענעם אויפשטייג איז די פּאַרטיי ס. ר. געוועזן די ערשטע אַריבערצופיהרען די פּאָטענציעלע ענערגיע אין אַן אַקטועלער. זי ווייזט אַ ביישפּיל פון באַוואָפענטען קאַמף מיט דער רעגירונג. זי רופט צו גאַסען־דעמאָנסטראַציעס. זי רופט צום ווידערשטאַנד געגען די פּאָליצייאישע מיטלען פון צוטרייבען דעמאָנסטראַציעס און אָרגאַניזירט דערפאַר קאַמפּס־דרוזשינעס. זי פאַרנעמט זיך מיט צוגרייטען די קאַמפּס־פעהיגקייט ביי די ארבייטער און אַמאָל אויך ביי די פּויערים־מאַסען, און איהר הויפּט־לאָזונג ווערט דער באַוואָפענטער אויפשטאַנד. זי פּרואווט זיך צו פאַרגרייטען געוועהר אויף די פלעצער, טראַנספּאָרטירען עס פון אויסלאַנד, איינפיהרען רעוואָלוציאָנערע קעמערלאַך אין מיליטער און דורך זיי פאַרזיכערען די באַוואָפנונג פון פאָלק און די זיכערקייט, אַז די מיליטער־טיילען וועלען צושטעהן צום פאָלק. זי שטעהט די ערשטע צו צום לאָזונג פון אַלגעמיינעם סטרייק אַלס מיטעל פון פּאָליטישען קאַמף מיט דער רעגירונג. און דורך דעם אַלרוסלענדישען אייזענבאַהן־פאַרבאַנד, וואו זי פאַרנעמט אַ דאָמינירענדיגע פּאָזיציע, גיט זי ענדליך דעם סיגנאַל צו דער אַלרוסלענדישער רעוואָלוציע דורך אַן אַלגעמיינעם אייזענבאַהן־סטרייק. זי טוט אַל־דאָס מעגליכע כדי ארויסצורייסען פון אונטער דעם איינפלוס פון דער רעגירונג דאָס דעמאָביליזירטע מיליטער, וואָס קערט זיך אום פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה.

ווען אָבער די דאָזיגע טאַקטיק ברענגט דעם ערשטען גרויסען נצחון, רייסט ארויס ביי דער צאַרישער רעגירונג דעם מאַניפעסט פון 17טען אָקטאָבער, און ווען ביי דער אַלגעמיינער פאַרלאָרענקייט פון

דער מאכט ווערט דורך דער באפעלקערונג אליין אפגעשאפט די צענזור
און עס ווערט איינגעפיהרט די פולע פרייהייט פון ווארט, פון פאר־
זאמלונג און פארשיידענע מינים ארגאניזאציעס — דעמאלט קלאפט
די פארטיי „טרעוואגע” און רופט צו פארזיכטיגקייט, אנווייזענדיג —
אויפ’ן סמך פון איהר אפשאצונג פון די געשעהענישען — אז די
באוועגונג האט שוין ביי דער רעגירונג פארכאפט מעהר וויפיל זי איז
אימשטאנד איינצוהאלטען אין דער רעאלער פראפארציע פון די כחות.
מען דארף טראכטען וועגען אויסנוצען די געוואונענע רעכט און פריי־
הייטען אויפ’ן ברייטסטען אופן, מען דארף זיך פארנעמען מיט ארגא־
ניזירען די פאלקס־כחות און איבערלאזען דערווייל פאר דער רעגירונג
די ראלע פון אנפאלער, כדי דערמיט ארויפצולעגען אויף איהר די
אחריות פאר די מעגליכע נייע קרבנות און בלוט־פארגיסונגען. אויב
נישט, וועט די רעוואלוציע אנהויבען צו צוברעקלען זיך און אנשטאט
א דעמאנסטראציע פון איהר קראפט, וועט פארקומען א דעמאנ־
סטראציע פון איהר שוואכקייט. די פארטיי האט זיך דעריבער ארויס־
געזאגט געגען פארסירען ווייטערדיגע אטאקעס ווענינסטענס ביז’ן
פריהלינג, ווען עס וועט זיך ווידער קענען אנהויבען די אגראר
באוועגונג אין די דערפער, וואס ווערט איינגעפראהרען דורכ’ן ווינטער־
סעזאן. זי האט געווארנט געגען אן איבער־אנשטרענגונג פון די
כחות פון שטאדטישען פראלעטארישען אוואנגארד, וואס איז צופיל
אפגעריסען פון איבעריגען לאנד. דעריבער האט זי זיך ארויסגעזאגט
געגען דער פארכאפערישער איינפיהרונג פון 8־שטונדיגען ארבייטס־
טאג — א באוועגונג, וואס האט זיך אנגעהויבען אין פעטערבורג
אונטער’ן אפענעם איינפלוס פון אן עהנליכער קאמפאניע, וואס איז
פראיעקטירט געווארען אין פראנקרייך פון דער „קאנפעדעראציע פון
ארבייט” אונטער דער פיהרונג פון די אנארכא־סינדיקאליסטען. די
פארטיי האט מורא געהאט, אז דאס וועט ארויסרופען א קאנטר־
אטאקע פון די אונטערנעמער אין דער פארם פון א לאקאוט און עס
וועט ברענגען צו א פארשלעפטען פארצווייפעלטען קאמף, בשעת
וועלכען די זעלבסטהערשאפט וועט קענען לייכטער קומען צו זיך
און ביסלאכווייז פארזאמלען ארום זיך אלע געזעלשאפטליכע עלעמענ־
טען, פאר וועלכע די רעוואלוציע איז א געפאהר.

אזוי ווי די פארטיי האט זיך ארויסגעזאגט געגען דער דאזיגער
קאמפאניע האט זי, נאטירליך, אין ראט פון די ארבייטער־דעפו־
טאטען אויך אנגערופען אלס טעות דעם צווייטען שריט — די דער־

קלערונג פון דעם צווייטען אַלגעמיינעם סטרייק, וואָס האָט געזאָלט מיט נייע העלדישקייטען ראַטעווען די אַרבייטער פון די רעזולטאַטען פון דער מפלה אין קאַמף איינצופיהרען דעם אַכט־שטונדיגען אַרבייטס־טאָג. פונקט אַזוי סקעפּטיש האָט זי זיך באַצויגען צו דעם באַלד דערנאָך דערקלערטען סטרייק פון פּאָסט און טעלעגראַף און דעם דריטען אַלגעמיינעם פּאָליטישען סטרייק מיט דעם לאָזונג גלייך צו פאַרוואַנדלען איהם אין אַ באַוואָפענטען אויפשטאַנד. זי האָט באַ־וויזען, אַז דורך די „מאָנאַטליכע" אַלגעמיינע סטרייקען (דעם 1טען אין אָקטאָבער, דעם 2טען אין נאָוועמבער און דעם 3טען אין דעצעמ־בער) ווערען די פּאָזיציעס פון דער רעוואָלוציע נישט פאַרשטאַרקט, נאָר אָפּגעשוואַכט: די אַרבייטער הערען אויף צו גלויבען אין דעם דאָזיגען קאַמפּס־מיטעל, און די זעלבסטהערשאַפט הערט אויף דערפאַר מורא צו האָבען. די פאָרשטעהער פון דער פּאַרטיי האָבען אָבער כסדר דערקלערט, אַז אויב דער ראַט פון אַרבייטער־דעפּוטאַטען וועט איהרע עצות דאָך נישט פאָלגען, וועט זי פונדעסטוועגען דעם איינ־הייטליכען פראָנט פון דער רעוואָלוציע נישט דורכרייסען, און זי וועט דורך איהר צוריקהאַלטונג נישט געבען דער באַוועגונג נאָך אַ קלאַפּ אַלס צולאָג צו די, וואָס זיינען געווען אומפאַרמיידליך צוליב דער נישט־גלייכער פראָפּאָרציע פון די כחות: די פּאַרטיי וועט ביז'ן סוף דורכפיהרען איהר פליכט פון רעוואָלוציאָנערער סאָלידאַריטעט און דיסציפּלין.

די כחות פון דער פּאַרטיי זיינען דעריבער מאָביליזירט געוואָרען זיך צו באַטייליגען אין ביידע אַלגעמיינע סטרייקען, וואָס זיינען גע־רופען געוואָרען נאָכ'ן ערשטען; בשעת'ן מאָסקווער אויפשטאַנד האָט זי אַרויסגעשטעלט אַלע איהרע קאַמפּס־דרוזשינעס. אויף דער „רויטער פּרעסנע", וואו דער אויפשטאַנד איז געווען האַרטנעקיגער ווי אומעטום, איז דער הויפּט־אַנטייל כמעט אויסגעפאַלען אויף די עס־ערן, באַזונדערס די דעמאָלטדיגע פּאַרטיי־„אָפּאָזיציע" (צווישען זיי אויך די שפּעטערדיגע „מאַקסימאַליסטען"). אין פּעטערבורג האָט די פּאַרטיי אָהן דערפאָלג געפּרוּווט מיט טעראָר־אַקטען און אייזענבאַהן־סאַבאָ־טאַזש שטערען דאָס אַריבערפיהרען קיין מאָסקווע דעם סעמיאָנאָווסקען פּאָלק אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל מין. אויף דער רציחה'־דיגער דערדריקונג פון מאָסקווער אויפשטאַנד האָט די פּאַרטיי גע־ענטפערט מיט טעראָר־אַקטען געגען די „איינשטילער".

די וואַהלען אין וויטע'ס מלוכה־דומע האָבען ווידער געטראָפען

די פּאַרטיי אין אַן אומלעגאַלען צושטאַנד, טיף אין אונטערגרונד. אין די באַדינגונגען פון דער נישט־לאַנג געליטענער מפּלה און דער שמחה פון דער ווילדעסטער קאָנטער־רעוואָלוציע האָט זי נישט געזעהן קיין מעגליכקייט דורכצופיהרען אין דומע אַזאַ פאָרשטעהערשאַפט, וואָס זאָל קענען אויסדריקען איהרע שטימונגען, און האָט באַשלאָסען די דומע צו באָיקאָטירען. אַזוי ווי אָבער עס איז איהר נישט גע־לונגען אויסצוראָטען פון די פויערשע מאַסען דעם נאַאיווען גלויבען אין דער דומע, ווי אין אַ פּאַרמיטלעריין צווישען צאַר און פאָלק, איז די פּאַרטיי געקומען צו אַן אויסגלייך מיט דעם נישט־לאַנג געגרינ־דעטען אומפּאַרטייאישען פויערשען פאַרבאַנד, אַז עס זאָל פון די פויערשע און אַנדערע לינקע דעפּוטאַטען באַשאַפען ווערען אין דומע אַ זעלבסטשטענדיגע „האַרעפּאַשנע גרופּע" (טרודאָוואַיאַ גרופּפּאַ), כדי זיי אַרויסצונעמען פון אונטער דעם איינפלוס פון די בורזשואַז־ליבע־ראַלע פּאַרטייען און אונטערשטופען אָט די פּאַרטייען פון לינקס. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען צייטיגען דער קאָנפליקט צווישען דער ערשטער מלוכה־דומע (וואָס האָט געקראָגען דעם נאָמען „דומע פון פאָלקס־צאָרן") און דער רעגירונג, האָט די פּאַרטיי פּרובירט ווירקען דורך דער „האַרעפּאַשנער גרופּע", אַז דער אַנטשיידענדיגער קאָנפליקט מיט דער מאַכט זאָל זיך אָפּשפּילען אויף דער פראַגע פון דער ערד־רעפאָרם און זאָל אַזוי אַרום ווערען אַ באַלערענדיגע פּאָליטישע לעקציע פאַר'ן גאַנצען פויערישען רוסלאַנד. און כאָטש די קאַדעטישע דומע איז אויף דעם נישט איינגעגאַנגען, האָט די פּאַרטיי דאָך אין דער צייט פון איהר פריהצייטיגען צוטרייבען געזוכט צו ווירקען אין צוויי ריכטונגען: 1) אַרויסרופען — אַלס ענטפער אויפ'ן צוטרייבען די דומע — אַן אויפשטאַנד אין דער אַרמיי און פלאָט (קראָנשטאַט און די פאַנצער־שיף „פּאַמיאַטי אַזאָוואַ") און 2) ווירקען אויף דער דומע, אַז זי זאָל ווייזען דעם לאַנד אַ ביישפּיל פון נישט־אונטערגעבען זיך דעם ווילקיר פון דער רעגירונג און פּרובירען זיך פאַרזאַמלען צו להכעיס דעם באַפעהל פון פאַנאַנדערלאָזען. סיי דאָס ערשטע, סיי דאָס אַנדערע האָט זיך איינגעגעבען בלויז טיילוויז. די באַוועגונג, וואָס איז געבראָכען געוואָרען בשעת דעם דריטען אַלגעמיינעם סטרייק, איז שוין געגאַנגען באַרג אַראָפּ.

אין די דאָזיגע באַדינגונגען האָט די פּאַרטיי באַשלאָסען — צוליב'ן געבען כאָטש אַ מאָראַלישען קלאַפּ דער רעגירונג — זיך אָפּזאָגען פון דער טאַקטיק פון באָיקאָטירען די צווייטע דומע. און

ווירקליך איז די צווייטע דומע ארויסגעקומען נאָך אַ סך אַ לינקערע ווי די ערשטע. די פּאַרטיי ס. ר. האָט געקענט האָבען דאָרט איהר אייגענע פראַקציע פון 34 דעפּוטאַטען, וואָס האָט צו דעם נאָך געקענט גאַנץ אָפט צוציהען צו זיך די פאַרבליבענע פון פריהער און פיל גרעסערע אין צאָהל „האָרעפּאַשנע גרופּע". אויפ'ן חשבון פון דער פראַקציע שטעהט אויך דער אריינגעטראָגענער אין דומע אַגראַרער געזעץ־פּראָיעקט, וואָס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פון דער פּאַרטיי־אישער אַגראַר־קאָמיסיע (טשערנאָוו, ראַקיטניקאָוו, סוכאַנאָוו, וויכ־ליאַיעוו, שאַטיערניקאָוו). דער דאָזיגער געזעץ־פּראָיעקט, וואָס האָט געפּאָדערט פולע סאָציאַליזאַציע פון לאַנד, האָט געקראָגען די אונטער־שריפטען פון אַלע פּויערים־דעפּוטאַטען, 105 מענשען אין צאָהל. עס פאַרשטעהט זיך, אַז דער ענדליכער רעזולטאַט פון דעם וואַהל, פון אַ לינקערער דומע אָנשטאָט דער פאַנאַנדערגעלאָזטער, איז געווען אַ נייער באַפעהל וועגען פאַנאַנדערלאָזען (אין יולי 1907), וואָס האָט שוין אויך געבראַכט אַ מלוכה־איבערקערעניש און אַן ענדערונג אין דעם וואַהל־געזעץ. די דריטע און פערטע דומע האָבען שוין אין זייער צוזאַמענשטעל נישט געהאַט קיין סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. די פּאַרטיי האָט דערקלערט, אַז זי וועט זיך אומקערען אויף דער פּאַרלאַ־מענט־אַרענע ערשט נאָכדעם, ווי דאָס פּאָלק וועט געווינען אַ גרינ־דונגס־פאַרזאַמלונג — און זי האָט געהאַלטען וואָרט.

נאָך דעם ווי די צווייטע דומע איז פאַנאַנדערגעטריבען געוואָרען האָט די פּאַרטיי נאָך אַלץ געזוכט צו ווייזען אַ מוטיגען אָבער האָפ־נונגסלאָזען ווידערשטאַנד דורך די מיליטערישע אויפשטאַנדען אין קיעוו און סעוואַסטאָפּאָל און דורך פיל־צאָהליגע טעראָר־אַקטען, אָבער גלייך ווי די אַנדערע אָרגאַניזירטע כחות פון לאַנד, איז זי שוין געווען אַ צושמעטערטע. זי האָט דערביי געליטען אין מענשען־פאַרלוסט נישט בלויז מעהר ווי יעדע אַנדערע איינצעלנע פּאַרטיי באַזונדער, נאָר אויך מעהר ווי אַלע אַנדערע צוזאַמענגענומען. עס זיינען אָנגעקומען פאַר איהר שווערע טעג, וואָס זיינען נאָך מעהר פאַרטונקעלט געוואָרען פון דער אַנטדעקטער פּאָליציי־אַגענטור, וואָס האָט זיך אויס־געפּלאָכטען אַ נעסט אין סאַמע צענטער פון איהר אַלגעמיין־אָרגאַ־ניזאַטאָרישער און קעמפערישער אַרבייט.

דער יורש פון ג. א. גערשוני אין דער אָנפיהרונג פון דער צענ־טראַלער „ב. אָ.", אַזעף, האָט זיך ארויסגעוויזען פאַר אַ לאַנגאָניגען

געהיימען מיטאַרבייטער פון דער פּאָליטישער פּאָליציי, וואָס האָט ריזיקירט פונדעסטוועגען צו פאַרראַטען די פּאָליציי פאַר דער רעוואָ־לוציע פונקט ווי ער האָט פאַרראַטען די רעוואָלוציע פאַר דער פּאָליציי. סוף כל סוף האָט ער דערוועקט געגען זיך חשדים איןביידע לאַגערען און איז פאַרשוואונדען געוואָרען אויס מורא פאַר דער שטראָף פון ביידע זייטען. דער צ. ק. פון דער פּאַרטיי האָט זיך אַ צו לאַנגע צייט נישט געוואָלט צוהערען צו די מיאוס׳ע קלאַנגען און חשדים, וואָס זיינען אַרומגעגאַנגען וועגען אַזעפ׳ן, און גערשוני, נאָכדעם ווי ער איז אַנטלאָפען פון קאַטאָרגע, האָט זיך אַפילו געקליבען צו אָרגאַ־ניזירען צוזאַמען מיט אַזעפ׳ן אַ צאַרען־מאָרד, כדי — דורך אומקום אָדער נצחון — זאָלען איינמאָל פאַר אַלעמאָל צוזייט ווערען די אַלע — ווי ער האָט טיף געגלויבט — פאַלשע חשדים און קלאַנגען; בלויז די שווערע קראַנקהייט און פריהצייטיגער טויט האָבען איהם געשטערט דאָס דורכצופיהרען. דער צ. ק. פון דער פּאַרטיי האָט אַרויסגערופען אַזעפ׳ס באַשולדיגער אויף אַן עהרען־געריכט און בלויז דאָס עדות־זאָגען פון געוועזענעם דירעקטאָר פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט לאָ־פּוכין, וואָס בורצעוו׳ן איז געלונגען צו קריגען, האָט אָפּגעווישט אַלע צווייפלען. די פאַרעפענטליכונג פון אַזעפ׳ס פּראָוואָקאַציע, וואָס איז געקומען אין דער אַטמאָספערע פון יאוש און אַנטוישונג נאָכ׳ן דורכ־פאַל פון דער רעוואָלוציע און דעם נצחון פון דער רעאַקציע, האָבען געבראַכט אין די רייהען פון דער פּאַרטיי — כאָטש אַ דערהויילינגע — אָבער אַ שטאַרקע פּאַניק און דעזאָרגאַניזאַציע, אַ קרענקליכע פאַר־דעכטיגקייט צווישען חברים און צערונענעם צוטרוי פון איינעם צום אַנדערען. אַלע פיינדליכע פּאַרטייען און קאָנקורירענדע עלעמענטען האָבען געזוכט איבערצושטייגען איינער דעם אַנדערען אין דערלאַנגען די לעצטע קלעפּ דעם, ווי זיי האָבען געגלויבט, שטערבליך־פאַרוואונ־דעטען געגנער. יעדען טאָג זיינען אויפגעקומען און האָבען זיך פאַר־שפּרייט אַלץ נייע משונה׳דיג־פאַנטאַסטישע לעגענדעס און בויך־סברות וואָס האָבען דעמאָראַליזירט די פּאַרטיי: אַ מעשה, אַז דער צ. ק. האָט כלומרשט געוואוסט וועגען אַזעפ׳ס פאַרראַטען און געקוקט דורך די פינגער, ווייל ער האָט זיך אַזוי אַרום איינגעקויפט פערזענליכע זיכערקייט פון זיינע מיטגלידער; אַ מעשה, אַז די ב. אָ., וואָס האָט באַזייטיגט אַ גאַנצע רייהע אָנגעזעהענע טוער פון צאַרישען רעזשים, איז דורך אַזעפ׳ס פאַרמיטלונג געווען בלויז אַן אומבאַוואוסטזיניג געוועהר אין די הענט פון אַ געוויסער הויף־קליקע, וואָס האָט זיך

געראַנגעלט מיט דער אַנדערער א. א. וו. כדי אָפּצוויייניגען די מאָ־
ראַליש־פּאָליטישע לופט, האָט דער צ. ק., נאָכדעם ווי ער האָט אויף
זיך גענומען די גאַנצע שולד פאַר דער פּאַרטיי, אָנגעגעבען אין דעמיסיע,
און האָט אויף אַ ספּעציעלער קאָנפערענץ דורכגעפיהרט וואהלען פון
אַ נייעם קאָמיטעט מיט אַ גאַנץ נייעם פּערזענליכען צוזאַמענשטעל.
עס איז אַפילו געמאַכט געוואָרען אויך אַ פּראָבע צוריק אויפצושטעלען
די „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ" אונטער דער פיהרונג פון סאַווינקאָוו׳ן
און סליאָטאָוו׳ן, אָבער דאָס איז נישט געלונגען. די ווייטערדיגע
צושמעטערונג פון די רעוואָלוציאָנערע כחות און די וואַקסענדיגע
איזאָלאַציע פון סאָציאַליזם אין אַן אַנטוישטער און פאַרצווייפעלטער
געזעלשאַפט האָבען אָפּגעטויט יעדע ברייטע רעוואָלוציאָנערע איני־
ציאַטיוו נאָך איידער זי איז געבוירען געוואָרען.

אין אַזעלכע באַדינגונגען האָבען אין די רייהען פון דער פּאַרטיי
גופא גענומען זיך פאַרשטאַרקען די צענטראַפוגאַלע שטרעמונגען, פון
פאַנאַנדערפאַל. פון איין זייט האָט באַקומען אַ גרויסע השפּעה און
פאַרכאַפּט אַ סך טוער פון סאַמע „אויבען אָן" פון דער פּאַרטיי די
ליקווידאַטאָרישע שטרעמונג, מיט אַ ניי־אָרגאַניזירטען זשורנאַל „אָנ־
הויב" („פּאָטשין") — אַווקסענטיעוו, בונאַקאָוו־פונדאַמינסקי, סליאָ־
טאָוו, לעבעדעוו־וואָראָנאָוו, יעווגעניעוו־סטאַלינסקי. די פאַרשטעהער
פון דער דאָזיגער שטרעמונג האָבען גע׳טענה׳ט, אַז אין דער געגע־
בענער עפּאָכע האָט נישט די פּאַרטיי קיינע פּאָליטישע אויפגאַבען,
און — שוין נישט רעדענדיג וועגען אַזעלכע זאַכען ווי טעראָר אָדער
קאַמפּס־צוגרייטונג פון די מאַסען — אַפילו דער פּלאַן פון צוריק
אויפשטעלען אַן איינגעאָרדענטע אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע איז אוטאָ־
פּיש און דעריבער שעדליך. דאָס איינציגע וואָס בלייבט צו טאָן
איז — אָנווענדען אַלע כחות אין דער ריכטונג פון אויסנוצען די
„לעגאַלע מעגליכקייטען", אין דער ריכטונג פון קולטורעל־סאָציאַליס־
טישער ארבייט: אין די קאָאָפּעראַטיוועז, אין די בילדונגס־אָרגאַניזאַ־
ציעס, אין די פריש־געבילדעטע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אָדער זייערע
סוראָגאַטען — די קראַנקען־קאַסעס, שפּאָר־קאַסעס א. א. וו. די
טאַקטיק פון באָיקאָטירען די מלוכה־דומע דאַרף מען אָפּלאָזען און
מיט אַלע מיטלען זוכען אהין אריינצודרינגען.

פון דער צווייטער זייט, ווי אַ געגענגעזעצטער עקסטרעם, איז
אַנטשטאַנען אַ ריכטונג וואָס האָט דערפיהרט ביז צום אבסורד די

פֿרעדיגונג פֿון דער גרויסער ראָל פֿון „מינדערהייטען מיט איניציאַטיוו", אַנטשלאָסענע הייפֿלאַך, וואָס דאַרפֿען זיך אָפּגעבען מיט דערלאַנגען שטאַרקע קלעפּ דער רעגירונג. די דאָזיגע שטרעמונג האָט זיך בכלל אויסגעצייכענט מיט אַן איינזייטיגען פּאָליטישען ראַדיקאַליזם, אַן איבערטריבענעם אַנטי־מאַרקסיזם, און האָט איגנאָנצען אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט די מאַסען־אַרבייט, וועלכע זי האָט געהאַלטען פֿאַר אַ ניט־רעוואָלוציאָנערע, פֿאַר אַ מין אַפּאָליטישע קולטור־טרעגעריי. אָט די שטרעמונג (יודעלעוויסקי, אַגאַפּאָנאָוו־סיעווערסקי), וואָס האָט געהאַט איהר אָרגאַן „רעוואָלוציאָננאַיאַ מיסל", האָט בכלל נישט דערשאַצט דעם סאָציאַלען אינהאַלט פֿון דער רעוואָלוציע: די אָנהענגער איהרע, וואָס זיינען געווען „לינק" נאָר אין זין פֿון שטרעבען צו שאַרפֿע קאַמפֿס־מיטלען, האָט מען איראָניש גערופֿען „קוטשקיסטען" (הייפֿע־ליסטען) און „ליבעראַלען מיט אַ באָמבע".

פֿון דער דריטער זייט איז אין רוסלאַנד (אין פּעטערבורג) אויפֿגעקומען אַ שטרעמונג פֿון „אָרגאַניזאַציאָנעלען אַווטאָנאָמיזם" (מיכאַלעוויטש מיט זיינע חברים). דערדריקט פֿון דעם גוואַלדיגען פֿאַרלוסט דורך דער צענטראַלער פּראָוואָקאַציע, זיינען די מענשען פֿון דער שטרעמונג אויפֿגעשטאַנען געגען וועלכער עס זאָל נישט זיין צענטראַליזירטער פֿיהרערשאַפֿט אין דער פּאַרטיי און האָבען פּאַרטיידיגט דעם טיפּ פֿון אָפּגעזונדערטע, אין זיך קאָנצענטירטע אָרטיגע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבען צווישען זיך בלויז אַ שוואַכע, כמעט אַ ספּאָראַדישע פֿאַרבינדונג. עס האָט זיך געקענט אויסדאַכטען, אַז מיט דער פּאַרטיי סאָצ.־רעוואָלוציאָנערען חזר'ט זיך איבער די געשיכטע פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" — עס נעמען די אויבערהאַנט די צוברעקלערישע שטרעמונגען, וואָס צוגלידערען די פּראָגראַם און די פּאַרטיי גופֿא אויף איהרע באַזונדערע עלעמענטען.

דער גורל האָט גנעדיג באַפֿרייט גערשוני'ן פֿון איבערלעבען אָט דעם שווערען דריקענדיגען שטח אין לעבען פֿון דער פּאַרטיי. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך ביי איהם צוגענומען די מעגליכקייט פֿון קענען זיך איבערצייגען שפּעטער, ווי אומענדליך־גרויס עס איז געווען די לעבענס־קראַפֿט, וואָס איז אין דער פּאַרטיי לכתחילה אריינגעלעגט געוואָרען, וואָס האָט איהר דערלויבט נישט בלויז איבערלעבען די מאָראַלישע הונגער־יאָהרען, נאָר וועניגער ווי אין אַ צעהנדליג יאָהר אַרום צו דערגרייכען אַזאַ קאָפּ־פֿאַרשווינדעלדיגען אויפֿ־

שטייג, וואָס איז זעלטען ווען געשעהן אין דער געשיכטע פון פּאָלי־טישע פּאַרטייען. אמת — אויך אָט דער אויפשטייג האָט נישט איינ־געהיט די פּאַרטיי אין די יאָהרען 1917—1918 פון נאָך אַ מורא׳־דיגער מפּלה. אָבער זיגען זיגט בלויז יענע פּאַרטיי, וואָס קען איבער־לעבען איהרע מפּלות און געווינט אין זיי פּאַרהאַרטעוועטקייט און דערפאַהרונג — די צוויי וועגווייזער צום ענדליכען נצחון.

קאַטערינאַ ברעשקאָווסקאַיאַ:

# וואו איך האָב זיך באַגעגנט מיט גריגאָרי גערשוני

אין יאָהר 1897 האָב איך דעם ערשטען מאָל זיך צוריקגעקערט פון סיביר נאָכדעם ווי איך בין אַרעסטירט געוואָרען אין דעם יאָהר 1874. דעם ערשטען און צווייטען יאָהר האָט זיך מיר איינגעגעבען אָנצוהאַלטען מיין לעגאַלע לאַגע און איך האָב זיך באַנוצט דערמיט צו באַקענען זיך וואָס מעהר מיט די פּאַקטישע כחות פון די סימפּאַטיזירער מיט דער אויפוואַכענדיגער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון יענער צייט. מיר איז אויסגעקומען צו פאַרברענגען אויך אין מינסקער גובערניע, אין שטאָדט מינסק גופא ווי אויך אין די ארומיגע שטעדטלאך, וואו עס זיינען געווען אַלטע באַקאַנטע און וואו מען האָט געקענט באַגעגענען אַנדערע וואָס האָבען געזוכט נייע וועגען. איך פּלעג אָפּט אריינקומען אין איין גרויסען הויז, וואו עס האָבען געוואוינט מענשען וועלכע זיינען מיר געווען נאָהענט, און האָבען פאַרנומען דעם גאַנצען אויבערשטען עטאַזש. ארויפגעהענדיג אויף די טרעפּ האָב איך יעדעס מאָל באַמערקט אַן אויפשריפט אויף אַ טיר נידעריגער: „דאָקטאָר פון אויערען, נאָז און האַלז קראַנקהייטען וו. א. גערשוני”.

די פאַמיליע איז מיר געווען באַקאַנט, ווייל די מיט־באַשולדיגטע אויף מיין פּראָצעס, וואַרוואַראַ איוואַנאָוונאַ אָסמאָלאָווסקאַיאַ און איהר מאַן האָבען מיר באַקענט מיט גריגאָרי גערשוני דעם באַקטעריאָלאָג, וואָס האָט געהאַט זיין לאַבאָראַטאָריע אין מינסק. איך האָב געוואוסט אַז אָט דער גערשוני פאַרקערט אין דער ליבעראַלער געזעלשאַפּט פון שטאָדט, און אַז ער האָט פאַרבינדונגען מיט אַרבייטער־קרייזלאַך, וועלכע זוכען ביי איהם אינסטרוקציעס און ווייטערע פאַרבינדונגען אויסצוברייטערען זייער אומלעגאַלע אַרבייט.

מיין באַקאַנטשאַפט מיט איהם איז אַזוי געבליבען אַן אויבערפלעכליכע ביז אַ געוויסען צופאַל וואָס איך האָב גאָרניט דערוואַרט.

איינמאָל, אַרויפגעהענדיג אויף די טרעפּ פון דעם גרויסען הויז,

האָב איך דערהערט ווי די טיר פון דעם דאָקטאָר וו. א. גערשוני האָט זיך געעפענט און גריגאָרי גערשוני איז ארויסגעלאָפען, האָט מיך דערזאָגט אויף די טרעפ און מיך געבעטען אריינגעהן אויף א ווײלע אין זײן ברודער'ס קוואַרטיר. ווען מיר זײנען אריינגעגאַנגען, זײנען דאָרטען געווען צוויי מענשען, דער דאָקטאָר און נאָך א הער, וועלכען מען האָט מיר פאָרגעשטעלט מיט'ן נאָמען נ. נ., אַן אינזשעניר. עס האָט אויסגעזעהן אַז זיי האָבען אַלע צווישען זיך היציג דיסקוטירט, וואָרים גריגאָרי האָט זיך שנעל געווענדעט צו מיר מיט די ווערטער: זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווי קוקט איהר אויף דער פראַגע פון פּאָלי־טישען טעראָר?

„מיר, רוסישע סאָציאַליסטען־נאַראָדניקעס, האָב איך געזאָגט, האָבען אַלעמאָל זיך געסטאַרעט אויסצוקומען אָהן טעראָר, אָבער אַלע אונזערע באַמיהונגען אויף א פרידליכען אופן צו דערוועקען די רוסישע רעגירונג געבען דעם פאָלק פרייהייט און ערד זײנען געווען ארויסגעוואָרפען, און די פּארטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, וואָס בויט זיך איצטער, אנערקענט אַז דער פּאָליטישער טעראָר ווערט אומפאַרמיידליך".

איך האָב קוים געענדיגט, ווי גריגאָרי האָט שנעל זיך א קער געטאָן צו די צוויי צוהערער און האָט אויסגעשריען מיט היץ: „איהר זעהט, איהר זעהט, איך האָב אייך געזאָגט, אַז אָהן טעראָר וועט מען זיך ניט באַגעהן".

יענע צוויי האָבען געשוויגען, און איך בין מיר אוועקגעגאַנגען מיין וועג. אָבער פון יענער צייט אָן האָט גריגאָרי גערשוני געזוכט אַלע געלעגענהייטען צו באַגעגענען זיך מיט מיר און ריידען; ווי עס שיינט איז ער געווען טיף פאַראינטערעסירט אין דעם פּראָצעס פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

אין מינסק האָט שוין געאַרבייט דער „בונד" און צווישען די עלטערע האָבען נאָך שוואך געטליעט די טראַדיציעס פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". גריגאָרי גערשוני, פאַרשטעהט זיך, האָט זיי געקענט, אָבער ער איז געשטאַנען אָן א זייט פון זיי, און נאָר ווען־ניט־ווען איז ער צוגעשטאַנען צו זיי מיט פּראַגען, איהם אָנווייזען, געבען עצות. ער האָט הפּנים געזוכט אַנאַנדער וועג, א מעהר באַ־שטימטען און אַזעלכען וואָס קען שוין ווירקען. אין יענער צייט האָט אי סערגיי פיליפּאָוויץ קאָוואַליק געוואוינט אין שטאָדט גופא, אי אַנדערע וואָס האָבען זיך אומגעקערט פון די ערטער וואו זיי זײנען

געווען פאַרשיקט, פלעגען קומען אין מינסק, און אין יאָהר 1900 האָט גערשוני אונז אַלעמען איינגעלאַדען צו זיך באַגעגענען דעם נייעם יאָהרהונדערט. אַט אַזוי האָבען זיך איינגעשטעלט גוטע אָבער נאָך ניט קיין טעטיגע באַציהונגען. איך האָב דערנאָך פאָרטגעזעצט מיינע רייזען איבער רוסלאַנד, און ווען איך האָב זיך שוין אומגעקערט פון דרום און צפון־מזרח, דאַכט זיך אין דעמזעלביגען יאָהר, האָט גערשוני, צו מיין גרויסער איבערראַשונג, מיך אויפגעזוכט אין פערם. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער האָט שוין באַוויזען איבערצולעבען זיין ערשטע טויפונג דורך די הענט פון דעם דאַמאָלסדיגען נאַטשאַלניק פון שפּיאָנאַזש און כיטרען פּראָוואָקאַטאָר זובאַטאָוו, און האָט זיך קוים, קוים אַרויסגעדרעהט פון די נעצען וואָס מען האָט פאַר איהם אויסגעשטעלט. און אריינגעפאַלען איז ער אין זיי אַ דאַנק די פּלוידע־רייען פון דער מינסקער יוגענט, וועלכע האָט מיט איין אויער געהערט וועגען גערשוני׳ס באַקאַנטשאַפט מיט די אַלטע פאַרשיקטע, און האָט אונז ברייטליך אָפּגעמאָלט ווי זי האָט געקענט.

האָבענדיג געוועזען אויף דעם אופן אין די הענט פון דעם קלעפּיגען זובאַטאָוו, האָט גערשוני באַשלאָסען אַז עס איז שוין גע־קומען פאַר איהם די צייט ענדליך איבערצורייסען מיט דעם לעגאַלען לעבען און זיך אריינוואַרפען מיט׳ן קאָפּ אין די כוואַליעס פון רעוואָ־לוציאָנערען קאַמף. און צושטעהן צו די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָ־נערען האָט איהם געטריבען די אָנערקענונג פון טעראָר, ווי ער האָט עס אַליין צוגעגעבען שפּעטער — אַלס דער איינציגער וויכטיגער מיטעל צו צווינגען דער זעלבסטהערשאַפט איינצוגעהן אויף פּשרות. ער האָט פאַרקויפט זיין באַקטעריאָלאָגישען קאַבינעט, האָט דערקלערט אַז ער פאָהרט חתונה האָבען מיט אַ רייכער כלה, און וויסענדיג אַז איך באַזוך אָפט די געגענטען אַרום דער וואָלגאַ, איז ער אָנגעקומען אין סאַראַטאָוו, וואו עס האָט דאַמאָלט אָנגעפיהרט די ארבייט פון דער פּאַרטיי דער אומפאַרגלייכליכער אָרגאַניזאַטאָר, לעאָניד פּעטראָ־וויטש בולאַנאָוו, וועמען איך האָב דערציילט וועגען מיין באַקאַנט־שאַפט מיט גערשוני׳ן, און פון וועמען גערשוני האָט געקראָגען ידיעות ווי צו דערקלייבען זיך צו מיר.

אין פּערם איז גראָד יעמאָלט פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָהר פון לעהרער פון דער גאַנצער גובערניע, אַן ערך פיר הונדערט מענער און פרויען. די ליבעראַלע פּערמער „זעמסטוואָ״ האָט זיי געגעבען אַ הארציגען קבלת פּנים, און צווישען די זיצונגען האָט זי זיי אַרומ־

געפיהרט אויף שיפען איבער דעם טייך קאַמאַ מיט מוזיק און כיבוד. איך, פאַרשטעהט זיך, בין געווען צופרידען מיט אַזאַ שפּע פון נייע באַקאַנטשאַפטען (אָנהאַלטענדיג מיין אינקאָגניטאָ), אָבער געדשוני איז אויך אריינגעפאַלען אין אונזער שטורמדיגען שטראָם, און איז אפילו ארונטערגענומען געוואָרען פון דעם פאָטאָגראַפער אויף אַ בילד צוזאַמען מיט גרויסער גרופּע יונגוואַרג, מיט מיר און מיט נ. ג. מיכאַילאָווסקי'ן.

זיך אומקערענדיג צוריק אין סאַראַטאָוו, האָב איך איהם פער־זענליך באַקענט מיט בולאַנאָוו'ן, און דאָרטען האָט ער געקראָגען די ערשטע שליחות'ן פאַר אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבייטען אין אינערן רוס־לאַנד.

זיינע ווייטערדיגע אַרבעטען אין דער פאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען איז באַשריבען אי פון איהם אַליין, אי פון אַנדערע.

מ. מ. ראָזענבאום:

# גערשוני׳ס אריינטריט אין דער פּאַרטיי

דאָס ערשטע מאָל האָב איך זיך מיט גערשוני׳ן באגעגענט אין מינסק, דאכט זיך, אין סוף 1897. דאָס האָט געמוזט זיין אומגעפער א יאָהר נאָכדעם, ווי ברעשקאָווסקאיא (די באבושקאָ) האָט זיך אָנגע־שלאָסען אָן דער אָרגאַניזאַציע פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און איז געוואָרען אונזער פּאַרטרעטערין אין רוסלאַנד. אונזערע וויכ־טיגסטע פיהרענדע קרעפטען זיינען דאמאָלס געווען אין דער שווייץ. די גאַנצע אָרגאַניזאַציע איז נאָך געווען זעהר קליין און האָט געטראָגען דעם נאָמען „דער פארבאַנד פון די רוסישע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָ־נערען”. דער אויסלענדישער קאָמיטעט איז אינגאַנצען באשטאַנען פון זיבען פּערזאָנען: דר. חיים זשיטלאָווסקי און זיין פרוי, דר. חנן ראפּאָפּאָרט און זיין פרוי (געבוירענע פאַניאַ ראטנער), יעלענאַ פּאָלו־באָיאַרינאָוואַ, לעווענטים און איך.

איך האָב געפרעגט ביי דער באַבושקאַ, צי זי האָט אין דער ליטע געפונען עפּעס טיכטיגע פּערזאָנען, וואָס זיינען גענייגט צוצו־שטעהן צו אונז.

„זעהר ווייניג, — האָט זי געענטפערט. — אין די אידישע שטעדט איז די ראדיקאלע יוגענט כמעט דורכאויס מארקסיסטיש געשטימט און געהערט אָדער צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטען אָדער צום „בונד”. דערוויילע ווייס איך נאָר פון צוויי ערנסטע מענשען, וועלכע עס וועט זיך אפשר איינגעבען צוציהען צו אונזער אָרגאַניזאַציע. איינער פון זיי איז באָנטש־אסמאָלאָווסקי, א גוטבאזיצער אין דאָרף בלאָני, נישט וויט פון מינסק. ער פיהרט אָן צוזאַמען מיט זיין פרוי און צוויי זיהן א דערפאָלגרייכע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדא צווישען די ארו־מיגע פּויערים.

דער צווייטער איז א כעמיקער, אין מינסק, א געוויסער גריגאָרי גערשוני. ער באטראכט זיך אפילו פאר א מאַרקסיסט, נאָר ער איז פיל מעהר א סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער, ווי א סאָציאַל־דעמאָקראַט.

איבערהויפּט פאַרשטעהט ער די וויכטיגקייט פון טעראָריסטישען קאַמף מיט דער רוסישער דעספּאָטישער רעגירונג. איך רעכען, עס איז כדאי איהר זאָלט אריבערפאָהרען אין מינסק און זיך זעהן מיט די צוויי פּערזאָנען. איבערהויפּט וואָלט זיך מיר וועלען, אַז גערשוני זאָל זיך אָנשליסען אָן אונזער אָרגאַניזאַציע. דאָס איז אַ זעלטען שטאַרקע פּערזאָן. אויב איך וועט זיך איינגעבען איהם אריינצוברענגען אין אונזער אָרגאַניזאַציע, וועט דאָס זיין פאַר אונז אַ גרויס געווינס".

איך האָב באַשלאָסען צו פאָהרען זיך זעהן מיט איהם און האָב געבעטען די באַבושקאַ, זי זאָל מיר געבען דעם פּאַראָל מיט גערשוני'ן. אונטער די דאַמאָלסדיגע אומשטענדען אין רוסלאַנד, האָט מען, פאַרשטעהט זיך, נישט געטרויט אָן אומבאַקאַנטען מענש, וואָס איז געקומען רעדען וועגען רעוואָלוציאָנערע אנגעלעגענהייטען, סיידען ער האָט געבראַכט אַ צייכען, אַז ער איז אַן „אייגענער". דעריבער האָבען מיר געהאַט מיט יעדער גרופּע און מיט יעדער וויכטיגער איינצעלנער פּערזאָן, וועלכע איז געשטאַנען מיט אונז אין פאַרבינדונג, אַ באַשטימט וואָרט אָדער אַ באַשטימטע פראַזע, וואָס האָט געדינט אַלס פּאַראָל.

דאָ האָט זיך די באַבושקאַ דערמאָנט, אַז זי האָט פאַרגעסען צו באַשטימען אַ פּאַראָל מיט גערשוני'ן.

„אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד". זי האָט זיך פאַרטראַכט. „מיר וועלען טאָן אָט וואָס", האָט זי געזאָגט, „געהן דירעקט צו גערשוני'ן וואָלט איבערהויפּט נישט געווען ראַטזאַם, ווייל מיט אַ קורצער צייט צוריק איז ער געווען אַרעסטירט. אַזוי ווי עס זיינען נישט געווען קיין באַווייזען וועגען זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט, האָט מען איהם געמוזט ארויסלאָזען. אָבער ער איז אונטער אַ שטרענגער אויפזיכט פון דער פּאָליציי. גערשוני האָט אין מינסק אַ ברודער, אַ דאָקטאָר, וועלכער נעמט נישט קיין אַקטיווען אָנטייל אין דער באַוועגונג. איך האָב זיך מיט איהם נישט לאַנג צוריק געזעהן און איך געדענק אונזער לעצטען געשפּרעך. איהר וועט איהם איבערגעבען דעם געשפּרעך אַלס אַ סימן, אַז איך האָב אייך געשיקט, און ער וועט אייך שוין צוזאַמענפיהרען מיט גריגאָרי'ן".

און זי האָט מיר דערצעהלט, אַז מיט אַ פּאָר חדשים צוריק האָט זיך דער דאָקטאָר פאַר איהר באַקלאָגט, אַז זיין דינער האָט די לעצטע צייט אָנגעהויבען „צו טרינקען", און אַז ווען ער שיכור'ט זיך אָן, שלאָגט ער אָפּט זיין ווייבעל, מיט וועלכער ער וואוינט אין דאָקטאָר'ס הויז.

איך בין געקומען קיין מינסק א זייגער זיבען אינדערפריה, איבערגעלאָזט מיינע זאכען אויפ'ן וואָקזאַל און אַוועק אויפזוכען דר. גערשוני'ס הויז.

ווען איך בין צוגעקומען צום דאָקטאָר'ס הויז, איז נאָך געווען צו פריה פאַר זיינע אויפנאַמס־שטונדען, און, הגם איך האָב נישט באמערקט קיין פאַרדעכטיגע באגלייטונג הינטער זיך און ארום דעם הויז איז געווען „ריין", האָב איך דאָך גערעכענט פאַר גלייכער אָפּ־שטאַטען מיין וויזיט אין די באַשטימטע אויפנאַמס־שטונדען. איך האָב א ביסעל ארומגעשפּאַצירט איבער דער שטאָדט און ווען איך בין געקומען צוריק, האָב איך שוין ביים דאָקטאָר אין וואַרטע־צימער געפונען דריי פּאַציענטען. ווען עס איז געקומען מיין רייה, בין איך אריין צום דאָקטאָר אין קאַבינעט. ער האָט מיך אנידערגעזעצט אויף א שטול און געפרעגט וואָס מיר פעהלט.

— אייער דינער שלאָגט נאָך אַלץ זיין פרוי? — האָב איך איהם א פרעג געטאָן.

ער האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

איך האָב איהם דערמאָנט וועגען זיין געשפּרעך מיט דער באַ־בושקאַ און ערקלערט, אז איך דאַרף זיך זעהן מיט זיין ברודער. ער האָט מיר געגעבען גריגאָרי'ס אַדרעס און געראָטען נישט אריינ־צוגעהן צו איהם, אויב איך וועל נישט זעהן א בלומען־טאָפּ אין דעם מיטעלסטען פענסטער פון זיין דירה. דאָס איז געווען גערשוני'ס צייכען, אז קיין „אומגעבעטענע געסט" זיינען ביי איהם אין הויז נישטאָ און אז מען מעג אריינגעהן.

איך האָב זיך אָפּגעזעגענט און שוין געוואָלט ארויסגעהן, ווען דער דאָקטאָר האָט א זאָג געטאָן צו מיר:

„כדי צו זיין גאָר זיכער, וואָלט נישט שאָדען מיטצוגעבען א קליין פּלעשעל פאַר א כעמישען אַנאַליז".

איצט האָב איך דעם דאָקטאָר אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— פאַרשטעהט איהר מיך, — האָט דער דאָקטאָר ערקלערט, — איך שיק אָפט מיינע פּאַציענטען מיט אַזעלכע פּלעשלאַך צו גריגאָרי'ן פאַר א כעמישען אַנאַליז וועגען זייער נירען־צושטאַנד. טאָמער, חלילה, מאַכט זיך, אז צו מיין ברודער קומען גראָד אָן די „בלויע מונדירען" און ווערען שטאַרק נייגעריג צו וויסען, וואָס אַזוינס איהר טוט ביי איהם, קענט איהר זיי ווייזען דאָס פּלעשעל.

איך האָב געטאָן, ווי דער דאָקטאָר האָט געהייסען.

ער האָט אָנגעקלעפּט אויפ'ן פּלעשעל אַ צעטעלע מיט דעם אויפ־שריפט „כייקין" (דאָס איז דאַמאָלט געווען דער נאָמען פון מיין פּאַס), און מיט דעם פּלעשעלע אין האַנט בין איך אַוועק צו גריגאָרי גערשוני.

דער בלומען־טאָפּ איז געשטאַנען אויף זיין „פּאָסט". געוואָרפען אַ בליק הינטער זיך, צו זעהן אויב איך האָב נישט מיטגעשלעפּט עפּעס אַן „עק", האָב איך אָנגעקלונגען.

אַ יונגער מאַן פון מיטעלען וואוקס, מיט אַ הויכען שטערן, פון אונטער וועלכען ס'האָבען געקוקט אויף מיר אַ פּאָר קלוגע דורכ־דרינגענדע אויגען פול מיט שטאָלענער ענערגיע, האָט געעפענט די טיר. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער מאַן, וועלכען די באַבושקאַ האָט מיר באַשריבען.

„אייערע בלומען אין פענסטער וואַקסען זעהר שעהן", האָב איך באַמערקט.

גערשוני האָט מיט אַ שמייכעל געענטפערט:

„איך האָף, אַז זיי איז באַשערט צו בליהען אַ לאַנגע צייט!"

מיר זיינען אריין אין לאַבאָראַטאָריע, וואו עס האָט געהערשט אַ זעלטענע ריינקייט און אָרדנונג. מיר האָבען זיך געזעצט און איך האָב איהם איבערגעגעבען מיין געשפּרעך מיט דער באַבושקאַ און דעם ציל פון מיין באַזוך. ער האָט מיך געבעטען, איך זאָל איהם דער־קלערען די איינצעלהייטען פון אונזער פּראָגראַם. ער האָט זעהר אויפ־מערקזאַם זיך צוגעהערט און פון צייט צו צייט געמאַכט קורצע באַ־מערקונגען. ער איז נישט געווען איינפאַרשטאַנען מיט אונזערע טעאָ־רעטישע אָנזיכטען וועגען געשיכטס־פילאָזאָפישע פראַגען. הגם ער איז נישט געווען קיין ענגער מאַרקסיסט און האָט צוגעגעבען, אַז דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר איז נישט דער איינציגער, וואָס ווירקט אויף דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דער געשיכטע, האָט ער דאָך געדענקט, אַז מיר איבערשאַצען די ווירקונג פון די אַזוי גערופענע אידעאָלאָגישע פאַקטאָרען. ער האָט אויך גערעכענט, אַז מיר לעגען צופיל געוויכט, צופיל האָפנונגען אויף די פּויערים און דער אינטעליגענץ. ער איז אָבער געווען איינגאַנצען איינפאַרשטאַנען מיט אונז אין דער פראַגע פון טעראָר, האַלטענדיג, אַז אָהן אַקטיווען קאַמף מיט דער רוסישער רעגירונג קען מען נישט האָפען צו דעראָבערען פּאָליטישע פרייהייט, איז נישט מעגליך צו פיהרען אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישען די מאַסען אין אַ גרעסערען מאַסשטאַב. אונטער דעם וואָרט „מאַסען" האָט ער פאַרשטאַנען הויפּטזעכליך דעם שטאָדטישען פּראָלעטאַריאַט.

ווען איך האָב געענדיגט די דערקלערונג פון אונזער פּראָגראַם, איז גערשוני צוגעגאַנגען צו אַ קליין אייוועלע, ארויסגענומען פון דאָרט אַ רויט ביכעל און דערלאַנגט מיר, איך זאָל דאָס דורכלעזען. ער האָט געהאַלטען די אומלעגאַלע ליטעראַטור און עטליכע פּאַפּירען אין אייוועלע, כדי צו קענען עס אונטערצינדען, ווי נאָר די פּאָליציי וועט קומען מאַכען ביי איהם אַ רעוויזיע. די בראָשור, וואס ער האָט מיר געוויזען, איז געווען אַ דערקלערונג וועגען דער גרינדונג פון דער „אַרבייטער־פּאַרטיי פאַר דער פּאָליטישער באפרייאונג פון רוסלאַנד". דער הויפּט־צוועק פון דער בראָשור איז געווען צו באַ־ווייזען, אַז צוזאַמען מיט דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדא צווישען די ארבייטער מוז ווערען געפיהרט אַ טעראָריסטישער קאַמף מיט דער רעגירונג, כדי צו שאַפען די פּאָליטישע פרייהייט, וואָס זאָל געבען אַ מעגליכקייט פאַר אַן אָפענער אַגיטאַציע צווישען די מאַסען.

„מיר שטרעקען אויס אונזער לינקע האַנט צו די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטען, ווייל אונזער רעכטע האַנט איז פאַרנומען מיט דער שווערד", איז דאָרט געווען געשריבען.

גערשוני האָט מיך פּאַנאַנדערגעפרעגט וועגען אונזערע קרעפטען אין אויסלאַנד און אין רוסלאַנד. איך האָב נישט געלייקענט, אַז אין צאָהל זיינען מיר נאָך דערווייל נישט שטאַרק. איך האָב איהם אָבער אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז איבעראַל זיינען דאָ אַ סך עלעמענטען, וואָס סימפּאַטיזירען מיט אונזערע אנשויאונגען, און וואָס וועלען פריהער אָדער שפּעטער צושטעהן צו אונזער אָרגאַניזאַציע. גערשוני האָט באַמערקט, אַז ער האַלט פאַר אַ פעהלער פון אונזער זייט, וואָס מיר נעמען נישט אָן דעם נאָמען „פּאַרטיי", אָנשטאָט דעם צו באַשיי־דענעם נאָמען „פאַרבאַנד". איך האָב איהם געזאָגט, אַז מיר רעכענען אָנצונעמען דעם נאָמען „פּאַרטיי", ווען די צאָהל פון אונזערע מיט־גלידער אין רוסלאַנד וועט זיך פאַרגרעסערען.

נאָך אַ קורצער איבערלעגונג האָט גערשוני דערקלערט, אַז דער־ווייל קען ער נישט אריינטרעטען אין אונזער אָרגאַניזאַציע. ער וועט איבעררעדען, האָט ער געזאָגט, מיט זיינע חברים פון דער „אַרבייטער־פּאַרטיי פאַר דער פּאָליטישער באפרייאונג פון רוסלאַנד" און ער רעכענט, אַז פריהער אָדער שפּעטער וועלען מיר זיך פאַר־איינינגען. ער האָט דאָך צוגעזאָגט צו פאַרשפּרייטען אונזער ליטע־ראַטור און צו העלפען אונז מיט וואָס ער וועט קענען. מיר האָבען

באשטימט אַ שיפער (פאַר אַ שליסעל צו אונזער שיפער האָבען מיר אָנגענומען דעם זאַץ „דער דינער שלאָגט זיין פרוי"). איך האָב איהם געגעבען איינעם פון אונזערע זיכערסטע אַדרעסען אין בערן (פון דעם בערנער פּראָקוראָר צ׳גראַגען), און גענומען ביי איהם אַן אַדרעס אין מינסק. מיר האָבען אָפּגערעדט, אַז די בריוו זאָלען געשיקט ווערען אין דעם איינבונד פון אַ בוך, אריינגעקלעפּט אין אַ דאָפּעלטען טאָוועל.

פאַר׳ן געזעגענען זיך האָט מיר גערשוני דערצעהלט וועגען זיין ארעסט און וועגען די דריי וואָכען, וואָס ער האָט פארבראַכט אין מאָסקווער טורמע. די מגפה פון זובאַטאָוושטשינע האָט זיך דאַמאָלסט אָנגעהויבען צו פארשפּרייטען אין די ליטווישע שטעדט, איבערהויפּט אין מינסק. פיל פון די גאַנץ אָנגעזעהענע טוערס זיינען אריינגעפאַלען אין די פיין־געוועבטע נעצען פון דעם כיטרען פּראָוואָקאַטאָר זובאַטאָוו, וועלכער האָט זיי איינגערעדט, אַז אויב זיי וועלען געהן האַנט ביי האַנט מיט דער רעגירונג, וועט ער זיי העלפען איינפיהרען אין רוסלאַנד אַ כמעט־סאָציאַליסטישע אָרדנונג.

ווי עס ווייזט אויס, האָט זובאַטאָוו גלייך אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון גערשוני׳ס זעלטענער פּערזענליכקייט און האָט אָנגעווענדט אַלע קרעפטען איהם ארייַנצונאַרען אין זיין נעץ. ער האָט געהייסען, אַז מען זאָל גערשוני׳ן געבען אין געפענגניש אַלע פּריווילעגיען. ער האָט איהם אַפילו דערלויבט צו געהן אָנקוקען מאָסקווע אין דער באַגלייטונג פון אַ זשאַנדאַר. ער האָט אַליין געבראַכט גערשוני׳ן די נייעסטע רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור. זיבען גאַנצע נעכט האָט זובאַטאָוו געקנעלט מיט גערשוני׳ן און פאַר איהם געשילדערט די גרויסע ראָל, וואָס ער וועט שפּילען, און דעם גרויסען נוץ, וואָס ער וועט ברענגען דעם סאָציאַליזם, אויב ער וועט נאָר איינוויליגען צו אָרגאַניזירען די ארבייטער־מאַסען אונטער זיין (זובאַטאָוו׳ס) שיצענדען פליגעל.

גערשוני האָט מיר דערצעהלט, אַז זובאַטאָוו איז געווען אַ גלענצענדער רעדנער און אַ זעלטענער פּסיכאָלאָג. עס זיינען געווען מאָמענטען, ווען אונטער זובאַטאָוו׳ס כמעט היפּנאָטישען איינפלוס האָט ער גענומען טראַכטען, אַז עס וואָלט אפשר געווען ראַטזאַם אָנצונעמען דעם פּאָרשלאָג. אָבער גערשוני, דער קלאָרער קאָפּ, האָט באַלד פאַנאַנדערגעטריבען דעם כישוף־נעפּעל, אין וועלכען זובאַטאָוו האָט זיך באַמיהט איהם איינצואוויקלען, און זיין געזונטער פאַר־

שטאַנד האָט באַלד באַנומען, אַז פון דעם זשאַנדאַרמסקען סאָציאַליזם קען אַרויסוואַקסען נאָר שמאַך און שאַנד. זובאַטאָוו׳ס אַרבייט איז דאָס מאָל געווען אַרויסגעוואָרפען. ער האָט געמוזט באַפרייען גערשוני׳ן, מאַכענדיג — ווי די פּראַנצויזען זאָגען — אַ פּרעהליכע מינע צום אומגעלונגענעם שפּיל, און דערקלערען גערשוני׳ן, אַז ער האָפט, אַז ער, גערשוני, וועט די זאַך נאָך איבערלעגען און איינזעהן, אַז אין רוסלאַנד קען דער סאָציאַליזם פאַרווירקליכט ווערען נאָר מיט דער הילף פון דער רעגירונג.

***

אין סוף 1901, ווען איך בין געווען אין גאַליציע ווענען טראַנס־פּאָרטירען אומלעגאַלע ליטעראַטור קיין רוסלאַנד, האָב איך דערהאַלטען אַ טעלעגראַמע, אַז איך זאָל קומען קיין בערן. דאָרט האָב איך געפונען גערשוני׳ן. ער איז געקומען אַהין אַן איבערצייגטער סאָציאַ־ליסט־רעוואָלוציאָנער, אָבער נישט כדי אריינצוטרעטען אין אונזער פאַרבאַנד, נאָר כדי אונז אריינצונעמען אין דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, וועלכע ער האָט, אומדערוואַרטעט פאַר אונז אַלעמען, געגרינדעט פון אונזערע גרופּעס אין רוסלאַנד.

עס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען עטליכע זיצונגען, אויף וועלכע עס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אונזער ווייטערע טאַקטיק און עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו גרינדען די באַריהמטע „באָיעוואַיאַ אָרגאַ־ניזאַציאַ“, וועלכע האָט שפּעטער אונטער גערשוני׳ס פיהרערשאַפט אַזוי פיל אויפגעטאָן פאַר דער פאַרניכטונג פון דעם צאַרישען אַבסאָ־לוטיזם.

גערשוני איז פאַרבליבען אין אויסלאַנד אַ קורצע צייט און האָט שוין דאַמאָלסט אַרויסגעוויזען זיין זעלטענעם אָרגאַניזאַטאָרישען טאַ־לאַנט. ער האָט צוגעצויגען צו דער פּאַרטיי פיל וויכטיגע פּערזאָנען, ווי מיכאיל גאָץ, רובאַנאָוויטש, רוסאַנאָוו, בוכאַנאָווסקי און אַנדערע, וועלכע האָבען פריהער מייסטענס געהערט צו דער גרופּע פון די אַלטע נאַראָדאָוואָלצעס.

די קרעפטען פון דער פּאַרטיי האָבען גענומען וואַקסען פון טאָג צו טאָג.

זייענדיג הויפּטזעכליך פאַרנומען מיט דער זעהר שווערער און פאַראַנטוואָרטליכער אַרבייט פון אָרגאַניזירען די טעראָריסטישע אַטענ־טאַטען, האָט גערשוני נאָך געפונען צייט צו העלפען אין אַלע אַנדערע

טעטיגקייטען פון דער פארטיי, ווי איינאָרדנען געהיימע דרוקערייען, געפינען מענשען, וועלכע זאָלען אָפּנעמען די ליטעראַטור, וואָס איך פלעג אַריבערשמוגלען איבער דער גרענעץ, און אַזוי ווייטער.

אין 1902 האָט ער מיך באזוכט אין לעמבערג, גאַליציע. ער האָט געגלויבט, אַז נאָך עטליכע געלונגענע אַטענטאַטען אויף די רעאַקציאָנערסטע און ברוטאַלסטע פארטיידיגער פון דער רוסישער זעלבסטהערשאַפט וועלען צווינגען די רעגירונג צו ענדערען איהר טאַקטיק און צו געבען ווענינגסטענס אַ מעסיג־ליבעראַלע קאָנסטיטוציע.

מיר האָבען גערעדט אַ לענגערע צייט וועגען די שוועריגקייטען פון טראַנספּאָרטירען אונזער ליטעראַטור אין גרויסע קוואַנטיטעטען, אין וועלכע די שנעל־וואַקסענדע באַוועגונג האָט זיך גענויטיגט.

— עס מוז זיין שרעקליך לאַנגווייליג צו וואוינען דאָ אויף דער גרענעץ, ווייט פון אַלע חברים און פריינט, — האָט גערשוני געזאָגט צו מיר. — וואַרט, מענדעל, עס גלויבט זיך מיר, אַז די צייט איז נאָהענט, ווען מיר וועלען אָפען דרוקען אונזער צייטונג און בראָשורען אין פעטערבורג. דאַמאַלסט וועט זיך ערשט אָנפאַנגען די אמת׳דיג ברייטע און גרויסע ארבייט...

גערשוני איז נישט געווען קיין ענגער קאָנספּיראַטאָר. זיין פלאַם־פייערדיגע נאַטור איז געווען מעהר געשאַפען פאַר אַ גרויסער אָפענער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט. נאָר די פאַרפלוכטע דריקענדע אומשטענדען פון דעם אַלטען פאָליטישען רעזשים האָבען איהם געטריבען אויפ׳ן ענגען און דאָרנדיגען וועג פון טעראָריסטישען קאַמף.

נישט מיט קיין ליכט האָרץ האָט גריגאָרי גערשוני אָנגעפיהרט דעם טעראָריסטישען קאַמף. ער פלעגט אַלע מאָל אויסמיידען צו רעדען וועגען זיינע חברים, וואָס האָבען מקריב געווען זייער לעבען אין דעם דאָזיגען קאַמף. די דעראינערונג וועגען זייער טויט האָט איהם געמוזט זיין צו שמערצליך.

ווען איך האָב איהם געבעטען מיר צו דערצעהלען וועגען באַלמאַשאָוו׳ן, האָט זיך גערשוני׳ס געזיכט באַדעקט מיט אַ וואָלקען פון אומעט און אַ טיפער ווערטאָג האָט פאַרוואָלקענט זיינע אויגען.

— וואָס איז דאָ צו רעדען? — האָט ער אַרויסגעזאָגט מיד. — ער איז געווען איינער פון די ליכטיגסטע פערזאָנען, וואָס איך האָב ווען באַגעגענט. ער האָט געהאַט אַ האַרץ פון שטאָל און גאָלד. פאַרפלוכט זאָל זיין דער רעזשים, וואָס טרייבט די איידעלסטע קינדער פון רוסלאַנד אויפ׳ן וועג פון מאָרד צום עשאַפאָט!

גערשוני איז פון לעמבערג באַלד אָפּגעפאָהרען צוריק קיין רוס־לאַנד. אין גיכען איז אָנגעקומען די נייעס וועגען אַטענטאַט אויפ׳ן כארקאָווער גענעראַל־גובערנאַטאָר אָבאָלענסקי, וועלכער איז אַזוי גלענ־צענד דורכגעפיהרט געוואָרען פון דעם ארבייטער פאָמאַ קאַטשורא. דעם פּלאַן פון דעם אַטענטאַט האָט אויסגעארבייט גערשוני און ער איז דורכגעפיהרט געוואָרען אונטער זיין אויפזיכט. אָבאָלענסקי איז פאַראורטיילט געוואָרען צום טויט פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען פאַר זיין ברוטאַלער באַנעמונג מיט די פּויערים, וואָס האָבען זיך געבונטעוועט. ער איז ארומגעפאָהרען איבער זיין גובערניע מיט אַן עסקאַדראָן קאָזאַקען און געשמיסען גאַנצע דערפער פּויערים.

ווי גערשוני דערצעהלט אונז אין זיינע מעמוארען, האָט קאַטשורא, וועלכער איז געווען צווישען אונזערע אַרבייטער איינער פון די אינ־טעליגענטסטע און אַן איבערצייגטער טעראָריסט, אַ לאַנגע צייט זיך געבעטען מען זאָל איהם ארייננעמען אין דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַני־זאַציאַ”. גערשוני האָט איהם איינמאָל געזאָגט:

— געדענקסט, פאָמאַ, פון אייך וועט זיך אפשר פאָדערען נאָך מעהר ווי צו שטאַרבען אויפ׳ן עשאַפאָט. עס איז מעגליך, אַז די רוסישע רעגירונג וועט אָנווענדען אַלע שרעקליכע מיטלען פון דער אינקוויזיציע, כדי ארויסצוקריגען פון אייך די נעמען פון די, וואָס האָבען אייך געהאָלפען. זיינט איהר זיכער, אַז איהר וועט האָבען גענוג כח עס אויסצוהאַלטען?

דערויף האָט קאַטשורא געענטפערט:

— איך בין זיכער. זיי קענען מיך שניידען אויף שטיקער. זיי וועלען פון מיר גאָרנישט ארויסקריגען!

אין געריכט האָט זיך קאַטשורא געהאַלטען מיט זעלטענעם מוט. דאָס ערשטע יאָהר אין שליסעלבורגער פעסטונג האָט ער ארויסגע־וויזען אַזוי פיל שטאָלץ און פעסטקייט, אַז די זשאַנדארען האָבען זיך נישט געקענט אָפּוואונדערען. דורך פאַרשיידענע ליגענס און המצאות האָט זיך דעם פּראָקוראָר טרוסעוויטש איינגעגעבען ארויסצוקריגען פון קאַטשורא׳ן באַווייזען אַנטקעגען גערשוני׳ן. שרעקליך זיינען געווען די גייסטיגע יסורים, וואָס גערשוני האָט איבערגעלעבט, ווען קאַטשורא, אינגאַנצען אַ צובראָכענער און אַ האַלב־געריהרטער, האָט עדות גע־זאָגט אַנטקעגען איהם פאַר׳ן געריכט.

נאָך דעם אַטענטאַט אויף אָבאָלענסקי׳ן האָט די „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ” אַ לענגערע צייט פון זיך נישט געלאָזט הערען. ווען

עס האָבען זיך אָנגעהויבען די אומרוהען צווישען די אַרבייטער אויף די זאוואָדען אין זלאַטאָאוסט און דער אופימער גובערנאַטאָר באָגדאַנאָוויטש האָט געהייסען אויף זיי שיסען, האָט די פּאַרטיי סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען פאַראורטיילט באָגדאַנאָוויטש׳ן צום טויט. אָבער מאָנאַטען זיינען אַוועק און דער אורטייל איז נישט דורכגעפיהרט געוואָרען. אין צענטראַלען קאָמיטעט איז מען געווען אומצופרידען מיט דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ" און פיל האָבען געדענקט, אַז גערשוני האָט צופיל קאָנצענטרירט די טעראָריסטישע אַרבייט אין זיינע הענט.

אויפ׳ן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָהר אין וואָראָניעזש איז אָנגענומען געוואָרען דער באַשלוס צו גרינדען ראַיאָן-אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זאָלען אָנפיהרען זעלבסטשטענדיג דעם טעראָריסטישען קאַמף אין דער פּראָווינץ, איבערלאָזענדיג צו דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ" דאָס אָפּרוימען פון די גאָר הויכגעשטעלטע פּערזאָנען פון דער דעספּאָטישער רעגירונג. עטליכע טעג נאָך דעם צוזאַמענפאָהר, ווען איך בין געקומען מיט דער באַבושקאַ קיין קאָנסטאַנצאַ (רומעניען), האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז גערשוני האָט ענדליך דורכגעפיהרט דעם אַטענטאַט אויף באָגדאַנאָוויטש׳ן, און איהם דורכגעפיהרט אַזוי קונציג, אַז אַלע, וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין איהם, זיינען אין מיטען העלען טאָג פאַרשוואונדען דער פּאָליציי פון אונטער די הענט. דאָס איז געווען דעם 6טען מאַי, 1903.

*
**

אַ חדשים צוויי איידער ס׳איז אויסגעפיהרט געוואָרען דער אַטענטאַט אויף באָגדאַנאָוויטש׳ן, איז גערשוני געקומען אויף אַ קורצע צייט קיין אויסלאַנד, כדי צו זעהן זיך מיט מיטגלידער פון צענטראַלען קאָמיטעט אין פּאַריז און אין דער שווייץ. אויפ׳ן וועג צוריק קיין רוסלאַנד איז ער פאַרפאָהרען צו מיר קיין בוקאַרעסט. מיר האָבען זיך באַגעגענט אין הויז פון דעם אַלטען פּאָליטישען עמיגראַנט אַרבאָרע-ראַלי, וועלכער איז דאַמאַלסט געווען דער הויפּט-סטאַטיסטיקער פון קעניגליכען סטאַטיסטישען ביוראָ אין בוקאַרעסט און אויך דער רוסישער לעהרער פון דעם דאַמאָלסטדיגען רומענישען קרוינפּרינץ פערדינאַנד.

מיר האָבען פאַרבראַכט דעם אָוונט מיט אַרבאַרע-ראַלי׳ן. ער האָט אונז דערצעהלט פאַרשיידענע עפּיזאָדען פון די זעכציגער יאָהרען,

ווען ער איז געווען אַ סטודענט אין אימפּעראַטאָרסקען ליצעי אין פּעטערבורג. אַרבאָרע איז געווען אַ גלענצענדער און וויציגער דער־צעהלער. גערשוני איז פון אָנהויב געזעסען אַ ביסעל פאַרזאָרגט, נאָר באַלד איז ער געוואָרען פרעהליכער און געלאַכט ווי אַ קינד.

אַ זייגער צעהן איז גערשוני אַוועק צו זיך אין האָטעל. מיך האָט דער אַלטער פאַרהאַלטען צו שפּילען מיט איהם אַ שאָך. אַרבאָרע האָט נישט געוואוסט ווער זיין גאַסט איז געווען. איך האָב גערשוני׳ן פאָרגעשטעלט אַלס „איינעם פון אונזערע חברים”. ווען גערשוני איז אַרויס, האָט אַרבאָרע־ראַלי אַ שאָקעל געטאָן מיט זיין גרויען קאָפּ האָר און, מיט אַ וואונק צו דער טיר, אַ זאָג געטאָן:

— „אַריאַל”! (אַן אָדלער.).

אַזוי האָט ער אין איין וואָרט אויסגעדריקט זיין מיינונג וועגען גערשוני׳ן.

שפּאַצירענדיג אויף מאָרגען מיט גערשוני׳ן איבער בוקאַרעסט, זיינען מיר אריין אין איינער פון די פּאַראַדנע גאַסען. אַ שעהנער פאַר־מיטאָג געווען, און די גאַס האָט געווימעלט מיט עקיפּאַזשען און אויטאָמאָבילען.

פּלוצלונג האָט אַ קליין הינטעל, וועלכעס אַן אויטאָמאָביל האָט נאָר־וואָס איבערגעפאָהרען, זיך אַ שליידער געטאָן מיט אַ קוויטש אויפ׳ן טראָטואַר, עטליכע מאָל זיך אַ דרעה געטאָן ארום און ארום, און איז געפאַלען טויט לעבען גערשוני׳ס פיס. גערשוני האָט זיך איינגעבויגען, אַ ווייל געקוקט מיט צער און רחמנות אויף דעם טויטען הינטעל און, מיט אַ קול, אין וועלכען עס האָבען געקלונגען פאַרשטיקטע טרערען, שטיל געזאָגט:

— און אָט אַזוי שטאַרבט עס דער מענש אויך...

דער טאָן, אין וועלכען ער האָט דאָס ארויסגעזאָגט, האָט גע־קלונגען האַלב ווי אַ פראַגע און האַלב ווי אַן אויסגעשריי.

מיר האָבען פאַרבראַכט דעם טאָג צוזאַמען. אין אָוועגט האָט גערשוני געדאַרפט נעמען דעם צוג נאָך יאַסי און פון דאָרט פאָהרען צוריק קיין רוסלאַנד. ווען ער האָט זיך געגומען געזעגענען מיט מיר, איז מיר געוואָרען שווערלאך אויפ׳ן האַרץ. איך ווייס נישט צי די סיבה איז געווען דער עפּיזאָד מיט דעם הינטעל, אָדער די טרויעריגקייט, וואָס איז געווען אין גערשוני׳ס שמייכעל, אָבער מיר האָט געשראָקען דאָס האַרץ, אַז מען וועט איהם אויף דער גרענעץ אַרעסטירען. איך האָב איהם געזאָגט וועגען מיין געפיהל און געבעטען ער זאָל פאַר־

בלייבען אין בוקארעסט ביז מאָרגען פריה. ער האָט אפילו געמאַכט שפּאַס פון מיין פאַרגעפיהל. אָבער ער האָט דאָך איינגעווילליגט צו פאַרבלייבען אויף איבער נאַכט.

אויף מאָרגען אינדערפריה איז גערשוני אוועקגעפאָהרען מיט'ן ערשטען צוג. צוויי טאָג האָב איך מיט אומגעדולד געוואַרט אויף אַ ידיעה פון איהם. ענדליך האָב איך דערהאַלטען אַ קיעווער צייטונג. דאָס איז געווען אַ צייכען, אַז ער איז בשלום אַריבער די גרענעץ.

אַ מאָנאַט שפּעטער בין איך געקומען קיין רוסלאַנד, אָבער גער־שוני'ן האָט זיך מיר נישט איינגעגעבען צו זעהן. איך בין געווען פאַרנומען אין צענטראַל־ און דרום־רוסלאַנד, און גערשוני איז געווען אין אופאַ, וואו ער האָט צוגעגרייט דעם אַטענטאַט אויף באָגדאַנאָ־וויטש'ן.

אַ וואָך נאָך באָגדאַנאָוויטש'עס טויט, ווען איך בין שוין געווען אין בוקארעסט, האָט אַ רומענישע צייטונג געבראַכט די טרויעריגע נייעס, אַז דעם 13טען מאַי איז גערשוני אַרעסטירט געוואָרען אין קיעוו און, אַ געשמידעטער אין קייטען, אָפּגעשיקט געוואָרען נאָך פּעטערבורג. איך בין געווען כמעט זיכער, אַז גערשוני'ן דערוואַרט דער עשאַפאָט. ערשט דאַמאָלסט האָב איך געקענט באַגרייפען די יסורים, וואָס די דערינערונגען וועגען באַלמאַשאָוו'ס אומקומען האָבען פאַרשאַפט גערשוני'ן. ווען אַ פריינט איז פאַראורטיילט צו געפענגניש אָדער אפילו צו לעבענסלענגליכע קאַטאָרגע, בלייבט דאָך איבער אַ האָפנונג: אפשר וועט זיך איהם איינגעבען צו אַנטלויפען, אפשר וועט אַ בלאָז טאָן אַ ליבעראַלער ווינט אין די רעגירונגס־ספערען און מען וועט איהם אַרויסלאָזען פריי. אָדער פיליייכט וועט זיך אַ שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע כוואַליע צוגיסען איבער'ן לאַנד און די געפאַנגענע וועלען אַרויסגעפיהרט ווערען פון תפיסה מיט טריאומף. ווען אָבער אַ חבר דאַרף געפיהרט ווערען צום טויט און אַלע האָפנונגען ווערען מיטאַמאָל אָפּגעשניטען, בלייבט מעהר נישט איבער קיין שום טרייסט און דאָס אייגענע לעבען קומט זיך אַליין דאַמאָלסט פאָר כמעט ווי אַ פאָרוואורף.

אַ וואָכען זעקס נאָך גערשוני'ס אַרעסט בין איך ווידער געפאָהרען קיין רוסלאַנד. מען האָט מיך אַרעסטירט אין אָדעס און אָפּגעשיקט קיין פּעטערבורג אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג. איך האָב גע־וואוסט, אַז גערשוני געפינט זיך אין דער זעלבער פעסטונג, ווייל דאָס איז געווען דער איינציגער פּלאַץ, וואו די רעגירונג האָט געהאַלטען

וויכטיגע פּאָליטישע פאַרברעכער, איידער זייער אורטייל איז ארויס־געגעבען געוואָרען.

דורך א צופאַל האָט זיך מיר איינגעגעבען אויסצו־געפינען, וואו גערשוני איז געזעסען. איינמאָל, ווען מען האָט מיך ארויסגעפיהרט אויף מיין פערטעל־שעה׳דיגען שפּאַציר, ווי תמיד מיט א זשאַנדאַרמסקען אונטער־אָפיציער פון פאָרענט און א סאָלדאַט פון הינטען, האָב איך, געהענדיג דורכ׳ן קאָרידאָר פון אויבערשטען עטאַזש, אין וועלכען מיין קאַמער האָט זיך געפונען, דערהערט טריט און א קלאַנג פון שפּאָרען, וואָס זיינען געקומען צו מיר אלץ נעהענטער. דאָס האָט מען אפּנים געבראַכט א נייעם אַרעסטאַנט. ווי נאָר דער אונטער־אָפיציער, וואָס האָט געפיהרט דעם נייעם גאַסט, האָט זיך פאַרקירעוועט אין דעם קאָרידאָר, וואו איך בין געגאַנגען, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. זיין געזיכט איז געווען בלייך און דערשראָקען, אזוי ווי עס וואָלט חלילה געהאַלטען ביי א צוזאַמענשטויס פון צוויי צוגען. ער האָט א געשריי געטאָן צו מיינע אונטערפיהרערס:

— פאַרקירעוועט צוריק!

א פּאָר נישט זעהר צאַרטע הענט האָבען מיך שנעל ארומגע־דרעהט מיט׳ן געזיכט צום אַנדערען עק קאָרידאָר און מיך צוגעפיהרט צו די טרעפּ, וואָס האָבען געפיהרט ארונטער צום אונטערשטען עטאַזש. מיט שנעלע טריט זיינען מיר אַראָפּ פון די שטיגען און מען האָט מיך גענומען פיהרען צו דער טיר, וואָס צום קליינעם הויף, וואו מען האָט די אַרעסטאַנטען געגעבען זייער קורצען און איינזאַמען שפּאַציר.

ס׳איז עפּעס באַשערט געווען, אז יענעם טאָג זאָל די אייזערנע דיסציפּלין פון פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג פאַרלעצט ווערען און אז אונזערע שומרים זאָלען האָבען עגמת נפש. ווען איך בין צוגע־גאַנגען צו דער ספּעציעל־אָפּגעזונדערטער קאַמער נומער 46, האָב איך באַמערקט, אז די טאָפּעלטע טירען זיינען געווען א ביסעל אָפען. א וועכטער איז געשטאַנען צוגעבויגען צו דער שפּאַרע אין טיר און האָט עפּעס אריינגערעדט צום אַרעסטאַנט. מיטאַמאָל האָב איך דער־הערט א הילכיגע, באַקאַנטע שטימע, פון וועלכער מיין הארץ האָט א ציטער געטאָן. דאָס איז געווען גערשוני׳ס שטימע. איך בין געוואָרען אזוי אויפגערעגט, אז איך האָב נישט פאַרשטאַנען די ווער־טער, וואָס ער האָט ארויסגערעדט.

איך האָב זיך געווענדעט צו מיינע וועכטער און הויך אויפ׳ן קול, כדי גערשוני זאָל הערען, געזאָגט:

— וואָס פיהרט איהר מיך עפּעס היינט ארום איבער אַלע קאָרי־דאָרען? מיינע 15 מינוט זיינען שוין באַלד אריבער און איך וועל האָבען בלויז א פּאָר מינוט פאַר מיין שפּאַציר!

ווי נאָר דער אונטער־אָפיציער, וואָס איז געשטאַנען ביי גער־שוני׳ס קאַמער, האָט דערהערט מיין שטימע, האָט ער א ציטער געטאָן און מיט אימפּעט פאַרהאַקט די טיר.

מיט א צייט שפּעטער האָט מען מיך אריבערגעפיהרט אין א קאַמער אויפ׳ן אונטערשטען עטאַזש. אין קאָרידאָר בין איך פאַרביי־געגאַנגען די קאַמער 46. די טירען זיינען געווען אָפען. די קאַמער איז געשטאַנען פּוסט.

א שוידער איז מיר דורך איבער׳ן לייב.
וואו איז גערשוני?
האָט דאָס שרעקליכע שוין פּאַסירט?

***

דערגאַנגען אז גערשוני לעבט, בין איך ערשט אין א יאָהר צוויי ארום, ווען מען האָט מיך ארויסגעלאָזט פריי פון דער „באַלניצאַ ניקאָלאַיאַ טשודאָטוואָרצאַ". נאָר אזוי ווי איך בין נאָך נישט געווען ביים פולען זינען, האָב איך דאָס נישט געגלויבט. אין מיינע משוגענע חלומות האָב איך אָפט געזעהן גערשוני׳ן צווישען די מתים, וואָס פלעגען הערשיינען פאַר מיר, ווען איך בין געלעגען אין שפּיטאָל. און ווען איינער א חבר, דאַכט זיך, ישראל פּעסקין, וועלכען איך האָב באַגעגענט אין פּעטערבורג, האָט מיר דערצעהלט, אז גערשוני׳ס טויט־אורטייל איז אומגעביטען געוואָרען אויף לעבענס־לענגליכע גע־פענגניש און אז ער געפינט זיך אין שליסעלבורגער פעסטונג, האָב איך געדענק, אז דאָס נאַרט ער מיך צוליב עפּעס א געהיימען צוועק.

אין ניו יאָרק האָב איך זיך דערוואוסט די נייעס, אז די מיט לעגענדעס ארומגערינגעלטע שליסעלבורגער פעסטונג, וואו פיל פון די אַלטע העלדען פון דער רעוואָלוציע האָבען אָפּגעשמאַכט צעהנדליגער יאָהרען, איז אָפּגעשאַפט געוואָרען אַלס א געפענגניש פאַר „פּאָלי־טישע" און אז גערשוני׳ן האָט מען אריבערגעפיהרט פון דאָרטען קיין אקאַטוי, אויף קאַטאָרגע.

(גענומען פון דעם מחבר׳ס „ערינערונגען פון א סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער".)

יעגאָר לאַזאַרעוו:

# דער לעבענס־אויפטו פון ג. א. גערשוני

„געבאָרן פון האַס, געהאָדעוועט פון ליבע צו דער מוטער־לאַנד און פון גלויבען אין נאָהנטען נצחון, איז דער טעראָריזם געוואקסען און זיך געשטאַרקט אין דער אַטמאָספערע פון ענטוזיאַזם, וואָס דער העראָאישער ביישפיל האָט פון זיך געפלייצט".

סטעפניאק־קראַווטשינסקי.

„אָט דאָס איז אַ מענש!" — האָט זיך ארויסגעריסען ביי איינעם פון די ריכטער, צוקוקענדיג ווי גערשוני האָט אויפגענומען דעם טויט־אורטייל — מיט האַרציגער פרייד האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער אָנגעקלאָגטער רעמיאַניקאָווא און איהר גראַטולירט מיט דער נאָהענטער באפרייאונג.

אָבער גריגאָרי גערשוני איז ניט נאָר געווען דער מענש פון גרויסען האַרץ, ווי ער האָט זיך ארויסגעשטעלט אין פאַרלויף פון פּראָצעס. ער איז אויך געווען דער פאַרקינדיגער פון אַ נייעם רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם — אַ רעוואָלוציאָנער־טעראָריסט. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און דער ערשטער אָנפיהרער פון איהר קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

ווען גערשוני איז ארויסגעטראָטען אויף דער רעוואָלוציאָנערער אַרענא, האָבען אין רוסלאַנד געהערשט דער לעגאַלער און דער רעוואָלוציאָנערער מאַרקסיזם; נאָר סיי דער ערשטער און סיי דער צווייטער האָבען ארויסגעשטעלט דעם פּראָלעטאַריאַט אַלס דעם איינציגען אמת־רעוואָלוציאָנערען קלאַס; ביידע האָבען זיך פאַרהאַלטען צום פויערטום מיט דערזעלביגער פאַראַכטונג, ווי צו קליין־בורזשואַזיע. דאָס פויערטום איז פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען.

כדי צו פאַרריכטען אָט די איינזייטיגקייט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, איז צום סוף פון די 90ער יאָהרען אין אויסלאַנד געגרינדעט געוואָרען די אַזוי גערופענע „סאָציאַליסטישע אַגראַר־ליגע", וואָס האָט

זיך געהאַט געשטעלט פאַר איהר ציל — דורך ארויסגעבען פּאָפּולערע ליטעראַטור פאַר די פויערים, צו הויבען זייער פּאָליטישען און קלאַסען־באוואוסטזיין און אריינצוציהען זיי אין דעם אַלגעמיינעם שטראָם פון דער ארבייטער־באוועגונג אין רוסלאַנד.

צו יענער צייט האָט פון רוסלאַנד עמיגרירט די יונגע און טאַלענטירטע פאָר, די טשערנאָווס — מאַן און פרוי — וועלכע האָבען מיט געוואַלדיגען ענטוזיאַזם זיך איבערגעגעבען צו דער ארבייט פון דער „אַגראַר־ליגע". אַ רייהע פּאָפּולערע בראָשורען איז אָנגעשריבען געוואָרען און ארויסגעגעבען געוואָרען פון די מיטגלידער פון דער ליגע — און די בראָשורען האָבען געהאַט אַזאַ גרויסען ערפאָלג אין רוסלאַנד, אַז די סאָציאַלדעמאָקראַטען אליין, פאַר זייער אייגענער פּראָפּאַגאַנדא צווישען די ארבייטער, האָבען גענומען אויפכאַפּען די בראָשורען און אריבערשיקען זיי קיין רוסלאַנד.

זינט דער צושטערונג פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אין די יאָהרען 1883—1884 זיינען אין פארשיידענע שטעדט נאָך פאַרבליבען מענשען, ארום וועלכע עס האָבען זיך געקליבען קרייזלאַך פון יוגענד, אונטער פארשיידענע נעמען, אָפטער פון אַלץ אונטער דער אַלגעמיינער באצייכנונג — „סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען".

און עס איז קענטיג געוואָרען, אַז די צייט איז רייף.

די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון רוסלאַנד האָבען שוין געהאַט באדייטענד זיך געענדערט: עס איז באַשאַפען געוואָרען אַ גרויס־אינדוסטריע; אויף דער סצענע האָט זיך באוויזען דער אומרוהיגער שטאָדטישער ארבייטער; דאָס פויערטום האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר גערודערט איבער דער ערד־פראַגע. אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, וואָס זאָל ארויסטרעטען מיט דעם פּראָגראַם פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וואָלט איצט געקאָנט שוין זיך אָנשפּאַרען אויף די ארבייטער־ און פויערים־מאַסען.

אין יאָהר 1896 האָט די „באַבושקא", קאַטערינאַ ברעשקאָווסקאַיאַ, באַקומען ערלויבניש אומצוקעהרען זיך צוריק קיין רוסלאַנד. בלויז אַרום אַ יאָהר האָט זי אָפּגעלעבט ביי איהרע קרובים אין מינסק. לעבענדיג אונטער שטרענגער פּאָליצייאישער השגחה, האָט זי קיין מעגליכקייט ניט געהאַט זיך צו באַקענען מיט דער ניי־געשאַפענער לאַגע, ווייל זי איז באַרויבט געווען פון איהר רעכט פריי זיך צו באַוועגען און אויסצוקלייבען איהר וואוינאָרט לויט איהר וואונש.

אזוי לעבען איז פאַר איהר געוואָרען אונערטרעגליך, האָט זי זיך פאַרזאָרגט מיט פאַלשע פּאַספּאָרטען און איז פאַרשוואונדען פון פּאָליציייאישען האָריזאָנט.

אין פארלויף פון עטליכע יאָהר איז זי אומלעגאַל ארומגעפאָהרען איבער גאַנץ רוסלאַנד, אויפזוכענדיג אַלטע פריינד און חברים, און אויף אַזא אופן איינשטעלענדיג און פארפעסטיגענדיג די פארבינדונגען צווישען די קרייזלאַך. די אידעאַ'ישע יוגענד האָט אומעטום איהר אויפגענומען מיט ענטוזיאַזם. אין יענער צייט האָט זי זיך באקענט מיט גריגאָרי גערשוני, און די מיטארבייטערשאַפט פון די צוויי מענשען האָט געגעבען אַ געוואַלדיגען שטויס דער אויפקומענדער באוועגונג.

און אָט — אין יאָהר 1901 — האָבען די אַלטע און יונגע „נאַראָדאָוואָלצעס" און סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, די „צפון'דיגע" און די „דרום'דיגע", דורך אַ רייה ווידערהאָלטע פארהאנדלונגען, זיך געאייניגט אויף דעם באַשלוס: אָפּצוזאָגען זיך פון זייער אָפּגע־זונדערטער עקזיסטענץ און צו באַ'שאפען אַ נייע גרויסע פּאָליטישע פּאַרטיי אונטער דעם נאָמען „די פאראייניגטע פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען" (פּ. ס. ר.), וואָס זאָל האָבען פאַר איהר באַזע דאָס פּראָגראַם און די טאַקטיק פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", מיט אַזעלכע אויסבעסערונגען, וואָס די דורכגעמאַכטע ערפאַהרונגען און די געענדערטע באדינגונגען' ווע'לען עס פאָדערען.

פאַר אַן אָפּענעם ארויסטריט האָט די פּאַרטיי זיך גענויטיגט אין אַ באַשטימטען פּראָגראַם. און עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו אָנערקענען דאָס פּראָגראַם פון דער „סאָציאַליסטישער אגראַר־ליגע" אין אויסלאַנד אַלס אַ טייל פון פּאַרטיי־פּראָגראַם; פאַר דער פאָר־מולירונג אָבער פון פּראָגראַם אין גאַנצען זיך צו ווענדען צו די אויסלענדישע חברים, — די מיטגלידער פון דער „סאָציאַליסטישער אַג־ראַר־ליגע", די פּאַריזער „אַלטע נאַראָדאָוואָלצעס" און די שווייצארישע „סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען", וועלכע האָבען פּאַרמאָגט טעאָרעטישע כחות — מיט אַ בקשה, אַז זיי זאָלען נעמען זיך אויסצואַרבייטען דעם פּראָיעקט פון אַ פולען פּאַרטיי־פּראָגראַם. פאַר דעם צוועק און פאַר אַלע געהעריגע פארהאנדלונגען זיינען קיין אויסלאַנד געשיקט געוואָרען צוויי פאָרשטעהער, וועלכע זיינען אויך געווען באַפאָלמעכ־טיגט צו פאָרמירען אין אויסלאַנד די רעדאַקציע פון דעם שוין אָנגע־הויבענעם אין רוסלאַנד פרעס־אָרגאַן „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָסיאַ", ווי

אויך אַז „אויסלענדישע דעלעגאַציע", וואָס זאָל פּראָפּאַגאַנדירען און פאַרטיידיגען די אידעען פון דער נייער פּאַרטיי פאַר דעם סאָציאַליס־טישען אינטערנאַציאָנאַל און פאַר דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט־ליכער מיינונג בכלל.

אין יענער צייט — זייט דעם יאָהר 1896 — האָב איך געלעבט אין דער שווייץ, וואו איך האָב געהאַט מיין הויז און אַ מילך־פערמע, און איך געדענק, אַז דאָס ערשטע באַגעגעניש פון די מיטגלידער פון דער „אַגראַר־ליגע" מיט די דעלעגאַטען פון רוסלאַנד איז פאָרגעקומען אין בערן, אויף דער קוואַרטיר פון די טשערנאָווס. און די דעלע־גאַטען, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, זיינען געווען גריגאָרי גערשוני און יעוונאָ אַזעף.

גערשוני איז ביז דאַמאָלסט קיינעם פון אונז ניט באַקאַנט געווען, אָבער אַזעפ'ען האָב איך געקענט שוין פון לאַנג, ווייל ער האָט זיך געלערנט אין אויסלאַנד, און אַלס סטודענט פון דאַרמשטאַטער פּאָלי־טעכניקום איז ער צוויי מאָל, מיט אַנדערע סטודענטען, אויף די זומער־קאַניקולען געקומען אין דער שווייץ, זיך באַזעצענדיג אין דער שכנות־שאַפט פון מיין פערמע און האַלטענדיג טיש ביי מיר. מיט איין וואָרט, אין דער סטודענטישער וועלט איז אַזעף געווען אַן „אייגענער מענש". דאָס ערשטע מאָל האָט ער געוואוינט ביי מיר אַליין, מיט די סטודענטען. דאָס צווייטע מאָל איז ער געקומען מיט זיין פרוי. און איך האָב געהערט, אַז ענדיגענדיג אַלס אינזשענער, איז ער אָפּ־געפאָהרען קיין רוסלאַנד. מיט עפּעס באַזונדערעס האָט ער פריהער זיך ניט געהאַט אויסגעצייכענט. געווען איינפאַך אַ פּראָסטער, שווער־לייביגער און אומגעלומפּערטער סטודענט. דעריבער בין איך אַביסעלע איבעראַשט געווען באַגעגענענדיג איהם אַלס דעלעגאַט. דאָך די פריהערדיגע באַקאַנטשאַפט מיט אַזעפ'ען האָט ניט ווילענדיג אונז דערנעהענט צו דער דעלעגאַציע.

דאַמאָלסט איז אונז אַלץ פאָרגעקומען ווי עס דאַרף צו זיין... עקספּאָזיציע פון דעם ענין, זיין פּראַקטישער שכל, זיין אויפריכטיגקייט און זיין באַצווינגענדער גלויבען אין דעם ערפאָלג פון דער ניי־געבאָ־רענער פּאַרטיי האָבען גלייך איינגעשטעלט וואַרימע חבר'שע באַציהונ־גען צווישען אונז און די דעלעגאַטען.

דאַמאָלס איז אונז אַלץ פאָרגעקומען ווי עס דאַרף צו זיין... ערשט איצט גיט אונז אַ שלאָג מיט משונה'דיגען אומזין די קאָמבי־נאַציע פון די צוויי נעמען — גריגאָרי גערשוני און יעוונאָ אַזעף.

ערשט איצט איז פעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז געווען אזעף, וועלכער האָט זיך געסטאַרעט צו ברענגען גערשוני׳ן אויף דער תליה, כדי צו פאַרנעמען זיין אָרט אין דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. נאָר אַ קליינער אָרטיגער פּראָוואָקאַטאָר (אין קיעוו) איז אזעף׳ן דעם וועג פאַרלאָפּן.

אָבער אזעף׳ס טעטיגקייט איז אַ געשיכטע פאַר זיך. דאָ ווילען מיר איהם לאָזען צורוה און קאָנצענטרירען אונזער גאַנצע אויפ־מערקזאַמקייט אויף דער ליכטיגער געשטאַלט פון גריגאָרי גערשוני. דאָ וועט זיין געגוג נאָר אָנצואווייזען, אַז נאָך אין יענעם געדענק־ווירדיגען מאָמענט איז אזעף שוין געווען אַן אַגענט פון דער אָכראַנע.

*
**

זייער מיסיע האָבען די דעלעגאַטען דורכגעפיהרט גלענצענד. די געוועהלטע מיטגלידער פון דער „אַגראַר־ליגע״ זיינען אומאָפּיציעל פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין דער „אויסלענדישער דעלעגאַציע״ פון דער פּאַרטיי. צוליב מעהרערע פּראַקטישע טעמים איז באַשלאָסען געוואָרען ציימווייליג איבערצולאָזען די „סאָציאַליסטישע אַגראַר־ליגע״ אַלס זעלבסטשטענדיגע אָרגאַניזאַציע: ווייל זי האָט דאָך אויך געהאַט פאַראייניגט אין זיך פּערזאָנען, וואָס זיינען געווען מאַרקסיסטיש גע־שטימט, וועלכע האָבען אָבער געהאַט אַ גינסטיגע שטעלונג צום פּויערטום. ביז די פּאַרטיי ס. ר. וועט זיך שטעלען אויף די פיס און אָנהויבען ווירקען זעלבסטשטענדיג, האָט די גוט־שכנ׳ישע באַציהונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי צו דער אַגראַר־ליגע גע־קאָנט זיין פון גרויסע נוצען. די ליגע און די פּאַרטיי האָבען געהאַט צווישען זיך אַ פעדעראַטיווע פאַרבינדונג, וואָס אין דער פּראַקטישער אַרבייט איז עס שטופּענוויז איבערגעגאַנגען אין אַ פולער צונויפ־שמעלצונג.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען פאָרטצוזעצען אין אויסלאַנד דאָס אַרויסגעבען פון „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָסיאַ״, וואָס איז אָנגעהויבען געוואָרען אין רוסלאַנד דורך דער גרופּע פון אַרגונאָוו און פאַוולאָוו, וועלכע איז אַרעסטירט געוואָרען ביים דריטען נומער. „רעוואָלוציאָנ־נאַיאַ ראָסיאַ״ ווערט דערקלערט אַלס דער צענטראַלער אָרגאַן פון דער פּאַרטיי. וויקטאָר טשערנאָוו, מיכאיל גאָץ און שפּעטער לעאָניד שישקאָ ווערען די רעדאַקטאָרען. אין דער שווייץ קומען אָן מינאָר און זיין פרוי, וועלכע ווערען גלייך דער צוציהונגס־צענטער פאַר אַ צאָהלרייכער שטודירענדער יוגענד, און די אָרגאַניזאַציאָנעלע, פּראָפּאַ־

גאַנדיסטישע און אַגיטאַטאָרישע ארבייט נעמט קאָכען — אין אויס־לאַנד, ווי אין רוסלאַנד גופא.

אומקערענדיג זיך קיין רוסלאַנד, ווייזט גערשוני ארויס אַ מורא'־דיגע ענערגיע. נאָך פריהער האָט ער געהאַט געצויגען אויף זיך דעם חשד פון שעף פון מאָסקווער אָכראַנע, זובאַטאָוו, אָבער גערשוני האָט זיך גליקליך ארויסגעריסען פון זיינע נעגעל. איצט באַשליסט ער צו ליקווידירען זיין באַקטעריאָלאָגישען קאַבינעט אין מינסק, און פיהרט עם גלייך דורך — כדי צו קענען זיך אָפּגעבען אין גאַנצען צו אָרגאַ־ניזאַציאָנעלער, פּראָפּאַגאַנדיסטישער, אַגיטאַטאָרישער און דער עיקר טעראָריסטישער טעטיגקייט. ארומפאָהרענדיג איבער רוסלאַנד, שרייבט ער אַרטיקלען און קאָרעספּאָנדענציעס אין „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָסיאַ", לאָזט ארויס אַגיטאַציאָנס־בלעטלאך און פּראָקלאַמאַציעס, און צולעצט אָרגאַניזירט ער די „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ" און ווערט איהר פיהרער.

די פּאָליטישע אַטמאָספערע אין רוסלאַנד צו יענער צייט איז אָנגעזעטיגט מיט עלעקטריציטעט. דער רעגירונג'ס ווילקיר האָט אָנ־גענומען די פאָרם פון אונערהערטען ציניזם. עס הויבען זיך אָן רדיפות אויף דער סטודענטענשאַפט, וואָס דערגעהט אַזוי ווייט, אַז פאַר אַן איינפאַכער דעמאָנסטראַציע האָט דער מיניסטער פון פאָלקס־אויפקלערונג באָגאָליעפּאָוו, אַליין אַ געוועזענער פּראָפעסאָר, אָפּגעגעבען פאַר סאָלדאַטען, איבער געוואַלט, צוויי הונדערט סטודענטען, און טויזענדער עלטערען פון די געיאָגטע סטודענטען איבער גאַנץ רוס־לאַנד האָבען אָפּגעזיפצט מיט דערלייכטערונג און פרייד ביי דער בשורה, אַז אַן אומבאַקאַנטער סטודענט קאַרפּאָוויטש האָט דערשאָסען ווי אַ משוגע'נעם הונט אָט דעם „אויפגעקלערטען תליון".

אָבער דער בייזווילען פונ'ם מיניסטער פון פאָלקס־אויפקלערונג איז געווען בלויז אַ שוואַכע אָפּשפּיגלונג פון דער אַלגעמיינער אינער־ליכער פּאָליטיק, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפיהרט דער מיניסטער פון אינערליכע ענינים סיפּיאַגין. אין דער מיט עלעקטרי אָנגעלאָדענער אַטמאָספערע האָט קאַרפּאָוויטשעס רעוואָלווער אויסגעשאָסען ווי פון זיך אַליין, אָהן שום צוגרייטונג. עס איז געווען אַן אינדיווידועלער אַקט. אָבער ער האָט געמאַכט אַזאַ דערמונטערנדען איינדרוק אויף דער געזעלשאַפט, אַז אַלע ספקות ביי דער פּאַרטיי וועגען דער צוועק־מעסיגקייט פון טעראָר האָבען מיט אַמאָל זיך אויסגעוועפּט. עס איז קלאָר געוואָרען, אַז אַזאַ אויסערסט דעליקאַטער קאַמף טאָר ניט איבער־געלאָזט ווערען צו דעם גורל פון צופעליגע און אינדיווידועלע ארויס־

טרעטונגען. זיי דאַרפֿען זיין גוט פֿאַרטראַכט, אָרגאַניזירט און סאַנק־ציאָנירט פֿון דער פּאַרטיי, ד. ה. פֿון איהר צענטראַל־קאָמיטעט.

און אָט נעמט גערשוני די זאַך אין זיינע הענט און אָרגאַניזירט די קאַמף־אָרגאַניזאַציע, וועלכע נאָך איהם — שוין אונטער דער אָנ־פֿיהרערשאַפֿט פֿון אַזעף און סאַווינקאָוו — ווערט זי אָפּגעזונדערט און באַקומט איהר אייגענע קאָנסטיטוציע.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו דערוויטערען פֿון דער פּאָלי־טישער אַרענאַ דעם מיניסטער איבער אינערליכע ענינים סיפּיאַגין און דעם אויבער־פּראָקוראָר פֿון הייליגען סינאָד פּאָביעדאָנאָסצעוו. דער ערשטער טעראָריסטישער ארויסטריט פֿון דער פּאַרטיי האָט געדאַרפֿט מיט באַזונדערער פּאַרזיכטיגקייט אָוועקגעשטעלט ווערען — ניט בלויז פֿון דער טעכנישער זייט, נאָר אויך אין דעם זין פֿון מאָראַלישער אויסגעהאַלטענקייט, ווייל אַזאַ ארויסטריט האָט געמיינט אַ זיכערער טויט פֿאַר דעם אויספֿיהרער פֿון דעם אַקט, וועלכער האָט געדאַרפֿט פֿאַרטיידיגען ניט זיך אַליין, נאָר די אידעען פֿון דער פּאַרטיי און די אינטערעסען פֿון פֿאָלק.

אַ סך זיינען געוועזן די בעלנים... און סוף כּל סוף איז דער אויס־וואַהל געפֿאַלען אויף דעם אַזאַ קרישטאָל־ריינעם מסירת־נפש'דיגען העלד, ווי דאָס איז געוועזן דער יונגער אונשטערבליכער סטעפּאַן באַל־מאַשאָוו. אין מונדיר פֿון אַדיוטאַנט פֿון גרויספֿירשט סערגעי לאָזט ער זיך געהן נאָך סיפּיאַגינען אין גאָסודאַרסטווענני סאָוועט, אין מאַריאינסקי דוואָרעץ, דערלאַנגט איהם אין אַ פֿאַרזיגעלטען פּאַקעט זיין טויט־אורטייל צוזאַמען מיט דער אויספֿיהרונג פֿון דעם אורטייל.

„ווער איז סיפּיאַגין און פֿאַר וואָס איז ער געטויט געוואָרען? —

„סיפּיאַגין איז געטויט געוואָרען אַלס מיניסטער איבער אינער־ליכע ענינים, אויף וועמען עס ליגט די פֿאַראַנטוואָרטליכקייט פֿאַר טויזענטער הימעל־שרייענדע רציחות, געגען וועלכע עס ווערען פֿאַר־בלייכט אַפֿילו די גרויזאַמע מיטלען, וואָס ווערען אָנגעווענדט געגען דער אויפֿגערודערטער סטודענטענשאַפֿט. דאָס איזדעקעווען זיך איבער דעמאָנסטראַנטען, די אָבוכאָווער און באַטומער בלוטבעדער, די הריגות אויף די אַרבייטער, די סיסטעמאַטישע אויסהונגערונג פֿון פֿאַרמאַרעטען דאָרף, און די מיסהאַנדלונגען פֿון די אַרעסטירטע פּאָלי־טישע געגנער — די אַלע גרוילען זיינען צו מורא'דיג און צו אומ־געהייער"...

דאָס איז געווען די אָפיציעלע דערקלערונג פון דער פּאַרטיי.

און ווער איז געווען באַלמאַשאָוו?

דער מאָראַלישער אָנבליק זיינער לאָזט זיך דערקענען פון דעם בריף, וואָס ער האָט געשיקט צו זיינע עלטערן אויף מאָרגען נאָכ'ן אַטענטאַט, ד. ה. דעם 3טען אַפּריל 1902.

„טייערע מיינע — שרייבט ער — אויסנוצענדיג אַ גליקליכע געלעגענהייט, שרייב איך אייך עטליכע שורות... דאָס געשעהעניש פון צווייטען אַפּריל און מיין אָנטייל אין איהם האָבען זיכער אייך דער־שלאָגען מיט דער אומגעריכטקייט פון אַ דונער און אייך פאַרשאַפט די שאַרפסטע פּיין.

„נאָר האָט אויף מיר קיין פאַראיבעל ניט. די האַרצלאָזע, אכזריות'דיגע באַדינגונגען פון רוסישען לעבען האָבען מיך געבראַכט צו אַזאַ טאַט, האָבען מיך געצוואונגען פאַרגיסען מענשליך בלוט, און דער עיקר — אייך פאַרשאַפען אויף די עלטערע יאָהרען אומ־פאַרדינטע ליידען דורך דעם פאַרלוסט פון אייער איין־איינציגען זוהן.

„ווי אומענדליך גליקליך וואָלט איך איצט געווען, ווען דערפילענדיג מיין בירגער־פליכט וואָלט מיך ניט געדריקט דער געדאַנק וועגען אייער צער... איך, נאַטירליך, האָב קיין חרטה ניט אויף דאָס, וואָס איך האָב געטאָן... די פאַרשאָלטענע באַדינגונגען פון דער איצטיגער רוסישער ווירקליכקייט פאָדערען ניט בלויז קרבנות פון מאַטעריעלע גיטער, נאָר נעמען אויך אַוועק ביי עלטערן זייערע איין־איינציגע קינדער. איך ברענג מיין לעבען אַלס קרבן צו דעם גרויסען אידעאַל פון פאַרלייכטערען דעם גורל פון די האָרעווענדיגע און אונטערדריקטע, און דאָס, גלויב איך, גיט מיר אַ מאָראַלישע באַרעכטיגונג פאַר דער גרויזאַמקייט, וואָס איך בין באַגאַנגען געגען אייך, מיינע הייס־גע־ליבטע און געשעצטע עלטערן... אייער סטעפאַן".

סטעפאַן באַלמאַשאָוו איז געהאַנגען געוואָרען. זיין ארויסטרעטען אין נאָמען פון דער פאַרטיי ס. ר. און זיין מוטיגע האַלטונג אויפ'ן געריכט האָבען געשאַפען פון איהם דעם געשטאַלט פון אַ הייליגען אין די איידעלע אָפּרופיגע הערצער פון דער יוגענד.

„טעראָריסטישע אַקטען — האָט געשריבען די „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָסיאַ", נומער 7 — זיינען געוואָרען אומפאַרמיידליך אַלס זעלבסט־שוץ, אַלס וואַפען פון נויטיגער זעלבסט־פאַרטיידיגונג, אָהן וועלכער

די ניט־געצאַמטע הפקרות פון זעלבסטהערשערישען ווילקיר געהט איבער אַלע גרעניצען און ווערט אונערטרעגליך".

אַט די מיינונג איז אין גיכען קלאָר באַשטעטיגט געוואָרען. אין א חודש ארום נאָך באַלמאַשאָוו'ס שאָס האָט דער ווילנער גובערנאַטאָר, גענעראַל פאָן וואַל — דער אויסוואורף וועלכער האָט לסוף באַגאַנגען מיאוס'ע גנבות און דערפאַר מיט פאַראַכטונג ארויסגעשיקט געוואָרען פון פעטערבורג — אַט דער פאָן וואַל האָט באַקומען א ברייטע פול־מאַכט צו דערשטיקען אין ווילנא דעם סאַמע אָרגאַניזירטען טייל פון דער אַרבייטער־באַוועגונג — דעם אידישען. די ארבייטער־דעמאָנ־סטראַנטען — מענשען מיט א העכסט־אנטוויקעלטען געפיהל פון זעלבסטווירדע — האָט מען אונטערוואָרפען צו דער שענדליכסטער פאָרם פון שטראָף, שמייסען מיט ריטער, וואָס איין גדאַנק וועגען דעם רופט ארויס א נערוועזען ציטער, מאַכט שוידערען מיט גרויל' און צאָרן דעם גאַנצען מענשליכען וועזען. און דאָס נאָכדעם, ווי די דעמאָנסטראַנטען זיינען אָהן רחמנות געשלאָגען געוואָרען מיט קאַזאַקישע נאַגאַיקעס.

די גאַנצע אידישע געזעלשאַפט — און ניט נאָר די אידישע אליין — האָט זיך דערפיהלט דערנידעריגט, געשענדעט און צוטראָטען מיט די פיס... ווי אָפּוואַשען די באַליידיגונג? ווי ענטפערען ווירדיג אויף דער באַשפּיגענער מענשליכער ווירדע? מיט א פּאַפּירענעם פּראָטעסט? מיט ארויסלאָזען פּראָקלאַמאַציעס? אָדער מיט נאָך א דעמאָנסטראַציע, נאָך וועלכער עס וואָלטען געקומען נאָך גרויזאַמערע רעפּרעסיעס?

און פּלוצלונג — דער רעוואָלווער פונ'ם ארבייטער הירש לעק־קערט, אָהן שום צוגרייטונג, צילעוועט זיך אויף פאָן וואַל, שיסט אויס און צום אַלגעמיינעם באדויערען פאַרוואונדעט איהם בלויז.

דער שאָס איז געווען אומגעלונגען, אָבער ער האָט געמאַכט א דערשיטערענדען איינדרוק אויף דער גערריקטער אידישער עפּענט־ליכער מיינונג. ביסלאַכווייז האָט אומעטום זיך איינגעקערנט און זיך געקרעפטיגט דער גדאַנק וועגען דער נויטיג־קייט פון א סיסטעמאַטישער, אָרגאַניזירטער פּאַרטיידי־גונג פון דער באַפעלקערונג געגען דעם אומגעצאַמטען הפקר־ווילען פון די צארישע תליונים, און צוזאַמען מיט דעם דאָס באַ־וואוסטזיין אין דער פּאַרטיי גופא, ווי נויטיג עס איז זאָרגפעליג אויס־

צוקלייבען די תליונים, רעכענענדיג זיך מיט דער שטימונג אין דער סביבה, וואו די תליונים האָבען געטאָן זייער בלוטיגע ארבייט. דער־פאַר וועלען מיר זיך אין דעם וויטערדיגען ניט לאַנג אָפּשטעלען אויפ־צוקלערען די מאָטיוועז פון די נאָכפאָלגענדיגע טעראָריסטישע ארויס־טרעטונגען פון דער פּארטיי „עס־ער". די אַלע ארויסטרעטונגען האָבען געזוכט צו פּארהיטען אייגענווילּיגע שאָסען פון אינדיווידועלע רעוואָל־ווערען, ווייל ארום יענער צייט האָבען אחוץ הירש לעקערט׳ס שאָס, אין פארשיידענע שטעדט זיך דורכגעריסען אומגעלונגענע אינדיווי־דועלע טעראָר־אַקטען: לאַגאָווסקי האָט געשאָסען דורכ׳ן פענסטער אויף פּאָביעדאָנאָסצעוו׳ן; מיכאַלעוויטש — געצוואונגען צו א האָפּ־נונגסלאָזען פארזוך — האָט מיט א פינישען מעסער אין האַנד זיך דורכגעשלאָגען א וועג צו טרעפּאָוו׳ען; און ענליכע פאַלען.

דער נעקסטער טעראָריסטישער ארויסטריט פון דער „באָיעוואיא אָרגאַניזאַציא", אונטער דער דירעקטער אָנפיהרערשאַפט פון גערשוני, איז געווען דער פארזוך אויפ׳ן לעבען פון כארקאָווער גובערנאַטאָר פירשט אָבאָלענסקי, וועלכער איז בלויז פארוואונדעט געוואָרען פון דעם רעוואָלווער־שאָס פון ארבייטער קאַטשורא, ווייל א דאמע, וואָס האָט באגלייט דעם גובערנאַטאָר, האָט קאַטשורא׳ן געשטערט צו מאכען דעם שאָס געלונגענער. פלעווע, וועלכער האָט פארביטען דעם גע־טויטעטען מיניסטער סיפּיאַגין, האָט ארויפגעלעגט אויף פירשט אָבאָלענסקי׳ן די אויפגאַבע צו דערשטיקען די אגראַרישע באוועגונג פון די פויערים אין פּאָלטאַווער און כארקאָווער גובערניעס און צו באשטראָפען די שולדיגע. פירשט אָבאָלענסקי שיקט פאַנאַנדער אין פרידליכע דערפער שטראָף־עקספּעדיציעס. קאָזאַקישע און סאָלדאַטסקע באטאַליאָנען ווערען אויסגעשטעלט איבער די הייזער פון די פויערים און ווערען אויסגעהאַלטען אויפ׳ן פויערשען חשבון. די קאָזאַקען מאַכען חרוב די באפעלקערונג און באגעהען אַלערליי געמיינהייטען: שלאָגען די פויערים, פארגוואַלטיגען זייערע ווייבער און טעכטער, אחוץ דער אומגעהייערער שטראָף פון הונדערט טויזענד רובעל, וואָס איז ארויפגעלעגט געוואָרען אויף די פויערים, זיינען גאַנצע דערפער מאַסענווייז געשמיסען געוואָרען.

פאָמאַ קאַטשורא האָט געשאָסען אויף אָבאָלענסקי׳ן דעם 29טען יולי 1902; מען האָט איהם גע׳משפט און פאר׳משפט צום טויט; דער טויט־אורטייל איז איהם שפּעטער פארביטען געוואָרען אויף 20

יאָהר קאַטאָרגע. פינף חדשים איז ער אָפּגעזעסען אין פּעטראָפּאַוור־לאָווסקער פעסטונג; נאָכהער איז ער איבערגעפיהרט געוואָרען קיין שליסעלבורג, פון וואַנען ער איז שפּעטער ארויסגעפאָדערט געוואָרען אין געריכט צום פּראָצעס איבער גערשוני.

דעם 24טען נאָוועמבער איז גערשוני ארויסגעפאָהרען קיין אויס־לאַנד איבער אַלעקסאַנדראָווא, און דעם 12טען פעברואר 1903 האָט ער זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד איבער אונגעני.

איך לאָז דאָ דורך גריגאָרי גערשוני'ס פילזייטיגע טעטיגקייט אויף דעם געביט פון ליטעראַטור, פּראָפּאַגאַנדאַ און פּאַרטייאישער אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט בכלל. ער איז געווען אין העכסטען גראַד אַ פּראַקטישער מענש, ענערגיש און געשיקט, אָבער גלייכצייטיג אויך אַ ראָמאַנטיקער, אַ פּאָעט אין דער נשמה, אַ טיף אויפריכטיגער, אַ מסירת־נפש'דיגער, אַן אומדערשראָקענער — און צו דעם אַלעמען אַן אויסערגעוועהנליכער א י ד ע א ל י ס ט. די לעצטע מעלה האָט איהם אפשר געמאַכט צופיל צוטרויליך, פול מיט איבערטריבענעם גלויבען אין „גוטע מענשען", בעת זיין פאַראַנטוואָרטליכע פּאָזיציע האָט געפאָדערט פון איהם מעהר איבערלעגטען סקעפּטיציזם. דאָס ערקלערט זיך אפשר אויך דערמיט, וואָס ער איז שטענדיג געווען אין אונמיטעלבארער באריהרונג מיט די חברים פון דער „באָיעוואָיאַ אָרגאַניזאַציאַ", און מיט זיי צוזאַמען פלעגט ער אויסארבייטען די פּלענער מיט אַלע איינצלהייטען, און אין אנטשיידענדעם מאָמענט פלעגט ער אַלעמאָל זיין אויפ'ן אָרט פון דער אטאַקע, טיילענדיג מיט זיי אַלע געפאַהרען.*)

דער לעצטער ארויסטריט פון דער „באָיעוואָיאַ אָרגאַניזאַציאַ", אונטער דער דירעקטער אָנפיהרערשאַפט פון גערשוני, איז פאָרגעקומען אין אופאַ. דעם 6טען מאַי 1903 איז אין שטאָדט־גאָרטען, ביי אַ גע־דרענג פון אַ גרויסען עולם, געטויט געוואָרען דער אופימער גובער־

---

באמערקונג: ווי באוואוסט, האָט אַזעף, וועלכער האָט פאַרנומען גער־שוני'ס פּלאַץ אין דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, זיך געהאַלטען ביי אַ פּונקט פאַרקערטער טאַקטיק. האָבענדיג צוגעגרייט אַן אָנפאַל, פלעגט ער זוכען צו רעכט צו מאַכען פאַר זיך אַן אומבאשטריטענעם „אַליבי": ווען דער אַקט האָט געדאַרפט פאָרקומען אין מאָסקווע, איז אַזעף אומבאדינגט אין יענעם טאָג געווען פאַר טויזענד ווערסט ערגעץ אַנדערשוואו

גאָטאַר באָגדאַנאָוויטש פאַר זיין ברוטאַלער הריגה אויף די זלאַטאָ־אוסטער ארבייטער.

דער פּאָליציי איז געלונגען די שולדיגע אין דעם אַטענטאַט צו פארהאַלטען און קיינער איז פאַר דעם אַקט ניט אַרעסטירט געוואָרען.

אויך גערשוני האָט גליקליכערווייז זיך ארויסגעקליבען פון אופא און זיך אַוועקגעלאָזט אויף נייע קריגס־ארבייט, אָנוואַרפענדיג אויפ'ן וועג דעם פּראָיעקט פון אַ פּראָקלאַמאַציע און אַ באריכט צום אויסלענדישען פּאַרטיי־אָרגאַן „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָסיאַ" וועגען דעם אַטענטאַט אויף דעם גובערנאַטאָר באָגדאַנאָוויטש.

אָבער . . . גערשוני'ס טעג אויף דער פריי זיינען שוין געווען געצעהלטע.

„פון אַגענטורישע מיטטיילונגען — דערצעהלט זיך אין אָפּי־ציעלען רעפּאָרט — איז דער קיעווער אָכראַנאַ־אָפּטיילונג באַקאַנט געוואָרען, אַז גערשוני איז ארויסגעפאָהרען קיין קיעוו".

„אַ וואָך נאָכדעם — דערצעהלט זיך אין באשולדיגונגס־אַקט — נעמליך דעם 18טען מאַי, איז אין קיעוו, אויף דער סטאַנציע לעבעד פון דער שטאָדטישער אייזענבאַהן, פאַרהאַלטען געוואָרען, א ו י ף ד ע ר אָ נ ו ו י י ז ו נ ג פ ו ן ד י אַ ג ע נ ט ע ן, דער לאַנג געזוכטער אָנגעקלאָגטער גריגאָרי גערשוני".

ביים אַרעסט זיינען ביי איהם פאַרנומען געוואָרען עטליכע מאַנו־סקריפּטען, פאַרשיידענע פּראָקלאַמאַציעס און אויפרופען. אין איינער פון זיי, פאַרצייכענט אין בליישטיפט מיט גערשוני'ס האַנט, זאָגט זיך:

„אויף דעם באשלוס פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי „עס־ער" איז דעם 6טען מאַי אין דער שטאָדט אופא געטויט גע־וואָרען דער שולדיגער אין דער מערדערישער הריגה אויף די זלאַטאָ־אוסטער אַרבייטער, דער אופימער גובערנאַטאָר נ. מ. באָגדאַנאָוויטש. געטויט געוואָרען אין מיטען העלען טאָג, אין שטאָדטישען פּאַרק, פאַר די אויגען פון אַ צאָהלרייכען עולם, דורך ניין קוילען פון רעוואָ־לוציאָנערען, מיטגלידער פון דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ" פון אונזער פּאַרטיי. אין העלדישער מסירת נפש אויספיהרענדיג די הייליגע מיסיע, וואָס זיי האָבען גענומען אויף זיך, אומברענגענדיג דעם תליון פון פאָלק, האָבען די קעמפּפער דערלאַנגט דער צאַרישער מאַכט אַ צווייטען ניט קיין קלענערען קלאַפּ; זיי האָבען זיך ארויסגעריסען פון איהרע הענט און אין זיכערקייט זיך אָפּגעטראָגען. אַ גרוס אייך, מוטיגע

קעמפער פון דער פּאַרטיי, וועלכע נעמט אייך אויף מיט פרייד — אייך, אנטרונענע פון דער תליה — צוריק אין איהרע רייהען. און די פרייד פון דער פּאַרטיי ווערט געטיילט פון אַלעמען, וועמען עס איז טייער די הייליגע זאַך פון דער רוסישער רעוואָלוציע".

אחוץ דעם איז אויף עטליכע בלעטלאַך מיט זיין אייגענער האנד פאַרשריבען געווען אַ באריכט וועגען דעם סאַמע אַקט.

גערשוני האָט דערזעהן, אַז צו זיין לעבען און טעטיגקייט איז געקומען אַ סוף, און ער האָט זיך אנטזאַגט אריינצולאָזען זיך אין וועלכע עס איז ערקלערונגען מיט דער מאַכט, און עס הויבט זיך אָן דער העראָאישער מאַרטירער־קאַפּיטעל פון זיין לעבען.

דער מאַכט איז ניט געלונגען אויפצודעקען דעם פּערסאָנאַל פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, אחוץ די יעניגע, וואָס זיינען שוין געווען היננעריכטעט אָדער זיינען אָפּגעקומען זייער שטראָף. אָבער עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרען גערשוני'ס פאַרבינדונג מיט די אַלע טעראָ־ריסטישע אַקטען, וואָס זיינען אויסגעפיהרט געוואָרען אין נאָמען פון דער פּאַרטיי. צו זיין פּראָצעס זיינען צוגעצויגען געוואָרען נאָך פיר פּערזאָן, ניט קיין אָנגעהעריגע צו דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, וועלכע זיינען אָבער באשולדיגט געווען אין האַלטען און פאַרשפּרייטען אומ־לעגאַלע ליטעראַטור אָדער גלאַט אין אָנגעהעריגקייט צו דער פּאַרטיי „עס־ער", ווי מעלניקאָוו, ווייצענפעלד און רעמיאַניקאָווא. בלויז דער אָפּיצער גריגאָריעוו האָט זיך מודה געווען, אַז אָנגערעדט פון גער־שוני'ן, האָט ער זיך געגרייט צו דערשיסען פּאָביעדאָנאָסצעוו'ען. באַוועגט צו דעם פאַרראַט האָט גריגאָריעוו'ען זיין פרוי, וועלכע, כדי צו ראַטעווען דאָס לעבען פון איהר מאַן, האָט ארויסגעגעבען אַלץ, וואָס זי האָט געוואוסט, און נאָך מעהרער, האָט אָנדערצעהלט זאַכען, וואָס זיינען געווען נישט געשטויגען און נישט געפלויגען, און דערמיט געצוואונגען גריגאָריעוו'ען צוצושטעהן צו איהר טאַקטיק.

דער מיליטערישער קריגס־געריכט האָט זיך געצויגען פון 18טען ביז'ן 25טען פעברואַר, 1904. גערשוני האָט פאַר'ן געריכט זיך ניט פאַרטיידיגט. ער איז נאָר ארויסגעטראָטען אויף אָפּצולייקענען פאַל־שע אָנגעבונגען און פאַר דער פאַרטיידיגונג פון דער עהרע און ווירדע פון דער פּאַרטיי. צווישען אַנדערעס האָט ער געזאָגט:

„אין מיין טעטיגקייט האָב איך זיך געלאָזט פיהרען פון דעם באַוואוסטזיין פון מיין חוב און פון די אינטערעסען פון האַרעפּאַש־

נעם פאָלק, און מיין חוב צו איהם האָט איך פאַר עהרליך ערפילט; איך מאַך זיך קיין שום פאָרוואורפען ניט, און איך גלויב אַז דאָס פאָלק וועט מיך פאַרשטעהן און קיין פאָרוואורפען ניט מאַכען".

ער האָט דערצעהלט, אַז לכתחילה האָט ער זיך פאַרנומען מיט קולטור־אויפקלערערישער אַרבייט און אַלס סאָציאַליסט האָט ער גע־טאָן קלענערע טובות צו סאָציאַליסטען, און איז אַרעסטירט געוואָרען פון זובאַטאָוו'ען און איז געבראַכט געוואָרען קיין מאָסקווע. „באַ־גאַנגען האָט מען זיך מיט מיר — האָט ער ווייטער דערצעהלט — זעהר העפליך און אין צוויי וואָכען אַרום האָט מען מיך באַפרייט. אָבער פאַר די צוויי וואָכען האָב איך אַ סך דערזעהן און איניגע זאַכען צום ערשטען מאָל פאַרשטאַנען. אויף זובאַטאָוו'ס פאַראָרד־נונג, האָט מען בייטאָג מיך אַרומגעפיהרט, ווי אַן אויסלענדישען פרינץ, צו באַקוקען די מערקווירדיגקייטען פון מאָסקווע, אין באַגלייטונג פון אַ פריסטאַוו און אַ פריוואַט געקליידעטען הער, און אין אָוונד פלעגט מען מיך נעמען אויפ'ן „פאַרהער", בעת וועלכען זובאַטאָוו פלעגט מיר באַווייזען די צוועקמעסיגקייט און נוצליכקייט פאַר די אַרבייטער פון זיין מעטאָדע, און האָט מיך צוגערעדט איך זאָל צושטעהן צו זיין טעטיגקייט, און ניט פאַרבלייבען אין אָפּאָזיציע, ווייל עס וועט מעגליך זיין צו דערגרייכען אַ סך אַ באַדייטענדערע פאַרבעסערונג אין דער לאַגע פון אַרבייטער־קלאַס, געהענדיג האַנד אין האַנד מיט דער רעגירונג, וועלכע איז קלאָר פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז דער אַרבייטער־קלאַס זאָל בלייבען פרעמד צו וועלכען עס איז פּאָליטישען עלעמענט; די שטרעבונגען אָבער פון די אַרבייטער אויפ'ן עקאָנאָ־מישען געביט איז זי אַליין גרייט צו שטיצען. „אין אַ קלענערער מאָס — האָט זובאַטאָוו מיר געזאָגט אין האַלב־שפּאַס — זיינען מיר אַליין גרייט צו באַנוצען זיך מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור, ווייל זי ווירקט ווי אַרסעניק אויפ'ן אָרגאַניזם — אין קליינע דאָזעס רעגט זי אויף. און ווידער פאַרשטעהט איהר דאָך אַליין — האָט זובאַטאָוו געזאָגט — אַז אָהן דער אומלעגאַלער ליטעראַטור וואָלטען מיר דאָך אַליין געוועזען איבעריג".

— אַזוי, אַז אַרויסקומענדיג פון מאָסקווער אָכראַנע־אָפּטיילונג — האָט דערצעהלט געדשוני — האָט ער מיט שווידער זיך איבערצייגט אַז די פרוזשינעס פון די גרעסטע אַדמיניסטראַטיווע מאַסמיטלען ליגען אין די הענט פון די נישטיגסטע מענשען, און אַז די גאַנצע

לעגאַלע טעטיגקייט האַלט זיך אויף אַ זעהר שאָקעלדיגען באָדען, און אַז דער לעגאַלער טוער ריזיקירט צו ווערען אַ שפּילצייג אין די הענט פון דער פּאָליציי.

דאמאָלסט האָט ער באַשלאָסען צו פאַרלאָזען די לעגאַלע טעטיגקייט, האָט פאַרקויפט זיין לאַבאָראַטאָריע, איבערגעגאַנגען אויף אַן אומלעגאַלען שטאַנד און איז צוגעשטאַנען צו דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

ווייטער האָט גערשוני פאַרטיידיגט די פּאַרטיי, וואָס איהר טעטיגקייט איז אויפ'ן געריכט פאָרגעשטעלט געוואָרען אין אַ פאַלשען ליכט. „אין רוסלאַנד, ווי אומעטום, זיינען די סאָציאַליסטען ניט קיין משונה'דיגע מענשען, נאָר זיי זיינען אַ נאָרמאַלער פּראָדוקט פון דער געזעלשאַפטליכער אַנטוויקלונג.”

„נאַטירליך, — האָט גערשוני ווייטער געזאָגט, — אויך די פּאַרטיי קאָן האָבען אַ טעות, אָבער די פּאַרטיי איז פּונקט אַזוי ווייניג באַרופען צו לייזען ענדגילטיג די פראַגע וועגען דער רעגירונגס־פאָרם, ווי די רעגירונג אַליין; דאַרום איז דער איינציגער אויסוועג — די פאַררופונג פון אַן אַלגעמיינעם זעמסקען סאָבאָר. די פּאַרטיי זוכט ניט מיט איהרע אייגענע מיטלען צו פאַרכאַפּען די מאַכט, און, ניט רעכענענדיג זיך מיט די וואונשען פון פאָלק, ענדערען דעם גאַנצען פּאָליטישען און געזעלשאַפטליכען געביי; דאָס קאָן בלויז טאָן דאָס גאַנצע לאַנד אין דער פּערזאָן פון זיינע פאָרשטעהער”.

„די הויפּט־מיטלען פון דער פּאַרטיי זיינען: פּראָפּאַגאַנדע, אַגיטאַציע, די אָרגאַניזירונג פון די אַרבייטער, פּויערים און שטודירענדער יוגענד; די אַראַנזשירונג פון דעמאָנסטראַציעס און אַלערליי פּראָטעסטען. טעראָר איז ניט קיין צוועק, נאָר אַ געצוואונגענער מיטעל, אויף וועלכען די פּאַרטיי איז איינגעגאַנגען ניט מיט'ן גוטען ווילען. אָבער די קאַמף־אָרגאַניזאַציע איז אונטער דעם אוממיטעלבאַרען קאָנטראָל פון צענטראַל־קאָמיטעט און די פּאַרטיי גיט אויף אַזאַ אופן דעם טעראָר איהר מאָראַלישע סאַנקציע”.

„איך וויים, אַז דער וועג פון דאַנען פיהרט גלייך צו דער תליה, און קיין שום חסד בעט איך ביי אייך נישט”.

***

גערשוני, מעלניקאָוו און דער פאַררעטער גריגאָריעוו זיינען פאַרמשפּט געוואָרען צו דער תליה, ווייצענפעלד צו פיר יאָהר קאַטאָרגע

און רעמיאַניקאָווא צו דריי חדשים געפענגניש. גריגאָריעוו'ען איז דער טויט־אורטייל פארביטען געוואָרען אויף פיר יאָהר קאַטאָרגע; גערשוני'ן האָט מען גלייך פון געריכט אוועקגעשיקט אין פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג.

אין אָנהויב ארטיקעל האָבען מיר שוין דערצעהלט ווי איינפאַך גערשוני האָט אויפגענומען זיין טויט־אורטייל. וויצענפעלד פון זיין זייט איז צוגעגאַנגען צו מעלניקאָוו'ען און פעסט איהם דריקענדיג די האַנד, האָט ער געזאָגט: „אָה, ווען איהר ווייסט, מיט וואָס פאַר א פרייד איך וואָלט זיך געביטען מיט אייך!"

אין דערוואַרטונג פון טויט איז גערשוני אָפּגעזעסען אין פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג ביז'ן ערשטען סעפּטעמבער 1904. דאָך דעם טויט־אורטייל האָט מען איהם פארביטען אויף לעבענס־לענגליכער קאַטאָרגע, און נאָכדעם האָט מען איהם איבערגעפיהרט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג און איהם אריינגעזעצט ניט אין דער נייער געפענגניש, וואו עס זיינען געזעסען די פארבליבענע אַלטע נאַראָדאָוואָלצעס, נאָר אין דער שמוציגער אַלטער געפענגניש, וואו אַמאָל האָט זיך געפונען די וואך פון צאר יאָאַן אַנטאָנאָוויטש, מיט זיין קאַמער.

איבער א יאָהר איז גערשוני אָפּגעזעסען איזאָלירט אין אַלטען געפענגניש. ענדליך, דעם 15טען סעפּטעמבער 1905, איז ער איבערגעפיהרט געוואָרען אין דער נייער געפענגניש, וואו ער האָט זיך פאַראייניגט מיט די אַנדערע איינגעשלאָסענע, וואָס איינינע פון זיי זיינען אָפּגעזעסען צו צוואַנציג יאָהר. ווי זאָל מען איבערגעבען דעם געפיהל פון פרייד, ווען די צוויי דורות פון רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען האָבען זיך באַגעגענט! פון גערשוני'ן האָבען די לעבעדיג באַגראָבענע קעמפער זיך דערוואוסט מיט אַלע איינצעלהייטען וועגען דעם ניי־אויפגעקומענעם העראָאישען קאַמף מיט דער זעלבסטהערשאַפט, וועגען דער פעסטקייט פון דעם פארטיי־אַפּאַראַט אין לאַנד און אין אויסלאַנד און וועגען דער האָפנונג אויף דער נאָהענטקייט פון „אָנהויב פון סוף".

ווען גערשוני האָט דאָס אַלץ דערצעהלט, האָט ער אַליין ניט געוואוסט, אַז פאַר דער צייט האָט די קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון דער פארטיי, אונטער דער אָנפיהרערשאַפט פון אזעף'ען און סאַווינקאָוו'ען, נאָך מעהר אויסגעברייט איהר טעטיגקייט, אַז דער גרויזאַמער פלעווע,

וואָס האָט פאַרביטען סיפּיאַגינ׳ען, און דער גרויספירשט סערגעי אַלעקסאַנדראָוויטש זיינען דורך דער פּאַרטיי אָראָפּגענומען געוואָרען פון דער פּאָליטישער אַרענא, ניט געוואוסט, אַז די אָגולנע אויסשיסונג פון די פּעטערבורגער אַרבייטער דעם 9טען יאַנואַר 1905 איז געווען דער „אָנהויב פון סוף“.

און ווירקליך, דעם 15טען סעפּטעמבער 1905 איז גערשוני איבערגעפיהרט געוואָרען אין נייעם געפענגניש, און שוין דעם 17טען אָקטאָבער איז פון צאַר ארויסגעפּרעסט געוואָרען דער היסטאָרישער מאַניפעסט.

און עס האָט פּאַסירט אַן אומגלויבליכע געשעהעניש: נאָך זעקס וואָכען פון זייער צוזאַמענלעבען האָבען די טירען זיך געעפענט פאַר די לעבעדיג באַגראָבענע זקנים, און זיי זיינען ארויס אויף דער פריי.*) די איינגערע, וואָס זיינען פאַר׳משפּט געוואָרען אין די לעצטע פינף יאָהר, זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרען אָפּצוריכטען זייער שטראָף אין הינטער־באַיקאַל, אין אַקאַטויער קאַטאָרזשנע געפענגניש. אַהין איז אויך אַוועקגעשיקט געוואָרען גריגאָרי גערשוני.

פון שליסעלבורג האָט מען איהם געבראַכט אין בוטירקי, די מאָסקווער איבערשיקונגס־טורמע, וואו ער איז פאַרהאַלטען געוואָרען אויף אַ שטיקעל צייט צוליב אַן אָפּעראַציע; מען האָט איהם אָפּגעשניטען דעם גרויסען פוס־פינגער, וואָס איז איבערגעגעבען געוואָרען פאַר אַן אָנדענק צו גריגאָרי גערשוני׳ס ברודער, וועלכער האָט באַקומען ערלויבניש צו זעהן זיך מיט איהם. אינגאַנצען האָבען זיי זיך געזעהן דריי מאָל.

דאָרט, אין בוטירקער טורמע, האָט גערשוני זיך דערוואוסט דורך די פּאָליטישע, וואָס זיינען דאָרט געזעסען און דורכ׳ן ברודער אויף די באַזוכען, אַלע איינצעלהייטען פון די פאַרלאָפענע געשעהענישען, און ער פון זיין זייט האָט אָנגעשריבען די צוויי באַריהמטע בריף צו די חברים, וואָס איינער פון זיי איז פייערליך פאָרגעלייענט געוואָרען אויף דער שלוס־זיצונג פון ערשטען פאַרטיי־צוזאַמענפאָהר אין פינלאַנד — דעם 4טען יאַנואַר 1906 — אַ בריף, וואָס האָט ארויסגערופען אומבאַשרייבליכע באַגייסטערונג.

---

*) הערמאַן לאָפּאַטין, נ. מאָראָזאָוו, פראָלענקאָ, סערגעי איוואַנאָוו, פּאָפּאָוו, נאָוואָרוסקי, לוקאַשעוויטש, סטאַראָדוואָרסקי און אַנטאָנאָוו.

נאָכדעם ווערט גערשוני פון דאָס ניי ארויסגעריסען פון קאָכיגען געזעלשאפטליכען לעבען און ווערט פארשיקט אין מזרח סיביר, אין הינטער־באַיקאַל, אין אַקאַטוער קאַטאָרזשנער טורמע.

אָבער די אונאונטערבראָכענע דונער־קלעפּ, וואָס האָבען זיך געטראָגען פון רוסלאַנד, האָבען איבער סיביר זיך דערקייקעלט ביז אַקאַטוי, דערשיטערענדיג די הערצער פון די פארשלאָסענע דאָרט. מיט זייער אַלגעמיינער הסכמה איז פאַר גערשוני'ן אַראַנזשירט געווארען א געלונגענע אנטרינונג, וואָס ער אַליין האָט קורץ און וויציג באַשריבען: אין א פעסעל קרויט פיהרט מען איהם ארויס, ווי א הויפען מיסט הינטער די געפענגניש־טויערן, און מען ווארפט איהם ארויס... אויף דער פריי.

ער דערשלאָגט זיך צו דעם שטילען אָקעאַן און איבער כינא און יאפּאַן דערגרייכט ער אַמעריקא. אויפ'ן וועג זעהט ער זיך מיט דעם אָנפיהרער פון דער כינעזישער רעוואָלוציע סון־יאַט־סען, אויף וועלכען ער מאַכט א געוואַלדיגען איינדרוק. זיין טריאומף־מאַרש איבער אַמעריקא, די באַגייסטערטע קבלת פנים'ס, וואָס ער האָט באַקומען פון דער רוסישער און אידישער באַפעלקערונג, מוזען נאָך אודאי זיין איינגעקריצט אין זכרון פון א סך לעזער. ער האָט זיך פארהאַלטען אין אַמעריקא אויף איניגע וואָכען, אָפּהאַלטענדיג צאָהל־רייכע קאָנפערענצען און ארויסקריגענדיג דאָרט מיטלען פאַר דער ווייטערדיגער רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט.

און מען מוז צוגעבען, אַז ער האָט אויף אַזא אופן אָנגעזאַמעלט און ארויסגעפיהרט פון אַמעריקא — וואָס איז לויט אונזער האַמאָלסט־דיגען באַגריף געווען א גאַנצער פארמעגען — עטליכע צעהנדליג טוי־זענד דאָלאַר, וואָס ער האָט פול און גאַנץ איבערגעגעבען, אַזוי גיך ווי ער איז אָנגעקומען קיין רוסלאַנד, אין דער פּאַרטיי־קאַסע.

דורך א גליקליכען צופאַל איז ער אָנגעקומען קיין רוסלאַנד פּונקט צום צווייטען פּאַרטיי־צוזאַמענפאָהר, און מען קאָן זיך פאָרשטעלען די אַלגעמיינע איבערראַשונג, ווען די דעלעגאַטען האָבען דערזעהן, אַז דער אומבאַקאַנטער, וועלכער איז אריינגעקומען אין זיצונגס־זאַל אָהן שום ווארנונג, ווערט גלייך פון זיינע באַגלייטער ארויפגעפיהרט אויף דער טריבונע, אַוועקגעזעצט אין מיטען פּרעזידיום און מיט א שטימע א פארשטיקטע פון פרייד ווערט ער פאָרגעשטעלט: אונזער אַלטער פיהרער און חבר — גריגאָרי אַנדרעיעוויטש גערשוני!...

אויף דעם צוזאַמענפאָהר האָט גערשוני געהאַלטען אַ רעדע, וועלכע איז געווען מערקווירדיג מיט איהר ניכטערען אַנאַליז פון די פּאַסירונגען פון דער צייט, און ער איז אויסגעקליבען געוואָרען אַלס מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט.

מיט זיין גאַנצען ברען האָט ער זיך אריינגעוואָרפען אין דער פילזייטיגער טעטיגקייט פון דער פּאַרטיי, וועלכע האָט שוין ארומ־געכאַפּט ברייטע אָרגאַניזירטע מאַסען פון אַרבייטער און פּויערים.

צום באַדויערען, האָט ער זיך אָנגעהויבען צו פיהלען קראַנק אַלץ מעהר און מעהר, און נאָכגעבענדיג די דרינגענדע בקשות פון די חברים, האָט ער זיך געלאָזט אַוועקפיהרען קיין אויסלאַנד, און אונטער אַ פרעמדען נאָמען איז ער אריינגעגעבען געוואָרען אין ציריכער קאַנטאָנאַל־שפּיטאָל, אין דער שווייץ. ער האָט געהאָרכזאַם זיך אונטערגעוואָרפען צו אַלע פאָרשריפטען פון די דאָקטוירים, כדי וואָס גיכער געזונט צו ווערען און צוריקגעהן צו דער ארבייט אין רוס־לאַנד, אָבער צו די נעהנטערע חברים האָבען די דאָקטוירים אויסגע־זאָגט, אַז ביי גערשוני'ן איז אַן אומהיילבארער סאַרקאָמאָ און אַז מען דאַרף זיך ריכטען אויף דאָס ערגסטע.

ענדליך, איז דאָס אומפאַרמיידליכע געשעהן. אין דער נאַכט אויפ'ן 17טען מערץ 1908, נאָך אַ שווערער גסיסה, 12 אזייגער, האָט גריגאָרי גערשוני אויסגעהויכט זיין נשמה.

צוערשט האָבען די נאָהענטע חברים געוואָלט איהם באַערדיגען אין זשענעווא, נעבען קבר פון מיכאיל גאָץ, אָבער דערנאָך, כדי צוצוגעבען דער לויה אַ פּאָליטישען כאַראַקטער, איז באַשלאָסען גע־וואָרען צו ברענגען איהם צו קבורה אין צענטער פון דער ציוויליזיר־טער וועלט — פּאַריז — אויף דעם היסטאָרישען בית־עולם אויף מאָנטפּאַרנאַס, נעבען קבר פון פּיאָטר לאַווראָוויטש לאַוראָוו. אין פּאַריז איז געשאַפען געוואָרען אַ ספּעציעלער קאָמיטעט איינצואָרדענען די לויה, מיט ס. ס. מינאָר, דר. פעיט און דעם אויסלענדישען מינים־טער פון דער פּאַרטיי „עס־ער" י. א. רובאַנאָוויטש בראש. אַ ריזיגע אַרבייט איז אָפּגעטאָן געוואָרען. מען האָט געדאַרפט פאַנאַנדערשיקען מיטטיילונגען און איינלאַדונגען צו דער לויה אין אַלע לענדער, איבער'ן גאַנצען סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל; מען האָט געדאַרפט ביי־קומען אַ גרויסע שטערונג מצד דעם פּאַריזער פּאָליציי־פּרעפעקט לעפּין, וועלכער האָט מורא געהאַט פאַר אומרוהען ביי אַזאַ גרויסען צוזאַמענ־

קונפט פון סאָציאַליסטען פון אַלע לענדער. אָבער אַ דאַנק רובאַנאָ־וויטש׳עס זשעניע, זיינען אַלע שטערונגען באַזייטיגט געוואָרען. און אַזוי ווי צום קאָמיטעט האָבען זיך אַ שאָט געטאָן מאַסען טעלעגראַמעס, באַשטעלונגען אויף קרענץ בלומען און 30 בקשות אויף נעמען ווער־טער ביים קבר, פון דעלעגאַטען פון פאַרשיידענע לענדער, איז באַ־שלאָסען געוואָרען אָפּצולעגען די לויה אויף אַ וואָך.

אין אַלע סאָציאַליסטישע צייטונגען פון דער וועלט זיינען ער־שינען אַרטיקלען. די אויפרעגונג, וואָס האָט געהערשט אין די אַר־בייטאָרשע און סאָציאַליסטישע קרייזען, האָט זיך איבערגעגעבען אויך צו די בורזשואַזע קרייזען — בלויז אין אַ פאַרקערטען זינען: זיי האָבען גענומען ריידען וועגען געפאַהר.

און פּלוצלונג האָט לעפּין דורך אַ סאָציאַליסטישען פאַרשטעהער אין פּאַריזער ראַטהויז, כמעט ערב דער לויה, פרייטאָג, דעם 27טען מערץ, געלאָזט וויסען, אַז די לויה קאָן אין פראַנקרייך ניט פאָרקומען, ווייל גערשוני איז ניט קיין פראַנצויז, און געשטאָרבען איז ער ניט אין פראַנקרייך, נאָר אין דער שווייץ...

די לאַגע איז געווען שוידערליך — דער טויטער גערשוני האָט געזאָלט ארויסגעוויזען ווערען פון פראַנקרייך.

סוף כל סוף האָט לעפּין זיך אונטערגעגעבען, האָט ערלויבט די לויה, נעמענדיג אַ וואָרט ביי רובאַנאָוויטש׳ען, אַז די רוסען וועלען קיין אומאָרדנונג ניט מאַכען, און מיט דעם באַדינג, אַז די לויה זאָל זיך אָנהויבען 11 אַזייגער, ניט צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג.

מיר פאַרצייכענען אָט דעם אינצידענט — די לעצטע פּאַסירונג פון גערשוני׳ס לעבען, וואָס איז שוין פאָרגעקומען נאָך זיין טויט — כדי צו ווייזען פאַרוואָס גערשוני׳ס לויה אין פּאַריז איז ארויסגע־קומען אַזאַ אויסערגעוועהנליך פייערליכע; דער צוזאַמענשטויס מיט לעפּינ׳ען האָט נאָר געדינט נאָך מעהר אָנצוהיצען די פראַנצויזישע אַרבייטער און סאָציאַליסטען.

פונקט עלף דעם זייגער האָט די לויה־פּראָצעסיע זיך געריהרט פון אָרט און האָט זיך אויסגעצויגען אויף אַ גאַנצען קילאָמעטער. אין פאָראויס אַ ריזיגע קאַרעטע מיט בלומען־קרענץ, צוגעשיקט פון אַמעריקאַ; נאָך דעם די קאַרעטע מיט׳ן אָרון, איינגעוויקעלט אין

רויטען שטאָף און צוגעדעקט מיט דער פאָהן פון דער פּאַרטיי „עס־ער”. הינטער׳ן אָרון — די קרובים און נאָהענטע פריינד און חברים פון פארשטאָרבענעם; דערנאָך 12 ריזיגע קרענץ, אויף טרויער־שטאַנגען — פון צענטראַל קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי; פון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע”, פון די „שליסעלבורגער”, פון די „חברים־קאַטאָרזשניקעס אין סיביר” און אַנדערע. דערנאָך זיינען געטראָגען געוואָרען איבער הונדערט קרענץ פון פארשיידענע אָרגאַניזאַציעס, א מאַסע קערב מיט בלומען און ריזיגע בוקעטען. ווייטער זיינען גע־גאַנגען די פאָרשטעהער פון פארשיידענע סאָציאַליסטישע און אַר־בייטער־אָרגאַניזאַציעס, מיט זייערע פאָהנען.

ערשט א פערטעל נאָך איינס נאָכמיטאָג איז די פּראָצעסיע אָנ־געקומען צום מאָנטפּאַרנאַס בית־עולם. דאָרט האָט שוין געוואַרט א מורא׳דיגער עולם.

עס האָבען זיך אָנגעהויבען די רעדעס. איבער 30 רעדנער, אָהן א שיעור טרויער־בריף און טרויער־טעלעגראַמען פון אַלע עקען וועלט!

מיר וועלען דאָ די רעדעס ניט איבערגעבען, נאָר אום אָנצודייטען די פּאָליטישע און מאָראַלישע באַדייטונג פון דער לויה־דעמאָנסטראַציע, וועלען מיר בלויז ברענגען דעם סוף פון א גרויסען בריף, וואָס דער פיהרער פון דער בריטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פעדעראַציע, דער איצט פארשטאָרבענער ג. האַינדמאַן, האָט געהאַט צוגעשיקט אויף דעם נאָמען פון רובאַנאָוויטש:

„איך האָף, אַז דער צוזאַמענקונפט פון אַזויפיל סאָציאַליסטען, וואָס האָבען פּערזענליך זיך באַטייליגט אין דער לויה אין פּאַריז, אַלס פאָרשטעהער פון אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם, וועט געבען א שטאַרקען שטויס פאָרווערטס דער אמת׳ער רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג ניט בלויז אין רוסלאַנד, נאָר איבעראַל. שוין דער אָנהויב פון דער רוסישע רעוואָלוציע, די געוואַגטקייט, די אָפּפערווילינגקייט פון די חברים פון דער אימפּעריע פון מאָסקאָוויטען, האָבען אריינ־געגאָסען נייעם לעבען אין די אָדערען פון די מערב־אייראָפּעאישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אַזוי, אַז מיר מעגען האָפען, אַז אין דער נאָהענטער צוקונפט וועלען מיר געפינען גערשונים אויך אין

אונזערע רייהען, גרייטע, אזוי ווי ער, אוועקצוגעבען זייער לעבען אין דעם גרויסען קאַמף פאַר דער מענשהייט'ס באפרייאונג".

⁂

מיר פאַרענדיגען אונזער שנעלען איבערבליק: מיר האָבען אראָפּגעלאָזט דעם קערפּער פון אונזער חבר אין קבר...

איינינע וועלען אפשר פרעגען: צו וואָס אָט די גאַנצע פייערליכע פּאָמפּע פון דער לויה? שטעהט דען ניט געשריבען, אז „טויטע וויסען ניט פון קיין שאַנד און קיין רוהם; ניט טאַדלונג און ניט פאַרעהרונג עקזיסטירען פאַר זיי"?

יאָ, אין דער פאַרעהרונג נויטיגען זיך ניט זיי, די טויטע, נאָר מיר, די לעבעדיגע. אונז, די לעבעדיגע, טוט נאָר פאַרדריסען וואָס אונזערע פאַר דער צייט געפאַלענע חברים האָבען ניט דערלעבט ביז אונזערע טעג, כדי צוזאַמען מיט אונז צוצוזעהן, ווי אין שרעקליכע וועהען ווערט געבאָרען די נייע, גרויסע און ליכטיגע וועלט.

לאָמיר זשע פאַרענדיגען אונזער דערצעהלונג מיט די ווערטער פון פּאָעט:

אָה, וויפיל פון לעבען פאַרריסען
אין שטורם פון צושטער —
פון יענע, וואָס דינען דער היימאַט
איז געוועזען זייער איינציג באַגעהר!

האַלט, פאָלק, זיי לעבעדיג אין זכרון,
ווען היימאַט פרייהייט געווינט;
עהר און רוהם זיי דורך אַלע שפּעטערדיגע יאָהרען—
עהר און רוהם האָבען זיי פאַרדינט!

דר. ח. זשיטלאָווסקי

# גערשוני און די אידען־פראַגע

(אַ פּאָר בלעטלאַך זכרונות)

צו רעדען מיט גערשוני'ן וועגען דער אידען־פראַגע איז מיר אויסגעקומען נאָר אַ פּאָר מאָל. מיר פלעגען זיך זעהן אַזוי זעלטען, און די ענינים, וואָס האָבען געדאַרפט ארומגערעדט ווערען אָדער אַראַנזשירט ווערען, זיינען אַלעמאָל געווען אַזעלכע וויכטיגע און צייט איז אַלע מאָל געווען אַזוי קאַרג אָפּגעמאָסטען, אַז פאַר פראַגען, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין דירעקטען באַדייט פאַר דער פּראַקטישער אַרבייט פון דער פּאַרטיי, איז ניט געווען קיין פּלאַץ אין דעם געשפּרעך.

נאָר אַ פּאָר מאָל איז זי אַרויפגעשוואומען, די אידען־פראַגע, און מיר האָבען זיך וועגען איהר דורכגערעדט, און כמעט אַלע מאָל איז דאָס געווען אויף גערשוני'ס איניציאַטיווע.

צום ערשטען מאָל איז דאָס געשעהן טאַקע ביי זיין ערשטען וויזיט קיין אויסלאַנד אין הערבסט 1901. אין יענער צייט האָב איך מיך אויפגעהאַלטען אין בערלין, ווי דער רעדאַקטאָר און דער שותּף פון דעם „אַקאַדעמישען פערלאַג פיר סאָציאַלע וויסענשאַפטען". דער פערלאַג האָט זיך דעמאָלט פאַרמאָסטען אויף זעהר גרויסע אונ־טערנעמונגען. אַרבייט איז געווען ביז איבער'ן קאָפּ און פריי פלעג איך זיין נאָר אין די אָווענטען. אָפטמאָל — אין די גאָר שפּעטע. די אַרבייט פון דער רעוואָלוציאָנערער גרופּע, צו וועלכער איך האָב געהערט — דעם „סאָיוז רוסקיך סאָציאַליסטאָוו רעוואָלוציאָנעראָוו" — איז זיך דערווייליגע גערונען, ווי אַ קליין וואַסערעל, ווערענדיג ביסלאַכ־ווייז אַלץ ברייטער און טיפער אין פאַרנעם. איהר פּראַקטישע צענ־טראַלע אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין דעם אויסבוי פון דעם טראַנס־פּ אָ ר ט, — דעם ערשטען גרויסען טראַנספּאָרט־אונטערנעם, זינט דעם צונויפבּרוך פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". דער סאָיוז האָט ביסלאַכווייז אָפּגעלעדיגט די ביכער־לאַגערען פון די נאַראָדאָוואָלצען אין זשענעווע און פון דעם לאָנדאָנער „פאָנד פון דער פרייער פּרעסע" און האָט זיי אַריבערגעפּעקעלט קיין רוסלאַנד, אין איינעם מיט אונזערע

איינגענע אויסגאַבען פון דעם „סאָיוז" און פון דער „אַגראַר־סאָציאַ־ליסטישער ליגע". מענדעל ראָזענבאָום איז געזעסען אין עסטרייך, כדי אויסצונוצען אַלע מעגליכקייטען פאַר דעם טראַנספּאָרט און כדי צו „האַלטען וואך אויף די גרעניצען".

א חוץ דעם האָט דער „סאָיוז" געפיהרט א טעטיגע פּראָפּאַגאַנדע צווישען דער רוסלענדישער שטודירענדיגער יוגענט, דער עיקר אין שווייצאַריע. שריפטליך זיינען די טעאָרעטיקער זיינע געווען טעטיג, מיט קליינע אויסנאַמען, אין דער לעגאַלער פּרעסע: טשערנאָוו — און זעלטען ווען איך — אין דעם „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ", דר. שאַרל ראַפּאַפּאָרט — אין דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, איך — אין דער דייטשער. נאָר פון צייט צו צייט פלעגען אונזערע אַרבייטען זיך באַווייזען אין דער אומלעגאַלער רוסישער ליטעראַטור: אַזוי טשערנאָוו׳ס אַרטיקלען אין דעם „וויעסטניק רוסקאָי רעוואָ־ליוציאי" אין פּאַריזש. אַזוי אויך זיינע און מיינע אַרטיקלען אין סערעבריאַקאָוו׳ס „נאַקאַנוניע" אין לאָנדאָן. אויף די דייטשע אַר־טיקלען און די רוסישע פאַר דעם „נאַקאַנוניע" האָב איך דעמאָלט גע־אַרבייט, זיצענדיג אין בערלין, אין די פרייע אָווענטען.

איינמאָל, אין א פריהמאָרגען, אין דעם רעכטען ברען פון די טאָג־טעגליכע אַרבייטען פאַר דעם פאַרלאַג, רופט מיך אָפּ צום טעלעפאָן יעפים ליעווויט, א מיטגליד פון די „אַלטע נאַראָדאָוואָלצען", וואָס האָט געוואוינט אין בערלין און וועמעס הויז איז געווען א מין צענטער פאַר אַלע יענע רעוואָלוציאָנערע סטודענטען, וואָס האָבען זיך געפיהלט געאייניגט אין דער הערשענדיגער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ספערע. אונטער זיין השפעה זיינען אייניגע פון זיי געוואָרען צוטריטליכער צו אונזער קאַמף־רוף און שפּעטער אריין אין דער פאַרטיי. קאַרפּאָוויטש און סאַווינקאָוו האָבען געהערט צו זייער צאָהל.

ליעוויט׳ען, וועמען איך האָב גוט געקענט נאָך פון פריהער, האָב איך אַלע מאָל הויך געשעצט און מיט זיינע מיינונגען וועגען פּער־זאָנען און פּאָליטישע סיטואַציעס האָב איך מיך אַלע מאָל גערעכענט, הגם איך האָב אָפט געזעהן, אַז זיי זיינען איינזייטיג ראַדיקאַל און א ביסעל צופיל מאָראַליסטיש.

אויף דעם טעלעפאָן האָט ער מיך איינגעלאַדען צו קומען צו איהם אויף מיטאָג, כדי באַקענט צו ווערען מיט „זעהר אַן אינטערע־סאַנטער פּערזענליכקייט, וואָס איז נאָר־וואָס געקומען פון רוסלאַנד". אויף מיין אָנוויַיז אויף די פילע אַרבייטען, וואָס האַלטען מיך פאַר־

נומען ביז שפּעט אין אָוונט, האָט ער כמעט ווי באַפעהלעריש גע־ענטפערט:

— לעגט אָפּ אַלע ארבייטען און קומט אריבער צום מיטאָג. נישקשה, איהר וועט קיין חרטה ניט האָבען.

פאראינטריגירט מיט דעם אינטערעס, וואָס ליעוויט, אַ שטרענגער אָפּשאַצער פון מענשען, לעגט אויף זיין גאַסט, האָב איך מיך געמאכט פריי פאַר דעם גאַנצען טאָג און בין געקומען צו איהם. באַלד איז אויך אַריין דער גאַסט, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר מיר, ווי „דמיטרי גארין". אויף מיין פראַגע, צי ער איז ניט אַ קרוב פון דעם דעמאָלט גוט באַקאַנטען בעלעטריסט, גארין, האָט ער געענטפערט קורץ:

— ניין.

— אַן איינפאַמיליע־טרעגער? („אָדנאָפאַמיליעץ"?)

— יע, — האָט ער געענטפערט מיט אַ שמייכעל. — אַ צייט־ווייליגער איינפאַמיליע־טרעגער.

האָב איך פאַרשטאַנען, אַז „גארין" איז אַ רעוואָלוציאָנערער פּסעוודאָנים. איך האָב אָבער אויף אַ מינוט ניט אַ טראַכט געטאָן, אַז פאַר מיר שטעהט אַ איד. זיין גאַנצע קאָרעקט־איירעפּעאישע און זעלבסט־באַוואוסטע זיכערע האַלטונג האָט גיכער סוגערירט איינעם פון די באַלטישע פעלקער: אַ לעט, אָדער אַן עסטאָניער.

ביים טיש האָט דער גאַסט גערעדט זעהר ווייניג. אויף מיינע פראַגען וועגען דער לאַגע אין רוסלאַנד, — דער עיקר, וועגען דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, — פלעגט ער ענטפערען קורץ און נאָר אין אַלגעמיינע שטריכען. דערפאַר האָט ער מיך אריינגעצויגען אין לענגערע דערקלערונגען און כאַראַקטעריסטיקען פון די פאַרשיידענע שטרעמונגען אין דער רעוואָלוציאָנערער עמיגראַציע. עס האָט זיך מיר גלייך געדוכט, אַז דאָס איז זעהר אַן ערנסטער מענש, וואָס איז געקומען אין אַן ערנסטער אַנגעלעגענהייט צו די רעוואָלוציאָנערע עמיגראַנטען. אפשר אַ ליבעראַל?... אָבער ווי אַזוי וואָלט ליעוויט געמאַכט פון איהם אַזאַ צימעס?... על־כל־פנים האָב איך געהאַלטען פאַר נויטיג צו געבען איהם אַ קלאָרע כאַראַקטעריסטיק וועגען דעם „סאָיוז", ניט נאָר ארויסהייבענדיג זיין פּאָליטיש־רעוואָלוציאָנערען כאַראַקטער, נאָר ארויסקערענדיג אויך זיין סאַמע אונטערשלאַג ארויף: זיין ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ־ רעוואָלוציאָנערען כאַראַקטער. (אַך! אין יענע צייטען האָט דער „סאָיוז" טאַקע געטראָגען אַזאַ סאָציאַ־

ליסטיש־רעוואָלוציאָנערען כאַראַקטער און איז געווען די  א י י נ צ י ג ע ריכטונג, וואָס האָט געפּרעדיגט דאָס, וואָס מען רופט איצטער: „סאָציאַליזם אין איין לאַנד"). איך האָב אָבער אויך ניט פאַרשווייגען די גרינגע וואָג, וואָס אונזער ריכטונג האָט אין דעם ווירקליכען לעבען. שוין אפשר צו גרינג אָפּגעשאַצט איהר באַדייט. ווייל אפילו ליעוויט, וואָס פלעגט זיך שטענדיג רייצען מיט אונז פאַר אונזער אומפּראַקטישקייט און שוואַכער ווירקונג אין לעבען, האָט מיך איבערגעשלאָגען:

— נו, דאָ זייט איהר שוין צופיל אַניוועסדיג. א ז ו י שלעכט איז אייער לאַגע ניט.

נאָך וואַרמעס האָט זיך פּרוי ליעוויט אנטשולדיגט און איז ארויס, און מיר האָבען נאָך ווייטער געשמועסט א ביסעל, ביז אויך ליעוויט האָט זיך אויפגעהויבען און, זעגענענדיג זיך, א זאָג געטאָן:

— נו, טייבעלאַך, איך פאַרלאָז אייך. ברומט אייך דאָ געזונטערהייט („וואָרקויטיע טוט נאַ זדאָראָוויע").

גאַרין האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און, ווען ליעוויט איז אַרויס, האָט ער זיך צוגערוקט צו מיר.

— גאַרין איז טאַקע ניט מיין נאָמען; רופט מיך בעסער: „חבר דמיטרי", — האָט ער צו מיר געזאָגט. — איך בין א סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער פון רוסלאַנד. געקומען טאַקע שפּעציעל צו אייך. איך גלויב, אַז ליעוויט האָט מיך גענוג רעקאָמענדירט פאַר אייך. וואו איז מענדעל?

די לעצטע פראַגע וועגען מ. ראָזענבאַום'ס אויפהאַלטען זיך, ארויסגעשאָסען כמעט אין א באַפעהלערישען טאָן, האָט מיך ניט ווינציג פאַרפּלעפט. „חבר דמיטרי" איז טאַקע געווען גוט פאַררעקאָמאַנדירט, אָבער ניט אויף אַזויפיל, איך זאָל איהם מיטטיילען מענדעל'ס קאָנספּיראַטיווען אדרעס, וואָס איז אויך ביי מיר געווען פאַרשריבען מיט א שיפר. איך האָב זיך ארויסגעדרעהט מיט דער באַמערקונג, אַז יענעם אדרעס קאָן ער קריגען נאָר אין בערן, וואוהין איך וועל איהם געבען א בריוו.

— גוט. וועל איך פאָהרען אהין מיט אייער בריוו.

דערווייל זיינען צוגעקומען נאָך א פּאָר „געסט", אויף וועלכע איך האָב מיך לחלוטין ניט גערעכנט: אַזעף, וועמען איך האָב געקאָנט פון פריהער און וואָס איז שוין געווען א מיטגליד פון אונזער אָרגאַניזאַציע אין מאָסקווע, און מאַריאַ סעליוק פון דערזעלביגער אָרגאַניזאַציע.

דעם גאַנצען אָוונט ביז גאָר שפּעט אין דער נאַכט האָבען מיר זאַלבע פערט פאַרבראַכט אין איינעם, ארומרעדענדיג די נייע סיטואַציע און די אויפגאַבען, וואָס אָט די דריי שלוחים פון רוסלאַנד האָבען געהאַט פאַר זיך. עס איז געגאַנגען אין גאָר־גאָר גרויסע ענינים. אין רוסלאַנד האָבען אַלע עס־ער'ישע גרופּען, צווישען וועלכע עס האָבען געהערשט היפּשע חילוקי דעות, וואָס האָבען אָבער אַלע געזעהן אין דעם אויסלענדערשען „סאָיוז" אַ מין צענטער זייערען, זיך פאַר־אייניגט אין איין פּאַרטיי. די מאָסקווער אָרגאַניזאַציע איז דורכגע־פאַלען און מיט איהר — די דרוקעריי און די רעדאַקציע פון איהר אָרגאַן: „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָסיאַ". אָט דער אָרגאַן דאַרף איצטער ווערען דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער פּאַרטיי; ער דאַרף ארויסגעהן אין אויסלאַנד אונטער דער רעדאַקציע, וואָס דער „סאָיוז" וועט באַ־שטימען. דאָס באַדייט: מען וועט דאַרפען האָבען אַ סך אַ בריי־טערען און אַ סך אַ רעגעלמעסיגערען טראַנספּאָרט. אַ חוץ דעם דאַרף מען זעהן צוציהען צו דער פּאַרטיי די אָרגאַניזאַציע פון די „אַלטע נאַראָדאָוואָלען", גאָצ'עס גרופּע, וואָס גיט ארויס דעם „וויעסטניק רעוואָליוציאָי" און די „אַגראַר סאָציאַליסטישע ליגע". די נאַראָדאָ־וואָלען פון בורצעוו'ס חדר זיינען ניט אריין אין דער רשימה. עס איז אויך באַריהרט געוואָרען די פראַגע וועגען די מעגליכקייטען פון אַן אָרגאַניזירטען, סיסטעמאַטיש־געפיהרטען טעראָריסטישען קאַמף אונ־טער דער קאָנטראָלע פון דער פּאַרטיי.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַזעף זאָל פאָהרען קיין פּאַריזש פיהרען דאָרטען די פאַרהאַנדלונגען, און דמיטרי זאָל בלייבען נאָך אויף אַן אָוונט אין בערלין, דורכצורעדען זיך וועגען די אַנדערע ענינים. איך האָב תיכף אָנגעשריבען, — אויף מיין וויזיטען־קאַרטעל פון דעם „אַקאַדעמישען פאַרלאַג", — אַ רעקאָמענדאַציע פאַר אַזעף'ן צו רובאַנאָוויטש'ען, און בין אַוועק, ביז גאָר אַן אויפגערודערטער פון די נייע ידיעות און די נייע פּערספּעקטיוון.

איך האָב געטראַכט וועגען דער פּאַרטיי... דער פּ אַ ר ט י י! און אין קאָפּ האָט זיך וועגען איהר מיט פרייד ארומגעטראָגען ניעקראַ־סאָוו'ס צוויי־פערז:

“Не рыбацкий парус малый,
Корабли ей снятся...”

(„ניט אַ פישער'ס קליינער לייוועַנט, פון אָקרעַנטען זי חלומ'ט")

און איך האָב געשפּירט, אַז אָט דער „אינטערעסאַנטער גאַסט פון

רוסלאַנד", דער „חבר דמיטרי", איז ווי געבאָרען צו זיין דער קאַפּיטאַן אויף איינעם פון איהרע וויכטיגסטע אָקרענטען, אויב ניט דער אַדמי־ראַל־אַן־שעף פון דער גאַנצער פלאָטיליע... ווער איז ער, דער פויגעל?...

אויף מאָרגען שפּעט אין אָוונט, נאָך די ביורא־שטונדען פון דעם געשעפט, איז ער געקומען צו מיר אין ביורא, און מיר האָבען ווידער פאַרבראַכט אַ היפּשע פּאָר שעה, — אַלץ וועגען פּראַקטישע פּאַרטיי־ענינים. מיט קיין זאַך האָט דמיטרי ניט ארויסגערופען אין מיר דעם געדאַנק, אַז ער איז אַ איד. ערשט ווען מיר האָבען פאַר־ענדיגט די פּאַרטיי־ענינים, האָט ער זיך ווידער נעהנטער צוגערוקט צו מיר, און מיט אַ גאַנץ אַנדער, ווייך געוואָרענער שטים, אַ ביסעל פאַררויטעלט, אַ זאָג געטאָן:

— און איצטער, חבר חיים, לאָמיר זיך מיישב זיין וועגען אַן אונז נעהנטערען ענין. דאָ האָב איך . . .

ער האָט ארויסגענומען פון זיין פּאָרטפעל אַ מאַנוסקריפּט און האָט מיך געבעטען איבערלייענען איהם. דאָס איז געווען אַן אויפרוף צו די א י ד ע ן פון אַ גרופּע אידישע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָ־נערען. ערשט דאָ האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער איז אַ איד.

ער האָט זיך געוואָלט מיישב זיין, צי מיר זאָלען דאָס ארויסלאָזען און צי מיר זאָלען דערמוטיגען די עקזיסטענץ פון דער גרופּע.

דער אויפרוף איז געווען געשריבען זעהר שעהן: שטאַרק, האַרציג און לאָגיש. ניט נאָר „צער און צאָרן", נאָר אויך הויכע געזינונג און קאַמף־לוסט האָבען זיך געטראָגען פון איהם. ווען איך בין שפּעטער באַקאַנט געוואָרען מיט גערשוני'ס אַרט שרייבען, איז פאַר מיר ניט געווען קיין ברעקעל ספק, אַז אויך יענער אויפרוף האָט גע־שטאַמט פון זיין פעדער. און, אויף וויפיל מיר געדענקט זיך, איז ער סטיליסטיש געווען פריי פון צו שרייענדיגע פאַרבען, פון צו הויכע טענער, וואָס פלעגען זיך פּאָרט צייטענווייז דורכרייסען אין זיינע שריפטען און אין זיינע בריוו.

און דער אינהאַלט?

דער אינהאַלט איז געווען אַן אָנקלאָג אַנטקעגען דעם רוסישען צאַריזם, — דער עיקר אין דער שטעלונג צו דער אידישער פראַגע; אַ באַווייז, אַז ניט פון דעם צאַריזם, ניט פון די ליבעראַלען, קאָנען אידען ניט דערוואַרטען קיין גוטס. די רעגירונג מוז געשטירצט ווערען אויך מיט די מיטלען פון אַ דירעקטען טעראָריסטישען אָנפאַל אויף איהר, ווי אין די צייטען פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". אזא קאַמף־

מעטאָדע געהט אָבער אריין נאָר אין דעם פּראָגראַם פון דער „פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען". עס איז דער חוב פון דער אידענ־שאַפט צו אונטערשטיצען אָט די פּאַרטיי, און דעמאָלט וועלען מיר דערגרייכען אונזער לאַנג געגאַרטען ציל: די גלייכבארעכטיגונג, די „ראַוונאָפּראַוויע".

מיט קיין איין וואָרט איז דאָרטען ניט דערמאָנט געוואָרען די עקאָנאָמישע ראָליע פון די אידען אין רוסלאַנד, און איהר שייכות צו דעם קאַמף פאַר סאָציאַליזם; מיט קיין איין וואָרט ניט — די אידישע אַרבייטער־באַוועגונג, וואָס האָט שוין דעמאָלט פאַרנומען אַ זעהר חשוב'ען אָרט אין דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף; מיט קיין אות ניט — דער אָנוויז, אַז מיר זיינען אַ פאָלק און מוזען פאָדערען, ניט נאָר בירגערליכע גלייכבארעכטיגונג, נאָר אויך נאַציאָנאַלע רעכט. דער גאַנצער אינהאַלט פון דעם אויפרוף איז געווען אַן אַנאַכראָניזם.

מיינע קריטישע באַמערקונגען האָב איך ארויסגעזאָגט געַרשוני'ן אזוי שאַרף און קלאָר ווי נאָר מעגליך. די שטעלונג פון דער אידישער גרופּע צו דער אידען־פראַגע איז אַ פּאַראַלטעטע. מען קאָן איצטער ניט ארויסגעהן מיט דער פאָדערונג פון הוילער „ראַוונאָפּראַוויע", בעת דער „בונד" האָט שוין אין זיין אָפיציעלען אָרגאַן אויפגעהויבען די פראַגע וועגען נאַציאָנאַלע רעכט פאַר אַלע רוסלענדער פעלקער, אידען בתוכם. איך האָב איהם ניט פאַרלייקענט, אַז אָט די שטימען אין דעם בונדישען צענטראַל־אָרגאַן שטאַמען פון מיר און פון אַ פּאָר נאַציאָנאַל געשטימטע בונדיסטען. אָבער דאָס איז די ריכטונג, אין וועלכער עס וועט זיך באַוועגען די שטעלונג פון סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע. פאַר אונזער „סאָיוז" איז זי שוין אַ פאַרענטפערטע טעאָרעטיש און פּראָגראַמאַטיש. מיר זיינען אַבסאָלוט אַנטקעגען אַסימילאַציע. מיר פאָדערען גלייכע נאַציאָ־נאַלע רעכט פאַר אַלע פעלקער אין רוסלאַנד און גלייכע מעגליכקייטען פאַר זייער פרייער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג; דערביי — דאָס פולסטע רעכט אויף נאַציאָנאַלער זעלבסט־באַשטימונג. דער אויפרוף וואָלט באַדאַרפט אין אָט דעם זין ראַדיקאַל אומגעאַרבייט ווערען, כדי מיר זאָלען איהם קאָנען ארויסגעבען.

וואָס איז שייך אַן אייגענע אידישע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, איז דאָס אַ פראַגע, וואָס לאָזט זיך ארומרעדען. איך וואָלט אָבער אַבסאָלוט געשטימט געגען דעם. מיר מ ע ג ע ן האָפען, אַז אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין רוסלאַנד זאָלען זיך באַלד

פאַראייניגען אין איינעם. (איך האָב דעמאָלט גראָד געשריבען וועגען אָט דער פראַגע אַרטיקלען אין דער „נאַקאַנוניע”. אויף דער פּלאַם־פייערדיגער אַגיטאַציע, וואָס די ניט לאַנג אַריבערגעקומענע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, — ליענין, מאַרטאָוו און פּאָטריעסאָוו, — האָבען אויפגעהויבען אַנטקעגען אַלע ניט מאַרקסיסטען, האָב איך דעמאָלט ניט געלעגט קיין צו גרויסע וואָג.) אין אַ פאַראייניגטער ר ו ס ל ע נ ד ע ר פּאַרטיי, און ניט ר ו ס י ש ע ר פּאַרטיי, וועט דער „בונד” זיין דער פּאַרטרעטער פון די אידישע אינטערעסען. אַן אַנדער סאָציאַליסטיש־אידישע אָרגאַניזאַציע וואָלט אַריינגעטראָגען אַ צושפּאַלטונג אין די רעוואָלוציאָנערע קרעפטען, וואָס אַרבייטען אויף דעם אידישען פעלד, און דערפאַר בין איך געגען אַן אייגענער אידישער אָרגאַניזאַציע פון אונזער ריכטונג.

ס'איז ניט דאָ דער אָרט, צו ברענגען אַלע יענע פּ אַ ק ט י ש ע אַרגומענטען, אויף וועלכע איך האָב דעמאָלט געשטיצט מיינע האָפּענונגען סאַי אויף אַן אַלגעמיין־סאָציאַליסטישער פאַראייניגונג, סאַי אויף דער ראָליע פון דעם „בונד”, וואָס וועט פאַרשטעהן ווי צוצוציהען צו זיך אַלע נאַציאָנאַל־געזינטע אידישע רעוואָלוציאָנערע קרעפטען און ווערען דער פיהרער פון דעם אידישען באַפרייאונגס־קאַמף אין די ראַמען פון אַן אַל־רוסלענדערשער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. גערשוני האָט זיי אויסגעהערט מיט דעם גרעסטען אויפמערק.

אין זיין ענטפער האָט ער קלאָר אַרויסגעזאָגט זיין טיפסטען סקעפּטיציזם בנוגע מיינע האָפענונגען, סאַי אויף די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, סאַי אויף דעם „בונד”. מיינע פּאַקטישע אַרגומענטען זיינען געבויט אויף דערשיינונגען אין דער אויסלענדישער עמיגראַציע. די שטימונגען א י ן ר ו ס ל אַ נ ד גיבען אָבער קיין ברעקעל גרונט ניט אפילו צו טראַכטען וועגען אַזוינע פּערספּעקטיוועז, ווי געוואונשען זיי זאָלען ניט זיין. אָבער ער מוז זיך מודה זיין, אַז מיט דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער פראַגע איז ער זעהר וועניג באַקאַנט; נאָך וועניגער איז ער באַקאַנט מיט די טעאָריעס וועגען דער אידען־פראַגע. פּרינציפּיעל קאָן ער גאָר נישט האָבען געגען דעם, אַז אויך אידען זאָלען באַטראַכט ווערען, ווי אַ פאָלק, וואָס דאַרף האָבען דאָס רעכט אַליין צו באַשטימען, ווי זיי ווילען לעבען נאַציאָנאַל, ווי אידען, צי ווי רוסען. און וואָס איז שייך דעם „בונד”, מוז ער אויך מודה זיין, אַז דאָס איז אַן ערנסטע, שטאַרק וואַקסענדיגע אָרגאַניזאַציע,

וואָס האָט שוין געשלאָגן באַדייטענדיגע וואָרצלען אין די אידישע מאַסען. עס איז אפשר טאַקע גלייכער ניט צו דערמוטיגען קיין אַנ־דערע, אידיש־רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, און צו באַטראַכטען די בונדיסטען, ווי די נאָהענטסטע חברים. פאַלט אָבער אַראָפּ די פראַגע וועגען אַן איינענער אידיש־רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, דעמאָלט, דוכט איהם, פאַלט אויך אַראָפּ די פראַגע וועגען פאַרעפענטליכען דעם אויפרוף, און עס האָט קיין זין ניט איהם איבערצואַרבייטען. אין וועמעס נאָמען זאָל ער דען אַרויסגעלאָזען ווערען? אין דעם נאָמען פון דער פּאַרטיי? דאָס וואָלט בשום אופן ניט געפּאַסט. — אזוי האָט ער אַרגומענטירט.

אין דעם פּרט איז גערשוני געווען גערעכט, און דער גאַנצער ענין איז אויף אַזאַ אופן „אַראָפּגענומען געוואָרען פון סדר היום". איך האָב איהם אָנגעשריבען אַ בריוו קיין בערן, און מיר האָבען זיך פאַנאַנדערגעזעגענט.

שפּעטער האָב איך מיך דערוואוסט, אַז אויך אין בערן האָט מען גערשוני'ן ניט געגעבען ראָזענבאַום'ס אַדרעס, נאָר מען האָט תיכּף טעלעגראַפירט צו מענדלען, ער זאָל גלייך קומען קיין בערן, און ערשט ווען ער איז געקומען און האָט באַגעגענט דעם „חבר דמיטרי", ווי אַן אַלטען חבר און האָט דערקלערט די חברים זיין באַדייט (מענדעל האָט איהם אין רוסלאַנד צוגעצויגען צו דעם „סאָיוז", אויף דעם אָנווייז פון באַבושקאַ'ס וואָרימער רעקאָמענדאַציע), — ערשט מיט מענדעל'ס קומען קיין בערן, זאָג איך, איז דער אייז פון די צופּיל פּאָרזיכטיגע בערנער חברים געבראָכען געוואָרען, און גערשוני האָט נעקאָנט אָנהויבען די אויפבוי־אַרבייט פון דעם אויסלענדישען קאָמי־טעט פון דער פּאַרטיי און די אָרגאַנזשירונג פון אַלע נייע ענינים, וואָס זיינען געווען פאַרבונדען מיט דעם.

עס זאָל דאָ געבראַכט ווערען אַ קליינער עפּיזאָד, וואָס איז אפשר כאַראַקטעריסטיש פאַר דער שטעלונג פון די בערנער חברים צו גערשו־ני'ן גלייך נאָך זיין קומען. נאָך אַן אַווענט, פאַרבראַכט ביז שפּעט אין מיין היים, האָט איהם ש. אַנסקי גענומען צו זיך אַהיים נעכטיגען. אין וועג זיינען זיי געגאַנגען שווייגענדיג. און פּלוצלונג האָט זיך ביי אַנסקי'ן אַרויסגעריסען אַ פראַגע, ווי אַ פּאַראָפראַז פון אַ באַ־קאַנטען אַלט־רוסישען עפּיגראַם:

“Ты Дмитрий-ли Донской,
Иль Дмитрий **Самозванец?”**

אויף וואָס גערשוני האָט געענטפערט מיט אַ פּאַראַפראַז פון דער צווייטער העלפט:

“Нет, Дмитрий я простой,
Хоть и не пьяница из пьяниц...”

(אין אידיש: „צי ביזטו דמיטרי דאָנסקאָי, אָדער דער פאַלשער דמיטרי?" און דער ענטפער: „ניין, איך בין אַ פּשוט'ער דמיטרי, הגם ניט קיין שיכור פון שיכורים־לאַנד".)

משמעות, אויך אַנסקי האָט שוין אין דעם ערשטען אָוועגט גע־שפּירט, אַז אויב דער נייער חבר איז ניט קיין פאַלשער דמיטרי, איז ער אַ „דמיטרי דאָנסקאָי".

פון יענער צייט אָן ביז גערשוני'ס אַרעסט, האָב איך זיך געזעהן מיט איהם אַלע מאָל, ווען ער פלעגט קומען קיין אויסלאַנד. „אריינ־שנייען" פלעגט ער, אויף וויפיל מיר געדענקט זיך, אַלע מאָל צווישען זיבען און אַכט אין דער פריה. אַ קלונג אין גלעקעל פון קאָרידאָר; איך פלעג עפענען די טיר, און פאַר מיר פלעגט שטעהן דמיטרי, אַ פריש ארומגעגאָלטער, אין אַ ווייכען שוואַרצען הוט מיט ברייטע אויסגעבויגענע פעלדער, מיט אַ פּאָרטפעל אונטער'ן אָרעם (דאָס איז געווען זיין גאַנצער „באַגאַזש"): אָט פונקט ווי ער וואָלט ערשט געקומען פון אַ נאָהענטער סטאַנציע לעם בערן. און דערזעהענדיג איהם, מיט זיין זעלבסט־זיכערער אייראָפּעאישער האַלטונג, מיט זיין ליבליכען שמייכעל אויף די ליפּען, פלעגט מיר ווערען „אַ ליכט אין די אויגען" און וואַרעם אויפ'ן האַרצען. איך האָב איהם שטאַרק ליב באַקומען.

איינשטעהן פלעגט ער אין בערן ביי אונז. מיר פלעגען אָפט אַרומ־שפּאַצירען איבער דער שעהנער געגענט, וואָס אַרום, רעדען וועגען אַלערליי ענינים און פראַגען. מיר געדענקט זיך אָבער ניט קיין איין פאַל, וואו די אידישע פראַגע זאָל האָבען ארויפגעשוואומען אין אונ־זערען אַ געשפּרעך. אויף גערשוני'ן האָב איך געקוקט ווי אויף אַ רוסיפיצירטען אידען, ווי אויף גאָץ'ן, אויף מינאָר'ן, רובאַנאָוויטשען. אפילו ש. אַנסקי און מענדעל ראָזענבאַום זיינען נאָך דעמאָלט זעהר ווייט געווען פון אַ וועלכען עס איז שמץ אידישען נאַציאָנאַליזם. זיי אַלע האָבען געוואוסט מיין שטעלונג צו דער אידען־פראַגע, אָבער איך האָב ניט געהאַלטען פאַר נויטיג צו דיסקוטירען מיט זיי וועגען איהר. ארויסזאָגען זיך פלעג איך נאָר, ווען אַנדערע פלעגען זי אויפהויבען, ווי דאָס איז אין יענער צייט אָפט געווען דער פאַל מיט אַנסקי'ן.

דערנאָך האָט מען גערשוני'ן אַרעסטירט, און מיר האָבען זיך

שוין ניט געזעהן ביז זיין קומען פון אמעריקע קיין טאָמערפאָרס (פינ־לאַנד) אויף דעם צווייטען צונויפפאָהר פון דער פּאַרטיי. באַגעגענט האָבען מיר זיך אויסערגעוועהנליך וואַרעם און זיינען גלייך אריבער אויף „דו". ער האָט מיר דערצעהלט וועגען אמעריקע, איבערגעגעבען גרוסען פון די דאָרטיגע נאָהנטע חברים און פריינד און פּלוצלונג האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— ווייסט? זיי פּלעגען מיך דאָרטען שטענדיג פרעגען וועגען מיין שטעלונג צו דער אידען־פראַגע.

— איז וואָס האָסטו זיי געענטפערט? — האָב איך געפרעגט מיט דער גרעסטער שפּאַנונג.

— וואָס האָב איך זיי געקאָנט זאָגען, אַז איך בין נאָך אליין אָן עם־האָרץ אין דער פראַגע? פּלעג איך ענטפערען: זשיטלאָווסקי'ן קענט איהר? מיט זיין שטעלונג צו דער פראַגע זייט איהר באַקאַנט? נו — דאָס איז די שטעלונג פון דער פּאַרטיי. דאָס איז אויך מיין שטעלונג.

— מיט אַזוינע זאַכען, ברודערעל, שפּילט מען זיך ניט, — האָב איך איהם דערויף באַמערקט. — זיי פּאַרפּליכטען צו עפּעס.

און איך האָב איהם דערקלערט דעם חילוק צווישען דעם פּאַרטיי־שטאַנדפּונקט און מיינעם. די פּאַרטיי קעמפּט פּאַר דעם נאַציאָנאַלען זעלבסט־באַשטימונגס רעכט פון אַלע פעלקער און פּאַר זייער נאַציאָ־נאַלער גלייכבאַרעכטיגונג. זי באַטראַכט אויך די אידען פּאַר אַ באַ־זונדער פּאָלק מיט דיזעלביגע רעכט אויף זעלבסט־באַשטימונג. דאָס איז אַלץ, וואָס מיר, אידען, קאָנען פּאָדערען פון דער פּאַרטיי. מיר דאַרפען אָבער פּאָדערען פון ד י א י ד ע ן ז י י זאָלען זיך זעלבסט־באַשטימען ווי אַ באַזונדער פּאָלק מיט נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיגונג.

— דאָס איז פאַר מיר ניט קיין נייס, — האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ שמייכעל. — און זיי זיכער, — האָט ער צוגעגעבען מיט אַ באַזונדער באַטאָנונג: — איך וואָלט זיי ניט געגעבען יענעם ענטפער, ווען איך וואָלט ניט געפיהלט, אַ ז א י ך ק אָ ן נ ע מ ע ן א ו י ף ז י ך ד י ג אַ נ צ ע א ח ר י ו ת פ אַ ר א י ה ם.

אָט דער מאָמענט איז געווען איינער פון די גליקליכסטע אין מיין לעבען. מיר האָבען אָפּגעמאַכט, ער זאָל נעמען אויף זיך צו זיין דער פּאַרמיטלער צווישען דער פּאַרטיי און דעם „סערפּ" (דער „אידיש־סאָציאַליסטישער ארבייטער פּאַרטיי"), וואָס איז אריין אין אַ פּאָרמאַלען בונד מיט דער פּאַרטיי: זיין דער פּאַרמיטלער און אויך דער פּאַר־

טיידיגער פון דעם „סערפּ׳ס״ גערעכטע אינטערעסען פאַר דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי.

גערשוני האָט דאָס גענומען אויף זיך מיט דער העכסטער פרייד. איך האָב איהם צונויפגעפיהרט מיט דעם חבר „גרשון״, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ דעלעגאַט פון דעם „סערפּ״ אויף דעמזעלביגען טאַמערפאָרסער צונויפפאָהר. עס איז צווישען אונז דרייען באַשטימט געוואָרען, אַז כל זמן איך וועל זיין אין פינלאַנד, זאָל איך זיין דער פאַרמיטלער צווישען דעם „סערפּ״ און גערשוני׳ן.*)

שוין אין די עסקים פון דעם „סערפּ״ איז מיר ניט איינמאָל אויסגעקומען צו זעהן זיך מיט גערשוני׳ן, אויף זיין קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר אין העלסינגפאָרס, ביי פּרוי מאַלמבערג, און עס דאַרף נאָך ערגעץ־וואו ליגען ביי מיר גערשוני׳ס אַ קוויטאַנציע אויף די געלט, וואָס דער „סערפּ״ האָט, לויט אַ געוויסען אָפּמאַך, צוגעשטעלט דער פּאַרטיי (אַ געוויסען פּראָצענט פון דעם „סערפּ׳ס״ „עקספּראָפּריאַציעס״.)

אין פינלאַנד האָב איך דעמאָלט פאַרבראַכט כמעט דעם גאַנצען ווינטער, פאָהרענדיג אָפט פון „אָגלבי״, לעם העלסינגפאָרס, קיין פּעטראָגראַד. אין יענעם ווינטער האָב איך געהאַלטען אַ רעפעראַט פאַר די רוסישע אַרבייטער אין העלסינגפאָרס אויף דער טעמע: „דער פּראָלעטאַריאַט און זיין סאָציאַל־פּאָליטישער שטאַנדפּונקט״. גערשוני האָט געהערט וועגען דעם רעפעראַט און, ווען מיר האָבען זיך נאָכדעם געזעהן, האָט ער ביי מיר געפרעגט, צי איך וואָלט ניט געוואָלט באַאַרבייטען איהם אין אַ בראָשור פאַר דער פּאַרטיי. איך האָב איהם

*) חבר „גרשון״, — אָדער אויך חבר דאַל׳מאַן, — איז ו ו אָ ל אָ ד י אַ פּ אַ ב ר י ק אַ נ ט. שפּעטער איז ער אַריבער פון דעם „סערפּ״ צו דער פּאַרטיי. נאָך אַזעף׳ס דעמאַסקירונג איז ער אויפגענומען געוואָרען אין סאַווינקאָוו׳ס „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ״ (די טעראָריסטישע „קאַמף־אָרגאַניזאַציע״ פון דער פּאַרטיי). אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע איז ער געשטאַנען אויף דעם גאָר רעכטען קערענסקי־פליגעל, און איהם איז געווען אָנפאַרטרויט די קאָנספּיראַטיווע אָפּהיטונג פון סאַווינקאָוו׳ס באַהעלטעניש. ער איז ניט לאַנג צוריק געשטאָרבען אין עלענד און נויט און האָט אַוועקגעטראָגען מיט זיך אין קבר אַ סך זעהר אינטערעסאַנטע און וויכטיגע ערינערונגען וועגען דעם לעבען פון דער פּאַרטיי פון זינט אַזעף׳ס דעמאַסקירונג, אין וועלכער אויך ער האָט געשפּילט אַ געוויסע ראָליע. (בעת׳ן אַזעף־פּראָצעס אין פּאַריז, איז ער געשיקט געוואָרען קיין בערלין, צו איבערקאָנטראָלירען אַזעף׳ס עדות־זאָגען וועגען זיין דאָרטיגען וויזיט.) זש.

געענטפערט, אַז איך באַארבייט איהם איצטער אויף אַ ברייטערען יסוד, אָבער ניט אין רוסיש, נאָר אין אידיש פאַר דער „פאָלקס שטימע", דעם צענטראַל־אָרגאַן פון דעם „סערפּ". איך האָב איהם דערקלערט מיין שטאַנדפונקט, אַז אַ ל ע אידישע כחות דאַרפען אייגענטליך דינען דעם אידישען פאָלק. דאָס איז אפשר אוממעגליך אפילו פאַר אַ סך פון יענע, וואָס וואָלטען דאָס געוואָלט טאָן, און ס'איז אויך ניט געוואונשען, אַז איינציגע זאָלען דאָס איצטער טאָן. אָבער איך פיהל אויף זיך דעם חוב פון יענעם געבאָט, און שטרעב מיט אַלע מיינע כחות, איך זאָל איהם קאָנען דורכפיהרען. איך קאָן אָפּטרעטען פון איהם נאָר דעמאָלט, ווען עס איז אַן אַ ב ס אָ ל ו ט ע ר מ ו ז.

נאָך קיינמאָל האָב איך ניט געזעהן גערשוני'ן צוצוהערען זיך צו מיר מיט אַזאַ אָנגעשטרענגטען אויפמערק, ווי דעמאָלט. ער איז געזעסען דערנאָך אַן ערנסט פאַרטראַכטער.

— ווייסטו, וואָס איך וויל דיך בעטען? ווען דו וועסט פאַרטיג ווערען מיט דער אַרבייט, לייען זי מיר דורך. רעד זיך צונויף מיט מאַלמבערג, און מיר וועלען באַשטימען דערפאַר אַ באַזונדער אָוועגט.

זעהן זיך מיט גערשוני'ן איז פאַר מיר אַלע מאָל געווען אַ תענוג. אָבער דעם נחת־רוח, וואָס איך האָב געהאַט יענעם אָוועגט, — ריכטיגער אַ שפּעטען נאָכמיטאָג, וואָס האָט זיך פאַרצויגען אין טיפען אָוונט אריין, — ווען איך האָב איהם געלייענט מיין ארבייט אין אידיש, איז מיר באמת שווער צו באַשרייבען. ער האָט פאַר־שטאַנען כמעט אַלץ. נאָר דאָס רוב העברעאישע ווערטער האָב איך איהם געדאַרפט פאַרטייטשען, און איינציגע שטעלען איבערלייענען צו נאָך אַ מאָל.

— אַ שפּראַך, צי אַ „זשאַרגאָן"? — האָב איך איהם געפרעגט אין טריאומף, זעהענדיג דעם איינדרוק, וואָס די אַרבייט האָט אויף איהם געמאַכט.

— פּרעכטיג! פּרעכטיג! אָט דאָס בין איך דיר מקנא מעהר פאַר אַלץ: דיין קאָנען שרייבען אַזאַ שעהנעם אידיש.*)

---

*) דעמאָלט איז אַזאַ מין זאַך נאָך גאָר פאַר פילע געווען אַ וואונדער. ווען מענדעל ראָזענבאַום האָט צום ערשטען מאָל געהערט מיינע רעדעס אין אידיש און מיר האָבען גערעדט וועגען אידיש, ווי אַ שפּראַך, האָט ער מיר באַמערקט (אין רוסיש, כאַטירליך): „דיין אידיש איז נאָך ניט קיין באַוויז. ניט אַלע קאָנען זיך אויסלערנען טאַנצען אויף אַ דראָט". שפּעטער איז ראָזענבאַום אַליין געוואָרען אַ גוטער אידישער שרייבער. — זש.

א שטיקעל שייכות צו די צוויי באַגעגענישען אונזערע, ביי וועלכע מיר האָבען גערעדט וועגען דער אידישער פראַגע און וועגען מיין ארבייט אין אידיש, האָט געהאַט נאָך אַן אויסרוף גערשוני׳ס ביי אַן אַנדער געלעגענהייט.

דאָס איז שוין געווען אין פריהלינג. אונזער עס־ערישע פּרעסע, די לעגאַלע און האַלב־לעגאַלע, — האָט שוין ניט געקאָנט געבען קיין פולען אויסדרוק צו דער פאַרשאַרפטער שטעלונג, וואָס די פּאַרטיי האָט געמוזט אָננעמען אין איהר קאַמף אַנטקעגען דעם צאַריזם. עס איז באַשלאָסען געוואָרען, ווידער ארויסצוגעבען אַן אומלעגאַלע פּעריאָדישע שריפט: די „זנאַמיאַ טרודאַ״ (די „ארבייטס־פאָהן״). אין אַ פינלענדערשער דאָרף איז צונויפגערופען געוואָרען אַ זיצונג פון די נעהנטערע חברים, וואָס האָבען זיך געדאַרפט באַטייליגען אין דער שריפט. דעם פאָרזיץ האָט געפיהרט גערשוני. איך האָב צוגעזאָגט מיין מיט־ארבייט.

— יע, איהר זאָגט צו, — האָט באַמערקט איין חבר. — צי וועט איהר אָבער האַלטען וואָרט?

— ער וועט מוזען! — האָט פאַר מיר געענטפערט גערשוני, קוקענדיג אויף מיר מיט אַ שמייכעל.

דאָס איז זיכער געווען אַן אָנשפּיל אויף אונזער שמועס וועגען „אַלע אידישע כחות דעם אידישען פאָלק״.

באַלד דערנאָך האָב איך געדאַרפט אין גאַנצען פאַרלאָזען פינלאַנד. ביים לעצטען געזעגענען זיך מיט גערשוני׳ן (אָביעקטיוו איז עס טאַקע געווען אַ געזעגענען־זיך אויף אייביג) האָט ער צום סוף געזאָגט:

— און וואָס איז שייך „אַלע אידישע כחות דעם אידישען פאָלק״, איז וואָרט: לאָמיר נאָר אראָפּוואַרפען דעם צאַריזם, **געה איך אריבער צו דיר, און מיר וועלען ארבייטען איינעם.**

בפירוש געדענק איך דעם אויסדרוק: „געה איך אריבער צו דיר״, און עס איז בפירוש פאַרשטאַנען געוואָרען, אַז אונזער ביידענס אידישע ארבייט אין איינעם דאַרף געפיהרט ווערען אין דער ריכטונג, פאַר וועלכער עס האָט געקעמפט די „אידיש־סאָציאַליסטישע ארבייטער־פאַרטיי״, וואָס מיט איהר פּראָגראַם און פּרינציפּיעלען צוגאַנג צו דער אידען־פראַגע איז שוין גרשוני געווען גוט באַקאַנט פון איהר רייכער ליטעראַטור אין דער רוסישער שפּראַך.

מיר האָבען זיך הארציג צוקושט און צוזעגענט.

אב. קאהאן:

## ערינערונגען וועגען גערשוני׳ן.*)

די גרעסטע סענסאציע האבען מיר געהאט ווען צו אונז איז גע־קומען גריגארי גערשוני, דער שאוולער און מינסקער איד, וועלכער האט ארגאניזירט די נייע טעראריסטען. א פאר יאהר צייט האט רוס־לאנד געקאכט מיט איהם. און מיר, אין אמעריקא, האבען זיך אינטע־רעסירט מיט יעדער איינצעלהייט פון זיין מערקווירדיגער רעוואלוציא־נערער קאריערע. אין אפריל 1904 האב איך אין „פארווערטס" גע־דרוקט א סעריע ארטיקלען וועגען דעם טויט פון מיניסטער סיפיאגין און פון א גובערנאטאר, אין וועלכע מען האט גערשוני׳ן באשולדיגט; וועגען גערשוני׳ס ארעסט און וועגען דער טויט־שטראף צו וועלכער מען האט איהם פאר׳משפט. די טויט־שטראף האט מען איהם דערנאך פארביטען אויף לעבענס־לענגליכע קאטארגע, און מ׳האט איהם אריינ־געזעצט אין דער בארימטער שליסעלבורגער פעסטונג, וואו עס האבען זיך איבער צוואנציג יאהר געמאטערט ניקאלאי מאראזאוו, ניקאלאי לאפאטין, וויערא פיגנער, פראלענקא און די אנדערע רעוואלוציאנערען, וועלכע זיינען ביי אונז געווען ווי הייליגע. אין דעם צווייטען באנד פון מיינע עראינערונגען איז דערצעהלט געווארען ווי מיר פלעגען מאכען הספדים נאך די העלדען פון 1881 און מיט וואסערע געפיהלען מיר פלעגען דערמאנען די מארטירער פון שליסעלבורג. ווען דער לעזער וועט איבערבלעטערען יענע פיידזשעס, וועט ער האבען א באגריף וועגען די געפיהלען, וועלכע די נאכריכטען וועגען גערשוני׳ן האבען ארויסגערופען אין די עלטערע מיטגלידער פון אונזער רוסישער קא־לאניע.

פון שליסעלבורג האט מען גערשוני׳ן איבערגעשיקט אין א טורמע אין דעם וויטען סיביר.

דערנאך, פלוצלונג, אין נאוועמבער 1906, איז קיין אמעריקא גע־קומען א דעפעשע, אז גערשוני איז אנטלאפען.

אויף דער ערשטער פיידזש פון דעם „פארווערטס" פון נאוועמבער 29, געפינט זיך א שורה מיט גאנץ גרויסע בוכשטאבען:

---

*) ארויסגענומען פון פערטען באנד „בלעטער פון מיין לעבען", מיט דער דערלויבניש פון גענ. אב. קאהאן.

„פאהרט גערשוני אהער?"

און אונטער איהר:

„דער באריהמטער אידישער העלד אויף א שיף פון יאקאהאמא קיין סאן־פראנציסקא?"

מיר זיינען ניט געווען זיכער, אז די דעפעשע איז א ריכטיגע. דערנאך איז צו דר. קאפלאנ'ען, דעם סעקרעטאר פון די סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען גרופען אין ניו יארק, פון סאן־פראנציסקא אנגעקומען א טעלעגראמע אז ער איז טאקע אנגעקומען אהין. עס איז אויך געווען געמעלדעט, אז פון דער סיבירער טורמע האבען איהם חברים ארויסגע'גנב'עט אין א פעסעל קרויט. ער איז אנטלאפען קיין יאפאן; פון יאפאן איבער דעם „גרויסען אדער שטילען ים" (פאסיפיק), איז ער געקומען קיין סאן פראנציסקא, און פון דארטען קיין ניו יארק. ער האט ניו יארק דערגרייכט אין אווענד, דעם 11טען דעצעמבער, 1906.

אין דזשוירזי סיטי, אויף יענער זייט פון טייך האדסאן, וואו דער צוג האט געדארפט אנקומען, האט אויף איהם געווארט א גרויסער עולם.

מען האט איהם באגעגענט מיט שטורמדיגע הורא־געשרייען. עס איז געווארען א שטופעניש, א באגייסטערטער געשריי, א ווילדע שפרינגעניש און ווארפעניש מיט די העטס.

מיר האבען דערזעהן א הויכען, שעהן געקליידעטען יונגען רייזענדער, מיט א בלאנדע בערדעל, מיט א שעהנעם וועלטליך־אינטעליגענטען פנים.

אראפנעמענדיג פון קאפ די גרויע רייזע־היטעל, וואס ער האט גע־טראגען, האט דער גאסט אויסגערופען:

— טאווארישטשי! אזא באגעגעניש האב איך אויף מיין לעבען ניט געהאט. צו אזא קבלת פנים בין איך ניט צוגעוואוינט. אין רוסלאנד בין איך געוואוינט אויף א וואקזאל באגעגענט צו ווערען פון זשאנדארען און שפיאנען.

מען האט גלייך געמוזט ארויפגעהן אויף דער פעררי (פאראם־שיף) צו פאהרען מיט איהם קיין ניו יארק. עס איז געווארען א געלאף, א שפארעניש. אויף דער פעררי האט גערשוני און די קבלת־פנים קאמיטע זיך קוים צוגעשלאגען צו א באנק. די גרויסע, העל־באלויכטענע פעררי איז געווען געפאקט מיט אונזערע אידען. עס האבען זיך אבער דארטען געפונען אמעריקאנער אויך.

די פאָלגענדע שורות דרוק איך איבער פון דעם באריכט, וואָס איז ערשינען אין „פאָרווערטס" פון 12טען דעצעמבער:

„גערשוני האָט זיך אוועקגעשטעלט אויפ'ן באַנק און אויסגע־שריען: „חברים, לאָמיר ווייזען די אמעריקאַנער, אַז מיר זיינען מענשען מיט א טאָלק; לאָמיר זיי ניט שטערען".

„די קאָמיטע האָט געבעטען גענאָסע קאַהאַנ'ען, ער זאָל זיך שטעלען אויפ'ן באַנק און ערקלערען פאַר די אמעריקאַנער, ווער אונ־זער גאַסט איז. גענאָסע קאַהאַן האָט אַזוי געטאָן, און ווען ער האָט געענדיגט, האָט אויסגעבראָכען אַן אַפּלאָדיסמענט און הורא־געשרייען פון אמעריקאַנער, אַזוי גוט ווי פון אונזערע אידען.

„דאַן איז פאָרגעקומען אַ אינטערעסאַנטע סצענע. אַ שעהנע אמעריקאַנערין, רייך געקליידעט, מיט אַ געזיכט וואָס האָט ארויס־געצייגט בילדונג, האָט אראָפּגענומען פון זיך אַ רויטען בלום און האָט געבעטען מען זאָל דאָס איבערגעבען גערשוני'ן. 'בעט איהם, — האָט זי געזאָגט, — ער זאָל עמפּפאַנגען פון אַן אמעריקאַנערין דעם ערשטען בלום פון ניו יאָרק. איך באַדויער זעהר, וואָס איך האָב ניט קיין שעהנערע בלומען און מעהר'.

„גערשוני'ס ענטפער איז געווען:

— זאָגט דער אמעריקאַנער דאַמע, אַז צוערשט וועלען מיר זיך ספּראַווען מיט דער רוסישער רעוואָלוציע. און דאַן, ווען רוסלאַנד וועט זיין פריי און זי וועט קומען צו אונז, אין אַ פרייער רוסלאַנד, וועלען מיר איהר אָפּצאָהלען איהר פריינדליכקייט.

„ווידער אַפּלאָדיסמענטען, הורא־געשרייען. טראָגענדיג זיך איבער דער ברייט פון דעם האָדסאָן איז די שיף פּאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פאַרזאַמלונגס־האָל. דורך דער פינסטערניש האָבען געפינ־קעלט טויזענדער פלאַמען פון אַנדערע פעררים און פון די ניו יאָרקער געביידעס. די נאַכט איז אויפ'ן וואַסער געווען אַ שטילע, אַ רוהיגע. די פעררי האָט געשוועבט ווייטער און ווייטער, ווידער און ווידער הילכענדיג מיט הורא־געשרייען.

„אמעריקאַנער, אונטער זיי איינינגע וואָס אַרבייטען אויף דער פעררי, האָבען זיך געשטופּט צום גאַסט און געבעטען ערלויבניש צו דריקען איהם די האַנט".

די פאָלגענדע כאַראַקטעריסטיק, וועלכע איז געווען אַ טייל פון דעם באריכט, איז געווען פון מיין פעדער:

„אַ הויך־פיגוריגער, שעהנער מאַן, אַ געבילדעטער, אַ פיין־ערצויגענער, מיט כאַראַקטער און מיט ווירדע — אַזאַ איינדרוק מאַכט גערשוני. זיין געזיכט, הויפּטזעכליך ווען ער רעדט, איז באַלויכטען מיט אַ קלוגען אַנגענעמען שמייכעל. אין די אויגען שיינט אַ ווייכער הומאָריסטישער אויסדרוק, און דער בלאָנדער, אָבער אמת־אידישער פּנים איז באַלויכטען מיט אַ מינע, וועלכע דערצעהלט אייך פון ענערגיע, און פון ליבליכקייט; אי פון אַ טיפער ערנסטקייט, אי פון וועלט־ליכקייט און לעבענסלוסט.

„די וואָס קענען איהם פון רוסלאַנד באַשרייבען איהם אַלס אַ מאַן, וועלכער קליידעט זיך ווי אַ פראַנט און איז די נשמה פון יעדער געזעלשאַפט. אויף בעלער איז ער אַן אויסגעצייכענטער טענצער, צווישען בייסיקעל ריידערס איז ער נאָך אין מינסק געווען טשעמפּיאָן און אין דער באַוועגונג — דער טעטיגסטער, דער פעהיגסטער, דער העלדישסטער, דער מערקווירדיגסטער".

איך בין געווען צווישען די ציטונגס־מענשען, פאַר וועמען גער־שוני האָט דערצעהלט די געשיכטע פון זיין אַנטלויפען. און די פאָל־גענדע שורות זיינען דער באַריכט, וועלכען איך האָב אויפגעשריבען פאַר'ן „פאָרווערטס":

„גערשוני האָט צוערשט דערצעהלט, גאַנץ בקצור, ווי אַזוי מען האָט איהם פאַרשפּאַרט אין דער היסטאָרישער שליסעלבורגער פעס־טונג און ווי נאָכהער האָט מען איהם אַריבערגעפיהרט אין מאָסקווע און פון דאָרטען אין ווייטען אַקאַטוי, סיביר.

„וועגען אַנטלויפען האָבען מיר געקלערט פון דעם ערשטען טאָג, וואָס מיר זיינען אָנגעקומען אין סיביר — האָט ער דאָן פאָרטגע־זעצט. — מיר האָבען דיסקוטירט פאַרשיידענע מיטלען. ענדליך האָבען מיר גענומען טראַכטען וועגען די שפּייז, וועלכע מען גרייט אָן פאַר די געפאַנגענע. אין דעם האָבען מיר דערזעהן אַ מיטעל זיך צו באַפרייען. די חברים האָבען באַשלאָסען, אַז מיך זאָל מען דעם ערשטען באַפרייען.

„אויף יענער זייט וועג, אַנטקעגען דער טורמע, געפינט זיך אַ צוויי־עטאַזשיגע הויז, אין וועלכער עס וואוינען די באַאַמטע. די שפּייז, וואָס די אַרעסטאַנטען גרייטען צו אויף שפּעטער, ווערט אַריינ־געשטעלט אין אַ קעלער אין יענער הויז. גראָד דאָן זיינען מיר געווען

פאַרנומען מיט פּאַקען קרויט אין פעסער. די פעסער קרויט פלעגען מיר אַריבערטראָגען איבער׳ן וועג צו יענער הויז און אַריינשטעלען אין קעלער. נאַטירליך, ווען מיר פלעגען טראָגען די פעסער, פלעגט אונז באַוואַכען אַ שטאַרקער קאָנוואָי פון סאָלדאַטען. מיר האָבען באַשלאָסען, אַז מען זאָל מיך איינפּאַקען אין איינעם פון דיזע פעסער, און מיר האָבען אַזוי געטאָן.

„מיר האָבען גענומען אַ פאַס אין אַרשין די ברייט און ניט מעהר ווי אָנדערהאַלבען אַרשין די הויך. זי האָט ביי מיר דערגרייכט בלויז ביז דאַנען (ער האָט אָנגעוויזען אויף דער גילדערנער זייגער־קייטעל, וועלכע איז געהאַנגען פון זיין זשילעט). ווען איך האָב זיך אַריינ־געזעצט אינווייניג, האָב איך זיך געדאַרפט צוזאַמענקאָרטשען טאַקע אין דרייען. עס איז געווען שרקליך אונבאַקוועם. זעהר אָפט טרעפט אַז אַ באַאַמטער פּרואווט די קרויט מיט דעם וואָס ער שטעכט אַריין אַ שווערד אין איהר. אום מען זאָל מיך ניט שעדיגען אויף דיזען אָרט, האָט מען מיר אויפ׳ן קאָפּ אָנגעטאָן אַן אייזערנעם טעלער און איבער׳ן טעלער האָט מען אַוועקגעלייגט אַ דיקע שטיק לעדער, און אויפ׳ן לעדער האָט מען אָנגעשאָטען קרויט.

„אין פאַס בין איך אַריין אין איין העמד, ווייל אין הויזען וואָלט מיר געווען אונמעגליך זיך צוזאַמענצוקאָרטשען. איך האָב ביי זיך געהאַט אַ מעסערל, טאָמער וועל איך עס דאַרפען. די וויכטיגסטע פראַגע איז געווען וועגען אָטעמען. האָט מען אין פאַס געמאַכט צוויי לעכער. מיר האָט מען אין מויל אַריינגעלייגט די ברעגעס פון צוויי גומענע טרובקעס, און די אַנדערע ברעגעס זיינען אַריינגעקומען אין די לעכער.

„איך בין געווען אין אַ גאַנץ געוועהנליכען געמיט, אַ וואָכעדיגען. ליגענדיג אין פאַס, בשעת זיי האָבען אַלץ צורעכט געמאַכט, האָב איך זיך אינטערעסירט נאָר מיט דער פּראַקטישער זייט פון דער פראַגע: „אָט איצט שלאָגען זיי צו דעם לעדער" — האָב איך זיך געקלערט גאַנץ קאַלטבלוטיג, — „און איצט שיטען זיי פון אויבען אָן די קרויט".

„דאָס איז געווען האַלב ניין אין דער פריה. די פאַס האָט מען ענדליך אויפגעהויבען און, אונטער דער וואַך פון אַכט סאָלדאַטען, האָט מען איהר אַריבערגעטראָגען אין יענעם הויז, אויף יענער זייט גאַס. אַריינשטעלען אין ערשטען קעלער איז געווען געפערליך, ווייל אויף פרישע קרויט זיינען די ווייבער פון די באַאַמטע גרויסע

בעלנים. אלזא, וואלט זיך איינער פון זיי פיליכט פארוואלט אריינ־צורוקען די האנט. אין דעם ערשטען קעלער איז אבער איז פאראן א צווייטער קעלער. האט מען מיך אראפגעלאזען אהין. דער אונטער־שטער קעלער איז איינפאך א שמוציגע גרוב, צו וועלכער קיינער קומט ניט צו. פון דיזער גרוב האבען מיר אויסגעגראבען א טונעל. דאס האבען מיר געטאן נאך פריהער. דער פונדאמענט איז סיי־ווי־סיי געווען א צובראכענער; האבען מיר די שטיינער נאך מעהר פאנאנדער־געגראבען, און פון דארטען געגראבען ווייטער.

„אין גאנצען איז מיר אין פאס אויסגעקומען צו זיין א האלבע שטונדע. ווען איך וואלט דארטען געמוזט בלייבען נאך א פאר מינוט, וואלט איך אפשר דערשטיקט געווארען. אטעמען איז מיר געווען אזוי שווער, אז ניט אלע איינדרוקען וואס איך האב באקומען זיינען צוגעקומען צו מיין באוואוסטזיין. נאך מיט א נאכט פריהער האט זיך אין קעלער אריינגע׳גנב׳עט איינער פון אונזערע; איך האב אבער אנגעהויבען צושניידען די לעדער מיט מיין מעסערל איידער ער האט זיך גענומען צו זיין ארבייט מיך צו באפרייען.

„ברייט פאנאנדערגעמען די האנט האב איך ניט געקענט. האב איך בלויז געמאכט א גאנץ קליינעם שניט. פלוצלונג, דורך די שפאלטען, וואס איך האב דורכגעשניטען, האט א פאל געטאן א מאסע קרויט, און די טרובקעס זיינען ארויסגעפאלען פון מיין מויל. איך בין געבליבען אין גאנצען אהן לופט. פון פארצווייפלונג האב איך זיך א שטעל געטאן, אויפגעריסען די לעדער און בין ארויס.

„דורך דעם טונעל זיינען מירביידע דורכגעקראכען. מיר זיינען געלעגען מיט צוריקגעהאלטענע אטעמס. אויבען האבען זיך ארומ־געדרעהט באאמטע, וועלכע האבען יעדע סעקונדע אונז געקענט דער־זעהן. מיר זיינען געווען זיכער, אז אלץ איז שוין פארפאלען. אבער דאס וואס איז אין קיין לאנד ניט מעגליך, איז אין רוסלאנד יא מעגליך. אונזערע רוסישע טשינאווניקעס, אז זיי געהען, האלטען זיי די אויגען צום הימעל. ניט ווייט פון דארטען זיינען געווען אויסגעשטעלט אונזערע מענשען, וואס האבען באדארפט געבען דעם סיגנאל, ווען מיר מעגען זיך אויפהויבען און אוועקגעהן. דער סיגנאל האט זיך אבער אלץ ניט געהערט. א האלבע שטונדע זיינען מיר אזוי אפ־געלעגען אין געהאקטע וואונדען.

„ענדליך האט מען אונז דעם סיגנאל געגעבען. מיר האבען זיך

אַ הויב געטאָן און גענומען געהן, כּמעט אויף דעם וועג קומען אַרויס די פענסטער פון די באַמטע. איך בין אָפּגעגאַנגען אַ שטיקעל וועג און בין אַריין אין די בערג. דאָרטען איז שוין געשטאַנען אַ וואָגען מיט אַ גוטע פּאָר פערד. אַמאָל פלעגען די סיביריאַקעס פאַר געלט פאַרהאַלטען אַנטלאָפענע פּאָליטישע און זיי איבערגעבען צו דער רעגי־רונג. איצט אָבער זיינען זיי אונז טריי. זיי נעמען ביי אונז גע־צאָהלט, אָבער פאַרראַטען אונז וועלען זיי קיינמאָל ניט.

„אַלץ איז געווען צוגעריכט אויסגעצייכענט. איך בין געפלויגען ווי אַ וויכער. דעם 27טען אָקטאָבער בין איך אַנטלאָפען און דעם 4טען נאָוועמבער בין איך שוין געווען אין נאַגאַסאַקי, יאַפּאַן. איך וועל אָבער קיינמאָל ניט פאַרגעסען די 36 שטונדען, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אויף אַ שיף. דאָרטען האָט מיך עמפּפאַנגען אַ רוסישער חבר, און עטליכע יאַפּאַנעזישע סאָציאַליסטען. די יאַפּאַנעזער רעגי־רונג האָט זיך צו מיר פאַרהאַלטען זעהר פיין. פון נאַגאַסאַקי בין איך געקומען אין טאָקיאָ, פון טאָקיאָ אין האָנאָלולו און פון דאָרטען אין סאַן־פראַנציסקאָ".

***

איך האָב זיך מיט גערשוני'ן געזעהן נאָך אַ פּאָר מאָל. עס זיינען געקומען רעפּאָרטערס, און איך האָב געדינט אַלס דאָלמעטשער צווישען זיי און איהם. איך האָב אָבער געוואָלט האָבען מיט איהם אַ לענגערען געשפּרעך, אויג אויף אויג, און דאָס איז פאָרגעקומען אויפ'ן דריטען טאָג נאָך זיין אָנקומען, דעם 13טען דעצעמבער.

די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָבען פאַר איהם געדונגען צוויי מעבלירטע צימערען אויפ'ן סטופּ, אין 17 פינפטע עוועניו (אַלס זיין סעקרעטאַר האָט זיך מיט איהם אימער געפונען איינער פון זייער קרוזשאָק — אַ יונגערמאַן מיט'ן נאָמען לעווין); האָב איך גערשוני'ן דאָרטען באַזוכט אַרום מיטאָג צייט און איהם איינ־געלאַדען צו געהן עסען מיט מיר. ער האָט די איינלאַדונג אָנגענומען און מיר זיינען אַריין אין דעם ברעוואָרט האָטעל, וועלכער געפינט זיך גלייך דערביי. איך האָב באַשטעלט אַ פּריוואַטען עס־צימער.

די אַנטוואָרטען וואָס ער האָט געגעבען אויף מיינע פראַגען האָבען אויף מיר געמאַכט אַן אונגעהייערען איינדרוק. איך האָב דעם אינטערוויו צוגעפּערטיגט פאַר'ן „פאָרווערטס", וואו ער איז געווען

אָפּגעדרוקט אין דעם נומער פון דעצעמבער דעם 14טען. ער האָט פאַרנומען העכער ווי פיר קאָלומס. איך דרוק איהם דאָ איבער:

— גענאָסע גערשוני, — האָב איך אָנגעפאַנגען, — איך וויל דיזען מאָל אייך בעטען מיר צו באַשרייבען די שטאַרקסטע מאָמענטען פון אייער לעבען.

— די שטאַרקסטע מאָמענטען פון מיין לעבען? — האָט דער רעוואָלוציאָנער איבערגעזאָגט מיט גרויס אינטערעס און אביסעל איבערראַשט. ער האָט זיך עטוואָס פאַרטראַכט, און דאַן, אויפ־הויבענדיג די קאָפּ, האָט ער געזאָגט:

— דער שטאַרקסטער, דער אינטענסיווסטער מאָמענט פון אַלע איז געווען דאַן, ווען פּלוצלונג, גאָר אונערוואַרטעטערהייד, ווען איך האָב אַזוי לאַנג זיך געגרייט צום טויט, האָט מען מיר אָנגעזאָגט, אַז דער טויט־אורטייל איז פאַרביטען געוואָרען אויף קאַטאָרגע.

ער האָט גערעדט מיט אַ קלאָרער שטימע, וועלכע האָט געקלונגען מיט אינטערעס אין זיינע אייגענע ערֿאינערונגען.

„מיניסטער פאָן־פּלעווע'ן האָט זיך זעהר ניט געוואָלט שטעלען אַ תליה. ער האָט זיך געשראָקען. אַלזאָ, האָט ער געפּרוּאווט אויף מיר ווירקען, אינדירעקט, אַז איך זאָל אונטערשרייבען אַ ביטע מ'זאָל מיר „שענקען" דאָס לעבען. ער האָט געשיקט צוויי מאָל זיינע מענשען מיר איינריידען דאָס צו טאָן. איך האָב, נאַטירליך, ביידע מאָל זיי פון זיך אָפּגעשטויסען. דריי וואָכען זיינען אַזוי פאַראיבער. איך בין געזעסען אין דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג. הענגען האָט מען געהאַנגען אין שליסעלבורג. האָב איך געוואַרט, אַז מען וועט מיר אַריבער־פיהרען אַהין. אַזוי ווי באַלד האָט באַדאַרפט זיין די „הייליגע" וואָך פון דער „גרויסער פאַסכאַ", ווען הענגען טאָר מען ניט, האָב איך גערעכענט, אַז דאָס וועט פּאַרקומען דעם לעצטען טאָג פאַר דעם. יענער טאָג איז אויסגעקומען אין אַ מיטוואָך, און מיט אַ טאָג פריהער — דינסטאָג, — האָב איך אַ גאַנצען טאָג זיך געריכט, אַז ביינאַכט וועט מען נעמען מיך קיין שליסעלבורג, אום אויף מאָרגען דאָרטען מיך צו טויטען".

„ — געדענקט איהר ווי איהר האָט זיך דאַן געפיהלט?" — האָט דער שרייבער געפרעגט.

„— איך האָב זיך געפיהלט גאַנץ רוהיג. מען זאָגט אַ ווערטעל, אַז „צו וויסען אויף געוויס אייער אונגליק איז אַ גליק". איך בין אַזוי

זיכער געווען אַז מען וועט מיך הענגען, אַז איך האָב דעם סוף ערוואַרט אויף דעם געלאַסענסטען אופן. אַ חוץ דעם, איז דאָך דאָס קיין אומגליק ניט. צו שטאַרבען פאַר דער רעוואָלוציע איז ווירקליך זיס. און אויף דעם האָב איך זיך דאָך געריכט פון דעם ערשטען מאָמענט וואָס איך בין געוואָרען אַ רעוואָלוציאָנער. איך האָב גאָר אַנדערש זיך ניט פאַרגעשטעלט.

„אין גאַנצען גענומען האָב איך זיך שוין לאַנג צוגעוואוינט צו דעם געדאַנק, אַז באַלד וועל איך שטאַרבען, און עס האָט מיר ניט געאַרט. די איינציגע זאַך וואָס מיר איז געווען אַביסעל ניט אַנגענעם איז דאָס, וואָס דער הענגען גיט זיך דעם תליון ניט אימער איין. אַמאָל רייסט מען זיך אָפּ פון שטריק, אָדער מען מאַטערט זיך אָן איידער מען ווערט דערשטיקט. איך האָב געקענט קריגען אַלע ביכער וואָס איך האָב געבעטען. אַלזאָ האָב איך באַקומען עטליכע ביכער פון דייטשע געלעהרטע וועגען דעם טויט פון געהאַנגענע, וועגען דער פּסיכאָלאָגיע פון די לעצטע מינוטען, א. ז. וו. איין דייטשער פּראָפעסאָר רעכענט אויס ווי הויך די תליה דאַרף זיין, ווי לאַנג די שטריק, אַז מען זאָל אויפ'ן שטעל טויט ווערען. דאָס אַלץ האָב איך געלעזען מיט אַ קאַלטבלוטיגען אינטערעס, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ גאַנץ געוועהנליכע, וואָכעדיגע זאַך. מען האָט מיר ערלויבט צו האָבען אַ טאַפעל מיט אַ גריפעל, אום צו קענען פאַרברענגען די צייט אין שרייבען און מעקען. אַלזאָ פלעג איך דאָס רוב זיצען און מאָלען אַ תליה מיט אַ געהאַנגענעם ווערלינג די ערקלערונג פון יענעם פּראָפעסאָר.

„עס איז אַלזאָ געווען דינסטאָג אָווענד, דעם 16טען מערץ. איך בין געווען זיכער, אַז נאָכדעם ווי מען וועט אויסרופען די נעמען פון אַלע אַרעסטירטע, צו זעהן אויב אַלע זיינען דאָ, וועט מען צו מיר אריינקומען אין מיין קעמעריל און מיך נעמען אין שליסעלבורג. איך בין געווען זיכער, אַז דאָס איז מיין לעצטער אָווענד אויף דער וועלט.

„אין קאָרידאָר, פון דרויסען, האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. איך בין געזעסען און רוהיג זיך צוגעהערט און געוואַרט אַז אָט־אָט וועט מען אריינקומען. און ווירקליך: באַלד האָבען זיך דערהערט טריט — וואַזשנע טריט ווי פון אַ נאַטשאַלניק. די טריט זיינען צוגעקומען צו מיין קאַמער. אהא! מען געהט שוין! האָב איך זיך געקלערט. מערקווירדיג ווי רוהיג איך בין געבליבען. די טיר האָט

זיך געפּעפּנט, און איך בין איבערראַשט געוואָרען. אַנשטאַט אַ זשאַנ־דאַרמסקען אָפיציר, וועלכען איך האָב ערוואַרטעט, איז גאָר אריינ־געקומען באַראָן אסטען־סאַקען, דער ריכטער, וואָס איז געווען פאָר־זיצענדער אויף מיין פּראָצעס.

„ווי קומט ער אַהער? — האָב איך זיך געקלערט. — „עפּעס אַ נייעס מסתמא”. דער פאָרזיצענדער האָט געהאַט אַ צוטראָגענעם אויסזעהן:

„ — הער גערשוני, — האָט ער צו מיר געזאָגט מיט אַ שטימע, וועלכע האָט כמעט געציטערט פון אויפרעגונג — איך האָב אייך גע־בראַכט אַן אַלערהעכסטע באַגנאַדיגונג. מען שענקט אייך דאָס לעבען”.

„אין דיזער מינוט האָב איך ניט געהאַט קיין אַנדער געפיהל ווי אַ חשק איהם צו געבען אַ גיפטיגען אַנטוואָרט. זיין געזיכט האָט אָבער געהאַט אַזאַ פייערליכען, צוטראָגענעם אויסדרוק (ער האָט זיך געפיהלט ווי אַ מלאך וואָס ברענגט מיר דאָס לעבען), און ער האָט זיך איבערהויפּט געהאַלטען אַזוי העפליך, אַז איך האָב קיין הארץ ניט געהאַט דערצו. איך האָב בלויז געזאָגט:

„ — איהר ווייסט דאָך, אַז איך האָב ניט געבעטען.

„באַלד נאָכדעם ווי באַראָן אסטען־סאַקען איז ארויס, איז צו מיר אריינגעקומען דער קאָמענדאַנט פון פעסטונג. ער האָט מיך גראַטולירט.

„ — צו אייך האָב איך איין ביטע — האָב איך געזאָגט. — טעלע־פאָנירט די נייעס צו מיין ברודער.

„דאָס איז געווען מיין פעטערבורגער ברודער. אין מינסק האָב איך אַן אַנדער ברודער. דער פּעטערבורגער איז ניט קיין רעוואָ־לוציאָנער, אָבער ער האָט זיך געהאַלטען ווי אַ וואַהרער בירגער. ער האָט מיך באַזוכט אייידער מען האָט מיר פאָרגעלעגט איך זאָל אונטערשרייבען אַ ביטע וועגען באַגנאַדיגונג. און ווען ער האָט פון מיר געהערט אַז איך וויל דערפון ניט הערען, האָט ער מיך ניט צוגערעדט. פאַרגעסט ניט, אַז ער איז דאָך פאָרט אַ ברודער, און קיין גאַנץ יונגער מענש איז ער אויך ניט. אַלזאָ וואָלט ניט געווען אוננאַטירליך, ווען ער וואָלט געוואָלט איך זאָל רעטען מיין לעבען. ער האָט די זאַך אָבער אויפגענומען בראַוו, ווי אַ דענקענדער מאַן און אמת'ער בירגער.

„ווען דער קאָמענדאַנט איז פון מיר ארויס, האָב איך זיך צום ערשטען מאָל דייטליך פאָרגעשטעלט, וואָס פאַר אַן ענדערונג דאָ קומט

מיט מיר פאָר; און דאן בין איך צום ערשטען מאָל אויפגערעגט געוואָרען. איהר פארשטעהט מיין צושטאַנד? אין פארלויף פון דריי וואָכען האָב איך זיך געגרייט צום טויט, און איך פארזיכער אייך, אז צו שטאַרבען איז פיל איינפאַכער און גרינגער ווי מען מיינט. איך בין אַלזאָ געווען פאָלשטענדיג צוגעגרייט. און דאָ, פלוצלונג, זאָגט מען מיר גאָר אז איך בלייב לעבען! עס איז אַזוי ווי איהר פאָהרט אויף אַ צוג, וועלכער איז אין פולען גאַנג, און פון העלער־הויט שטעלט ער זיך אָפּ. אַזוי האָב איך זיך געפיהלט".

„— זייט איהר געווען נערוועז? — האָט דער שרייבער געפרעגט.

„— נערוועז! — האָט גערשוני געענטפערט, — אַ קאַלטער שוויים האָט אַרויסגעזעצט אויף מיין שטערען. איך האָב די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען.

„—איז אייך געווען פרעהליך אויפ'ן הארצען?

„— ניין. וואס פאר אַ פרייד איז דאָס, ווען אייך שטעהט פאָר אַן איינזאַמער לעבען אין אַ פעסטונג אָהן אַ טערמין?

ווען גערשוני איז צוגעקומען צו דער פראַגע וועגען דעם צווייטען אינטענסיווען מאָמענט אין זיין לעבען, האָט ער געזאָגט:

„דאָס איז געווען דאַן, ווען איך בין שוין אָפּגעווען אַנדערהאַלבען יאָהר אין אַן איינזאַמען קאַמער, אין שליסעלבורג, און מען האָט מיר פּלוצלונג אָנגעזאָגט, אַז מען וועט מיך אַריבערפיהרען אין דער אַנדערער אָפּטיילונג פון דער פעסטונג, דאָרטען וואו עס זיצען לאָפּאַטין, מאָראָזאָוו, פראָלענקאָ און די איבעריגע העלדען פון פאַר־22־יאָהר. די אַנדערהאַלבען יאָהר האָב איך פארבראַכט אין אַבסאָ־לוטער איינזאַקייט. איך בין געווען אָפּגעשניטען פון דער גאַנצער וועלט. איך האָב קיין באַגריף ניט געהאַט וואָס אין רוסלאַנד איז אין דיזע אַנדערהאַלבען יאָהר פאָרגעקומען. איך בין געווען לעבעדיג באַגראָבען אין דעם פולען זינען פון דעם אויסדרוק. פלוצלונג קומט אַריין צו מיר דער קאָמענדאַנט, אַ גוטינקער, אַ וואווילינקער, עפּעס גאָר ניט ווי אַלעמאָל. איינער אליין אריינקומען אין אַ קאַמער האָט ער אייגענטליך ניט געטאָרט. ער האָט געמוזט זיין באַגלייט פון זשאַנדאַרען. דיזען מאָל אָבער האָט ער דעם זשאַנדאַר געהייסען אוועקגעהן. איך האָב גלייך געזעהן אז דאָ איז עפּעס אַ נייעס.

„—איך האָב גע'פועל'ט, — האָט ער געזאָגט, — אז מען זאָל

איך אריבערפיהרען אין יענער טורמע, וואו איהר וועט זיין צוזאמען מיט די אנדערע. ביי אונז איז פאראן זעהר פיל נייעס אין רוס־לאנד — האט ער צוגעלעגט מיט א שיינענדיגען פנים — מיר האבען א קאנסטיטוציע".

„ — אהא! — האב איך געזאגט — מסתמא האט יאפאן אונז גוט אנגעבראכען די ביינער!"

„ — יא, גאנץ באלעבאטיש אנגעבראכען".

„ — נו, און פאן־פלעווע?" — האב איך געפרעגט.

„דא האט זיך דער קאמענדאנט צוגעבויגען צו מיין אויער און געזאגט:

„ — אויף שטיקלאך האט מען איהם צופליקט. דער וואס האט געווארפען די באמבע זיצט אין שליסעלבורג שוין עטליכע מאנאט".

„ — מען האט איהם ניט געהאנגען?"

„ — נייע צייטען, מיין ליבער פריינד. ניטא די אמאליגע יאהרען".

„א פאר שטונדען האט דער קאמענדאנט אזוי מיט מיר אפגע־שמועסט. ער האט מיר דערצעהלט אלץ וואס עס איז פארגעקומען אין די אנדערהאלבען יאהר".

ביי דיזען פונקט האט דער שרייבער גערשוני'ן אונטערבראכען מיט א פראגע:

„ — אגב אורחא, געגאסע גערשוני, מען האט מיר דערצעהלט, אז פאן־פלעווע איז ביי אייך עטליכע מאל געווען אין שליסעלבורג און אז ער האט מיט אייך געהאט געשפרעכען".

„ — עטליכע מאל איז ער ניט געווען, — האט גערשוני געענט־פערט. — נאר איינמאל. ער איז אריינגעקומען און געפרעגט: „פאר־לאנגט איהר מיר עטוואס צו זאגען?"

„ — אייך? — האב איך שטרענג אפגעענטפערט — א י י ך האב איך גארניט וואס צו זאגען!"

„אזוי ווי א פאר'סמ'טער איז ער ארויסגעלאפען. דאן האט מיר פארדראסען ווארום איך האב זיך אזוי געאיילט איהם ארויס־צוטרייבען. עס וואלט געווען זעהר אינטערעסאנט מיט איהם צו האבען א לאנגען געשפרעך. נאר לאמיר זיך אומקערען צו מיין ערצעהלונג. ווען דער קאמענדאנט איז פון מיר ארויס, בין איך געווען שרעקליך אויפגערעגט. איך וועל דעם מאמענט קיינמאל ניט פארגעסען. שטעלט אייך פאר: מען ארבייט פאר א הייליגע זאך

און מען ווייס ניט ווען זי וועט מקוים ווערען. עס קענען אוועקגהן נאָך יאָהרען און יאָהרען. פאָרלויפיג איז פיליכט אונזער אידעאל ניט מעהר ווי א טרוים. און דאָרטען, אין יענער טורמע, טאקע דאָ אין שליסעלבורג, זיצען מענשען מיט דעם זעלבען טרוים שוין צוויי און־צוואנציג יאָהר. און פלוצלונג הערט איהר אז דער טרוים איז פאַרווירקליכט געוואָרען. אין רוסלאנד פלאקערט די רעוואָלוציע. די רעגירונג איז געצוואונגען געווען צו געבען א קאָנסטיטוציע. און באלד, אין א שטונדע ארום, וועל איך זיך זעהן מיט יענע אלטע חברים פון דער „נאַראָדנאיא וואָליא", וועלכע איך האָב אזוי פאַר־געטערט דעם גאַנצען לעבען. דערביי פיהלט זיך, אז דיין אייגענע ארבייט פאַר רוסלאַנד'ס פרייהייט איז אויך ניט פאַרלאָרען געגאַנגען. אָה! ווי איך האָב געפיהלט דאַן!

„אין א פאָר שטונדען ארום, אום דריי דעם זייגער (דאָס איז געווען דעם 15טען סעפטעמבער, 1905) איז צו מיר אריינגעקומען א זשאַנדאַרמסקער אָפיציר און מיר געהייסען נעמען די זאַכען. מען האָט מיך אריבערגעפיהרט אין א גרויסען הויף, און פון דאָרטען אין דער אלטער טורמע".

„— ווילט איהר זעהן דעם אויסערוועהלטען סטאַראָסטא (טשער־מאַן) פון די געפאַנגענע?" — האָט דער אָפיציר געפרעגט.

„— ווער איז איצט דער סטאַראָסטא?" — האָב איך געפרעגט

„— קאַרפאָוויטש", — האָט ער געענטפערט.

„ער האָט מיך אריינגעפיהרט צו קאַרפאָוויטש'ען אין קאַמער. מיר זיינען ארויפגעפאַלען איינער דעם אַנדערען אויף די העלזער. מיר האָבען זיך צוקושט און ער האָט גלייך, דורכ'ן וואַנט, מיט סיג־נאַלען, געקלאַפּט אין די אַנדערע קאַמערען: „אין א שטונדע ארום וועט גערשוני זיין מיט אונז צוזאַמען אויפ'ן שפּאַציר".

„אין א שטונדע ארום האָט מען מיך ארויסגעפיהרט אויפ'ן הויף. פון אלע זייטען, פון אלע גערטענדלאַך האָבען זיך געלאָזען לויפען צו מיר געפאַנגענע מיט ווייסע האָר און מיט ווייסע בערד. (דאָ, אין דער פעסטונג, זיינען זיי דאָס ווייס געוואָרען). זיי האָבען דאָס קיין רעכט ניט געהאַט צו טאָן, נאָר די זשאַנדאַרען האָבען ניט געטמייעט זיי צו שטערען. די סצענע, וואָס איז דאָ פאָרגעקומען, קען איך אייך אבסאָלוט ניט באשרייבען. איהר קענט זיך פאָרשטעלען וואָס פאַר אַן אויפרעגונג איז עס איז געווען.

„ווערא פיגנער, צו וועלכער איך פיהל א ספעציעלען רעספעקט, האב איך שוין ניט געפונען. מען האט איהר שוין געהאט אריבער־געפיהרט צוריק אין דער פעטראפאוולאווסקי פעסטונג, אין פעטערבורג. שפעטער האב איך איהר געלאזט שיקען בלומען פון דער בוטירקער טורמע. איך האב פון איהר באקומען א בריף. זי האט געשריבען, אז בשעת מען האט איהר געבראכט צוריק אין דער פעטראפאוולאוו־סקער פעסטונג, איז זי געזעסען אין דער קאמער, וואו מען האט מיך פריהער געהאלטען, און דארטען האט זי געפונען מיין נאמען, וועלכען איך האב אויסגעקריצט אויפ'ן וואנט.

„די שרעקליכסטע זאך, ווען איך האב ערווארטעט דעם טויט, איז געווען דער געדאנק וועגען מיינע עלטערען, וועלכע וואוינען איצט אין לאדז. מיין ברודער האט זיי געוואלט אריבערברענגען אין פעטערבורג זיך זעהן מיט מיר פאר מיין טויט. איך האב אבער ניט צוגעלאזען. בלויז נאכדעם ווי דער אורטייל איז געענדערט געווארען, האב איך זיך געזעהן מיט מיין פאטער. מיר האבען געהאט א לאנגען געשפרעך. ער האט מיך גוט פארשטאנען".

אַלטער עפּשטיין

# גערשוני אין אַמעריקע

(איטימע איינדריקע)

די צייט, ווען גערשוני איז געקומען קיין אַמעריקא, איז געווען איינע פון די לעבעדיגסטע, מ׳קען זאָגען פון די היסטאָרישסטע, אין דער געשיכטע פון די אידישע מאַסען דאָ אין לאַנד.

ווען איהר לייענט די צייטונגען זעהט איהר, אז גאַנצע פּיידזשעס זיינען פאַרנומען מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד, און דערהויפּט מיט דעם טעראָר, וועלכען די סאָציאַליסטען־רעוואלוציאָנערען האָבען אָנגעווענדעט.

דאָ זיינען איניגע ביישפּילען פון דעם, מיט וואָס די אידישע צייטונגען האָבען זיך פאַרנומען אין יענער צייט:

דעם 21טען נאָוועמבער פון יאָהר 1906 איז, למשל, אין „פאָר־ווערטס", אויף דער ערשטער זייט, געווען מיט גרויסע קעפּ גע־מאָלדען: „טעראָריסטען פאַרטריבען דורך האַרמאַטען". „נאָך 12 טעראָריסטען אַרעסטירט".

דעם 22טען נאָוועמבער „ניקאָלאַי ריכט זיך אויף זיין נאָהענ־טער מפּלה".

דעם 23טען נאָוועמבער: „פאַררעטער ראַטעוועט גובערנאַטאָר פון טויט".

אין דער „וואַרהייט" דעם 27טען נאָוועמבער פון זעלבען יאָהר: „תליה פאַר דעם אידישען חבר פון קאַפּיטאַן שמידט".

אַן אַנדער נייעס: „באָמבע געוואָרפען אויף גענעראַל דאַווי־דאָוו". „וולאַדימירער גובערנאַטאָר געבונדען. אַרעסטאַנטען אַנט־לויפען".

דאָס זיינען נאָר איניגע אויסצוגען.

מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אז דאָס איז געווען נאָך דעם דורכפאַל פון דער ערשטער רעוואָלוציע אין 1905, ווען הונ־דערטער טויזענטער אידישע יונגעלייט, רעוואָלוציאָנער־געשטימטע אָבער ענטוישטע, זיינען געקומען אַהער. די בענקשאַפט נאָך דער היים איז באַפרידיגט געוואָרען דורך אָט די נייעסן.

דערפאר ווען עס באוויזט זיך אויף דער סצענע דער העלד וועל־כער האט אויפגעטרייסעלט די וועלט, איז גאר ניטא קיין גרעניץ צו דער באגייסטערונג, פרייד און איבערגעבענהייט וועלכע זיי דריקען אויס.

דעם 11טען דעצעמבער 1906 איז געווען געמאלדען אין די צייטונגען, אז היינט קומט גערשוני אן.

זיין אנקומען ביים פיער אין ניו דזשורזי איז געווען עטוואס, וואס האט איבערראשט און ערשטוינט די אמעריקאנער. דעם ערשטען מאל אין זייער לעבען האבען זיי געזעהן אזא גרויסע מאסע פון פרעמדע, „פאראיינערס", וועלכע האבען אויסגעדריקט אזא פרייד, אזא באגייסטערונג. עס האט אזוי געווירקט אויף די באהן־אנגעשטעלטע, אז ווען גערשוני האט זיך באוויזען האבען זיי זיך אויסגעשטעלט אין א רייהע, ווי סאלדאטען פאר א גענעראל.

מ. קאץ, רעדאקטאר פון „די אידישע וועלט" פון פילאדעלפיא, דערצעהלט, אז ער, אלס איינער פון דער קאמיטע און אויך אלס צייטונגס־מאן (ער איז דאן געווען א מיטארבייטער פון דער „ווארהייט") האט בכיון א פרעג געטאן ביי איינעם פון די אמעריקאנער: „וואס טוט זיך דא? וואס קומט דא פאר?" האט יענער געענטפערט נאאיוו, אז עס איז אנגעקומען „איי גרעיט ראשיען".

דער ברייטער עולם איז געווען צוגעגרייט פאר דעם אנקומען פון דעם מענשען. דעם 5טען דעצעמבער 1906 איז געווען א טעלעגראמע פון סאן פראנציסקא צו דר. קאפלאן, וואו עס זאגט זיך: „געזונט און בין פארטיג צו וויטערער ארבייט. רוה ניט נויטיג". אט די פשוט'ע, קורצע, אפגעהאקטע ווערטער האבען געווירקט ווי א כישוף אויף די ברייטע מאסען. דא קומט איינער, וואס איז אקארשט אנט־לאפען פון לעבענס־געפאהר, פון א רוסישער טורמע, וואס האט זיך געשלעפט פון עק וועלט, און דאך איז ער שוין פארטיג צו דער ארבייט און קיין רוה דארף ער ניט. דאס איז אזוי אנדערש געווען פון דעם וואס זיי האבען געזעהן פאר זיך און ארום זיך, און זייערע הערצער זיינען געפאנגען געווארען פון דעם דאזיגען מענשען נאך איידער ער האט ארויפגעשטעלט זיין פוס אויף דעם ניו יארקער באדען.

ווען מען נעמט דאס אלץ אין אנבאטראכט, דאן פארשטעהט מען פארוואס די באגייסטערונג האט שפעטער דערגרייכט צו אזא מדרגה.

***

וואס איז געווען דער איינדרוק פון די מענשען, ווען עס איז

אויסגעקומען זיך צו טרעפען נאָהענט מיט גערשוני׳ן? איך מיין דער סאַמע ערשטער איינדרוק?

מיט אָט דער פראַגע האָב איך זיך געווענדעט צו עטליכע פּער־זאָנען פון דעם קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי ס. ר.

דעם ערשטען איינדרוק, וואָס ער האָט געמאַכט אויף מ. קאַץ, איז געווען דער פאָלגענדער:

„איך זעה אַ מאַן מיט אַ הויכען, גלאַנציגען שטערן, וואָס באַשיינט דאָס פּנים. געדאַכט האָט זיך, אַז שטראַהלען קומען אַראָפּ פון דעם דאָזיגען שטערן. נאָר אַז מען האָט אַ קוק געטאָן אויף די אויגען האָט מען געהאַט אַ פּאַרקערטען איינדרוק. דאָס זיינען געווען טונ־קעלע, ערנסטע, גרויסע אויגען״.

אַן אַנדער מענש, וועלכער איז געווען נאָהענט צו גערשוני, איז געווען ה. לעווין, דער סעקרעטאַר זיינער פאַר דער צייט וואָס ער איז געווען דאָ אין לאַנד. ה. לעווין דערצעהלט:

„מ׳האָט מיך אָפּגערופען איך זאָל קומען צו קאָפּעלאָוו׳ן אַהיים אָפּנעמען גערשוני׳ן. מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ בין איך אַרויפגעקומען אין הויז. ביי אַ גוט־געדעקטען טיש זיינען געזעסען אַ צאָהל מענשען, אַלע מיינע באַקאַנטע, און צווישען זיי איינער וועמען איך האָב געזעהן דאָס ערשטע מאָל. און אָט ווייזט מען מיר אָן, אַז דאָס איז גערשוני. איך גיב אַ קוק אויף איהם און זעה אַ פּשוט׳ן מענשען, קיין סימן פון העלדישקייט. נאָר אָט זאָגט מען איהם: „דאָס איז אייער סעק־רעטאַר, מר. לעווין״, און ער האָט אויפגעהויבען די אויגען. אין דער רגע האָב איך פאַרשטאַנען, אַז איך קוק אויף איינעם פון די זעלטענסטע פיגורען וואָס געהען אַרום אויף גאָט׳ס ערד. דאָס זיינען געווען גרויסע, פייערדיגע, ערנסטע אויגען, וועלכע האָבען אייך דורכ־געדרונגען מיט זייער שאַרפקייט און ערנסט״.

אַן אַנדער פּערזאָן, וועלכער האָט געטראָפען גערשוני׳ן מיט יאָהרען און יאָהרען צוריק אין אויסלאַנד, גיט איבער דעם ערשטען איינדרוק וואָס ער האָט געהאַט:

„איך קום אריין אין אַ הויז, וואו עס זיינען געווען פאַרזאַמעלט וויכטיגע רעוואָלוציאָנערען, און איך געפין זיצען אַ פרעמדען אומ־באַקאַנטען מענשען. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ זעהר וויכטיגע פּערזאָן. דאָס האָט מיר איבערגעגעבען ספּעציעל איין שטריך אין זיין האַלטונג, און דאָס איז וואָס ער האָט ווענינ גערעדט.

מיין איינדרוק איז געווען, אז דאָס איז אַ מענש וועלכער איז שטענדיג שטיל נאָר קוקט און זעהט אַלעם וואָס עס קומט פאָר ארום איהם. נאָך די אַלע יאָהרען, ווען איך טראכט וועגען יענער קליינער ווײַלע, ווייס איך, און איך האָב שוין דאַן פארשטאַנען, אז דאָס איז איינער וואָס איז באַשאַפען געוואָרען צו זיין אַ פיהרער. איך געדענק די גאַנצע גרופּע טעראָריסטען און כאָטש זיי האָבען געאַפּעלירט מיט זייערע לעבענס און זיינען געגאַנגען דעם טויט אנטקעגען, מוז איך אָבער זאָגען אַז פון צווישען דער גרופּע קוקט ארויס גערשוני אַלס דער לידער, אַלס די וויכטיגסטע פּערזענליכקייט".

ווי געזאָגט, איז ה. לעווין דער מענש, וועלכער איז געווען אַם נאָהענטסטען צו גערשוני'ן פאַר דער צייט וואָס ער האָט דאָ פאַר־בראַכט אין אַמעריקא. דער איצט פאַרעלטערטער ה. לעווין האָט ביי דעם געשפּרעך מיט מיר וועגען גערשוני'ן אויפגעפלאַמט. ווי אַמאָל, האָט איצט גענומען ארויסקוקען פון זיינע אויגען יוגענדליכקייט און לעבענס־לוסט.

„עס זיינען גענומען געוואָרען אַ פּאָר צימערן אין אַ באָרדינג הויז אויף דער 5טער עוועניו, — דערצעהלט ה. לעווין, — און דאָרט האָב איך זיך איינגעאָרדענט אויפצונעמען גער־שוני'ן. עס האָט גענומען אַ היבשע ווײַלע ביז איך האָב ארייגעקראָגען גערשוני'ן אין מיינע הענט פון קאַ־פּעלאַוו'ס הויז, און ווען איך בין געבליבען אַליין מיט איהם אין קוואַרטיר האָב איך, צו מיין גרויסער איבערראַשונג, דערזעהן אַז דער מענש רעדט ניט, אַז דאָס איינציגע וואָס ער טוט איז וואָס ער האַלט אין איין פרעגען און דערביי האָט ער אַ געוואוינהייט צו קוקען שאַרף אין די אויגען, ווי ער זאָל אייך וועלען אויספאָרשען און דערגרונטעווען אייך. אייגענטליך איז דאָס אַן אייגענשאַפט פון כמעט אַלע רעוואָלוציאָנערען. דעם זעלבען איינדרוק האָב איך געהאַט ווען די באַבושקאַ איז דאָ געווען און טשייקאָווסקי איז אַהער געקומען. אויך זיי האָבען אייך, ביים ריידען, שאַרף געקוקט אין די אויגען, ווי זיי וואָלטען געהאַלטען אין איין אויספאָרשען. דאָס זעלבע האָב איך איצט באַמערקט אין גערשוני'ן.

„יענע נאַכט זיינען מיר געגאַנגען שלאָפען זעהר שפּעט. איך האָב געדענקט, אַז מיר וועלען האָבען צייט זיך אויסצורוהען ביז שפּעט אויפ'ן אַנדערען טאָג. איך פיהל אָבער אַז עמיצער וועקט מיך,

טרייסעלט מיך. איך גיב אַ קוק — גערשוני שטעהט איבער מיר. „שטעה אויף, עס איז שוין זיבען אַזייגער", זאָגט ער. „זיבען אַזייגער?" זאָג איך, „אַזוי פריה?" שרייט ער: „שטעה אויף, זיבען אַזייגער שלאָפט שוין קיינער ניט, מ'דאַרף אַרבייטען"...

„איך גיב אַ קוק אויף איהם און זעה — ער איז פריש, אויסגערוהט, קרעפטיג און רוהיג. ווען עס איז געקומען ביים פריהשטיק האָט ער מיך איבעראַשט, און אָט פאַר וואָס: איך וויים, אַז מענשען מיט אַ זעהר הויכער, גייסטיגער אנטוויקלונג האַלטען ניט שטאַרק פון עולם־הזה. מיר איז אויסגעקומען פיל מאָל צו זעהן ווי רעוואָלוציאָנערען שענקען קיין שום אויפמערקזאַמקייט ניט דאָס עסען און די קליידונג. דאָס איז מיר קיינמאָל ניט געפעלען געווען. מיט מיין אַמעריקאַנער־אנטוויקעלטען חוש האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ווי גרויס אַ מענש זאָל ניט זיין, מוז ער אָבער לעבען ווי אַ מענש, עסען, זיין ריין און אָפּהיטען דאָס געזונט. און אָט זעה איך, אַז גערשוני איז זעהר איבערקלייבעריש ביים פריהשטיק און ער באַשטעלט אַ סך שפּייז. ער האָט פאַר זיך אַליין באַשטעלט דריי טשאַפּס און מיר געבעטען, אַז איך זאָל אָנזאָגען זיי זאָלען זיין פעט. ער האָט נאָך וואָס געזאָגט: „זאָג איהר (מיינענדיג דער ווייטערקע), אַז זי זאָל ברענגען וואָס וועניגער טעלער און וואָס מעהר עסען". איך האָב האַרציג געלאַכט און האָב געהאַט פיל פאַרגעניגען פון דעם. איך האָב געזעהן פאַר זיך אַ געזונטען, שטאַרקען מענשען מיט אַ גוט־אנטוויקעלטען חשק צו לעבען און געניסען, און דאָס איז געווען אַן אנגענעמע איבעררעשונג.

„גאַנץ פריה האָט זיך אָנגעפאַנגען די אַרבייט. איך זעה, אַז דער מענש איז היימיש פון דער ערשטער מינוט. אין אָוונט איז געווען דער ערשטער אינטערוויו מיט דער פּרעסע. עס האָבען זיך אַ לאָז געטאָן רעפּאָרטערס פון אַלע צייטונגען. אייב קאַהאַן, דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", איז געווען ביי אונז פון פריהער, און ער האָט זיך אונטערנומען צו זיין דער איבערזעצער פון רוסיש אויף ענגליש און פון ענגליש אויף רוסיש. אויך דאַן האָב איך געזעהן, ווי גערשוני איז פאָלקאָם רוהיג און טאַקטיש ביז גאָר. ווען איינער האָט איהם אַ פרעג געטאָן צי דענקט ער זיך אומקערען צוריק נאָך רוס־לאַנד, האָט גערשוני אויף דעם געענטפערט מיט אַ געלעכטער, אַזוי אַז מען האָט ניט געקענט אויסטייטשען צי יע אָדער ניט, און אַב.

קאהאן האט דעם רעפארטער געבעטען ער זאל זיך ניט נאריש מאכען, ווייל ער וועט ניט קריגען קיין ענטפער אויף זיין פראגע.

„עס פארשטעהט זיך, אז צווישען די וואס זיינען געקומען דעם ערשטען טאג גערשוני'ן באזוכען זיינען געווען מיטגלידער פון דעם קאמיטעט, צווישען וועלכע עס זיינען געווען דר. קאפלאן און מ. קאץ. פון ערשטען מאמענט אן האט גערשוני ליב באקומען קאפלאנ'ען. ער האט מיר א זאג געטאן וועגען איהם: „מילי טשע־לאוועק". אויך צו קאצ'ן האט ער דערפיהלט באלד א טיפע פריינד־שאפט. אויך באראנדעס'ן האט ער געאכטעט פאר זיין טעטיגקייט און פאר זיין ליבענסווירדיגקייט.

„די שטארקייט פון זיין כאראקטער האט זיך גענומען ארויס־צייגען גלייך פון אנפאנג. ווען דער קאמיטעט האט איהם דערלאנגט א געשריבענעם מארשרוט איבער אמעריקא, האט ער איהם דורכגעלייענט, א שמייכעל געטאן און געזאגט: „ניט פראקטיש", און האט מיט א בליישטיפט אויסגעמעקט און איבערגעשריבען דעם מארשרוט. ווען ער האט עס איבערגעגעבען איינעם פון דעם קאמיטעט און יענער האט געוואלט עפעס זאגען געגען דעם, איז גערשוני'ס ענטפער געווען א מאך מיט'ן האנט, און דאס אלעס. קיינעם איז מעהר ניט איינ־געפאלען צו נעמען זיך דיסקוטירען מיט איהם וועגען דער פראגע. אט דער מאך מיט'ן האנט איז געווען א כאראקטעריסטישער שטריך זיינער. פילע מאל האט מען געקענט באמערקען, ווי דורך אט דער האנד־באוועגונג ווערען פארענדיגט אלע ספיקות.

„דער קאנספיראטיווער קאמיטעט דא אין לאנד איז באשטאנען פון דר. קאפלאן, סעקרעטאר; מ. קאץ, פארטרעטער פון דער „באיע־וואיא ארגאניזאציא" אין רוסלאנד, און דר. ראיעווסקי. די דאזיגע זיינען געווען באשטעטיגט פון צענטראל קאמיטעט פון דער פארטיי סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען אין רוסלאנד. דער אמעריקאנער קא־מיטעט, וועלכער האט פארוואלטעט מיט גערשוני'ס קאמפיין, איז באשטאנען פון דר. קאפלאן, מ. קאץ, שטאם, פערלמאן, י. קאפע־לאוו, דר. מעריסאן, און שפעטער אויך דר. עלסבערג, סעלצער, ליבין און סלוצקי. אט די גרופע איז שטענדיג געווען ארום איהם. זיי האבען אויסגעארבייט אלע פלענער פאר איהם, און דאך האט ער, דער נייער, ארויסגעקוקט פון צווישען זיי אלע מיט זיין פראקטישקייט און מיט זיין שטארקען ווילען. שוין פון ערשטען טאג אן איז גע־

וואָרען פאַרשטענדליך פאַר וואָס אָט דער מענש קען אָנפיהרען מיט אַזאַ באַוועגונג, וועלכע מאַכט אַ שטורם אין דער וועלט. דאָס איז געווען אַ הערשענדע געשטאַלט, פאַר וועלכער מ'האָט זיך געמוזט בויגען.

„פון די ערשטע מאָמענטען, — דערצעהלט לעווין, — וואָס האָבען אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק איז געווען דער באַזוך פון עמאַ גאָלד־מאַן און אַלעקסאַנדער בערקמאַן. פון דעם געשפּרעך מיט איהם האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער באַציהט זיך מיט גרויס רעספּעקט צו זיי, דערהויפּט צו עמאַ גאָלדמאַן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס איז געווען זיין פאַרלאַנג און זיין פּראָבלעם אַריבערצונעמען עמאַ גאָלד־מאַן נאָך רוסלאַנד, און ביי דעם באַזוך האָט ער מיט איהר גערעדט פּריוואַט. בעת אָט דעם געשפּרעך איז בערקמאַן געשטאַנען מיט דער פּלייצע צו גערשונין און מיט'ן פּנים צו מיר. פּלוצלונג גיט זיך בערקמאַן אַ צאַפּעל און זאָגט צו מיר: „איך פיהל זיינע אויגען אויף מיר. ער דרינגט מיך דורך. מיר איז עס זעהר שווער צו פאַר־טראָגען". נאָכדעם האָט בערקמאַן מיר ערקלערט, אַז זינט ער איז געווען אין פּריזאָן, וואו ער איז שטענדיג געווען אונטער די אויגען פון די וועכטער, איז ער זעהר סענסיטיוו אין דער הינזיכט.

„דאָס האָט מיך איבערראַשט, אָבער דאָס איז געווען דער געפיהל וואָס מ'האָט געקראָגען פון גערשוני'ס אויגען. דערפאַר האָט עס מיך אַמוזירט ווען די ווירטין פון דער באָארדינג הויז, אַן עלטערע אַמערי־קאַנער פרוי, האָט זיך צו מיר געווענדעט מיט אַנטציקונג: „וואָס פאַרא אויגען, וואָס פאַרא דזשענטעלמען דאָס איז!".

***

אומקערענדיג זיך צו דעם מאָמענט ווען גערשוני איז אָנגעקומען אין ניו יאָרק, ווערט איבערגעגעבען, אַז אין דעם גרויסען טומעל און אין דעם הוראַ־געשריי האָט זיך אַרויסגערוקט אַ פרוי, אַן אַמערי־קאַנערין, אָנגעטאָן ריין, אַנשטענדיג, מיט אַ בלום אין האַנט. זי איז צוגעגאַנגען צו גערשוני'ן, פאַרבויגען זיך העפליך און האָט איהם דער־לאַנגט די בלום. דערביי האָט זי באַמערקט: „מיר טוט לייד וואָס איך קען ניט געבען קיין גאַנצען בוקעט בלומען אָט דעם באַריהמטען מענשען". ווען מ'האָט עס איבערזעצט גערשוני'ן אויף רוסיש, האָט ער געבעטען זאָגען דער פרוי: „מיר האָפען, אַז אין רוסלאַנד וועט

אין קורצען זיין פריי און די אמעריקאנערינס וואס וועלען קומען אין אונזער באפרייטער לאנד וועלען זיכער באגעגענט ווערען מיט א סך בלומען און א סך פריינדליכקייט".

די פעררי, וואס האט אריבערגעפיהרט גערשוני'ן פון ניו־דזשוירזי צו ניו יארק, איז געווען א שווימענדיגער מאס־מיטינג. רעדעס באַגייסטערטע זיינען געהאלטען געווארען און צווישען די גליקליכע האט ארויסגעקוקט די געשטאלט פון א קרעפטיגען יונגענמאן מיט א רויטען פנים. דאס איז געווען דער באקאנטער גענאסע סוט, דער זעלבער וואס האט זיך ארויפגעכאפט אויפ'ן צוג נאך אין פילאדעלפיע, און דער־קענענדיג גערשוני'ן גענומען פון איהם דעם רייזע־טאש און געפאכעט מיט איהם אין דער לופטען שרייענדיג: „גערשוני איז דא. הורא פאר גערשוני'ן!" און אויך איצטער, אויף דער פערי, האט דער דאזיגער יונגערמאן רוהען ניט געקענט.

דער טומעל איז געווען אזוי גרויס, אזוי שטורמיש, אז עס איז גערשוני'ן ניט געפעלען געווארען און אויפשטעלענדיג זיך אין דער הויך האט ער אויסגערופען: „איך וואלט אייך געבעטען, אז מיר זאלען האנדלען ווי ציוויליזירטע מענשען".

קומענדיג צוריק דעם ערשטען טאג אין זיין דירה, איז דאס ערשטע, וועגען וואס ער האט גענומען רעדען, איז געווען ארבייט. ער האט באלד געוואלט וויסען וואס אזוינס שטעהט איהם דא פאר צו טאן כדי צו שאפען פאנדען פאר דער רעוואלוציאנערער באוועגונג אין רוסלאנד.

„איך האב איהם באלד דערקלערט, — דערצעהלט לעווין, — אז ער וועט מוזען אויפטרעטען אויף מיטינגען, אז ער וועט דארפען פערזענליך רעדען צו דעם פובליקום און דערצעהלען זיי זיין ציל דא. דערהערענדיג דאס, איז ער געווארען נערוועז און האט געפרעגט: „צו וואס רעדען, אז איך בין גאר קיין רעדנער ניט? איז דאס טאקע אזוי נויטיג? דערצו פארשטעהען דאך ניט אלע אידען אין אמעריקא קיין רוסיש, און איך קען קיין אידיש ניט ריידען".

„עס וועט גארניט העלפען, — האט ה. לעווין איהם געזאגט. — איהר וועט מוזען רעדען, און איהר וועט זיך אויך מוזען אויסלערנען עפעס זאגען אין אידיש, ווייל איהר וועט רעדען פאר א אידישען פובליקום". און ער האט זיך פון לאטיינישען שריפט אויסגעלערענט

די עטליכע ווערטער וואס ער האָט געדאַרפט זאָגען אויף דעם ערשטען מיטינג, וואָס איז פאַר איהם צוגעגרייט געווארען אין קאַרנעגי האָל".

„פון די ערשטע איינדרוקען פון זיין קומען דאָ דערמאָנט זיך מיר, — דערצעהלט ה. לעווין, — דער באזוך, וואָס איהם האָט געמאַכט אייב קאהאַן, וועלכער איז געקומען כדי צו נעמען אַן אינטערוויו. גערשוני איז יענעם טאָג געווען ניט געזונט. ער איז געלעגען אויסגעצויגען אויפ'ן בעט. קאהאַן איז געזעסען נעבען איהם. צווישען אנדערע זאכען האָט קאהאַן איהם פּלוצלונג א פרעג געטאָן: „זאָגט מיר, ווי פיהלט א מענש נאָכדעם ווי ער איז באַגאַנגען א טעראָריסטישען אקט?" איך האָב אָנגעשטעלט מיין בליק אויף גערשוני'ס פנים. ער איז געווען בלאַס, גרוי. א היבשע ווייל האָט ער געשוויגען, דאַן האָט ער שטיל ארויסגערעדט: „מ'פיהלט זעהר ניט גוט, ווייל מ'ווייסט אַז מ'האָט אומגעבראכט א מענשליכען לעבען".

„די דאָזיגע ווערטער האָבען מיר געטראָפען טיף אין הארצען אריין. אין דער ווייל'ע האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אויך די העלדען זיינען ניט מעהר ווי מענשען און אַז עס קומט זיי אויס צו ליידען, זעהר פיל צו ליידען, פון דעם וואָס מיר באוואונדערען און פאַרהערליכען".

*****

אין דעם טאָג ווען דער מיטינג האָט געדאַרפט פאַרקומען אין קארנעגיע האָל, ווען גערשוני האָט געמאַכט זיין ערשטען עפענטליכען ארויסטריט אין אמעריקא, איז ער געווען זעהר נערוועז און אין א געדריקטער שטימונג. אָבער אריינקומענדיג אין זאַל, וועלכער איז געווען איבערגעפּאקט און דערזעהענדיג דעם גרויסען געדראַנג פון מענשען ארום זאַל, האָבען זיינע אויגען אויפגעבליצט.

אויף דער פּלאַטפאָרמע זיינען געזעסען מיטגלידער פון קאָמיטעט. דער ברייטער עולם האָט ניט געקענט גערשוני'ן, אָבער אַזוי שנעל ווי ער איז ארויפגעקומען אויף דער פּלאַטפאָרמע האָט מען גלייך דערפיהלט אַז דאָס איז ער און עס האָט אויסגעבראָכען א מורא'דיגער שטורם פון באגייסטערונג.

זיצענדיג אויף דער פּלאַטפאָרמע האָט ער באמערקט, אַז די פאָהן פון דער פּארטיי סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען שטעהט אין הינ-

טערגרונט. דאָס איז איהם ניט געפעלען און ער האָט געהייסען, אז מ'זאָל זי ארויסברענגען אין פּאַראַוס.

אַ גאַנצע רייהע רעדנער זיינען אויפגעטראָטען און האָבען באַ־גריסט גערשוני'ן. צווישען די רעדנער זיינען געווען מארק ליבער, דער בונדישער דעלעגאַט; מ. ווינטשעווסקי, יעקב גאָרדין, אב. קאהאַן, אלעקסאַנדער דעמבסקי, י. סלאַבאָדין, א. עפשטיין, ש. יאַנאָוו־סקי און יאָזעף באַראָנדעס. אָבער די געשפּאַנטקייט צו הערען גער־שוני'ן איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס איז געווען די מורא דאָס עס וועט זיך אויפהויבען אַ שטורם פון פּראָטעסט וואָס עס רעדען אַזוי פיל רעדנער בעת דער עולם איז גאָר געקומען הערען גערשוני'ן. און אָט איז ענדליך געקומען דער מאָמענט ווען גערשוני איז פאָרגעשטעלט געוואָרען.

„איבער אַ פערטעל יאָהרהונדערט טיילט אונז אָפּ פון יענעם מאָמענט, — זאָגט ה. לעווין, — און דאָך שטעהט עס לעבעדיג פאַר מיינע אויגען. דאָס איז געווען אַן אומפאַרגעסליך בילד. מענשען זיינען געווען ווילד פון באַגייסטערונג. די ווענט האָבען געשטורעמט פון די אַפּלאָדיסמענטען און הורא־געשרייען. די פאַרזוכען פון דעם פאָרזיצענדען און פון דעם קאָמיטעט איינצושטילען דעם עולם האָבען ניט געהאָלפען. גערשוני איז געשטאַנען, האָט זיך געבויגען און געבויגען, און עס האָט אויסגעזעהן אַז עס וועט גאָר קיין סוף ניט נעמען דערצו. פּלוצלונג האָט ער זיך אויסגעגלייכט און האָט אַ פאָך געטאָן מיט'ן האַנד, און עס איז געווען ווי אַ מעסער וואָלט עס אָפּגעשניטען; עס איז געוואָרען שאַ, שטיל. און אָט אין דער שטילקייט האָט זיך גענומען טראָגען גערשוני'ס קול, און דוקא אין אידיש. דאָ זיינען זיינע ערשטע ווערטער:

„מיינע ליבע שוועסטער און ברידער! מיין ערשטער וואָרט צו אייך זאָל זיין אין אידיש! איך קום איצט פון רוסלאַנד. איך קען אייך איבערגעבען אַ הערצליכען גרוס פון אונזערע חברים וועלכע געפינען זיך אין די טורמעס, פון אונזערע חברים וועלכע שטעהען אויפ'ן שלאַכט־פעלד און קעמפען געגען טיראַניי. איך קען אייך איבערגעבען אַ גרוס פון אונזער ליידענדען אידישען פאָלק, פון אונזער גאַנצען פאָטערלאַנד וואו עס שמאַכטען און קרעכצען אַלע נאַציאָנאַליטעטען. שלום עליכם אייך פון אייער ברודער גריגאָרי גערשוני! שלום עליכם, דעם אומגליקליכען אידישען פאָלק, פון

איהם, וועמעס בלוט און לעבען געהערען ניט צו איהם — שלום עליכם איך, שוועסטער און ברידער!"

„די דאָזיגע ווערטער, ווי געזאָגט, האָט גערשוני אויסגעלע־רענט פון לאַטיינישען שריפט. אָבער ער האָט זיי ארויסגערעדט פון טיפען הארצען, שאַרף און קלאָר, און עס האָט דעם עולם גענומען. עס האָט זיך געפיהלט גלייך אויפ'ן פּלאַץ, אז ער האָט געוואונען פאַר זיך דאָס אַמעריקאַנער אידישע פּובליקום. די דאָזיגע אידישע ווער־טער זיינען אָהן ספק פאַר די מעהרסטע פון זיי געווען אַן איבער־ראשונג. דאָ שטעהט פאַר זיי אַ קעמפּער פאַר רוסלאַנד'ס פרייהייט, איינער וואָס ווארפט אַן אַ שרעק אויף דער רוסישער רעגירונג, און ער רעדט גאָר צו זיי הארציגע אידישע רייד! — דאָס איז געווען פאַר זיי גענוג.

„נאָכדעם איז ער אריבער צו רוסיש, — דערצעהלט ה. לעווין. — איך מוז זאָגען, אז ווען ער האָט גערעדט האָב איך זיך איבערציינגט, אַז גערשוני איז ניט קיין רעדנער אין דעם זין אין וועלכען דאָס ווארט פאַרשטאַנען. די ווערטער, וואָס זיינען ארויסגעקומען פון זיין מויל, זיינען ניט געווען קיין גלאַט־פּאָלירטע. עס האָבען זיך ארויסגעריסען פון זיין הארצען אָפּגעהאַקטע, איינצעלנע אויסגעשרייען. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, אז אָט אַזוי האָבען גערעדט די נביאים.

„ביי מיר אין זכרון איז פאַרבליבען אַן אנעקדאָט פון זיין רעדע, וועלכער האָט געמאַכט דעם עולם לאַכען הארציג. דאָס איז די מעשה מיט'ן מלמד, וואָס, כאָטש זי איז ווייט און גוט באַקאַנט, האָט דאָך געקלונגען אזוי אָריגינעל, פיין און וויציג אין גערשוני'ס מויל.

„ער האָט געזאָגט: „איך מוז אייך געבען אַ ביישפּיל, וואָס וועט אייך צייגען דעם זין פון מיין רעדען צו אייך, פון מיין ווענדען זיך צו אייך. עס ווערט דערצעהלט, אז אַ מלמד, אַ פרומער קליינ־שטעדטעלדיגער איד, וועמעס הארץ איז געווען איבערפילט מיט יסורים צוליב די אידישע ליידען, האָט אויסגעשריען: ,אוי, ווען איהר לאָזט מיר נאָר צו צו גאָט, ווען איך קען צוקומען צו גאָט אויף אַ קליינער ווייל׳ינקע, וואָלט איך צוגעקומען צו איהם און אַ זאָג געטאָן: רבונו של עולם, מיר ליידען אזויפיל צרות, אזויפיל יסורים, און דו—נו!...—

דאָס וואָלט איך אייך אויך וועלען זאָגען: איך קום צו אייך אַלס פאַרטרעטער פון דער רעוואָלוציאָנערער רוסלאַנד. איך דערקלער אייך די ליידען און די צרות וואָס דאָס רוסישע פאָלק שטעהט אויס און

איך זאָג צו אייך — נו!..." און ער האָט דערביי אויסגעשטרעקט די האַנד פאָראויס.

„דאָס וואָס עס איז פאָרגעקומען נאָכדעם איז שווער צו באַשרייבען. עס איז געפלויגען געלד, צירונג, אַלערליי חפצים. עס האָט זיך געדאַכט, אַז יעדער וואָלט געוואָלט אוועקגעבען די נשמה. דער אַלגעמיינער איינדרוק איז געבליבען, אַז גערשוני איז אַ זעלטענער, וואונדערבאַרער רעדנער, אַז ער איז אַ נביא; און אין דער ווײַלע זיינען מיר, די מיטגלידער פון דער גרופע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, זיכער געווען, אַז גערשוני'ס מיסיע צו שאַפען דאָ אין לאַנד פאָנדען פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד וועט געוויס זיין אַ גרויסער ערפאָלג".

*****

גלייך אין די ערשטע טעג וואָס גערשוני איז געקומען אין אַמעריקע האָט ער דערצעהלט, אַז ער האָט דאָ אַ ברודער, וועלכער האָט פאַרלאָזען די היים ווען ער איז נאָך געווען אַ גאַנץ יונגער אינגעל. דורך די יאָהרען פון גערשוני'ס רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט האָט ער די פאַרבינדונג מיט דעם ברודער פאַרלאָרען. דערפאַר בעט ער די צייטונגען, זיי זאָלען לאָזען וויסען אַז דער ברודער זאָל זיך אָפּרופען.

„שטעלט זיך פאָר אונזער איבעררעשונג, ווען אין אַ פּאָר טעג אַרום קומט צו געהן אַ רעפּאָרטער פון „טאַגעבלאַט" און ערקלערט אַז זיי האָבען באַקומען אַ בריף פאַר גערשוני'ן. דער רעפּאָרטער האָט איבערגעגעבען דעם בריף און גערשוני האָט איהם געעפענט. איך בין געזעסען דערביי, — זאָגט ה. לעווין, — און האָב די אויגען ניט אַראָפּגעלאָזט פון דעם מענשען. ער עפענט דעם קאָנווערט, און זיין גאַנצער קערפּער גיט אַ ציטער ווי אין אַ קאָנוואולסיע. אַ ווײַלע האָט ער זיך פאַרטראַכט. איך האָב באַמערקט אַן אומעט אויף זיין פּנים. דאַן האָט ער דעם בריף מיר איבערגעגעבען. און וואָס איך האָב דערזעהן האָט מיר דערקלערט זיין אומעט. יעדער אות איז געווען אומגעלומפּערט גרויס. דאָס איז געווען די האַנדשריפט פון אַ „בעזגראַמאָטנעם". און די שפּראַך איז געווען אַ מאָדנער געמיש פון אידיש און דייטשמעריש. אין דעם בריף לאָזט איהם זיין ברודער וויסען, אַז ער וואוינט אין נאָרוויטש, קאָנעטיקוט, און ער בעט איהם ער זאָל איהם באַלד, אומגעזאַמט קומען באַזוכען.

„איך מוז צו איהם גלייך פאָהרען!" — האָט גערשוני געזאָגט.

מ'האָט איהם געפּרואווט אָפּהאַלטען, אָפּריידען פון דעם. דאָ איז געווען אַזוי פיל אַרבייט, אַזוי פיל קאָמיטעס, און זיין אוועקפאָהרען וואָלט געווען אַ פאַרלוסט פאַר דער פּאַרטיי. ער האָט זיך אָבער ניט געלאָזט איבעררעדען, ערקלערענדיג: „ווען דאָס איז אַ מענש אַ קולטורעלער, וואָלט מיך ניט געקימערט איהם צו באַזוכען אביסעל שפּעטער. נאָר ווי איך זעה, איז דאָס אַ מענש אַ פּשוט'ער, און אַן אָרימער. ער וועט זיך פיהלען באַליידיגט און געקרענקט ווען איך זאָל ניט קומען איהם באַלד באַזוכען".

אַזוי ווי אַלע פון קאָמיטעט זיינען געווען שטאַרק פאַרנומען, איז מענדעל ראָזענבאום געווען דער איינציגער, וועמען מ'האָט געקענט „אָפּשפּאָרען", און ער איז געפאָהרען מיט גערשוני'ן קיין נאָרוויטש.

גערשוני האָט געפונען דעם ברודער אַ קראַנקען. ער האָט געלי־טען פון בלוט־פאַרגיפטונג.

דער ברודער איז געווען אַן אָרימער אַרבייטער. גערשוני האָט אָבער ניט געקענט פאַרברענגען פיל צייט ביים ברודער'ס קראַנקען־בעט, ווייל ער האָט געדאַרפט אויפנעמען אַ קאָמיטע פון די דאָרטיגע איינוואוינער, צווישען וועלכע עס איז אויך געווען דער רב, וועלכער האָט ניט אַנדערש געוואָלט, אַז גערשוני זאָל בענשען גומל...

גערשוני'ס קומען אין אָט דער פאַרהעלטניסמעסיג קליינער שטעדטעל האָט דאָרט געמאַכט אַ גרויסען רושם. מ'איז געלאָפען פון אַלע זייטען אָנקוקען דעם דאָזיגען וואונדערבאַרען מענשען.

עס איז אוועק אַ שטיקעל צייט און פון נאָרוויטש איז ווידער אָנגעקומען אַ בריף. דער בריף האָט געלאָזט וויסען, אַז זיין ברודער איז זעהר קראַנק און אַז גערשוני זאָל באַלד קומען. דאָס מאָל איז לעווין מיט איהם געפאָהרען.

„מיר זיינען אָנגעקומען אין נאָרוויטש פינף אַזייגער פאַרטאָג, — דערצעהלט לעווין. — עס איז געווען אַ פּראָסטיגע נאַכט. אַ בייסענ־דיגער ווינט האָט זיך געטראָגען. איך האָב פאָרגעשלאָגען גערשוני'ן מיר זאָלען נעמען אַ טעקסי. ער האָט זיך פון דעם אַנטזאַגט. ,איך וויים וואו דאָס איז', האָט ער געזאָגט, ,מיר וועלען געהן צופוס'. מיר זיינען געגאַנגען אַ לאַנגע צייט ביז מיר זיינען צוגעקומען צום הויז. מ'איז אונז געקומען אַנטקעגען און אָנגעזאָגט, אַז עס איז שוין צו שפּעט, אַז דער ברודער איז געשטאָרבען.

„מיר זיינען אריין אין הויז. דער ברודער איז געלעגען אויפ'ן בעט. גערשוני איז צוגעקומען, האָט זיך אריבערגעבויגען און באַטראכט דאָס פּנים. ער איז אַזוי געשטאַנען אַ לאַנגע ווײַלע און איך האָב געזעהן צוויי טרערען אַראָפּפאַלען. דאַן האָט ער זיך שנעל אָפּגעקערט און איז ארויף אויפ'ן צווייטען שטאָק. ער האָט זיך געזעצט אויף אַ שטול, גענומען אויף די קניע אַ קליין קינד מיט בלאָנדע הערלאַך. דאָס איז געווען אַ שעהן, ליב מיידעלע, גערשוני'ס אַ פּלימעניצע. ער האָט זי געהאַלטען אויף די קניע און מעכאַניש געגלעט איהרע האָר אַ לאַנגע צייט. דאָס קינד, ניט וויסענדיג וואָס עס האָט פּאַסירט, האָט זיך געפיהלט גוט אויפגעלעגט, האָט איהם געקוקט אין די אויגען, געלאַכט און אַלע ווײַלע איהם גערופען „אָנקעל גרעגאָרי".

„דאַן האָט ער מיך צוגערופען און געזאָגט: „געה אַראָפּ און רייד צו דער אַלמנה. זי האָט דאָך זיכער קיין געלד ניט. גיב איהר אַלץ וואָס דו האָסט בײַ זיך און פאַרשרייב עס אויף מיין חשבון".

„איך האָב בײַ זיך געהאַט עטליכע הונדערט דאָלאַר פּאַרטיי־געלד און איך האָב באַשלאָסען עס אָפּצוגעבען דער יונגער פרוי. ווען איך האָב איהר ערקלעהרט מיין מיסיע האָט זי זיך ענטזאָגט. דאַן האָב איך צו איהר געזאָגט: „אָבער גערשוני וועט זיך פיהלען שלעכט ניט צו העלפען דער פרוי און קינד פון זיין ברודער". האָט זי, אריינקוקענדיג מיר אין די אויגען, געזאָגט: „אויך איך בין אַ גערשוני".

„עס איז שוין געווען שפּעט ווען מ'איז פאַרטיג געוואָרען צו דער לויה. מיר זיינען אַראָפּ אונטען און נאָך אַ מאָל צוגעגאַנגען אַ קוק טאָן אויף דעם טויטען ברודער. איך האָב געהאַלטען גערשוני'ן אונטער'ן אָרעם און ווען מיר זיינען געגאַנגען האָב איך דערפיהלט אַ קאָנוואולסיוועץ ציטער דורכלויפען איבער זיין לייב. ער האָט אָבער גאָרניט געזאָגט.

„בשעת מ'איז ארויס מיט דער מיטה זיינען אונז געקומען אַנטקעגען אידען מיט פּושקעס, קלאַפּענדיג און שרייענדיג: „צדקה תציל ממות". גערשוני האָט מיר פאַרוואונדערט געפרעגט: „וואָס איז דאָס, וואָס באַדייט עס?" איך האָב איהם ערקלערט. „גיב זיי", זאָגט ער. איך האָב ארייננגעוואָרפען אַ פּאָר מטבעות. „דאָס איז ווייניג", זאָגט

ער, „גיב, וואָס זשאַלעוועסטו? זאָגסט דאָך, אַז עס איז צדקה. מיר נעמען דאָך פון זיי אַ סך מעהר".

„ווען ער האָט געזעהן ווי מען לאָזט אַרונטער דעם קערפּער פון זיין ברודער אין קבר אַריין, האָב איך ווידער דערפיהלט דעם זעלבען קאָנוואולסיווען ציטער דורכלויפען זיין לייב".

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט גערשוני דורכגעלעבט אַ גרויסע פרייד. מ'האָט איהם אָנגעזאָגט, אַז טשייקאָווסקי קומט אָן און אַז ער קומט ספּעציעל זיך מיט איהם צו זעהן. גערשוני האָט גראָדע יענעם טאָג זיך געפיהלט קראַנק און צוטראָגען, אָבער דערהערענדיג וועגען טשייקאָווסקי'ס קומען האָט ער זיך אויפגעשטעלט און ערקלערט, אַז ער געהט צום שיף איהם באַגעגענען. דאָס איז ניט מעגליך געווען צו דערלאָזען. גערשוני איז געווען אַ קראַנקער מענש צו יענער צייט. דר. עלסבערג האָט איהם אָפּגערופען און אָנגעזאָגט, אַז ער טאָר פּאַר קיין פאַל ניט פאַרלאָזען דאָס הויז. דאָס האָט איהם אַזוי בייז געמאַכט, אַז ער האָט אויסגעשריען: „עטאָ מערזאָסט!". אָט דער אויסדרוק איז געווען זיין באַליבטסטער, ווען ער איז געווען אויפגערעגט און אין כעס. דאָך האָט ער דעם דאָקטאָר געפאָלגט.

***

די מורא, אַז אַמעריקע זאָל גערשוני'ן ניט אַרויסגעבען קיין רוסלאַנד, האָט אונז געשראָקען פון דעם ערשטען מאָמענט וואָס ער איז אָנגעקומען אַהער. די רוסישע רעגירונג האָט, אָהן ספק, זעהר שטאַרק געאַרבייט דורך איהרע אַגענטען אַריינצוקריגען אין איהרע הענט דעם געפעהרליכען שונא איהרען. עס איז אויך מעגליך, אַז די דאָזיגע מורא איז געווען עטוואָס איבערטריבען, אַז זי איז געקומען פון דער אייגענער פאַנטאַזיע, אָבער דאָך האָט מען גלייך אָנגענומען מיטלען, אַז דאָס זאָל ניט פּאַסירען.

מ'האָט אויך מורא געהאַט, אַז אימיצער וועט אפשר פּרוּאווען אָפּראַמען איהם פון וועג דורך אַ קויל אָדער דורך אַן אַנדער מיטעל. שוין אויף דעם ערשטען מיטינג אין קאַרנעגיע האָל זיינען אויף דער פּלאַטפאָרמע געזעסען עטליכע מענשען מיט געלאָדענע רעוואָלווערען, גרייט צו פאַרטיידיגען גערשוני'ן מיט אַלע מיטלען.

כדי ווידערצושטעהן דעם פאַרזוך פון די רוסישע אַגענטען, האָט מען דאָ גלייך געזוכט צו שאַפען אַן אינטערעס צו גערשוני'ן

ביי דער גרופע „פריענדס אָוו ראָשיען פרידאָם״, צו וועלכער עס האָבען באַלאַנגט באַריהמטע אַמעריקאַנער פּערזענליכקייטען. מ׳האָט פון זיי פאַרלאַנגט, אַז דורך דער גרעזעלשאַפטליכער מיינונג זאָל געשאַפען ווערען אַ ווידערשטאַנד געגען ארויסגעבען גערשוני׳ן אין די הענד פון דער צאַרישער רעגירונג.

עס איז שווער צו זאָגען באַשטימט, וואָס עס האָט זיך דאַן געטאָן אין די קרייזען, וואו די רוסישע רעגירונג האָט געהאַט אַן איינפלוס. עס איז אָבער מעגליך, אַז די ארבייט האָט אַ סך געווירקט, אַז עס זאָל ניט געמאַכט ווערען קיין פאַרזוך גערשוני׳ן צו פאַרהאַלטען. עס איז אָהן ספק געווען אַזאַ געפאַהר. גערשוני איז געווען אַן אויסנאַהם פון אַנדערע פּאָליטישע פליכטלינגע, וועלכע זיינען געקומען אַהער, דערפאַר וואָס עס איז דייטליך באַקאַנט געמאַכט געוואָרען אַז ער איז געווען דער פיהרער פון דער טעראָריסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד. און כאָטש דער טעראָר איז געפיהרט געוואָרען צוליב פּאָליטישע מאָטיווען, איז אָבער אַזאַ זאַך פאַר דער אַמעריקאַנער רעגירונג ניט געווען פאַרשטענדליך. צום גליק איז מען בלויז אָפּגעקומען מיט שרעק.

מאַנכע זיינען געווען אונטער דעם איינדרוק, אַז גערשוני איז געווען אַ קאַרגער פון דער נאַטור. דאָס וואָלט געקענט אויסגעטייטשט ווערען, אַז ער האָט באַזעסען אַ געוויסע מאָס קליינליכקייט. אָבער דאָס איז ניט אמת. גערשוני איז געווען זעהר קאַרג און אָפּגעהיט נאָר ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען פאַרטיי־געלדער. דאָרט איז ער ווירקליך געווען צוריקגעהאַלטען ביז גאָר. אָבער וואָס איז שייך צו זיינע אייגענע געלד, און אפילו די געלדער פון פּריוואַטע פּערזאָנען, האָט עס ביי איהם ניט געהאַט קיין באַדייטונג. דאָ איז אַ קליינער ביישפּיל:

ווען גערשוני איז אָנגעקומען אין אַמעריקאַ איז זיין אויבעררראָק ניט געווען אין דער בעסטער אָרדנונג, און אַזוי ווי ער האָט באַדאַרפט אויפנעמען אַ סך מענשען און אָפט געהן צו באַזוך און אַזוי ווי עס איז געווען ווינטער, האָט קאַפּעלאָוו איהם גענומען מיט זיך אין אַ פּלאַץ און פאַר איהם אויסגעקליבען אַ גוטען מאַנטעל, גאָר אַ גוטען. ווען גערשוני האָט דאָס באַטראַכט האָט ער אַ פרעג געטאָן: ,איז דאָס פאַר פאַרטיי־געלד? דאָס וועט דאָך קאָסטען אַזוי פיל׳. האָט איהם קאַפּעלאָוו געענטפערט, אַז דאָס איז ניט פאַר פאַרטיי־

געלד, אז דאָס מאַכט ער איהם א מתנה. „אויב אזוי', האָט גערשוני געזאָגט, „טאָ קויפט א גוטען מאַנטעל'. דאָס איז, פאַרשטעהט זיך, געווען א וויץ, אָבער אָט דער וויץ כאַראַקטעריזירט זיין באַציהונג צו געלד־זאַכען.

לויט ווי ה. לעווין גיט איבער, איז גערשוני געווען איינער פון די, וואָס האָט זיך ליב געהאַט אָנצוטאָן שעהן. ער האָט זיך גע־האַלטען זעלטען ציכטיג, קיין שפּרינקעלע האָט אויף איהם ניט גע־טאָרט זיין. פאַר'ן ארויסגעהן אין גאַס פלעגט ער זיך יעדען מאָל גוט באַטראַכטען אין שפּיגעל און זעהן, אז אלץ זאָל זיין אין דער בעסטער אָרדנונג. ווען עס איז אויסגעקומען פאַר איהם צו קויפען א „פרינץ אַלבערט", האָט ער געזוכט דאָס בעסטע און דאָס שעהנסטע. ער האָט אָבער באַצאָהלט דערפאַר פון זיין אייגענער קעשענע. גער־שוני איז געווען א פאַרמעגליכער, און זיין אייגען געלט האָט ער ניט געזשאַלעוועט.

ווען גערשוני פלעגט זיך טרעפען מיט חברים, מיט וועלכע ער האָט זיך געקענט נאָך אין רוסלאַנד, איז זיין ערשטע פראַגע תמיד געווען: „ווען פאָהרסטו צוריק?" ער האָט זיך ניט געקענט פאָר־שטעלען, אז עמיצער זאָל פאַרלאָזען רוסלאַנד אויף שטענדיג ווען דאָרט געהט אָן דער פאַרביטערטער קאַמף מיט דער רעגירונג. און אָט טרעפט ער זיך מיט א יונגער פרוי, וועלכע איז געווען זעהר טעטיג אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און מיט וועלכער ער האָט זיך גוט געקענט. זי איז איהם געקומען זעהן אלס אן אַלטע באַקאַנטע, און די ערשטע זאַך וואָס ער האָט איהר געפרעגט איז געווען: „ווען פאָהרסטו צוריק?" אויף דעם האָט איהם די יונגע פרוי געענטפערט, אז זי ווייסט ניט צי זי וועט פאָהרען צוריק, ווייל זי האָט א קינד. גערשוני האָט זי א ווייַלע באַטראַכט און דאַן האָט ער א זאָג געטאָן: „איך וואָלט דיך געראַטען אוועקצולעגען דאָס קינד אויף איין וואָגשאָל און די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אויף דער אַנדערער וואָגשאָל, און דאַן באַשטימען וואָס צו טאָן". עס איז געווען צו זעהן, אז ער איז אומצופרידען פון דעם, וואָס די דאָזיגע טעטיגע און טיכטיגע פרוי איז פאַרלאָרען פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

כאַראַקטעריסטיש איז געווען פון דעם גרויסען אידעאַליסט גער־שוני דער פאַקט, דאָס איהם האָט ניט געקימערט פון וואַנען די שטיצע פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע קומט. ביי א געוויסער געלעגענהייט האָט ער ערקלערט, אז פאַר איהם זיינען אַלע צייטונגען גלייך פריינד־

ליך אָדער פּיינדליך; דאָס ווענדט זיך בלויז אָן דעם, וויפיל פּלאַץ זיי גיבען אָפּ פאַר דעם צוועק, צוליב וועלכען ער איז געקומען.

ווען מ'איז געקומען איינמאָל איהם איינלאַדען צו רעדען אין אַ שוהל, האָט ער די איינלאַדונג אָנגענומען. די געשיכטע האָט פּאַסירט אזוי: בּאַראָנדעס איז געווען פאַרבונדען מיט אַ שוהל ערגעץ אין ברוקלין, און אזוי ווי באַראָנדעס איז געווען טעטיג פאַר גערשוני'ן האָט ער דאָרט, צווישען די אידען, פּאָפּולער געמאַכט זיין נאָמען און יענע שוהל־אידען האָבען באשלאָסען, אַז גערשוני זאָל ניט אַנדערש קומען זיי אַדרעסירען פון דער בימה. „איך בין געווען זעהר שטאַרק געגען דעם”, דערצעהלט קאַץ. „מיט קיין שוהלען האָבען מיר זיכער ניט געהאַט צו טאָן. דערהויפּט איך, וועלכער האָט באַלאַנגט צו דער אַנאַרכיסטישער באוועגונג דאָ אין לאַנד, האָב זיכער ניט געקענט זיך פאָרשטעלען, אַז אַ רעוואָלוציאָנער זאָל בעטען שטיצע פון רעליגיעזע אידען פאַר אַ רעוואָלוציע. נאָר מיינע רייד האָבען ניט געהאָלפען. גערשוני האָט ערקלערט, אַז ער געהט אין שוהל, און איך האָב געמוזט מיטגעהן. איך האָב דאָס געדאַרפט זיין דער פּאָרזיצענדער, דער וואָס האָט געדאַרפט פאָרשטעלען גערשוני'ן פאַר'ן עולם. איך געדענק נאָך די ווערטער, וועלכע מיר איז איינגעפאַלען צו זאָגען דעם עולם: עס ווערט געזאָגט, אַז „כל המצר לישראל נעשה ראש'. דאָ האָבען מיר אַ מאַן, וועלכער טייטשט דעם פּסוק, אַז המצר לישראל איז בלאַ ראש, דאָס הייסט, ער מאַכט איהם מיט אַ קאָפּ קירצער... די אידען אין שוהל איז דאָס זעהר געפעלען געוואָרען.

„דאָן האָט צו זיי גערעדט גערשוני אויף זיין שטייגער אין רוסיש — קורץ, שאַרף, אָפּגעהאַקט, אָבער האַרציג, וואַרים און באַגייסטערט. ער האָט דערצעהלט פאַר די פּשוט'ע אידען וועגען די צרות וואָס די אידען אין רוסלאַנד ליידען און וואָס די רעוואָלוציע מיינט פאַר זיי, וואָס די רעוואָלוציאָנערען טוען פאַר זיי. נאָך זיין רעדע האָט מען אויפ'ן עכט־אידישען שטייגער באַלד גענומען מנדר זיין געוויסע סומען, און אויף אַזאַ אופן זיינען געשאַפען געוואָרען עטליכע טויזענד דאָלאַר פאַר דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען”.

אַ סך פּראָמינענטע אַמעריקאַנער האָבען געזוכט זיך צו טרעפען מיט גערשוני'ן און ער האָט אַ גרויסען טייל פון זיין פרייער צייט אוועקגעגעבען פאַר אָט דער ארבייט, צו באקענען די אמעריקאַנער

אינטעליגענץ מיט די צילען און אויפגאבען פון דער רוסישער רעוואָ־
לוציאָנערער באוועגונג.

***

„איינמאָל”, דערצעהלט מ. קאַץ, „איך געדענק ניט צי דאָס איז געווען פאַר’ן צווייטען אָדער פאַר’ן דריטען מיטינג, האָב איך זיך געאיילט צו קומען אהיים זיך צוגרייטען איידער איך געה נעמען גערשוני’ן צום מיטינג. ווען איך האָב געעפענט די טיר פון מיין וואוינונג, האָב איך דערזעהן ווי א מענש ליגט אויפ’ן פאָדלאָגע און ארום איהם זיינען מיינע קינדער. איך גיב א קוק — עס איז גער־שוני. איך בין געוואָרען נשתומם. אויף אזא אינגעלשקייט האָב איך זיך ניט גערעכנט. ער קוקט אויף מיר מיט שמייכלענדיגע אויגען, ווי ער וואָלט ווארטען איך זאָל איהם וואָס־ניט־איז זאָגען, און איך גיב איהם א פרעגע: „ווייסט איהר אז עס איז צייט צו געהן צום מיטינג?” גיט ער זיך א שטעל אויף און זאָגט: „ווי איך זעה, האָט איהר זיך געשעמט מיט מיר. איהר האָט מיר ניט איינגעלאַדען צו אייער פאַמיליע, בין איך אליין געקומען. און וואָס איז שייך פינקטליכקייט, האָב איך געוואָלט זיך איבערצייגען צי איהר האָט זיך אויסגעלערענט צו פאַרשטעהן די באדייטונג דערפון. איצט זעה איך, אַז איהר פאַרשטעהט עס”.

„פון אָנפאַנג אָן האָט גערשוני פאַרלאַנגט פון מיר”, דערצעהלט קאַץ, „אַז איך זאָל מיט איהם מיטפאָהרען אויף זיין רייזע איבער אַמעריקא. פאַר וואָס ער האָט דוקא מיך אויסגעקליבען ווייס איך ניט געננוי. ער האָט שטאַרק געוואָלט, אַז איך זאָל זיין די גאַנצע צייט נעבען איהם. פאָהרענדיג מיט איהם, האָב איך זיך איבער־צייגט, אַז דער מענש רוהט ניט קיין מינוט, ווי ער וואָלט געהאַט א פאָרגעפיהל אַז זיין לעבען וועט ניט דויערען לאַנג, אַז די צייט איז קורץ. אין וואַגאָן האָט ער ווענ:ג גערעדט. ער האָט געהאַלטען אין איין שרייבען. דאָס האָט ער געאַרבייט אויף דעם בוך, וועלכער איז דערנאָך ערשינען אונטער דעם נאָמען „מאָי פאָבעג ס’ קאַטאָרגי”.

„וואוהין ער איז געקומען האָט מען איהם אויפגענומען מיט דער זעלבער באגייסטערונג, מיט דעמאָנסטראציעס, מיט באַנקעטען, מיט לויב־געזאַנגען. אזוי איז געווען אין פילאַדעלפיא, אזוי אין באָסטאָן און אזוי אין פיטסבורג. דאָס איז געווען אַן אמת’ער טריאומף־צוג. אָט אזוי זיינען מיר אָנגעקומען אין שיקאַגאָ.

„אין שיקאַגאָ האָט מען אונז באַגעגענטביים אָנקומען מיט אַ דעמאָנסטראַציע. די שטאָדט איז געווען אויפגערודערט.

„ביים באַהן איז געווען אַזאַ געדראַנג, אַז פּאָליציי האָט געמוזט אָנקומען צו האַלטען אָרדנונג און צו באַשיצען אונז פון דעם גרויסען עולם. דורך אַן אינטערוויו, וואָס איז געווען געדרוקט אין אַ גרויסער שיקאַגאָ'ר ציימונג, האָט זיך די גאַנצע געזעלשאַפט דערוואוסט און באַקאַנט מיט גערשוני'ס פּערזענליכקייט און מיט זיינע אויפגאַבען.

„צו דעם מיטינג זיינען געקומען אַ סך פּראָמינענטע אידען און קריסטען. עס זיינען געקומען רעדאַקטאָרען פון ציימונגען. עס זיינען אויך געקומען פאַרטרעטער פון דער וועלט פון פינאַנץ, כדי צו הערען וואָס דער באַריהמטער „רוס" האָט זיי צו דערצעהלען. און, פּונקט ווי אומעטום, אַזוי האָט אויך דאָרט גערשוני מיט זיין אופן פון רעדען באַגייסטערט די אָנוועזענדע, און עס האָט זיך ווידערהאָלט דאָס וואָס מיר האָבען געהאַט אין ניו יאָרק און אין אַנדערע שטעדט, דער עולם איז געווען גרייט אַוועקצוגעבען אַלץ פאַר דער באַוועגונג וואָס גערשוני פאַרטרעט.

„נאָך איין אינצידענט פון שיקאַגאָ איז געבליבען שטאַרקער פון אַלץ אין מיין זכרון", דערצעהלט מ. קאַץ. „גערשוני האָט געקראָגען אַן איינלאַדונג צו קומען אין „האָל האוז". צו דער דאָזיגער אינ־סטיטוציע באַלאַנגען די סאַמע אָנגעזעהענסטע אינטעלעקטועלען פון שיקאַגאָ. דער נאָמען דזשיין אַדאַמס, די דירעקטאָרין פון האָל האוז, איז שוין דאַן געווען באַקאַנט איבער גאַנץ אַמעריקא צוליב איהר געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט.

„גערשוני האָט די איינלאַדונג אָנגענומען, אָבער ער האָט דער־קלערט אַז עס וועט קיין זאַך פון דעם ניט אַרויסקומען, ווייל ער קען ניט ריידען קיין ענגליש און דאָרטען איז דאָך קיינער ניטאָ וואָס זאָל פאַרשטעהן רוסיש. נאָך עס איז פאָרט פאָרגעקומען די באַגעגעניש מיט די שיקאַגאָ'ר פאָרשטעהער, צווישען וועלכע עס האָבען זיך גע־פונען פּראָפעסאָרען, שרייבער, אַרטיסטען און אויך דר. הירש, דער גרינדער פון דער אידישער רעפאָרם־באַוועגונג.

„סאַמע אויבען־אָן איז געזעסען דזשיין אַדאַמס. די לאַגע איז געווען ניט קיין אָנגענעמע. דאָ זיצט אַ מענש, אויף וועמען אַלע קוקען מיט גרויס אינטערעס. זיי וואָלטען וועלען הערען פון איהם עפּעס נייעס, און ער מוז שווייגען ווייל ער קען ניט זייער לשון און זיי קענען ניט זיין לשון. נאָך אַ קליינער ווייל האָט אימיצער פאָר־

געשלאָגען, אַז דער געשפּרעך זאָל פאָרקומען אין דער פאָרם פון פראַגען און ענטפערס, און עס פארשטעהט זיך אז איך האָב געדאַרפט דינען אלס דער איבערזעצער.

„צווישען די פארשיידענע פראַגען, ווענדעט זיך פלוצלונג צו מיר א דאמע און זאָגט: „פרעגט איהם, ווי אַזוי קען אַן אינטעליגענטער מענש און אַ הומאַניסט זיך נעמען צו טעראָר, און אויף וועלכען גרונד ווערט עס בארעכטיגט?" א קליינע ווײַלע בין איך געזעסען אין אַ פארלעגענהייט. איך האָב געוואוסט, אַז די דאָזיגע פראַגע וועט טיף פארוואונדען גערשוני'ן, אַז עס וועט איהם וועה טאָן, אָבער איך האָב פּינקטליך איבערזעצט די פראַגע אויף רוסיש. דאַן האָט גערשוני אויף מיר אָנגעשטעלט זיינע גרויסע אויגען, אין וועלכע צאָרן האָט געפינקעלט. מיט אַ ציטערדיגער שטימע האָט ער זיך צו מיר געווענדעט און געזאָגט: „הער דאָס, וואָס איך וועל דיר איצטער זאָגען. זאָלסט איבערזעצען ריכטיג, וואָרט פאַר וואָרט, אָהן קוויינקלעניש, ניט איבערהיפּענדיג קיין זאַך. איך בעט דיך דאָס צו טאָן. אָבער געדענק זשע, אָהן קוויינקלעניש. אַלץ זאָל איבערגעגעבען ווערען אָפען. פרעג איהר: וואָס וואָלט זי, למשל, געטאָן ווען עס באַפאַלען איהר רוצחים, נעמען צו אַלץ וואָס זי פארמאָגט און דערצו פארגוואַלטיגען זיי אַ שוועסטער אָדער אַזוי אַ נאָהענטען מענשען איהרען. וואָס וואָלט זי געטאָן, ווען גראַדע אין דעם מאָמענט געפינט זיך אַ רעוואָלווער אין איהר האַנד? ווי וואָלט זי געהאַנדעלט? פרעג דאָס איהר. אָבער, געדענק נאָך אַ מאָל, אָהן קוויינקלעניש!"

„איך האָב געפיהלט גערשוני'ס הייסען אָטעם. עס איז מיר געוואָרען שווער אויפ'ן האַרצען. איך האָב מורא געהאַט פאַר אַ סקאַנדאַל. איך האָב גוט געוואוסט, אַז אַ ניט־געלונגענער וואָרט קען אונז ברענגען אָהן אַ שיער שאָדען, און אין דער ווײַלע האָב איך ניט געקענט באַשליסען צי גערשוני'ס ענטפער דאַרף איבערגעגעבען ווערען אין דער פאָרם, אין וועלכער ער האָט דאָס אויסגעדריקט. איך האָב אָבער קיין כח ניט געהאַט ווידערצושטעהן זיין פאַרלאַנג. איך האָב דאָס איבערזעצט גענוי. עס איז געוואָרען טויט־שטיל, אַלע אַנוועזענדע זיינען געבליבען ווי פארשטיינערט.

„גערשוני האָט געהאַלטען זיין דורכדרינגענדען בליק אָנגעשטעלט אויף דער באַריהמטער פרוי. זי איז געבליבען זיצען מיט פאַרביסענע ליפּען און האָט געטראַכט. דאַן האָט זי געזאָגט:

„איך האָב געפּרואווט זיך דאָס אויסמאָלען, אָבער איך קען דאָס ניט באַגרייפען".

„איך האָב איבערגעגעבען גערשוני'ן איהר ענטפער. ער האָט א בייזען שמייכעל געטאָן און געזאָגט: „זאָג איהר, אז דאָס רוסישע פאָלק איז אין אזא מין לאַגע, דאָס עס דאַרף זיך גאָרניט אויסמאָלען די דאָזיגע זאכען; פאַר איהם איז דאָס א ווירקליכקייט".

„איך האָב איהר איבערגעגעבען גערשוני'ס ווערטער, און זי איז ווידער געבליבען זיצען א היבשע ווײלע מיט אַן אראָפּגעלאָזטען קאָפּ. קיינער האָט קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט. מיט דעם גרעסטען אינ־טערעס האָבען זיך אַלע צוגעהערט. דאַן האָט זי אויפגעהויבען דעם קאָפּ און געזאָגט מיט טרערען אין קול: „איך וואָלט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד".

„זאָגט צו מיר גערשוני: „פרעג איהר, איז דאָס די עצה וואָס זי גיט דעם רוסישען פאָלק? מיינט זי, אז דאָס פאָלק דאַרף באַגעהן זעלבסטמאָרד?"

„זי האָט זיך איבערלעגט א ווײלע. דאַן האָט זי שטיל ארויס־גערעדט: „בעט ביי איהם אנטשולדיגונג. איך פאַרשטעה".

„פרעג איהר נאָר, — זאָגט גערשוני ווייטער צו מיר, — וואָס ראַט זי צו טאָן א פאָלק, וואָס ווערט פאָגראָמירט? וואָס ראַט זי — און די אַנדערע, וועלכע לעבען אין א פריי לאַנד, אונטער פרייע באַדינגונגען — צו טאָן יענע מענשען, וועלכע ווערען באַרויבט אין די סאַמע עלעמענטאַרסטע רעכט זייערע?"

אויף דעם איז קיין ענטפער ניט געקומען.

„עס זיינען אַוועק יאָהרען", האָט קאַץ דערצעהלט מיט א שטראַה־לענדען געזיכט, „אָבער איך קען פאַר א ווײלע ניט פאַרגעסען די אויגען, דאָס געזיכט פון דעם דאָזיגען מענשען. דורך איהם האָט ארויסגעשטראַהלט די גאַנצע טרויעריגע רוסישע ווירקליכקייט פאַר די פרייע און שטאָלצע אַמעריקאַנער".

גערשוני איז געווען א פּראַקטישער מענש. ער האָט ניט גע־וואוסט וואָס עס הייסט געהן ערגעץ רעדען אָהן געלד, אז דאָס זאָל עפּעס ניט אריינברענגען דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ער האָט געהאַט א סך, אָהן א שיער, אַזעלכע פאָרשלעגע צו קומען רעדען דאָ און דאָרט, אָבער ער האָט עס ניט געטאָן. איהם איז ניט געגאַנגען אין צופרידענשטעלען די נייגעריגקייט פון די אָדער יענע. יעדער מיטינג האָט געמוזט אריינברענגען א באַשטימטע סומע. נאָר איין

אויסנאַהם האָט ער געמאַכט, און דאָס איז געווען די באַגעגעניש מיט זיינע מינסקער לאַנדסלייט. אויף זייער רוף איז ער געקומען. א גרויסע צאָהל פון די דאָזיגע מינסקער האָבען געקענט גערשוני'ן פון דער צייט, ווען ער איז נאָך געווען א פרידליכער קולטור־טוער אין מינסק. זיי האָבען נאָך געדענקט זיינע לעקציעס פון נאַטור־וויסענשאַפט. זיי האָבען איהם באַטראַכט פאַר זייער רבי. און איצט זיינען זיי געקומען איהם אָנקוקען א צווייטען מאָל, ווען ער איז שוין געווען אַזוי באַריהמט איבער דער גאַנצער וועלט אַלס טעראָריסט, אַלס די שרעק פון דער צאַריסטישער רוסישער רעגירונג. יעדער מינסקער, וואָס האָט נאָר געהאַט א וועלכען ניט איז אינטערעס אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איז געקומען צו אָט דער באַגעגעניש.

„ווען מיר האָבען נאָכדעם איהם געקיבעצט, פאַר וואָס ער האָט פאַרווענדעט א גאַנצען אָוונד אָהן שום נוצען", דערצעהלט ה. לעווין, „האָט ער שטיל, אָבער וואַרים אַרויסגעזאָגט: „די מינסקער, דאָס איז עפּעס אַנדערש; די מינסקער, דאָס איז אייגען בלוט", און דאָס פּנים האָט אַזוי פריינדליך געשמייכעלט".

עס האָט זיך דערנעהנטערט די צייט ווען גערשוני האָט געדאַרפט אָפּפאָהרען פון אַמעריקא. דאָס איז געווען אין דער ערשטער וואָך פון יאַנואַר. אַלעס איז געווען אַראַנזשירט. עס איז אָבער געווען א גרויסע געפאַהר, אַז די רוסישע שפּיאָנען זאָלען איהם נאָכפאָלגען, וואָרים מיר האָבען דאָך אַלע געוואוסט, אַז גערשוני וועט ניט פאַרבלייבען אין אויסלאַנד, אַז ער וועט זיך זיכער אומקערן צוריק נאָך רוסלאַנד פאָרטצוזעצען זיין טעטיגקייט, און אַז די רוסישע רעגירונג וועט טאָן אַלץ אין דער וועלט כדי איהם אַריינצוקריגען אין איהרע הענד. מיר האָבען געהאַט גענוג גרונד צו דענקען, אַז די רוסישע שפּיאָנען דאָ פאָלגען איהם נאָך, כאָטש גערשוני איז געווען זעהר פאָרזיכטיג. ווען ער איז ערגעץ געגאַנגען האָט ער שטענדיג געהאַט אַן אויסגעאַרבייטען פּלאַן. למשל, ער האָט מיר אַמאָל געזאָגט, דערצעהלט ה. לעווין, אַז איך זאָל קיינמאָל ניט געהן דורך פאַרשידענע גאַסען, נאָר שטענדיג דורך דער זעלבער גאַס, ווייל ווען עס טרעפט זיך אַמאָל אַז דו ווילסט אַנטלויפען זאָלסטו עס קענען טאָן אומגעשטערט. דאַן קאָנסטו געהן אין גאַסען, אין וועלכע קיינער האָט דיך פריהער ניט געזעהן, וואו קיין אויג איז נאָך אויף דיר קיינמאָל ניט געפאַלען.

„אָבער דאָך האָבען מיר געוואוסט, אז רוסישע שפּיאָנען פאָלגען איהם נאָך. עס האָט אָפט פּאַסירט, ווען ער האָט געוואוינט לעבען ברעוואור האָטעל, אז חברה־לייט פלעגען קומען און זיך וועלען אריינ־רייסען. עס האָט אָפט פּאַסירט, אז קולות האָבען זיך דערטראָגען צו אונז. חברה האָבען געפּרואווט מאַכען אַ סקאַנדאַל, כדי צו פאַר־וויקלען אין דעם גערשוני׳ן. מיר האָבען פון דעם געוואוסט און זיינען געווען פאָרזיכטיג. אָפט האָבען מיר באמערקט, אז אַ יונגער־מאַן פאָלגט אונז נאָך ווי אַ שאָטען. וואו מיר זיינען ניט געגאַנגען, ווען מיר זיינען ניט געקומען, איז ער שטענדיג געווען ניט ווייט פון אונז. די פּראָבלעמע איז, אלזאָ, געווען ווי אזוי צו באפרייען זיך פון אָט די רוסישע אַגענטען. צווישען פריינד און באַקאַנטע האָבען מיר ארויסגעלאָזען אַ קלאַנג, אז גערשוני קלייבט זיך פאָהרען קיין שיקאַגאָ, אַז ער דאַרף דאָרטען אויפטרעטען אויף אַ מיטינג. אין דער זעלבער צייט האָבען מיר געמאַכט אַראַנזשמענטס מיט דער שיף, מיט וועלכער ער האָט געדאַרפט אָפּפאָהרען, אז ער זאָל קענען ארויפ־קומען אויף דער שיף מיט אַן אָווענד פריהער איידער זי געהט אָפּ. דאָס איז אונז אָנגעקומען שווער, אָבער מיר האָבען דאָס פאָרט אויס־געפיהרט.

„און אָט קומען מיר זיך צוזאַמען אויף אַ הוליאַנקע. אַ גרויסער עולם האָט אָנגעפילט דעם זאַל. עס זיינען געווען פאַרטראָטען די נאָהענטסטע פון אונז. פון דאַנען האָט עס גערשוני געדאַרפט אוועק־געהן ערגעץ, אָפּגעריסען פון אונז אַלעמען און אַז קיינער זאָל ניט וויסען וואו ער איז אַהינגעקומען.

„געהענדיג צו דער דאָזיגער וועטשערינקע, האָבען מיר באמערקט אונזער שטענדיגען באַגלייטער. ער האָט אונז נאָכגעפאָלגט. ווען מיר זיינען אריין אינווענינג האָבען מיר איהם אויך דערזעהן אריינקומען.

„ווען עס איז געוואָרען שפּעטליך", דערצעהלט קאַץ, „האָט מיר גערשוני אַ וואונק געגעבען. מיר זיינען אַוועק אין אַ ווינקעל און האָבען זיך וואָרים צוקושט, אַז קיינער זאָל ניט זעהן. אזוי האָט ער זיך געזעגענט מיט נאָך אַ פּאָר פון די נאָהענטסטע מענשען. פּלוצלונג האָט איינער פון דער אַראַנזשמענט־קאָמיטע אַ זאָג געטאָן, אז אַלע אַנוועזענדע זאָלען זיך שטעלען אויף אַ באַשטימטען פּלאַץ און קיינער זאָל זיך ניט דערוועגען צו פאַרלאָזען דעם זאַל, אָבער קיינער ניט. אַלע האָבען זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט און גערשוני איז ארויסגע־טראָטען אָנגעטאָן און האָט זיך געלאָזט געהן פון די טרעפּ. דער

יונגערמאַן, וואָס האָט איהם נאָכגעשפּיאָנירט, האָט גלייך אַ כאַפּ געטאָן זיין מאַנטעל און האָט אויך געוואָלט געהן. איינער פון דער קאָמיטע איז אָבער צו איהם צוגעגאַנגען און האָט איהם געזאָגט: „יונערמאַן, איהר פאַרבלייבט דאָ. איהר געהט ניט". ער האָט זיך גענומען רייסען און געזאָגט, אַז ער מוז געהן, אָבער אַ שטאַרקע האַנד האָט זיך געלעגט אויף זיינע אַקסלען און מ'האָט איהם געזאָגט: „וועסט בלייבען דאָ. דו געהסט ניט!"

„פון דער וועטשערינקע איז גערשוני אַריבער צו דר. עלסבערג, וואו עס זיינען געווען פאַרזאַמעלט עטליכע גוטע פריינד און עס איז געווען געגרייט אַ טיש. די שפּאַנונג איז אָבער געווען אַזוי גרויס, אַז קיינער האָט זיך צו קיין זאַך ניט צוגעריהרט. מ'איז געווען פאַר־טראַכט. מ'האָט געפיהלט, אַז דער וואָס איז אונז אַזוי ליב און טייער געוואַרען געהט פון אונז אַוועק.

„פאַר'ן אָפּשייד, זאָגט ה. לעווין, האָט גערשוני פאַר־לאַנגט, אַז איך זאָל עפּעס נעמען פון איהם אַלס אָנדענקונג. ער האָט מיר אָנגעבאָטען פאַרשיידענע זאַכען און אַרטיקלען. ער האָט געוואָלט אויסדריקען זיין דאַנקבאַרקייט צו מיר פאַר מיין איבערגע־בענהייט. אָבער איך האָב ניט געוואָלט פון איהם נעמען קיין זאַך. ער איז אָבער אַזוי צוגעשטאַנען, אַז עפּעס אַ קליינינגקייט האָב איך דאָך גענומען, און דאָס איז פאַרבליבען ביי מיר ביז היינטיגען טאָג. ער האָט ניט געוואוסט, אַז די זעקס וואָכען וואָס ער האָט דאָ פאַר־בראַכט ביי אונז איז געווען דער בעסטער אָנדענק וואָס ער האָט געקענט לאָזען אין אונזער זכרון".

***

מ. קאַץ דערצעהלט:

„דאָס איז געווען אין אַ צייט אַרום נאָך גערשוני'ס אַוועקפאָהרען. מיר זיינען געזעסען ביי דר. קאַפּלאַן, וואו מיר האָבען געהאַט צו פאַרהאַנדלען געוויסע פראַגען. צווישען אונז איז אויך געווען דר. זשיטלאָווסקי. אין מיטען דערינען ברענגט מען אונז אריין אַ טעלע־גראַמע, אַז גערשוני איז געשטאָרבען. אַ לאַנגע צייט זיינען מיר געזעסען ווי שטומע. קיינער האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. דאָס האָט געמוזט דויערען זעהר לאַנג, אָדער אפשר דוכט זיך מיר נאָר אַזוי. דער ערשטער וואָס האָט געפּרוּאווט ריידען איז געווען דר. זשיטלאָווסקי, נאָר ביי די ערשטע ווערטער האָט ער זיך צוואַויינט.

נאָך אַ באַראַטונג פון אונזער גרופּע איז געבליבען, אַז איך זאָל פאָהרען אַלס דער פאַרטרעטער פון דער אַמעריקאַנער גרופּע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען צו גערשוני׳ם לויה. דעלעגאַציעס זיינען געקומען צו מיר און ערקלערט, אַז זיי באַפאָלמעכטיגען מיך אין זייער נאָמען צו לעגען בלומען־קראַנצען אויפ׳ן אָרון און אַז איך זאָל רעדען אין זייער נאָמען פאַר דעם אָפענעם קבר.

איך בין געפאהרען. אנקומענדיג אין פאַריז, זיינען מיר, אַ גרופּע אַלטע חברים, געגאַנגען צו דעם פּלאַץ וואו דער ארון האָט זיך געפונען.

„דאָס איז געווען אַ ברייטער הויף. אַ גאַנצע רייהע מיט מענשען האָבען געהאַלטען אין איין געהן און געהן און געהן ארום דעם אָרון, וואו גערשוני איז געווען. איך האָב אָנגעקוקט זיין פּנים. דאָס איז געווען דער זעלבער לייכטענדער פּנים, דער זעלבער הויכער שטערן וואָס האָט אַזוי ווי געשטראַהלט. מיר איז אויסגעקומען צו הערען רעדעס פון די באַריהמטע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע האָבען געלעבט אין גלות. צווישען זיי איז געווען מינאָר, לאַזאַרעף, רובאַנאָוויטש און אַנדערע. דאָס איז געווען דער סוף פון מיין פּערזענליכער באַגעגעניש און באַציהונג צו דעם מענשען גערשוני", האָט קאַץ ערקלערט.

***

דער שרייבער פון דעם אַרטיקעל האָט באַלאַנגט צו דעם בונד, וועלכער האָט געקעמפּט געגען גערשוני׳ם ריכטונג. אבער נאָך די אַלע געשפּרעכען, וואָס איך האָב געהאַט מיט די דערמאָנטע פּערזאָנען, און נאָך מיין גריבלען זיך אין די צייטונגען פון יענער עפּאָכע, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז גערשוני איז געווען אַ מענש וואָס ווערט זעהר זעלטען געבוירען אין אונזער וועלטעל.

נ. ב. דער מאַטעריאַל פאַר דעם אַרטיקעל איז געזאַמעלט געוואָרען מיט דער הילף פון מיין פריינד מאַקס מונוועז, וועלכער פאַרדינט אַנערקענונג.

ניקאָלאַי רוסאַנאָוו

# אַ העלד פון וואָרט און טאַט

איינע פון די אָנציהענדיגסטע אויפגאַבען פון אַ פּאָליטישען היס־טאָריקער איז דער פּרואוו צו פאַרשטעהן און אויפבויען די געשטאַלט פון אַ באַדייטענדיגען געזעלשאַפטליכען טוער, פון יענעם מין מענשען, וואָס מיט די גלאַטע אָטאָמען פון זייער נשמה — רעדענדיג מיט'ן לשון פון דעמאָקריט'ן — דערוועקען זיי די סימפּאַטיעס פון זייערע נאָכפאָלגער, און מיט די העקעלדיגע אַטאָמען בינדען זיי זיי צו, דרינגען זיך אַריין אין זיי און ציהען זיי מיט זיך.

אַט די העלדען וואָס באַוועגען מחנות, אַט די פיהרער פון דער מענשהייט האָבען פאַרשיידענע מיטלען צו ווירקען אויף די מאַסען, וואָס וואַרפען זיך אונטער זייער איינפלוס. איינינע רעגען אויף די מחות מיט'ן געדרוקטען וואָרט. אַ גלענצענדיגער ביישפּיל איז רוסאָ, וואָס האָט פון זיין קליינעם ווינקעל, אָפּגעשלאָסען אויף זיבען שלעסער אפילו פון זיינע פאַרעהרער, געוואָרפען אין דער וועלט אַריין רעוואָ־לוציאָנערע געפיהלען און אידעען, וועלכע האָבען אויך נאָך זיין טויט צוטרייסעלט די הערצער נישט בלויז פון די לייכטזיניגע פאַרשטעהער פון דער אַלטער אָרדנונג, נאָר אויך פון גרויסע פּאָעטען און טיפע דענקער פון גאָר דער וועלט: ווי געטע און שילער, קאַנט און פּעס־טאַלאָצי, אונזער טאָלסטאָי און אַנדערע, נישט צו ריידען וועגען זיין איינפלוס אויף אַ רייע אָנגעזעהענע טוער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

אַנדערע, מייסטער פון לעבעדיגען וואָרט, באַהערשען די מחות פון מענשען מיט דער הילף פון זייער שעהן־רעדנערייַ, און מיט די דאָזיגע גאָלדענע קייטען בינדען זיי־צו צו זייער פּאָליטישען רייט־וואָגען תלמידים און נאָכפאָלגער, און וואַרפען אַרויף אויף זיי זייער אייגענעם גורל. געננוג צו דערמאָנען גלאַדסטאָנ'ען, אַ מיטעלמעסיגען און טראַדיציאָנעלען שרייבער, אָבער מעכטיגען אָראַטאָר, וועמעס בעסט ליטעראַריש ווערק — ווי זיינע אייגענע פריינד פאַרזיכערען — איז געוועזען זיין פּאָליטיש לעבען, וואָס האָט קאָנצענטרירט אין געוויסע מאָמענטען דעם פּולס־שלאָג פון דער גאַנצער פראָגרעסיווער ענגלאַנד.

עס זיינען ענדליך דאָ — ווענינסטענס זיינען געווען — היס־טאָרישע פּערזענליכקייטען, וואָס האָבען געווירקט אויף מענשען נישט אזוי מיט'ן געשריבענעם אָדער לעבעדיגען וואָרט, ווי מיט דער טאַט, מיט דער אוממיטעלבאַרער, אָפּט צושטערענדיגער טעטיגקייט, און האָבען צו איהרע צילען אונטערגעוואָרפען דעם ווילען און אינטערעסען פון לעבעדיגע מענשען. אַ מערקווירדיג עפעקטפולער מוסטער פון אַזאַ מין פּאָליטישען טוער איז נאַפּאָלעאָן. נישט קוקענדיג אויף די מיליאָנען אומגעבראַכטע לעבענס, האָט ער נאָך נישט פאַר אַלעמען פאַרלאָרען דעם באַדייט פון אַ גרויסער היסטאָרישער פיגור און ער איז אַפילו אידעאַליזירט געוואָרען צו ביסלאַך אין דער באַארבייטונג פון פּאָעטען, ווי מיר זעהען עס ביי בעראַנזשע, וויקטאָר הוגאָ, היינע און אַפילו טיילווייז ביים טיטאַנישען פרייהייט־ליבהאָבער בייראָן.

פון דער צווייטער זייט איז אויך פאַרשיידען די באַציהונג פון די געזעלשאַפטליכע טוער גופא צום וואָרט און טאַט. עס זיינען דאָ מענשען, פאַר וועמען עס זיינען וויכטיג מעשים און בלויז מעשים — אויף אַזוי וויט וויכטיג, אַז דאָס וואָרט וועגען טאַט שוואַכט אָפּ אין זייערע אויגען די חשיבות פון דער טאַט גופא און ווערט דעריבער אַ „פראַזע”. אָבער עס זיינען דאָ מענשען, וואָס האַלטען גראָד פאַר נויטיג אויסצוטייטשען די טאַט מיט ווערטער, ווייל אָהן דעם פּירוש פון די ווערטער דאַכט זיך זיי, אַז די טאַט איז בלויז אַ נאַקעטער, נישט פאַרענדיגטער פאַקט, אָהן רעזולטאַטען. און נישט אַלץ קען דאָ דערקלערט ווערען מיט'ן ריין־פּערזענליכען עלעמענט, מיט אייגען־ליבע. איך וועל זיך דערלויבען צו ברענגען נאָך אַ פּאָר ביישפּילען.

וואָרט מיט טאַט: אויף מאָרגען נאָך דער (פּאַריזער) יולי־רעוואָלוציע פון 1830 האָט דער יונגער אינסורגענט ארקאָל זיך אַ ריס געטאָן מיט דער דריי־פאַרביגער פאָהן פאָראויס פון זיינע חברים, כדי אָפּצונעמען ביים מיליטער דעם בריק, וואָס האָט פאַרבונדען דעם ראַטהויז־פּלאַץ מיט'ן צענטראַל פּאַריזער אינזעל סיטע, און האָט אויסגעשריען: „אויב איך וועל פּאַלען, געדענקט אַז איך היים אַרקאָל”. אַרקאָל איז געפאַלען, אָבער דער בריק איז אַ דאַנק זיין העלדישקייט גענומען געוואָרען און האָט געקראָגען נאָך איהם דעם נאָמען — ארקאָלער. טאַט אָהן וואָרט: דער אויספיהר־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי „נאַראָד־נאַיאַ וואָליאַ” האָט צושיקט זיינע מיטגלידער אַ בקשה, אַז יעדער איינער זאָל אָנשרייבען זיין ביאָגראַפיע, נו — כאָטש אַ פּאָר באַמער־

קוננען וועגען זיין לעבען. אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, איינער פון די ענערגישסטע און איבערגעבענסטע מיטגלידער פון קאָמיטעט, האָט געענטפערט: „מען וועט אָהן באַמערקונגען אויך אויפהענגען". — ווער איז סימפּאַטישער: אַרקאָל, וואָס האָט שוין בשעת מעשה גע־רופען צו די קומענדיגע דורות, אָדער אונזער מיכאַילאָוו מיט זיין ענטפער פון אומפּאַרגלייכליכער העראָאישער באַשיידענקייט, וואָס זאָגט פשוט, אַז די פּערזענליכקייט אַליין האָט קיין שום באַדייטונג נישט?

אין אַ געוויסען זין איז עס אַ זאַך פון געשמאַק, פון נאַציאָנאַלען אָדער גיכער קולטורעלען געשמאַק. דער העלדישער רוסישער אינ־טעליגענציע פון פאָריגען יאָהרהונדערט האָט זיך געדאַכט, אַז ס'איז בעסער צו געהן אויף דער תליה אָהן באַמערקונגען. אָבער מען קען זיך פאָרשטעלען פּערזענליכקייטען פון זעהר הויכען מאָראַלישען שניט, וואָס זאָלען האַלטען, אַז די אינטערעסען גופא פון דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער אידעע פאָדערען צו באַזינגען און באַלייכטען די טאַט מיט'ן געהעריגען וואָרט, כדי צוזאַמען מיט דער פיל־באַדייטענדיגער טאַט זאָל געהן דאָס נישט ווייניגער באַדייטענדיגע וואָרט, און פון דער ענגער פאַרבינדונג פון זיי ביידען זאָל אַרויסוואַקסען די גרויסע היסטאָרישע טואונג.

***

אָט די רעיונות זיינען מיר געקומען אין קאָפּ אַריין די גאַנצע צייט וואָס איך האָב דורכגעקוקט דעם געדרוקטען מאַטעריאַל וועגען דער פּערזענליכקייט פון גריגאָרי אַנדרעיעוויטש גערשוני און געזוכט עס צו דערגענצען מיט מיינע אייגענע — און פרעמדע — פּערזענ־ליכע עראינערונגען וועגען דעם פריהצייטיג־אַוועקגעגאַנגענעם העלד פון דעם אָנפאַנגס־פּעריאָד פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלו־ציאָנערען. אָט איז אַ מענש, וואָס האָט געקענט נישט בלויז טאָן, נאָר אויך רעדען, וואָס איז געווען דער העלד פון טאַט און וואָרט איינ־צייטיג! די געהעריגע אָפּשאַצונג וועגען איהם מוז קודם כל אַנט־שיידען אָפּוואַרפען אַלץ, וואָס קען האָבען אפילו די מינדסטע שייכות מיט'ן געדאַנק, אַז ער האָט געלאָזט אַנדערע דורכפיהרען טעראָריס־טישע מעשים מיט זייערע הענט און אַליין פאַר זיך איבערגעלאָזט דעם געביט פון דער „פראַזע". מען דאַרף זאָגען, אַז אַזאַ מיינונג וועגען איהם איז מיר אויסגעקומען צו הערען אַ פּאָר מאָל, ליידער, פון אַלטע פּאַרטיי־חברים, פון וועמען מען האָט געמעגט דערוואַרטען אַז זיי

זאָלען זיין אי טאַקטישער, אי טיפער זיך אריינטראַכטען. איך דער־קלער די דאָזיגע מיינונג דערהויפּט דורך דעם באַהאַלטענעם אַנטי־סעמיטיזם, מיט וועלכען ווי מען זאָל זיך ניט שעמען ארויסצוקומען אָפען, איז ער נאָך אַלץ נישט אינגאַנצען אויסגעראָטען געוואָרען ביי געוויסע רוסישע סאָציאַליסטען, און קען איצט געפינען אַ געוויסען אָפּקלאַנג אין די רעאַקציאָנערע שטימונגען פון אונזער עפּאָכע.

אין אַ צווייטען פּלאַץ (זעה מיין בוך „אין עמיגראַציע", מאָסקווע, 1929, זייט 262) האָב איך באַצייכענט מיין ערשטען איינדרוק פון אַ שמועס מיט גערשוני'ן אין אויסלאַנד, וואַרשיינליך אין יאָהר 1902, אויך מיט די ווערטער: „ניין, פון אַזא האָלץ ווערען קיין אמת'ע העלדען נישט געמאַכט". אָבער איך האָב צוגעגעבען: „ערשט דער־נאָך, ווען איך האָב זיך באַקאַנט מיט זיין אויפפיהרונג אויפ'ן פּראָ־צעס, און שפּעטער — מיט די איינצעלהייטען פון זיין קונציג־דורכ־געטראַכטען און אומדערשראָקען־דורכגעפיהרטען אַנטלויפען . . . . און דערנאָך ביי די באַגעגענישען מיט איהם אין רוסלאַנד ביי פאַר־שיידענע אומשטענדען, בשעת עס האָט זיך שוין אָנגעהויבען די סטאָליפּינשע רעאַקציע, האָב איך געקענט אָפּשאַצען די זעלטענע איינגענשאַפטען פון דעם מענשען. און דעמאָלט האָב איך פאַרשטאַנען, וויפיל טעות'ן עס זיינען דאָ אין אונזערע איינצעלנע, אָפּגעזונדערטע איינדרוקען און ווי עס איז נויטיג צו באָאָבאַכטען אַ מענשען אין פאַרשיידענע אומשטענדען און פאַרריכטען איין איינדרוק דורך אַ צווייטען, כדי עס זאָל ריכטיג אָפּגעשאַצט ווערען דער ווערט פון אַ מענשען און עס זאָל קענען אָנגעצייכענט ווערען — אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקען — די געבויגענע ליניע פון דער מאָראַלישער פערזענליכקייט". דער איצטיגער פּרואוו פון געבען אַ פּסיכאָלאָגישע כאַראַקטעריסטיק פון גערשוני איז ביי מיר ארויסגעוואַקסען פון דער באַדערפעניש ארויסצוברענגען פאַר'ן פריינדליכען לייענער, דעם רע־וואָלוציאָנערען לייענער, דאָס גייסטיגע פּנים פון איינעם פון די מערקווירדיגסטע געזעלשאַפטליכע טוער פון דער יונגער, אָבער נאָך פאַר־מלחמה'דיגער רוסלאַנד.

***

אויב איך מאַך קיין טעות נישט, וועט אין דעם זאַמעלבוך צום אָנדענק פון גערשוני זיין אויך אַ געשיכטע פון זיין קינדהייט און זיינע יונגע יאָהרען. אַט די זעלטענע דאָקומענטען האָב איך נישט

אונטער׳ן האַנט. אָבער אויף וויפיל איך קען אורטיילען פון די איינצעלנע דעראַינערונגען, וואָס איך האָב געהערט פון גערשוני׳ן אַליין, איז ער געבוירען געוואָרען אין אַ באַלעבאַטישער פאַמיליע פון אידישען מיטעלשטאַנד, וואו — ווי בכלל אין אַזעלכע אידישע פאַמיליעס — ליבשאַפט און פרידען האָבען פאַרבונדען אַלע מיטגלידער, און עס האָבען זיך לאַנג נישט אָנגעזעהן קיין אידעאישע חלוקי דעות צווישען עלטערען און קינדער. ווי ער אַליין דערצעהלט, האָט ער אין די שול־יאָהרען נישט דורכגעלעבט קיינע פּאָליטישע רעגונגען, האָט זיך געלערענט רוהיג און איז דערגאַנגען ביז׳ן פּראָוויזאָרישען דיפּלאָם, וואָס האָט איהם געגעבען אַ מעגליכקייט צו האָבען חיונה און גלייכצייטיג זיך פאַרנעמען מיט דער געוועהנליכער קולטורעלער און בילדונגס־טעטיגקייט אין ברייטען זין פון וואָרט. גערשוני האָט זיך דער ארבייט איבערגעגעבען מיט דער ענערגיע און גרינטליכקייט, וואָס איז אַלעמאָל געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר איהם, האָט גע־גרינדעט שולען פאַר פאָלקס־בילדונג, האָט אַליין געהאַלטען לעקציעס און אויף דעם וועג זיך אָנגעשטויסען אויף די געוועהנליכע שטע־רונגען מצד דער אייפערדיגער און זעהר פאַרדעכטיגער אַדמיניסטראַציע.

אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען עטליכע יאָהר, ביז 1899, ווען עס זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען די צייטווייליגע געזעצען געגען די בונטירענ־דיגע סטודענטען, און דערנאָך, אין 1900, ווען די רעגירונג, מיט׳ן פאַקטישען אָנווענדען פון די געזעצען, האָט אַרויסגערופען אַ היבשע אויפרעגונג אין דער געזעלשאַפט. פאַרנעמען די אוניווערזיטעט־יוגענד איבער־געוואַלד אין דער אַרמיי — דאָס איז געווען אַן אָפענע אַטאַקע געגען דער אינטעליגענציע. אָבער די אויסברוכען פון צאָרן אין דער רוסישער ליבעראַלער געזעלשאַפט האָבען קיינמאָל נישט דערגרייכט דעם פאַרנעם פון אַן ערנסטען פּאָליטישען פּראָטעסט, און די מאַכט האָט גאַנץ גלייכגילטיג געקוקט אויף די זעהר מעסיגע שטורעמס אין די מוחות פון אונזערע בילדונג־פאַרשפּרייטער. אַנדערש אָבער האָט עס געווירקט אויף דער מעכטיגער פערזענליכקייט פון גערשוני, ביי וועמען אַ פלאַמענדיגע נשמה האָט זיך מערקווירדיג צונויפגעפּאָרט מיט אַ קאַלטען, גרויסען פאַרשטאַנד.

אַ מענש ווי גערשוני, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די פאַר־קערפּערונג פון פיזישען און גייסטיגען געזונט, וואָלט מסתמא נאָך לאַנג געאַרבייט אויף דעם אומדאַנקבאַרען באָדען פון דער ריין־קול־טורעלער טעטיגקייט, ווען נישט די צייטווייליגע געזעצען, וואָס האָבען

איהם אויפגעטרייסעלט ביז דער סאַמע טיפעניש פון זיין באוואוסט־זיין. פון איינעם, וואָס האָט בלויז געהאַט מיטגעפיהל צו דער רעוואָ־לוציע, ווערט ער אַליין אַ רעוואָלוציאָנער, און אַ רעוואָלוציאָנער וואָס נעמט זיך גלייך אויפ'ן וועג פון די אנטשיידענסטע קאַמפּס־מיטלען — פון סיסטעמאַטישען טעראָר.

אָט דער גרויסער גייסטיגער קריזיס, וואָס האָט ווי אַ האַמער אַ קלאַפּ געטאָן איבער גערשוני'ס שטיפער, שטאָלענער נשמה און האָט אָפּגעקלונגען אין אַלע ווינקעלאך פון זיין וועזען, האָט נאָך דעמאָלט ארויסגערופען קלאָגעדיגע פירושים פון אונזער רעכט־גלויביגען מאַרק־סיזם און שפּעטער נאָך מעהר פּאַר'פּלפּול'טע חכמות פון די באָלשע־וויסטישע פּובליציסטען, וועלכע האָבען אויסגעטייטשט אַז גערשוני איז אייגענטליך בלויז — „אַ ליבעראַל פלוס אַ באָמבע". „נישט דאָס בילד — פאַרשטעהט איהר מיך — פון דער אויפקומענדיגער פאָלקס־באַוועגונג, נישט דער פאַרביסענער קאַמף פון דערוועקטען פּראָלעטאַריער, וואָס ווערט איינגעשטילט מיט זעלנערשע ביקסען, נישט דער גרונט־קאָנטראַסט צווישען אָרעמקייט און רייכקייט, וואָס האָט אַמאָל געצוואונגען דעם בונטאַר פון די זיבעציגער יאָהרען „זיך אָפּצוזאָגען פון דער אַלטער וועלט"... האָבען ארויסגעשלאָגען גער־שוני'ן פון דעם שליאַך פון פאָלק־ליבהאָבערישער בילדונג־פאַרשפּריי־טונג, נאָר די בלוטיגע רציחה איבער די סטודענטען".

אַזוי האָט געקנאַקט און געסמאַליעט די דעמאָלטדיגע „איסקרא". נאָך מעהר קנאַקען און סמאַליען די איצטיגע באָלשעוויסטיש קינע־לאַך, וואָס זיינען אָנגעזאַפּט מיט דיאַלעקטיק. (זעה די קאָמענטאַרען צו מיין בוך פון איינעם אַ קאָמוניסטישען חכם י. אַ. טעאָדאָראָוויטש).

אין דער זעלבער צייט האָט גערשוני אַליין אויפ'ן קלאָרסטען אופן (אין דער ביים פּראָצעס נישט געהאַלטענער, נאָר שפּעטער אָפּ־געדרוקטער רעדע) געשילדערט דעם זין פון דער איבערקערעניש, וואָס איז אין איהם פאָרגעקומען:

„. . . עס געהט נישט אין דעם, וואָס מ'האָט סטודענטען אָפּגע־געבען אין זעלנעריי, נאָר וואָס אין די „געזעצען", ווי אין אַ טראָפּען וואַסער, האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט דער גאַנצער רעכטלאָזער ווילקיר, דער גאַנצער יאָך, וואָס דריקט אונזער לאַנד. יעדער איינער האָט מיט שרעק דערזעהן, אַז קיין זאַך גאַראַנטירט נישט זיין פּערזענליכע עקזיסטענץ.

„דאָס האָט באַדייט, קודם כל, אַז אויפ'ן לאַנד קענען זיך פון

דער העלער הויט אראָפּלאָזען די ווילדסטע און משונה׳דיגסטע מאָס־רעגלען, אויב דאָס וועט נאָר איינפאַלען אימיצען, וואָס האָט זיך גראָד אין דעם מאָמענט צוגעשלאָגען צו דער מאַכט. דאָס האָט באדייט ווידעראַמאָל, אז אין לאַנד זיינען נישטאָ קיינע „געזעצליכע" מיטלען פון אָפּוועַנדען אַזעלכע ווילדע איינפאַלען. ביי אַזאַ רעכט־אָרדנונג איז אויסגעקומען, אַז די גאַנצע קולטורעלע שעפערישע ארבייט איז געבויט געוואָרען אויף אַ באָדען, וואָס קען זי צו יעדער מינוט איינ־שלינגען. איך האָב דערזעהן, אז ס׳איז געקומען דער מאָמענט, ווען יעדער איינער דאַרף זיך שאַפען אַ קלאָרען באגריף וועגען די ענדגילטיגע רעזולטאַטען פון יענער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט, צו וועלכער ער האָט זיך אָפּגעגעבען, און אז ביי אַזעלכע באדינגונגען איז איהם געבליבען צו טאָן בלויז איינס פון די צוויי: אָדער העלפען פאַרשטאַרקען די אָרדנונג אָדער העלפען זי אומוואַרפען; אָבער זיך אוועקשטעלען אין אַ נייטראַלער פּאָזיציע און בלייבען אַ קיהלער צו־שויער פונ׳ם קאַמף פון ביידע שטרעמונגען איז פאַרברעכעריש. דאָן האָב איך פאַרלאָזט אי מיין מאַטעריעל־געזיכערטע לאַגע, אי מיין פרידליכע אַרבייט פון אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, אַלע מיינע באַקאַנטע און פערזענליכע פאַרבינדונגען — מיט איין וואָרט, אַלץ וואָס מיר רופען „פערזענליכער גליק" און וואָס איז באמת בלויז וואוילזיין אויפ׳ן חשבון פון אַנדערע, און בין אַוועק צו די, וואָס האָבען אין גרונט פון זייער טעטיגקייט אַוועקגעלעגט בלויז איין מאָטיוו: דעם וואויל־זיין פון אַלעמען".

עס וואָלט געווים געווען אַ גראָבע פאַרלייקענונג פון אמת אָדער אַן עקסטרעמע פּאַרטייאישקייט צו באהויפּטען, אַז גערשוני איז צוגע־שטאַנען צו די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, נישט פאַרשטעהענדיג די באדייטונג פון דער סאָציאַלער פראַגע, אַז ער האָט איגנאָרירט די עקזיסטענץ פון די אַרבייטענדיגע קלאַסען און דעם גרויסען היסטאָ־רישען געראַנגעל צווישען אַרבייט און קאַפּיטאַל; מיט איין וואָרט, אַז ער איז נישט געווען קיין גאַנץ באוואוסטזיניגער סאָציאַליסט. פאַרקערט, וויפיל מאָל קערט ער זיך אום אין זיין רעדע צו אָט דעם צענטראַלען געדאַנק פון זיין וועלט־אָנשויאונג און מיט וואָס פאַר אַן ענערגיע און ליידענשאַפט!

צום ביישפּיל: „. . . אַלץ איז אָפּהענגיג דערפון ווי אַזוי מען קוקט אויפ׳ן אַרבייטער־פאָלק און ווי אַזוי מען באַציהט זיך צו איהם.

פאַר אייניגע איז עס — אַ גאַנץ פרעמדע מאַסע, אַן אָהן־פּנים׳דיגער המון, אַ מין שטומע סטאַטיסטען אויף דער ביהנע פון אַן אינטערעסאַנטען ספּעקטאַקעל: די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט ווערט געשאָנקען דער פאַרבענרייכער שפּיל פון די „פּערסאָנאַזשען״, און וועגען די סטאַטיסטען פאַרגעסט מען אינגאַנצען. פאַר אַנדערע איז דאָס אַרבייטענדיגע פאָלק שיער נישט אַ טויטער פּגר, אויף וועלכען מען וואַרפט זיך ווי הונגעריגע וועלף, אַ געפאַנג, וואָס מען רייסט ארויס איינער ביים אַנדערען, זוכענדיג צו פאַרכאַפּען אַ וואָס גרעסערען חלק; און מען באַרעכטיגט די מעשים „וויסענשאַפטליך״ דערמיט, וואָס די נאַטור אַליין האָט פאָראויסבאַשטימט, אַז הונדערטער מיליאָנען זאָלען פאַרבלייבען אין קאַטאָרזשנע־אַרבייט, אָהן אַ שטיקעל ברויט און אָהן די נויטיגסטע באַדינגונגען פון מענשליכער עקזיסטענץ, כדי איינצעלנע אויסדערוועהלטע זאָלען קענען אויפ׳ן חשבון פון זייער מיה הנאה האָבען פון אַלע וואוילטאָגען פון לעבען. און ענדליך, פאַר אַ דריטען טייל מענשען איז דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק — די איינציגע געזעלשאַפטליכע הייליגקייט, וואָס איהר ווילען זיי דינען און ווידמען אַלע זייערע כחות, נישט כדי צו ציהען נוצען פאַר זיך אַליין, נאָר צוליב דעם, וואָס בלויז דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק, דערוואַכט פון זיין אומוויסען און אונטערדריקונג, קען פאַרקערפּערען אין לעבען די העכסטע צילען פון פרייהייט, גלייכהייט און גערעכטיגקייט. אָט דער דריטער טייל אַנערקענט, אַז עס איז נויטיג צוריקצושטעלען דאָס אייגענטום פון די האָרעפּאַשנע קלאַסען. אייך וועט עס מסתמא וואונדערען. איהר האָט געהערט, אַז סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען פאָדערען די אָפּשאַפונג פון אייגענטום. ניין, די סאָציאַליסטען פאָדערען, אַז יעדען זאָל געהערען דער פּראָדוקט פון זיין אַרבייט, מינוס די געזעלשאַפטליכע הוצאות, און אַז עס זאָלען באַשאַפען ווערען אַזעלכע באַדינגונגען, ביי וועלכע די מינדערהייט זאָל נישט קענען פאַרכאַפּען פאַר איהר אייגענעם נוצען דאָס אייגענטום פון דער מערהייט. ווי אַזוי דאָס צו דערגרייכען — איז שוין אַן אַנדער פראַגע, און אָפּשטעלען זיך דאָ אויף דעם איז נישט כדאַי. איך וויל בלויז באַמערקען, אַז מיר האַלטען, דאָס נישט דורך דעקרעטען און נישט דורך וועלכע עס איז פאַרשווערונגען, נאָר בלויז דורך אַנטוויקלען דעם זעלבסטבאַוואוסטזיין פון האָרעפּאַשנעם פאָלק, בלויז דורך איהם אַליין קען דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען אַ שכל׳דיגע און יושר׳דיגע סאָציאַלע אָרדנונג. ביי איצטיגען טאָג זיינען מיר נאָך אין רוסלאַנד זעהר

ווייט דערפון און נישט וועגן איינפיהרען די סאָציאַליסטישע אָרדנונג רעדט זיך דערווייל״.

⁂

פון זיין קלאָרען סאָציאַליסטישען שטאַנדפּונקט ארוים דערקלערט גערשוני אין נאָמען פון דער גאַנצער פּאַרטיי, אַז „מיר זיינען די פּאַרטיי פון די האָרעפּאַשניקעס און אַלס אַזאַ איז אונזער צוועק צו אַנטוויקלען אין זיי דעם קלאַסען־באַוואוסטזיין און אָנפיהרען זיי אין זייער אָרגאַניזירטען קאַמף פאַר פּאָליטישער און עקאָנאָמישער באַפרייאונג״. אָבער ער אנטוויקעלט מייסטערהאַפט דעם געדאַנק, אַז אין די געגעבענע באַדינגונגען קענען די רוסישע רעוואָלוציאָנערען נישט אויסמיידען דעם טעראָר, כאָטש דער טעראָר איז נישט קיין „גרונט־עלעמענט פון אונזער פּאַרטיי־פּראָגראַם״. דער טעראָר איז אויף דעם אופן דער נאַטירליכער ענטפער פון דעם זיך־אַנטוויקלענדיגען לאַנד אויף דעם אומדערטרעגליכען צוואַנג פון דער רעגירונג; ער איז דער „צוריקשלאָג־ווינקעל״, וואָס איז גלייך צו דעם „פאַל־ווינקעל״ — קורץ, אַ היסטאָרישע נויטווענדיגקייט. „דאָ רעדט זיך שוין נישט וועגן בייטען די אָרדנונג, נאָר וועגן באַשיצען דאָס לאַנד פון אומדערהערטע גוואַלדטאַטען און צוואַנג, וועגן דער נויטווענדיגקייט פון געזעלשאַפטליכער זעלבסטפאַרטיידיגונג און זעלבסט־שוץ״. די רעוואָלוציאָנערע קאַמפּס־מיטלען זיינען נישט קיין פּשוט׳ער צופאַל: „דאָס קלאַפּט דאָס יונגע רוסלאַנד אין צודעקעל פון דער טרונע, וואו מ׳האָט זי באַגראָבען. דאָס זיינען די פאַרזשאַווערטע טשוועקעס, וואָס פליהען מיט געוואַלט פון די קלעפּ פון די רעוואָלוציאָנערען״.

נאָך דעם ווי ער דערמאָנט אויך, אַז ער געהערט צום אידישען פאָלק, אויף וועמען עס פאַלען מיט באַזונדערער אכזריות די נגישות פון דער רעגירונג, פאַרענדיגט ער מיט אַ ווידוי, וואָס איז באַשיידען אין זיין שטאָלץ און זיין באַשיידענקייט: „מיט מיין טעטיגקייט האָבען אָנגעפיהרט נאָר דער באַוואוסטזיין פון מיין חוב און די אינטערעסען פון אַרבייטס־פאָלק. און איך האַלט, אַז מיין חוב צום פאָלק האָב איך עהרליך אָפּגעצאָהלט. איך האָב זיך קיין זאַך ניט פאָרצוואַרפען און גלויב, אַז דאָס פאָלק אַליין, ווען עס וועט פאַרשטעהן אין וואָס דאָ געהט, וועט מיר גאָרנישט פאָרוואַרפען. איך וויים, אַז דער וועג פון דאַנען פיהרט גלייך צו דער תליה, אָבער איך

בעט נישט ביי אייך קיין שום פאַרמילדערונג. ענדיגט אייער זאַך!...
מיט וואָס פאַר אַ סודות די רעגירונג זאָל אונז נישט ארומרינגלען —
אונזער טויט וועט זי נישט באהאַלטען. און דערזעלביגער גלאָק,
וואָס פאַר מיר פערזענליך וועט זיין בלויז אַ לויה־קלאַנג, וועט זיך
צוקלינגען אין דער שטילקייט פון די קברים און טורמעס ווי אַ מעכ־
טיגער רוף פאַר דער פרייהייט, וועלכע מיר פאַרטיידיגען".

⁂

איך מוז מיך אנטשולדיגען פאַר די לייענער וואָס איך קען זיי
נישט איבערגעבען פינקטליך די דאָזיגע ווערטער, וועלכע זיינען פונקט
אַזוי דערהויבען אין אינהאַלט ווי זיי זיינען שעהן אין דער פאָרם.
איך האָב אונטער'ן האַנד בלויז די פראַנצויזישע איבערזעצונג פון
דער מערקווירדיגער רעדע ווי זי איז דערשינען אין די נומערן 16
און 17 פון „לאַ טריביון ריוסס" פאַר'ן יאָהר 1904, וואָס פלעגט דער־
שיינען אין פראַנצויזיש אין פאַריז אונטער דער רעדאַקציע פון אי. אַ.
רובאַנאָוויטש און מיינער. איך באַמיה זיך בלויז אויף ווי ווייט איך
קען איבערצוגעבען נאָהענט צום טעקסט די היסטאָרישע דערקלערונג
פון גערשוני. אָבער אויך דורך אָט דער דאָפּעלטער איבערזעצונג
טרעט ארויס אַזוי בולט דער מענש און דער אָראַטאָר. גערשוני אַליין
האָט מיט אַ ביוון די רעדע נישט געהאַלטען, ווייל ער האָט געזעהן
ווי זאָרגפעלטיג די רעגירונג האָט צו די זיצונגען פון געריכט צוגעקליבען
אַן עולם, אויף וועלכען קיין מענשליך וואָרט זאָל קיין איינפלוס נישט
האָבען. פריינד האָבען אָבער געקראָגען דעם דאָקומענט און איהם
פאַרעפענטליכט. און פאַר דער פערזענליכקייט פון גריגאָרי גערשוני
איז עס ווירקליך אַ מוסטער.

⁂

אָבער מיר זיינען דאָ אַ ביסעל פאַרלאָפען פאָראויס. אין יאָהר
1900 זעהען מיר ווי גערשוני שטעלט זיך אין די רייהען פון דער
פאַרטיי ס. ר., וואָס האָט זיך דעמאָלט ערשט אָנגעהויבען צו פאָר־
מירען. פון סאַמע אָנהויב אָן טראָגט ער אריין אין זיין נייער טעטיג־
קייט זיין כאַראַקטעריסטישען צוויי־פאַכיגען טעמפעראַמענט פון אַן
ערשט־קלאַסיגען קעמפער: דעם פלאַמענדיגען ענטוזיאַזם פון אַ גלוי־
ביגען, און דעם קאַלטען, קלאָרען געדאַנק פון אַ פּאָליטישען פיהרער.
אָט די זעלטענע צונויפפּאָרונג פון פייער און אייז גיט איהם גלייך אַ
פלאַץ פון אַ מעכטיגען פּראָפּאַגאַנדיסט און אויסגעצייכענטען אָרגאַ־

ניזאטאָר. ער ציהט צו זיך מענשען, ער שטעקט זיי אָן מיט זיין באגייסטערונג. אָבער ער אַליין אָרגאַניזירט זיי אויך אין קאַמף־גרופּעס און באשטימט יעדערען אַ פּלאַץ לויט זיינע פעהיגקייטען. אַ מוטיגער סאָלדאַט איז ער אין דער זעלבער צייט אויך אַן ערשט־קלאַסיגער גענעראַל. ווען מען דאַרף, וועט ער זיך נישט וואקלען אַליין צו געהן דער ערשטער אין פייער. אָבער ער קען זיך אויך באַנוצען מיט די כחות פון אַנדערע און זיי אָנווענדען צוזאַמען צו איין גרויסען ציל. פון דאַנען האָט זיך אויך גענומען די לעגענדע, וואָס זיינע שונאים האָבען פאַרשפּרייט: ער וועט אַלץ פאָראויסזעהן, אַלץ צוגרייטען, וועט צונויפשטעלען אַ קאַמף־גרופּע, וועט זי צופיהרען צום קרבן, ד. ה. צו אַ וועלכען ניט איז בייזען צאַרישען אונטער־דריקער, און וועט בלויז געבען אַ צייכען מיט זיין גלאַנציגען צילינ־דער, מיט דער עלעגאַנטער הוט פון אַ קאָרעקטען דזשענטעלמען (צי נישט פון דאַנען נעמט זיך דער צונאָמען „קאַפּעליוש" (שליאַפּאַ) אונטער וועלכען ער איז באַקאַנט געווען די ריטער פון דער געהיים־פּאָליציי?), און עס בלאַנקען די שאַרפע קינזשאַלען, עס פליהען גע־צילטע קוילען, עס קראַכען מאָרד־באָמבעס אין די הענט פון די פאַרשווערער. דער קרבן איז געפאַלען. די דורכפיהרער זיינען זיך צולאָפען אָדער מ'האָט זיי געכאַפּט. אָבער דער גלאַנציגער צילינדער האָט זיך שוין געהאַט באהאַלטען און ווי אַ רואה ואינו נראה גרייט ער שוין נייע אָנפאַלען. מיט אַזאַ טיפוועלשער באַלויכטונג איז אַרומגע־רינגעלט די שלאַנקע עלעגאַנטע פיגור פון גערשוני אַפילו אין די אויגען פון דער געהיים־פּאָליציי, שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרס, וועלכע זיינען דאַכט זיך וויט פון אידעאַליזאַציע און ראָמאַנטיזם.

טוט אַ קוק אויף דעם פּאָרטרעט, וואָס איז אָנגעצייכענט נישט אינגאַנצען אומקינסטלעריש: „אין הארבסט 1901 איז צווישען די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען אויפגעקומען אַ באַזונדערע קאַמפּס־גרופּע (באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ), וואָס איהר איניציאַטאָר און שעפער איז געווען דער נאַר־וואָס באַפרייטער פון אַרעסט אין דעם משפּט אויף דער „אַרבייטער־פּאַרטיי פאַר פּאָליטישער באַפרייאונג פון רוס־לאַנד" — גערשוני. אַן איבערצייגטער טעראָריסט, אַ קלוגער, אַ דורכ־געטריבענער, מיט אַן אייזערנעם ווילען, האָט ער פאַרמאָגט די זעל־טענע פעהיגקייט פון באַהערשען די אומדערפאַהרענע לייכט־גלויביגע יוגענד, וואָס האָט זיך אריינגעצויגען אין דעם רעוואָלוציאָנערען ווירבעל־קרייז און איז געקומען אונטער זיין איינפלוס. זיין היפּנאָ־

טיזירענדיגער בליק און זיין באזונדערס איבערצייגענדיגער אופן פון ריידען האָבען איינגענומען זיינע צוהערער, און זיי זיינען געוואָרען זיינע הייסע אָנהענגער. האָט גערשוני אָנגעהויבען ארבייטען איבער אַ מענשען, האָט יענער אין אַ קורצער צייט געמוזט זיך אינגאַנצען איהם אונטערגעבען און דורכפיהרען אַלע זיינע באַפעהלען אָהן וועלכען עס איז ווידערשפּרוך". ווייסט איהר ווער עס האָט אָנגעשריבען די דאָזיגע כאַראַקטעריסטיק, אין וועלכער עס פיהלט זיך אַ געוויסער אויפריכטיגער ציטער? דאָס געהערט צו דער פעדער פון'ם באַריהמטען פיהרער פון דער אָכראַנע אין צאַרישען רוסלאַנד, אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש ספּירידאָוויטש! *)

***

נאָך מעהר פריש־צאַפּעלדיג אַלס „מענשליכער דאָקומענט", ווי זאָלאַ האָט אַמאָל ליב געהאַט זיך אויסצודריקען, איז אפשר די קאָרעספּאָנדענץ וועגען גערשוני'ן צווישען צוויי וויכטיגע אָכראַנע־באַאַמטע, דעם נאָר־וואָס דערמאָנטען ספּירידאָוויטש, וואָס האָט דעמאָלט ערשט אָנגעהויבען זיין קאַריערע, און זיין נאַטשאַלניק, פיהרער און באשיצער, יעווסטראַטי פּאַוולאָוויטש מעדניקאָוו, וואָס האָט דעמאָלט פאַרנומען דעם וויכטיגען אַמט פון „פּאַרוואַלטער מיט דער אויסערליכער השגחה איבער גאַנץ רוסלאַנד".

אָט וואָס די דאָזיגע שאַרמאַנטע צאַרישע שעראָלק האָלמסען האָבען געשריבען ווען מ'האָט זיך געגרייט צו געהן מיט אַ גאַנצען צוג אויף גערשוני'ן:

„טייערער אַלעקסאַנדר איוואַנאָוויטש! . . . דער קייסער האָט געזאָגט, אַז ווער עס וועט אַרעסטירען דעם וואַסיליעווער חבר, ד. ה. גערשוני'ן, דעם וועט ער אָפּגילטען און געבען די גרעסטע פּענסיע; מיר וועלען זיך סטאַרען דאָס צו מאַכען... גערשוני — דער „קאַפּעליוש", איז אין די קאַווקאַזער בערג, ד. ה. מ'האָט איהם געראַטען פאָהרען אויף קאַווקאַז און ווערבירען אַ קאָמפּאַניע טעראָריסטען באַשיבוזוקעס און מיט זיי קומען קיין פּעטערבורג און זיך אָנהויבען אָפּרעכענען מיט פּאָבעד., פּלעווע, וויטע און די אַנדערע. ס'האָט זיך ארויס־

---

*) א. אי. ספּירידאָוויטש. „רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד. צווייטער העפט. פּאַרטיי ס.ר. רעוואָלוציאָנערען און איהרע פּאָרגענגער". פּעטראָגראַד, 1916, זייטען 123, 124.

געוויזען, אַז פּאָרוטשיק גריגאָריעוו האָט געפיהרט אַ שמועס וועגען באָמבעס און גערשוני האָט איהם געלערענט די טעכניק און דעם צוזאַמענשטעל פון די אויפריים־מאַטעריאַלען, וואָס ער אַליין האָט זיך אויסגעלערענט אין אויסלאַנד, און געבעטען גריגאָריעוו׳ן מאַכען אַ האַלב פלעשעל ניטראָ־גליצערין, אָבער דער לעצטער האָט זיך אָפּגעזאָגט. פון די עדות וועגען מעלניקאָוו׳ן איז אַלזאָ קלאָר געוואָרען וואָס מיר האָבען צו דערוואַרטען אין דער צוקונפט — טעראָר און טעראָר". (ז. 99—198)

און ווייטער: „. . . טייערער פעטער סאשאַ . . . גערשוני, זאָגט מען, האָט זיך צוקלאַפּט די מאָרדע, ארויםשפּרינגענדיג לעבען קיעוו פון אַ געהענדיגען צוג, דאַרף מען טראַכטען דעריבער, אַז ביי איהם זיינען דאָ אויף דער מאָרדע אי שנים, אי נעט. לאָזט איהם נישט דורך אויפ׳ן וואָקזאַל פון מינסק. צופיל איז שוין קיעוו פאַרלאָזען. שעמט אייך נישט, ארבייט מיט אַלע כחות. . . (ז. 199)

ווידער אַמאָל: „טייערער אַלעקסאַנדר איוואַנאָוויטש! פערדלאַך קויפט, גערשוני׳ן כאַפּט . . . מעהר פאָרזיכטיגקייט, איילט זיך נישט, דעם פיבער פאַרשאַרפט נישט . . . "

און מיט אַמאָל אַן אמת׳ער אויפריים פון גדולה ווען עס קומט אָן די ידיעה פון ספּירידאָוויטש׳ן, אַז גערשוני איז ארעסטירט:

„טייערער אַלעקסאַנדר איוואַנאָוויטש! איהר האָט אונז באמת דערפרעהט, אָבער איהר אַליין, גלויב איך, האָט נאָך אַלץ מסתמא דעם אָטעם נישט געקענט כאַפּען; ווי אויסגעצייכענט, ווי פיין עס האָט זיך געמאַכט! ווי עס איז אייך געראָטען, אַז עס האָט זיך אייך אפילו נישט גע׳חלומ׳ט! סערגעי וואַסיליעוויטש׳ן האָט דער אָדלער נישט לאַנג געזאָגט, אַז אויף אייך ליגט אַ שוואַרצער פלעק — גערשוני . . . נעכטען זיץ איך אַזוי און עס מיר אָפּ דאָס האַרץ, מיט אַמאָל ברענגט דער ראָטמיסטער זאַגלובינסקי אַ טעלעגראַמע פון פּיטער; איך האָב אויפגעריסען און בין געבליבען אַ פאַרשטיינערטער; פרעגט מען — וואָס איז געשעהן, און ביי מיר האָט זיך דער אָטעם אָפּגעהאַקט, און דערנאָך טרערען פון פרייד. אין דער טעלעגראַמע איז געשטאַנען אַזוי: אַלעקסאַנדר איוואַנאָוויטש האָט פאַרפּאַקט דעם קאַפּעלוש און מען פיהרט איהם צו אונז, ד. ה. קיין פּיטער. אודאי האָב איך קיינמאָל אַזאַ פריידיגען מאָמענט נישט איבערגעלעבט: עס ווילט זיך פשוט טיילען מיט עמיצען די פרייד, אָבער נישטאָ מיט

וועמען, דאָך האָב איך זיך צוגעקליבען אַ קאָמפּאַניע — סיליג'ען, באָבראָוו'ן און זאַגלובינסקי'ן, נו, האָבען מיר אָפּגעגעסען אַ וועטשערע ווי ס'קער צו זיין, מיט פּאָמערי, און מיר האָבען געוואונשען אונזער טייערען בעל־שמחה לאַנגע יאָהר צו לעבען פאַר דעם כבוד פון שפּיאָ־נאַזש — דאָס הייסט, פאַר אונזער גרויסער אויפגאַבע. פאַרשטעהט זיך, אַז אַ גאַנצע נאַכט בין איך נישט געשלאָפען — אַלץ דמיונות און חלומות, איינער פאַרביגער פאַר'ן אַנדערען, האָבען זיך געיאָגט ווי אַ שטורמווינט... באמת טאַקע אַ גרויסען ענין האָט איהר אויפ־גערודערט, מיר אַליין האָבען גאָר מורא געהאַט צו טראַכטען וועגען דעם גערשוני און מיט אַמאָל — נאַט איהם אייך. אַזוי גליקליך בין איך וואָס גאָט האָט איהם געשיקט גראָד דער קיעווער אָפּטיילונג, נאָך מעהר, ווייל וואַל האָט זיך שוין געקרימט אויף אייך פאַר וואַסיאַ'ן, אָבער איצט, גלויב איך, וועלען אַ סך זאַכען ביי איהם זיך אויפ־וועקען און עס וועט ארויפשווימען, מיט וועלכע טעראָריסטען וואַסיאַ האָט אונז געקאָרמעט; דאָס אַלץ דאַרף פאַלען אויף זיין קאָפּ, ד. ה. סיפּיאַגין, לעקערט, קאטשורא. מען דאַרף האָפען, אַז איהר וועט נישט דורכלאָזען די באַלוינונג, פאַר איהם האָט מען געוואָלט צאָהלען צוואַנציג טויזענט; איך בין דאָרט נישטאָ, דאַרף מען שמידען כל זמן עס איז הייס, ווייל עס קיהלט דאָרט זעהר שנעל. איך קוש און דריק פעסט אייער האַנט. אַלעמאָל גרייט". (דאָרט, ז. 201.)

***

עס איז פאַרשטענדליך די דאָזיגע פרייד אין די שפּיאָנישע און אָבער־שפּיאָנישע קרייזען: פון זינט גערשוני'ס אויפטריט אויפ'ן פעלד פון טעראָר פאַלען די אַקטען פון אָפּצאָהל אויף די צאַרישע משרתים מיט מערקווירדיגער קראַפט, פיל־באַדייטענדיגקייט און אויס־געשפּראָכענקייט, וואָס שטראָמען ארויס סיי פון די באַדינגונגען, ביי וועלכע די אַקטען ווערען דורכגעפיהרט, אַזוי אויך פון די פערזאָנען וואָס פיהרען זיי דורך און פון די געלונגענע פּראָקלאַמאַציעס, וואָס גיבען דעם פירוש אויף די געשעהענישען. איינער נאָכ'ן אַנדערען ווערען זיי אָפּגעראַמט אָדער ווערען באַפאַלען: יעגערמייסטער סיפּיאַ־גין, דער אינערן־מיניסטער, איינער פון די זיילען פון דער אַלגעמיינער רעאַקציע, וואָס פאַלט פון די הענט פון באַלמאַשאָוו'ן; דער כאַר־קאָווער גובערנאַטאָר אָבאָלענסקי, וואָס האָט זיך נאָר צופעליג געראַ־טעוועט פון דער קויל פון אַרבייטער קאַטשורא, וואָס נעמט נקמה

פאַר אָבאָלענסקי׳ס אכזריות׳דיגען אָפּרעכענען זיך מיט די פּויערים בשעת די אַגראַרע אומרוהען אין 1902; דער אופּאַ׳ער גוּבערנאַטאָר באָגדאַנאָוויטש, וואָס האָט געצויגען אויף זיך דעם צאָרן פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען מיט זיין דערשיסען די זלאַטאָאוסטער אַרבייטער.

***

איך האָב זיך באַקענט מיט גערשוני׳ן ביז זיין אַרעסט און געזעהן זיך מיט איהם אין פּאַריז — ווי מיר האָט זיך פריהער געדאַכט — בלויז איין מאָל, אָבער ווי עס איז שפּעטער קלאָר געוואָרען פון אַ שמועס וועגען דעם מיט וו. ס. טשערנאָוו׳ן, האָבען מיר זיך געזעהן ווענינגסטענס צוויי מאָל: צוערשט, ווען גערשוני האָט געפיהרט מאַטעריאַל פאַר „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָססיאַ״, וואָס האָט זיך דעמאָלט געגרייט צום דרוקען אין אויסלאַנד, און אַ צווייטען מאָל ווען דער זשורנאַל איז שוין ארויסגעגאַנגען און האָט געדינט פאַר אַ טעמע פון אַ שמועס צווישען אונז. די צייט האָט דערנעהנטערט דיביידע באַזוכען פון גריגאָרי אַנדרעיעוויטש און זיי פאַרוואַנדעלט אין מיין זכרון אין איינעם. אָבער פון יענע צייטען איז דאָך ביי מיר געבליבען אין געדעכעניש איין שטריך פון גערשוני׳ן, וואָס האָט מיר איבערגעלאָזט אַ שלעכטען טעם אין מויל נאָכ׳ן שמועס, נישט קוקענדיג אויף דעם אַלגעמיינעם גינסטיגען איינדרוק פון דעם דאָזיגען קלוגען, זעהר פאַרטיפטען מענשען, וואָס האָט גוט אַנאַליזירט מענשען און געשעהעניששען: דאָס איז זיין שעהן־רעדנעריי, די אויפגעבלאָזענקייט און הויכער סטיל, מיט וועלכען ער האָט אין אַ לאַנגען מאָנאָלאָג אַנטוויקעלט די ראָל, וואָס שטעהט פאַר דער פּאַרטיי און איהם אַליין אין רוסלאַנד. קען זיין, אַז אין געדאַנק האָב איך פאַרגליכען די דאָזיגע שוין צופיל גלאַטיגע, צופיל קיילעכדיגע און צופיל פּאַטעטיש־אויסגעפוצטע רעדע מיט מיכאַילאָוו׳ס: „מען וועט אויפהענגען אויך אָהן באַמערקונגען״. יעדענפאַלס האָבען ערשט די שפּעטערדיגע באַגעגענישען מיט גערשוני׳ן און דאָס פאַרטראַכטען זיך אין די באַזונדערקייטען פון זיין פּערזענליכקייט, מיר דערלויבט — אַזוי האָף איך — בעסער צו פאַרשטעהן די גרויסקייט און גאַנצקייט פון דער דאָזיגער רייכער נאַטור.

דאָס איז געווען אַ מענש נישט בלויז מיט אַ גרויסען קאָפּ, נאָר אויך מיט זעהר טיפע געפיהלען און אַ שטאַרקער פאַרשטעלונגס־

קראַפּט. מענשען, וואָס האָבען איהם נאָהענט געקענט, באַצייכענען דעם דאָזיגען שטריך זיינעם ווי „ראָמאַנטיזם". איך ווייס נישט, צי איך וואָלט אָנגעהאַלטען דעם דאָזיגען נאָמען. אפשר וואָלט איך עס גאָר אָנגערופען „פּאַטעטיזם". אָבער אָהן אָט דער באַזונדערקייט, אָהן אָט דער פעהיגקייט אויפצוהויבען זיך הויך אויף די פליגלען פון אידעאישען ענטוזיאַזם, קען מען זיך נישט פאָרשטעלען דעם ריכ־טיגען, אמת'ן גערשוני; זיין פּערזענליכקייט בלייבט דעמאָלט נישט קיין גאַנצע און דעריבער אַ צוקאַליטשעטע.

*
**

איך האָב נאָר־וואָס דערמאָנט מיכאַילאָוו'ס: „מען וועט אויפ־הענגען אויך אָהן באַמערקונגען". אָבער אָט דער בטול צום אייגענעם יש איז אויך געווען ביים גלענצענדען רעדנער און פּרעכטיגען שריי־בער גערשוני. שוין אין די ערשטע שורות פון זיין אַזוי אויפריכ־טיגען און אַזוי כאַראַקטעריסטישען בוך: „פון דער נישט־לאַנגאָניגער פאַרגאַנגענהייט" גיט גערשוני אַזאַ מין ענטפער זיינע חברים, וועלכע האָבען איהם פאָרגעלייגט אָנצושרייבען זיין אַווטאָביאָגראַפיע:

„אָנשרייבען מיין אַווטאָביאָגראַפיע! ווי לעכערליך און ווילד עס קלינגט! וואָס פאַר אַ זין און תכלית איז דאָ אין דעם? וועמען און צי וואָס איז עס נויטיג? און ווי אַזוי שרייבען עס? דאָס געווע־זענע איז אַזוי נישטיג, די צוקונפט איז אַזוי רייך אין פאָרשטעלונגען! אַלע געדאַנקען און טראַכטענישען זיינען נישט וועגען דעם, וואָס איז שוין איבערגעלעבט געוואָרען, נאָר וועגען דעם, וואָס עס שטעהט ערשט פאָר איבערצולעבען... און דער עיקר — עס איז אומנוצליך. וואָס פאַר אַ חילוק איז עס וואו, ווען, פון וועמען און פאַרוואָס גע־בוירען, ווי געוואַקסען, ווי די קינדער־יאָהרען זיינען אַריבער א. א. וו. — דאָס אַלץ מיט וואָס עס ווערען אָנגעפילט אַווטאָביאָגראַפיעס? דאָס אַלץ איז בלויז צו באַפרידיגען דעם פוסטען נייגיר פון פוסטע מענשען, און נישט מיר, רעוואָלוציאָנערען, דאַרפען עס אונטערהאַלטען. עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו דערצעהלען וועגען דער רעוואָ־לוציאָנערער טעטיגקייט, וועגען אונזערע ערשטע אומזיכערע טריט, אָבער — וועגען דעם איז נאָך נישט געקומען די צייט צו ריידען. („פון דער נישטלאַנגאָניגער פאַרגאַנגענהייט", פּאַריז, 1908, ז. 6.)

נישט קוקענדיג אויף דער גרעסערער באַרעדעוודיגקייט — מיט וואָס איז עס נישט מיכאַילאָוו'ס: „מען וועט אויפהענגען אויך אָהן

באמערקונגען"? עס איז דאָס זעלבע נישט אומקוקען זיך אויף דער אייגענער פּערזאָן. אָבער גערשוני שרייבט דאָך זיין אַווטאָביאָגראַפיע, אויסשליסליך זיין אַווטאָביאָגראַפיע פון תפיסה, און שרייבט מיט אַ באשטימטען ציל: צו העלפען מיט דעם בוך יענע יונגע חברים, וועמען עס וואָלט אויסגעקומען אריינפאַלען אין טורמע און וועלכע וואָלטען אפשר געקענט פאַרלירען דעם מוט מיינענדיג, אַז אַזאַ שווע־רער נסיון איז אויסגעפאַלען נאָר אויף זייער גורל: „ווען אַ יונגער טוער פאַלט אריין אין די נעצען פון דער רעגירונג, וואַרפט ער זיך אין שרעק און סטאַרעט זיך אויפצוהאַלטען זיין רעוואָלוציאָנערע ווירדע" . . . אָבער „נישט דיר אַליין איז אויסגעקומען דאָס אַלץ איבערצולעבען . . . אין דער זעלבער לאַגע זיינען געוועזן אויך אַנ־דערע . . . יענע אַנדערע האָבען געפונען אין זיך כח דאָס אַלץ איבערצולעבען און ארויסגעהן געשטאַרקט פון אַלע נסיונות".

מיר וועלען נישט נאָכגעהן גערשוני'ן אין דער באשרייבונג פון זיינע איבערלעבונגען אין משך פון די ניין חדשים טורמע, ווען ער — וואַרטענדיג אויפ'ן טויט — האָט קיין איין מאָל נישט אַראָפּגעבויגען זיין רעוואָלוציאָנערע פאָהן און איז ביי אַלע נסיונות געשטאַנען געגענאיבער זיינע פּאָליטישע שונאים — די גרויסע ווי די קליינע — ווי אַ שטאָלענע פיגור, וואָס האָט אַפילו ביי די דאָזיגע מאָראַליש־געפאַלענע מענשען ארויסגערופען דעם געשריי פון באַוואונדערונג: „אָט איז באמת אַ מענש!"

אָבער ווי קען מען זיך נישט אָפּשטעלען אויף די דאָזיגע שורות וואו גערשוני באשרייבט זיין געפיהל, ווען מען שמידט איהם אין קייטען און ווען ער ווערט איינגאַנצען דורכגעדרונגען פון אידעאישער באגייסטערונג, ראָמאַנטיזם, פּאַטעטיזם — רופט ווי איהר ווילט אָט דאָס געפיהל פון גרויסען גייסטיגען אויפשוואונג:

„דער האַמער קלינגט הילכיג און די קלעפּ, דאַכט זיך, וועקען דאָס געוויסען אַפילו ביי די דאָזיגע מענשען . . . אַ מאָדנער געפיהל נעמט אַרום דעם פאַרשמידטען — אַ הויכער, אַ שטאַרקער. די גאַנצע אומגעבונג דערהויבט. פיהלסט דעם אָטעם פון טויט . . . ווייט פון דער ערד . . . נאָהענט צום הימעל . . . אין אַזעלכע מינוטען ווערען אודאי די ערגסטע מאַטערנישען אָנגענומען מיט אנטציקונג און ווערען גרינג אַריבערגעטראָגען. די הענט דריקען מיט ליבשאַפט און צערט־ליכקייט דאָס אייזען פון די קייטען, דער קאָפּ בויגט זיך נידעריג,

נידעריג און די ליפּען, נישט ווילענדיג, ריהרען אָן די קייטען . . . ״
(דאָרט, ז. 17.)

וואָס איז דאָס, וואָס איז דאָס? פון וואַנען קומט אָט דער זשעסט? אַ דעראינערונג פון נעקראַסאָװ׳ס „רוסישע פרויען״? אָבער דאָרטען קושט די פרוי די קייטען פון דעם מאַן, און דאָ קושט דער מענש אַליין זיינע אייגענע קייטען... ניין, דאָס איז אַ זשעסט פון אַ גלויביגען קריסטליכען מארטירער, וואָס שטעהט אויפ׳ן שייטער־הויפען, און איידער די פלאַמען כאַפּען איהם אַרום דריקט ער צו די ליפּען דעם צלם, אָט דעם סימבאָל פון שענדליכער טויט־שטראָף פאַר די געצענדינער און סימבאָל פון דערלייזונג פאַר איהם אַליין...

⁂

עס איז פּשוט נישטאָ קיין כח אָפּצוזאָגען זיך אַליין און דעם לייענער פון דעם הויכען אידעאישען פאַרגעניגען פון איבערגעבען אויך די פאָלגענדיגע שורות, וואָס גערשוני באַשרייבט ווי לאַנג און אומ־זיסט פּלעווע און זיינע משרתים האָבען זיך געמאַטערט אַרויסצוקריגען פון אונזער העלד דעם ווידוי, אַז ער געהערט צו דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ״, פאַרלענגערנדיג איהם דערפאַר — דאָס לעבען!

דאָס איז פון דעם שמועס מיט׳ן וויצע־דירעקטאָר מאַקאַראָװ. עס רעדט גערשוני:

„— איהר דאַרפט צוליב עפּעס האָבען מיין דערקלערונג, אַז איך האָב געהערט צו דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ״ — דאָס אַליין איז שוין פאַר אַ רעוואָלוציאָנער גענוג, ניט צו איילען זיך מאַכען אַזאַ דערקלערונג. אָננעמען דאָס לעבען פון פּלעווע׳ס הענט אָדער פון וועמען עס זאָל נישט זיין פון די „פּיינטליכע״ הענט — דאָס טוען מיר נישט. עס איז דאָ דערביי נאָך אַן אומשטאַנד. איך בין אַ איד. איהר, און אַלע די וואָס זיינען גענוג נאַריש אייך צו גלויבען, באַ־הויפּטען, אַז אידען זוכען צו אַנטלויפען פון געפאַהר, אַז צוליב זייער פּחדנות מיידען זיי אויס די תליה. איז אָט וועט איהר קענען זעהן אַ מוסטער פון „אידישער פּחדנות״! איהר זאָגט, אַז אידען קענען נאָר בונטעווען? וועט איהר זעהן, צי זיי קענען אויך שטאַרבען. זאָגט אייער פּלעווע׳ן: דינגען זיך און האַנדלען האָבען מיר נישט וועגען וואָס. זאָל ער טאָן דאָס זייניגע: איך דאָס מייניגע האָב שוין געטאָן!...״ (דאָרט, ז. 43.)

⁂

אָבער דאָס אַלטע צאַרישע רוסלאַנד פּלאַצט — אַלע נעט פּלאַצען. ביי די תּליונים הויבט זיך נישט די האַנט אויף גערשוני'ן. ער בעט נישט קיין חסד. נאָר דער טויט־אורטייל ווערט דאָך פאַרמילדערט. ער איז אין שליסעלבורג. ער איז אין אקאַטוי. אַלעמאָל און אומע־טום דערזעלבער: אַ שטאַלענער מענש און גרויסער ענטוזיאַסט. אַן אידעאַלער חבר און אויסגעהאַלטענער שונא פון די פּאָליטישע שונאים פון פאָלק.

אָבער דער דאָזיגער מענש איז — דאָס לעבען אַליין. קען ער דען בלייבען דרויסען פון קאַמף, דרויסען פון דער פרייהייט? די פריינט גרייטען־צו זיין אַנטלויפען, און מען דאַרף זיין אַ גערשוני, אַז מען זאָל זיך אַנטשליסען אויף אַזאַ מין אַנטלויפען — אין אַ קליינער קרויט־פאַס, אונטער אַ האַלבען אַרשין זויער־קרויט, מיט צוויי גומענע רערען צום אָטעמען, מיט אַ גראָבען לעדער און אייזער־נעם טעלער אויפ'ן קאָפּ, אַז דער שאַרפער שווערד פון דעזשורנעם אויפזעהער זאָל נישט אַמאָל פאַרוואונדען דעם אַנטלויפער בעת ער וועט דורכשטעכען די קרויט, ווען מען וועט אַרויסטראָגען דאָס פעסעל פון טורמע אין קעלער א. א. וו., א. א. וו. שוין פון דעם לייענען אַליין פון די אַלע איינצעלהייטען ווארפט אין היץ און אין קעלט, און אָט וואָס דער בעל־שמחה אַליין פיהלט:

„אינטערעסאַנט: די גאַנצע צייט, פון דער מינוט ווען מ'האָט פאַרקלאַפּט דאָס פעסעל ביז איך בין אַרויס פון איהר, איז דאָס זעלבסט־געפיהל געווען גאַרנישט ווי איך האָב דערוואַרט. קיין צו־רודערונג, קיינע האַרץ־קלאַפּעניש, קיינע האָפנונגען, קיינע מוראס, קיין שרעק, קיינע פריידען. נישטאָ קיין פאַרגאַנגענהייט, קיין צו־קונפט. די שטימונג איז די סאַמע געוועהנליכסטע, אַ געשעפטליכע — אַזוי צו זאָגען — אַזוי ווי אַרום זאָל קיין זאַך נישט פאָרקומען. עס ווערען אויפגענומען נאָר די אוממיטעלבאַרסטע איינדרוקען, אָבער דו רעאַגירסט איננאַנצען נישט אויף זיי, און אין באוואוסטזיין ווערט דער גאַנצער קאָמפּלעקס פון איינדרוקען נישט צונויפגעבונדען. טראַכסט נאָר וועגען דעם וואָס מען דאַרף טאָן אין איצטיגען מאָמענט. עטוואָס עהנליכעס איז אויסגעקומען איבערצולעבען צוויי מאָל: ביים לעצטען אַרעסט און בשעת'ן געריכט, ווען מ'האָט געפיהרט בייגאַכט אויס־הערען דעם טויט־אורטייל". („מיין אַנטרינונג", 1907, ז. 11—10.)

וואָס פאַר א נערוועז און וואָס פאַר א גלויבען אין דער אידעע!

נאָך כל'ערליי אָפּקומענישען דערשלאָגט זיך דער העלדישער אנטלויפער קיין יאפּאן און דערנאָך קיין אמעריקא. אודאי וועט ער זיך אָפּרוהען, ער וועט פּשוט פּראוועזן א לעב טאָן אויף דער פריי, זיך אָנזעטיגען מיט זון, מיט ליכט, מיט'ן לעבען פון זיינע מיט־מענשען. קענט איהר איהם נישט. „באהערשט איז געוועזן זיין נשמה פון איין קראפט, פון איינער, אָבער א פלאַמענדיגער ליידענשאַפט" — דאָס איז די ליבע צו דער אידעע, די ליבע צום פאָטערלאַנד וואָס ווערט באפרייט מיט די כחות פון די רעוואָלוציאָנערען. און איידער ער האָט נאָך באוויזען צו באטרעטען דעם באָדען פון דער פרייער טראַנס־אטלאַנטישער רעפּובליק, ווארפט ער זיך שוין אריין אין דער סאַמע געדיכטעניש פון מיטינגען, וואו אוידיטאָריעס פון טויזענטער — פון הונדערטער טויזענטער איבער גאַנץ אמעריקא — פון זיינע ברידער אידען, קרוב'יש פארבונדענע מיט דער יונגער רוסלאנד, באגעגענען איהם ווי א נביא, ווי א זיגער, אין א געוויסען זין — ווי א נאַציאָ־נאַלען העלד. זיין זעלטענער רעדנערשער טאַלאנט, געשטיצט פון זיין ליכטיגען קאָפּ און אידעאישען ענטוזיאזם באצווינגט די נשמה, דעם גוף און די מאַטעריעלע מיטלען פון זיינע נאָכפאָלגער. אין משך פון עטליכע וואָכען פון אזא אגיטאַציע זאמעלט ער פאַר דער פאַרטיי ביז 40,000 דאָלאר — אין יענער צייט א גאַנצער פארמעגען — און נישט קוקענדיג צו זיך ווי ס'געהער צו זיין פון דער פיזישער אויס־געמאַטערטקייט און גייסטיגער אויסגעשעפּטקייט, יאָגט ער זיך צוריק קיין רוסלאַנד, צו דער גרויסער — פון צארישען יאָך זיך באפרייענ־דיגער רוסלאַנד — צו דער אייגענער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָ־לוציאָנערען, מיט וועלכער ער איז צונויפגעגאָסען אין אידעאַל און בלוט. נאָך פון טורמע האָט ער געשיקט א באגריסונג צום ערשטען, אימאַט־רער, צוזאַמענפאָהר פון דער פּאַרטיי צום סוף 1905—אָנהויב 1906. אין פעווראַל 1907 איז ער פּערזענליך געקומען צום צווייטען צוזאַמענ־פאָהר אין דעם מיט שניי־פאַרשאָטענעם, נאָר אינדוסטריעל קאָכענדיגען טאַמערפאָרס. ווען עס איז וועל איך דערצעהלען וועגען דעם דאָזיגען צוזאַמענפאָהר. איצט וויל איך בלויז דערמאָנען די אומפאַרגעסליכע סצענעס פון גערשוני'ס אנטייל אין דער דאָזיגער חבר'שער בעראַטונג.

דאָס לעבען, דער גרויסער דראַמאַטורג, א דראַמאַטורג נישט קיין קלענערער ווי שעקספּיר, קען אויך — ווי דער אומשטערבליכער

ענגלישער גאון — פאַרבינדען דאָס גרויסע מיט דעם קליינעם, דאָס הויכע מיט דעם נידעריגען, דאָס דערהויבענע מיט דעם געמיינעם. ווען עס האָט זיך אין זאַל באוויזען אָנגעשפּאַרט אויף אַזעף׳ן — ווער האָט איהם דען דעמאָלט חושד געווען? — די שלאַנקע אימפּאָזאַנטע פיגור פון גרשוני׳ן, עטוואָס הינקענדיג פון דעם שלעכט־פאַרהיילטען פינגער אויפ׳ן פוס, וואָס מ׳האָט איהם צוקלאַפּט ביים פארשמידען די קייטען, זיינען מיר אַלע געבליבען ווי פאַרשטיינערטע. וויפיל זיינען צווישען אונז געווען מענשען, וואָס זיינען אָהן שרעק, נישט אויפציטערענדיג מיט איין מוסקול פון פּנים, געגאַנגען — און נישט איינמאָל — אויפ׳ן טויט! איצט האָבען אויך די מוטיגסטע פון די מוטיגע געציטערט פון אויפרעגונג ווען זיי האָבען דערזעהן פאַר זיך דעם מענשען, וואָס אַפילו שונאים האָבען זיך געבויגען פאַר זיין מאָראַלישער גרויס, און וואָס איז געווען די פאַרקערפּערונג פון אידעאַלישער ליבע צום פאָלק און פון רעוואָלוציאָנערען חוב. און מיט אַ דערמאָנונג פון דעם רעוואָלוציאָנערען חוב האָט גערשוני אויך אָנגעהויבען זיין רעדע, — פריהער זעהר שטיל, אָבער אָנגעשטרענגט, ווי ער וואָלט אַליין געוואָלט בייקומען די אויפרעגונג, וואָס האָט אויך איהם ארומגעכאַפּט, און דערנאָך מיט אַ שטימע, וואָס איז געוואָרען אַלץ פעסטער און פעסטער און האָט אָפּגעקלונגען מיט די מעטאַלענע טענער פון דעם קעמפער־ענטוזיאַסט.

עס איז שווער צו כאַראַקטעריזירען די דאָזיגע רעדע מיט די געוועהנליכע עפּיטעטען: „אויסגעצייכענט, מערקווירדיג, מייסטער־האַפט”. דאָס איז געווען נישט קיין רעדע, נאָר דער מענש אַליין. קיינעם פון די אָנוועזענדע האָט נישט געקענט קומען אין קאָפּ אריין אָפּצושאַצען דאָס וואָס גערשוני רעדט פון שטאַנדפּונקט פון אָראַטאָ־רישער קונסט, ווייל הינטער יעדען וואָרט האָט זיך געפיהלט איבער־ציינגונג, האַנדלונג, מעשים. יענער גלאַנץ, וואָס האָט באַלד אָנגעהויבען צו שיינען אין די גרוי־בלויע באַגייסטערטע אויגען פון דעם רעדנער, האָט געצונדען מיט׳ן פייער פון ענטוזיאַזם אויך אונזערע אויגען. צווישען דעם רעדנער און די צוהערער האָט זיך איינגעשטעלט יענער עלעקטרישער שטראָם, וואָס אויף זיינע וויברירענדיגע כוואַליעס האָט דער באוואוסטזיין פון יעדען איינעם זיך פאַראייניגט מיט׳ן באַ־וואוסטזיין פון אַלעמען. און יעדען איינעם האָט זיך געדאַכט, אַז פון דער טריבונע טראָגען זיך די זעלבע ווערטער, וואָס ברענען אין

זיין אייגענעם הארצען און רייסען זיך אין דרויסען. גערשוני איז געווען אונזער אלעמענס פירשפּרעכער.

די צייטען זיינען געווען שווערע. די ערשטע דומע איז פאַנאַנ־דערגעלאָזען געוואָרען און ס׳האָט זיך געפיהלט, אַז די רעאַקציע, וואָס האָט זיך צוריק געפונען, וועט זיך נישט אָפּשטעלען אויב נויטיג אויך פאַר׳ן פאַנאַנדערטרייבען די צווייטע דומע. אָבער דערווייל האָט מען געדאַרפט איינשטעלען די פּאָליטישע ליניע, און די פּאַרטיי, וואָס איז אַריבער פון אַ באָיקאָט־טאַקטיק צו אַ טאַקטיק פון אַנטייל, האָט געדאַרפט ווי געהעריג באַגרינדען איהר נייע פּאָזיציע. איך אַליין בין געשטאַנען פאַר אַנטייל נעמען אויך אין דער ערשטער דומא און האָב נישט פּראָטעסטירט געגען באָיקאָט אויסשליסליך צוליב פּאַרטיי־דיסציפּלין (זעה מיין בוך „אין עמיגראַציע", זייט 294, און מיין פּראַנצויזישען אַרטיקעל אין דער „טריביון ריוסס" פון 10טען אָקטאָ־בער 1905) און דעריבער האָב איך אין דעם דאָזיגען נייעם טאַק־טישען שריט נישט געזעהן קיין סתירה. אָבער מ׳האָט זיך געדאַרפט רעכענען מיט דער אַלגעמיינער, נאָך נישט גענוג געענדערטער שטי־מונג פון דער גאַנצער פּאַרטיי, מען האָט געדאַרפט איבערצייגען אַנדערע און גראָד זעהר אָנגעזעהענע חברים. און אָט די אויפגאַבע האָט גלענצענד דורכגעפיהרט גערשוני, וועמען לעניין האָט צוליב דעם — אויף זיין כאַראַקטעריסטישען פּאָליטישען שטייגער — באַ־שולדיגט אין „קאַדעטען־ליבע". די נייע טאַקטיק איז אָבער זעהר קלאָר ארויסגעבראַכט געוואָרען אין די טעזיסען, וואָס זיינען אויס־געאַרבייט געוואָרען אונטער גערשוני׳ס שטאַרקען איינפלוס:

„די גרונט־אויפגאַבע פון דער דאָזיגער טאַקטיק איז פּונקט אַזוי ווייט פון דער שטרעבונג אויסצומיידען אום יעדען פּרייז — אַפילו מיט קאָמפּראָמיסען — אַז די דומע זאָל צוטריבען ווערען, ווי זי איז ווייט פון דער שטרעמונג צו באַשאַפען דרויסענדיגע, אומבאַדייטענ־דיגע און פאַר דער מאַסע אומפאַרשטענדליכע סבות פאַר אַ קאָנ־פליקט. די אויפגאַבע — פאַרקערט — באַשטעהט אין אַזוי אויפ־דעקען פאַר׳ן פאָלק די כונות פון דער רעגירונג און אַזוי באַפעס־טיגען דעם בונד פון פאָלק מיט דער דומע, אַז דאָס צוטרייבען זי זאָל ווערען פאַר דער רעגירונג אַ שווערער און ריזיקאַלישער ענין, און דעם פאָלק זאָל עס דינען ווי אַן אויסגאַנגס־פּונקט פאַר אַ נייעם אויפשוואונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. און דעריבער,

נישט מורא האָבענדיג פאַר'ן צוטרייבען די דומע און נישט זוכענדיג דאָס מיטצוברעכען וואָס גיכער, דאַרפען די עס־ערישע דעפוטאַטען זיך האַלטען ביי אַזאַ טאַקטיק, אַז אויב די דומע וועט צוטריבען ווערען, זאָל די אחריות דערפאַר אין באַוואוסטזיין פון האַרעפּאַשנעם קלאַס פאַלען מיט דער גאַנצער שווערקייט אויף דער רעגירונג".

***

דעם 3טען יוני 1907 איז די צווייטע דומע צוטריבען געוואָרען. די פּאַרטיי ס. ר. איז ווידער אַרויסגעטראָטען אויפ'ן וועג פון אַנט־שלאָסענעם קאַמף מיט דער רעגירונג — „אָהן צעגערונג און אָהן וואַקלונגען". דאָס זיינען די ווערטער, וואָס זיינען מיר געבליבען אין זכרון פון גערשוני'ן, ווען איך האָב געזעהן צום לעצטען מאָל אויף אַ באַראַטונג פון אייניגע חברים, וואָס זיינען געשטאַנען נאָהענט צום צענטער, אויף אַ דאַטשע נעבען קואָקקאַלאַ. עס איז געווען אַ פרעכטיגער הייסער טאָג, איינער פון יענע טעג, וואָס דער קורצער זומער קען שענקען די איינוואוינער פון צפון. אויפ'ן הימעל, איבער'ן האָריזאָנט, האָט געשוואומען אַ העלע רויטליכע זון, אין די פענסטער פון ברייטען צימער האָט זיך אריינגעריסען דער ריח פון סאָסנעס און מאָזשעוועלניק (דזשוניפּער'ס בוים). גערשוני איז געזעסען צווי־שען עטליכע חברים — איך געדענק בלויז נאַטאַנסאָנ'ען און דעם שטענדיגען אַזעף — גלייך געגענאיבער דער זון, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זיין מוטיגער אָפּגעברענטער פּנים אָטעמט מיט געזונט. „מיר מוזען ערשט געהן מיט קאָנצענטרירטע כחות" — האָט ער מיט אַן ענערגישען זשעסט צונויפגעדריקט די פינגער פון זיין שעהנער קרעפטיגער האַנט. ווען איז דעמאָלט איינגעפאַלען, אַז אין אַ חודש־צוויי אַרום וועט אַ מערדערליכע קראַנקהייט איהם צווינגען — „אויף דערוויל", ווי ער האָט געגלויבט — אַוועקפאָהרען זיך היילען קיין אויסלאַנד, און אין אַ האַלב יאָהר אַרום וועט אַ גרויסע מחנה פון סאָציאַליסטען און רעוואָלוציאָנערען פון גאַר דער וועלט באַ־גלייטען דאָס ערדישע וואָס איז געבליבען פון גערשוני'ן אויפ'ן מאָנפּאַרנאַסער בית־עולם אין פּאַריז?

כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אומדערמידליכען קעמפער איז אויך דער טויט זיינער: ער איז געשטאָרבען אין עלטער פון קנאַפּע 38 יאָהר, פון אַ סאַרקאָמאַ אויפ'ן ברוסט, אַ קראַנקהייט וואָס קומט גע־

וועהנליך אין א סך א טיפערען עלטער. אָבער זיין מעכטיגער גייסט האָט זעהר פריה פארברענט זיין זעלטען־שטארקען אָרגאַניזם: אזוי, זאָגט מען, פארדארבט א שארפער קלינגעל דעם שטארקסטען שיידעל. און גערשוני׳ס אייביגער ברענען, זיין ארבייט צו צוואנציג שעה א מעת לעת, און דער קאַלטער ראָסעל, וואָס האָט געטריפט איבער זיין ברוסט בשעת׳ן אנטלויפען, די אומאויפהערליכע פיינליכע זאָרג וועגען דעם, אז עס זאָל לעבען די פארטיי און עס זאָל פייערען איהר נצחון די רעוואָלוציע — צי איז דאָס אַלץ געווען נישט גענוג אוועקצונעמען אזוי פריה פון צווישען די לעבעדיגע אָט דעם העלד פון וואָרט און טאַט?

ו. זענזינאָוו

# גריגאָרי גערשוני דער הויפּט פון דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ"

שוין צעהנדליגע יאָהרען טיילען אָפּ אונז און אונזער צייט פון יענער עפּאָכע, ווען דער טראָגער איז געווען איינער פון די שאַרף־ווירקענדיגסטע מיטלען פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג. דער וועג, וואָס מיר האָבען דורכגעמאַכט זינט יענער צייט, זעהט אויס באזונדערס לאַנג צוליב די גראַנדיעזע פּאַסירונגען, וואָס די וועלט האָט איבערגעלעבט אין די לעצטע אַכצעהן יאָהר. די וועלט־מלחמה און די רוסישע רעוואָלוציע האָבען דורכגעפיהרט אין לעבען פון היינ־טיגע דורות און אין אונזערע אייגענע הערצער אַזוינע טיפע שניטען, וועלכע אפשר גאַנצע צוויי יאָהרהונדערטער וואָלטען ניט געקענט מאַכען.

אַזוי פיל שווערער איז אונז, מיט אונזער איצטיגער פּסיכאָלאָגיע און טרויעריגער דערפאַהרונג פון דעם איבערגעלעבטען, ריכטיג אָפּ־צושאַצען און אפילו פּשוט באגרייפען דאָס, אין וועמעס נאָמען עס האָבען געלעבט, געקעמפט און געשטאָרבען די רוסישע רעוואָלוציאָ־נערען פון אָנהויב פון דעם יאָהרהונדערט. און עס איז ניט בלויז א צופאַל, וואָס אייניגע פון די נאָך־לעבען געבליבענע טיילנעמער אין דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג פון יענער צייט זיינען איצט גענויגט אַנדערש אָפּצושאַצען ניט נאָר די מעטאָדען פון רעוואָלוציאָנערען קאַמף, נאָר אויך דעם עצם קאַמף גופא. נאָך מעהר פאַרשטענדליך איז די איבערשאַצונג פון די רעוואָלוציאָנערע ווערטען מצד יענע, וועלכע געהערען שוין צו דעם נאָך־רעוואָלוציאָנערען דור, וועלכע האָבען ניט גענומען און ניט געקענט נעמען קיין אַנטייל אין דער גע־וועזענער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג.

פאַרשטעהן די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג אין דער געוועזענער צייט און ריכטיג אָפּשאַצען די מעטאָדען פון רעוואָלוציאָנערען קאַמף אין רוסלאַנד אין אָט יענער צייט איז נאָר מעגליך ווען מען שטעלט זיך פאָר די דאַמאָלסטדיגע היסטאָרישע אומשטענדען און, דער עיקר, די מאָראַליש־פּסיכאָלאָגישע אַטמאָספּערע פון יענער עפּאָכע.

דער טעראָר בפרט, אַלס איינער פון די מעטאָדען פון רעוואָלוציאָנערען קאַמף אין יענער צייט, ווען מען רייסט איהם ארויס פון דעם היסטאָרישען צוזאַמענשטעל און דער אַטמאָספערע פון יענער צייט, קומט אויס איננאַנצען אומפארשטענדליך דעם היינטיגען דור.

איצטער קען מען שוין צו פילעס זיך פארהאַלטען רוהיגער — און באַזונדערס צום טעראָר. מען קען און מען דאַרף פאַרגעסען וועגען יענע ליידענשאַפטליכע קריגערייען, וועלכע האָבען צוטיילט אַלע רעוואָלוציאָנערען פון יענער צייט אויף צוויי לאַגערס — איבערצייגטע אָנהענגער פון טעראָר און ניט ווייניגער איבערצייגטע געגנער. אָבער איינס דאַרפען איצט אַלע צוגעבען: דער טעראָר איז זיכער געווען איינער פון די גלענצענדיגע דערשיינונגען פון דער רעוואָלוציאָנערער ענערגיע, פון רעוואָלוציאָנערער ליידענשאַפט. אין דעם טעראָר פון יענער עפּאָכע — אַ פאַרניכטענדיגער און אָפּפערענדיגער אין דערזעלביגער צייט — האָט זיך אַלץ קלערער ארויסגעוויזען דאָס געשטאַלט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, איהר טראַגישקייט, איהר ראָמאַנטישקייט און איהר — ווי זונדערבאַר דאָס זאָל ניט אויסזעהן די איבערצייגטע געגנער פון טעראָר — טיפער עטישער אינהאַלט.

און עס קען זיין, אַז קיינער האָט מיט אַזאַ קראַפט און גלאַנץ ניט אויסגעדריקט דעם עצם פון טעראָר ווי גריגאָרי גערשוני, איינער פון די גרינדער פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען. אין אָנהויב פון דעם יאָהרהונדערט האָט די רוסישע רעוואָלוציע דורך דער פאַרטיי סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען, נאָך אַ משך פון צוויי צעהנדליג יאָהרען, פון דאָס נייע ווידער אויפגעהויבען די וואַפען פון טעראָר, און געטריי אָפּהיטענדיג די טראַדיציעס פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ”, האָט זי געמאַכט פון איהם איינעם פון איהרע באַליבטע מיטלען פון קאַמף. דער טעראָר האָט באַטייט אין יענער צייט אַ ווילען צום קאַמף און אַ ליידענשאַפטליכער דורשט צו נצחון, אָבער איינצייטיג אויך אַ גרייטקייט זיך צו אָפּפערען און אַ ליבע צו די נאָהענטע. אָט די אַלע עלעמענטען האָבען זיך געפונען אין גערשוני׳ס רעוואָלוציאָנערער פערזענליכקייט.

גריגאָרי גערשוני איז ניט אומזיסט און ניט צופעליג געווען איינער פון די גרינדער פון דער פאַרטיי ס. ר. דאָס זיינען זיינע אידעען געוואָרען די אידעען פון דער פאַרטיי ס. ר., דאָס האָט ער אריינגעבלאָזען אין איהר זיין נשמה. מיט דעמזעלביגען רעכט קען

מען אויך זאָגען, אַז גערשוני איז געווען די נשמה פון דעם טעראָר. איינגאַנצען אין משך פון צוויי און אַ האַלב יאָהר (1901—1903) האָט זיך איינגעגעבען גערשוני׳ן צו אַרבייטען אין די רייהען פון דער ס. ר. פּאַרטיי, אין דעם ערשטען פּעריאָד פון זיין רעוואָלוציאָנערער קאַריערע, אָבער אין אָט דער קורצער צייט האָט ער מיט אַ פעסטער ניט־ציטערדיגער האַנט אָנגעוויזען דער פּאַרטיי איהר וועג*), ניט נאָר זיינע אידעען וועגען טעראָר, נאָר אויך זיין טעראָריסטישע פּראַקטיקע; ניט נאָר זיין פּראַקטיקע, נאָר אויך זיין פּרינציפּיעלע באַגרינדונג פון טעראָר זיינען געלעגען גאַנצערהייט אין גרונט פון דער שפּעטערער טעראָריסטישער טעאָריע און פּראַקטיקע פון דער פּאַרטיי. און נאָך אַ מעקווירדיגער שטריך: די געשיכטע ווי אַזוי די טעראָריסטישע אידעע איז רייף געוואָרען ביי גערשוני׳ן האָט גאַנץ פּינקטליך אויסגעדריקט די געשיכטע פון דער טעראָריסטישער טאַקטיק פון דער פּאַרטיי גופא און פון איהרע פאָרגענגער. די געשיכטע, ווי אַזוי די טעראָריסטישע אידעע איז געבאָרען און רייף געוואָרען ביי גערשוני׳ן און אין די רייהען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, שטעלט זיך ארויס ניט נאָר ווי אַ באַגרינדונג, נאָר אויך ווי אַ באַרעכטיגונג פון דעם רעוואָלוציאָנערען טעראָר פון אָנהויב פון דעם יאָהרהונדערט.

ווי עס איז באַוואוסט, האָט גריגאָרי גערשוני אָנגעהויבען זיין געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט מיט פרידליכער אַרבייט, מיט אַזוי גערו־פענער „קולטורישער" אַרבייט. ניט נאָר האָט ער עס ניט באַהאַלטען, נאָר ער האָט אַליין אויספיהרליך וועגען דעם דערצעהלט. אין באַצוג צו דעם איז העכסט אינטערעסאַנט די רעדע, וואָס גערשוני האָט גע־זאָלט האַלטען פאַר׳ן געריכט, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּעטערבורג, אין יאָהר 1904 (פעברואַר 18—25). די דאָזיגע רעדע גיט אַ קלאָרע דערקלערונג ווי אַזוי די אידעע פון פּאָליטישען טעראָר איז אריינגע־דרונגען אין זיין וועלט־אָנשויאונג.

„מיין פּערזענליך לעבען — זאָגט גערשוני אין יענער מערקווירדיגער רעדע — האָט זיך פאָרמירט אַזוי, אַז איך בין „אָפּ־געהיט" געוואָרען אין מיין פריהער יוגענט פון דאָס, וואָס אויף אייער שפּראַך ווערט אָנגערופען אַ פאַרפיהרונג. מיר איז אויסגעקומען צו

*) זעגזיגאָוו מיינט דאָ געוויס: „איהר וועג אין דעם טעראָריסטישן קאַמף". — רעד.

פאַרקערען אין אַ סביבה, פון וועלכער איך האָב איבערגענומען דעם קוק פון די „גוטע און קלוגע לייט", אַז פריהער דאַרף מען זיך לערנען, דערקענען דאָס לעבען, פאַרנעמען אַ באַשטימטע פּאָזיציע, און דערנאָך ערשט זיך פאַרנעמען מיט געזעלשאַפטליכער אַרבייט. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז ניט אָפּפערענדיג דאָס אייגענע פערזענליך לעבען, קען מען, אויף אַן אַזויגערופענעם לעגאַלען באָדען, באמת דינען דעם פאָלק; מען קען, זאָל זיין לאַנגזאַם, אָבער פעסט בויען צוזאַמען מיט איהם דעם בנין פון זיין צוקינפטיגען גליק. איך האָב זיך געפונען אין גוטע אומשטענדען, און אונזער קולטוריש־אויפקלערענדיגע אַרבייט איז לכתחילה באַגלייט געוואָרען פון אַ היפּשען אויסערליכען דער־פאָלג".

מיר וויסען וואָס גערשוני האָט דערמיט געמיינט: ער האָט געאַרבייט אין מינסק, דערהויפּט צווישען דער אידישער אַרבייטער־באַפעלקערונג, אויפ'ן קולטור־אויפקלערערישען פעלד, ד. ה. ער איז געווען אַ לעהרער אין די יעמאָלט געוועזענע לעגאַלע זונטאָג־שולעס פאַר אַרבייטער, ער האָט אַרויסגעגעבען און פאַרשפּרייט פּאָפּולער־וויסענשאַפטליכע ביכער, האָט געהאַלטען אויפקלערערישע לעקציעס אויף פאַרשיידענע טעמעס. ער איז שוין דאַמאָלסט געווען אַ רייפער מענש, מיט אַ ברייטער בילדונג, און האָט גאַנץ באַוואוסטזיניג און אַנטשלאָסען זיך אָפּגעזאָגט פון רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט. ער איז יעמאָלט נאָך געווען איבערצייגט, אַז די רעוואָלוציאָנערע אַרבייט פאָדערט צופיל קרבנות פון די מאַסען; ער האָט געגלויבט, אַז מען קען פאַרבעסערען די לאַגע פון די פאָלקס־מאַסען אויף אַ פרידליכען וועג מיט דער הילף פון קולטורישער, אויפקלערערישער אַרבייט, און אויב ניט ביי דער מיטווירקונג, איז ווענינגסטענס מיט דעם וויסען פון דער אַדמיניסטראַציע און רעגירונג. „אָבער — זאָגט ער ווייטער — וואָס ברייטער עס האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקעלט אונזער אויפקלערע־רישע טעטיגקייט, וואָס נעהנטער איך האָב זיך אויג־אויף־אויג צונויפ־געטראָפען מיט די אמת'ע נויטען פון פאָלק, און מיט די באַדינגונגען, ביי וועלכע עס דערלויבט זיך אונז צו פאַרקלענערען די דאָזיגע נויטען, האָב איך אַלץ מעהר און מעהר זיך איבערצייגט, אַז מיר קענען גאָר שלעכט און ניט אויפריכטיג דינען דעם פאָלק, אויב מיר ווילען זיך ניט שטעלען אין קאָנפליקט מיט דער רעגירונגס־מאַכט".

דאָ איז דער אויסגאַנגס־פונקט פון יענעם קאָנפליקט, וואָס האָט

געפיהרט גערשוני'ן צו רעוואָלוציאָנערער ארבייט. „דאָס ערגסטע איז דאָס — זאָגט ער — וואָס ביי דער גאַנצער אויפריכטיגער באַציהונג צו דער זאך, ביי דער גאַנצער ענערגיע וואָס איהר לעגט אריין אין דער ארבייט, קומט דער לעגאַלער טוער אומפארמיידליך צום באשלוס, אז אלץ וואָס ער טוט, איז ניט דאָס, וואָס ער דארף טאָן, און אז דער איינציגער שולדיגער אין דעם איז — די היינטיגע פּאָליטישע אָרדענונג".

די טראַגישקייט פון אזא געפיהל פאַרוואַנדעלט דעם קולטור־טוער אין א פּאָליטיקער. „אליין די רעגירונג — זעצט גערשוני פאָר זיין קרעפטיגע ארגומענטאַציע — איז שולדיג אין דעם, וואָס זי האָט זיך אוועקגעשטעלט ווי א שטיינערנע וואַנט צווישען פאָלק און די, וועלכע האַלטען פאַר זייער פליכט און פאַר'ן ציל פון זייער לעבען צו דינען איהם באמת. זי אליין איז שולדיג אין דעם, וואָס די לעגאַלע טוער זיינען בארויבט פון דער מעגליכקייט צו ברענגען דעם ארבייטער־קלאַס אמת'ן וויסען, וואָס צווינגט די דאָזיגע טוער איהם אָפּצונאַרען און ניט זיין אויפריכטיג מיט איהם, וואָס זי לאָזט אינגאַנצען ניט צו צו איהם די בעסטע מענשען".

פערזאָנען, וועלכע האָבען געקענט גערשוני'ן אין דעם דאָזיגען פעריאָד פון זיין לעבען, פאַרזיכערען, אז אין זיין קולטור־אויפקלערערישער טעטיגקייט איז ער געווען א זעלטענער ארבייטער. קיינער האָט ניט געקענט פאַנאַנדערלעגען אזוי קלאָר די אָדער יענע וויסענשאַפטליכע פראַגע פאַר זיינע צוהערער; קיינער האָט ניט געקענט אזוי פאַראינטערעסירען די צוהערער, אזוי אויפוועקען אין זיי דעם דורשט נאָך וויסען. גריגאָרי גערשוני איז געווען א פּראָפּאַגאַנדיסט בטבע, און זיין פעהיגקייט צו דערקלערען זאכען קינסטלעריש, ווי אויך זיין טאַלאַנט אלס דעבאַטירער האָבען איהם געמאַכט פאַר דעם באליבטסטען און פּאָפּולערסטען לעקטאָר. אַן אמת'ער רעוואָלוציאָנער איז אלעמאָל צוגלייך א פולשטענדיגער פּראָפּאַגאַנדיסט וואָס פאַנגט די מענשליכע נשמות און הערצער. אָבער אפילו די גרעסטע דערפאָלגען אלס לעקטאָר האָבען גערשוני'ן ניט געקענט געבען קיין מאָראַלע צופרידענשטעלונג וויבאַלד ער האָט דערשפּירט א צוריסענקייט אין זיין אייגענער נשמה. „און פונדעסטוועגען — זאָגט ער — ווי שווער אזא צושטאַנד איז ניט געווען, האָב איך, ווי א סך אנדערע, געשלעפּט דעם אומגליקליכען יאָך, און באשרענקט זיך בלויז נאָר מיט א מיט־

געפיהל און אומבאדייטענדיגע דינסטען צו דער רעוואָלוציאָנערער זאַך".

און דאָ, פּונקט אין יענער צייט, האָט איין פּאַסירונג, ווי דאָס קומט אָפּט פאָר, ענדליך ארויסגערופען אַן איבערבראָך אין גערשוני'ן, וואָס האָט איהם געמאַכט פאַר אַ רעוואָלוציאָנער. „איך ווייס ניט, צי אונטער אַנדערע אומשטענדען וואָלט די דאָזיגע לאַגע אָנגעהאַלטען לענגער, אָבער איין פּאַסירונג, אין יאָהר 1900, האָט ביי מיר, ווי ביי אַ סך אַנדערע, געמאַכט אַ סוף פון אַלע ספיקות און וואַקלונגען. איך רייד וועגען די „צייטווייליגע פאַראָרדנונגען", וועגען אָפּגעבען די סטודענטען אין סאָלדאַטען.

דערמיט איז דער גורל געפאַלען — די מאָראַלע פּראָבלעמע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען אין איהר גאַנצער גרויס; ניט מאַכענדיג קיין פּשרה מיט'ן געוויסען איז שוין קיין צוריקגאַנג פון דאַנען ניט געווען — עס איז נאָר געבליבען איין וועג פאָרווערטס, און אויף איהם איז גערשוני אַוועקגעגאַנגען אָהן ציטערניש, ציהענדיג פאַר זיך פּערזענליך אַלע אומפארמיידליכע לאָגישע שלוסען, און דערגעהענדיג אויף דעם וועג ביז'ן סוף.

און טוט אַ קוק וואָס פאַר אַ שעהנע ווערטער גערשוני האָט געפונען צו כאַראַקטעריזירען דעם דאָזיגען וועג!

„איך האָב פאַרלאָזען אַ מאַטעריעל־געזיכערטע פּאָזיציע, אי אַן אויסערליך גוט איינגעאָרדענטע קולטורעלע טעטיגקייט, פּערזענליכע פאַרבינדונגען און צוגעבונדענקייט, מיט איין וואָרט, אַלץ וואָס מיר רופען אָן „פּערזענליכען גליק", אָבער וואָס אין אמת'ן איז עס גליק אויפ'ן חשבון פון אַנדערע — און בין אַוועק צו יענע, וועלכע לעגען אריין אין גרונט פון זייער טעטיגקייט בלויז איין מאָטיוו — דאָס גליק פונ'ם כלל. איך קען אייך פאַרזיכערען, אַז ניט מיט אַ גרינג הארץ, און ניט דורך לייכטזיניגקייט אָדער קאַפּריז פאַרלאָזט מען די „פרידליכע פעלדער". מען מוז זיין לחלוטין איבערצייגט אין דער פולשטענדיגער נוצלאָזיגקייט פון קולטורעלער טעטיגקייט ביי הייגטיגער צייט, פון דעם אומאויפהערליכען גיסען פרישען וויין אין אַלטע לאָגלען; מען מוז דורכגעהן דעם לײדענס־וועג („סקוואַז סטראָי") פון דעם עקזיסטירענדיגען רעזשים, וואָס שמייסט אַוועק מיט זיינע שפּיצרוטען אַלע אילוזיעס בנוגע דער פאַראייניבאַרקייט פון די אמת'ע נויטען פונ'ם ארבייטענדיגען פאָלק מיט די נויטען און צילען פון אָט דעם רעזשים; מען דאַרף דאָס אַלץ איבערלעבען כדי די מעכטיגע

שטים פון שאַנדע און פון געוויסען, וואָס שטייגט אויף אין אייך, זאָל אייך ענדליך צווינגען צו שטעלען זיך אין באַשטימטע באַציהונגען צו די פאָדערונגען פון לעבען. פאַר מיר איז דער דאָזיגער מאָמענט אויפגעשטאַנען אין יאָהר 1900".

אָט אַזוי איז אין יאָהר 1900 געבוירען געוואָרען גערשוני דער רעוואָלוציאָנער, גערשוני דער טעראָריסט. דער וועג, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, איז אויסערגעוועהנליך קלאָר. פון אָנהויב אַ קולטור־טוער און אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, וואָס האָפט צו פאַרווירקליכען זיינע געזעלשאַפטליכע אידעאַלען אויף פרידליכען וועגען — די אויפהויבונג פון קולטורעלען און מאַטעריעלען שטאַנד פון די אַרבייטענדיגע מאַסען. אויף דעם באָדען קומען פאַר אומפאַרמיידליכע צוזאַמענשטויסען מיט דער אַדמיניסטראַציע, מיט דער רעגירונג. עס ווערט געבוירען דאָס באַוואוסטזיין, אַז עס איז אוממעגליך אַ פּרוכטבאַרע געזעלשאַפטליכע אַרבייט אָהן אַ דירעקטען פּאָליטישען קאַמף מיט דער מאַכט. עס קומט פאַר אַ מאָראַלער קאָנפליקט — אין הארצען צושרייט זיך די שטים פון שאַנדע און פון געוויסען, און פאָדערט אַ פערזענליכען קרבן. לסוף, לעגט זיך צונויף אין באַוואוסטזיין אַ הייסע איבערצייגונג וועגען דער נויטיגקייט אַנטקעגענצושטעלען דער מאַכט פון דער רעגירונג די קראַפט פון דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָטעסט און דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף, מיט דער פעסטער זיכערקייט, אַז אָט דער וועג, דער וועג פון טעראָר, טראָגט דעם טויט ניט נאָר פון שונא, נאָר ברענגט אומפאַרמיידליך דעם טויט דעם רעוואָלוציאָנער גופא. וואָרים אונטער די אומשטענדען, וואָס האָבען דאַמאָלסט עקזיסטירט אין רוסלאַנד — וואָס עקזיסטירען דאָרטען, ליידער, נאָך איצטער אויך — איז דער אידעאַליזם, וואָס ברענט מיט אַ ריינעם פלאַם, שטאַרק פאַרבונדען מיט זעלבסטאָפּפערונג.

אָט דעם וועג האָט גערשוני איבערגעטראַכט, איבערגעוואויגען, באַשלאָסען און אָנגענומען, און איז געגאַנגען אויף איהם פון יעמאָלט אָן ביז'ן סוף. ווי ער אַליין זאָגט, איז עס פון זיין זייט ניט געווען ניט קיין „קאַפּריז", ניט קיין „לייכטזין" — גערשוני איז געוואָרען אַ רעוואָלוציאָנער אין אַ שפּעטערדיגען עלטער איידער די יוגענט פון יענער צייט: אין 1900 איז ער שוין אַלט געווען 30 יאָהר.

די פּאַרטיי ס.ר.־רעוואָלוציאָנערן איז אויפגעבויט געוואָרן אין 1900—1901, און ווי עס איז באַוואוסט, איז גערשוני געווען איינער

פון איהרע גרינדער. די נייע פּאַרטיי האָט זיך אונטערשיידט פון די ראַמאָלסטיגע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס מיט איהר איבער־ציינונג אין דער נויטיגקייט און מעגליכקייט פון רעוואָלוציאָנערער ארבייט צווישען דעם פּויערטום, מיט איהר אייגענאַרטיגער אוועק־שטעלונג פון דער אַגראַר־פראַגע, און מיט איהר אָנדערקענען דעם טעראָר ווי א געזעצליכען און געצוואונגענעם מיטעל פון פּאָליטישען קאַמף. גערשוני האָט אויף דעם אַלעם ארויפגעלעגט זיין שטעמפּעל. קומענדיג צו דער רעוואָלוציע ניט אויף דעם קאַבינעטנעם וועג פון חקירות, נאָר אויף דעם דערפאַהרענעם וועג פון א געזעלשאַפטליכען טוער, איז גערשוני געוואָרען א הייסער אָנהענגער פון די העראָאישע טראַדיציעס פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיא וואָליא”. אוים דער באַ־ריהמטער טעטיגקייט פון דער דאָזיגער פּאַרטיי, וואָס האָט אראָפּגע־וואָרפען אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, און איז דערנאָך אַליין אומגע־קומען אונטער די קלעפּ פון דער רעגירונג, האָט גערשוני געשעפּט זיין רעוואָלוציאָנערען ענטוזיאַזם און זיין ראָמאַנטיזם, וועלכער האָט אזוי גלענצענד באַפאַרבט זיין גאַנצע טעטיגקייט און האָט צוגעגעבען זיין פּערזענליכקייט אַזא צויבערהאַפטיגע שעהנקייט און צוציהונג אַפילו אין די אויגען פון זיינע פּאָליטישע געגנער.

דעם טעראָר האָט גערשוני געהאַלטען כמעט פאַר דעם הויפּט־וואָפען פון דער נייער פּאַרטיי אין איהר קאַמף מיט דער רעגירונג. דער טעראָריסטישער פּרינציפּ איז פעסט פאַרקינדיגט געוואָרען גלייך אין די ערשטע ארויסטרעטונגען פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָ־לוציאָנערען. אָבער גערשוני איז געווען א מענש ניט פון וואָרט, נאָר פון טאַט: ער האָט גלייך אינגאַנצען זיך ארייננגעטאָן אין דער אַרבייט פון א פּראַקטישער אָרגאַניזאַציע פון טעראָר, און האָט ארויפגעלעגט אויף זיינע אייגענע שולטערן די גאַנצע שווערקייט פון דער דאָזיגער אויפגאַבע. בטבע א פּראָפּאַגאַנדיסט, וואָס האָט ליב געהאַט די אַרבייט צווישען די ברייטע מאַסען, איז ער דאָך אוועק באַוואוסטזיניג און אָפּפערענדיג אין אַן אַרבייט וואָס האָט געפאָדערט א צווייענדיגע קאָנספּיראַציע און אָפּגעזונדערטקייט. און ביסלאַכווייז איז ער גע־וואָרען די נשמה פון דעם טעראָר.

די „באָיעוואַיא אָרגאַניזאַציא” איז אויפגעבויט געוואָרען דורך איהם שוין אין סעפּטעמבער, 1901. דעם צווייטען אַפּריל, 1902,

האָט סטעפּאַן באַלמאַשאָוו, אונטער גערשוני'ס אָנפיהרונג פון דער אָרגאַניזאַציע, דער'הרג'עט אין פּעטערבורג דעם מיניסטער פון אינערן, סיפּיאַגין. אין אַפּריל און מאי פון יאָהר 1902, זיינען דורך איהם צוגע־גרייט און אָרגאַניזירט געוואָרען צוויי אַטענטאַטען אויף פּאָביעדאָ־נאָסצעוו'ן. ער האָט אָרגאַניזירט אַן אַטענטאַט אויף דעם טרויעריג באַריהמטען, צוליב זיין גרויזאַמער באַהאַנדלונג פון די פּויערים, כאַר־קאָוועד גובערנאַטאָר אָבאָלענסקי, דעם 29טען יולי, 1902, אין דער שטאָדט כאַרקאָוו (פאָמאַ קאַטשורא). דורך איהם איז אויך צוגעגרייט און אָרגאַניזירט געוואָרען דער אַטענטאַט אויף דעם אופימער גובער־נאַטאָר באָגדאַנאָוויטש, וועלכער איז געוואָרען באַוואוסט דורך זיין צושיסען די זלאַטאָאוסטער אַרבייטער, און איז דער'הרג'עט געוואָרען דעם 6טען מאי, 1903. (די אַנטייל נעמער האָט מען ניט געכאַפּט.)

אין אַט די אַלע אַקציעס האָט גערשוני גענומען אַ פּערזענליכען אַנטייל, האָט זיך געטיילט מיט דער גאַנצער ריזיקע און פאַראַנטוואָרט־ליכקייט פון די דירעקטע אויספיהרער פון די טעראָריסטישע אַטענ־טאַטען, האָט אריינגעלעגט אין די דאָזיגע טאַטען זיין גאַנצען הויכען טאַלאַנט פון אַן אָרגאַניזאַטאָר און האָט ארויפגעלעגט אויף אַלץ דעם שטעמפּעל פון זיין ראָמאַנטישען אידעאַליזם, וועלכער האָט געשפּילט ניט קיין קליינע ראָליע אין דער אַרבייט פון צוציהען צום טעראָר נייע אָנהענגער, נייע נאָכפאָלגער. דאָס האָט ער אָנגעקליידט באַל־מאַשאָוו'ן אין אַ גלענצענדען מונדיר פון דעם פּרינצ'ס אַן אַדיוטאַנט; דאָס האָט ער אויסגעפיהרט מען זאָל איינגראַווירען אויפ'ן רעוואָלווער, מיט וועלכען פאָמאַ קאַטשורא האָט געשאָסען אויפ'ן כאַרקאָווער גובערנאַטאָר, אָבאָלענסקי'ן, אָפּצאָהלענדיג איהם פאַר זיינע רציחות אויף די פּויערים, דעם אויפשריפט: „טויט דעם צאַר'ס תליון און שונא פון פאָלק". און, וואָס איז אפשר געווען וויכטיגער ווי אַלץ, איז דער אָפּדרוק פון זיין מאָראַלער הויכקייט און ריינקייט, וואָס עס האָט זיך געפיהלט אין אַט די אַלע שרעקליכע און טראַגישע ארויס־טרעטונגען...

אַלס אַ הייסער פּאַרטיידיגער און עקשנות'דיגער פּראַקטישער אַרבייטער פון טעראָר, האָט גערשוני קיינמאָל ניט אויסגעלאָזען די געלעגענהייט, רופענדיג צום טעראָר, צו באַרעכטיגען איהם אין דער זעלביגער צייט. דאָס וואָרט איז ביי איהם שטענדיג געווען צוגלייך די טאַט, צווישען וואָרט און טאַט איז ביי איהם קיינמאָל ניט געווען

קיין איבעררייס. מיט זיין גאַנצער אָפענער נשמה האָט ער אַלעמאָל געפיהלט די אינערליכע טראַגישקייט פון'ם טעראָר, די נויט צו גע־פינען פאַר איהם אַ מאָראַלע באַרעכטיגונג. ער האָט שטענדיג אָנגע־וויזען, אַז די רעוואָלוציאָנערען, אַקעגען זייער אייגענעם ווילען, זיינען געצוואונגען דורך דער רעגירונג אַליין צו נעמען זיך פאַר טעראָר און הריגות; אַז דער סאָציאַליזם פאַרלייקענט יעדע געוואַלט, אַז דער טעראָר פאַר זיך איז בשום אופן ניט קיין נויטיגער אָרגאַנישער טייל פון דעם געזעלשאַפטליכען פּראָגראַם פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

רעדענדיג וועגען דער געשיכטע פון טעראָר, האָט גערשוני אין עצם גערעדט וועגען זיין אייגענער פּאָליטישער ביאָגראַפיע; און עס האָט געקלונגען מיט קראַפט און אמת'דיגקייט. „דער טעראָר שטעלט ניט צוזאַמען קיין אָרגאַנישען עלעמענט פון דער טעטיגקייט פון דער פּאַרטיי — האָט גערשוני געזאָגט אין דער פריהער ציטירטער רעדע — און כדי צו פאַרשטעהן זיין אנטשטעהונג און באַדייטונג איז נויטיג נאָכצופאָרשען ווי און ווען די פּאַרטיי האָט זיין אָנווענדונג אָנדערקענט פאַר אומפאַרמיידליך. דער קלענסטער פּראָ־טעסט, די קלענסטע ארויסזאָגונג וועגען די מיסברויכונגען פון דער רעגירונגס־מאַכט, רופט ארויס די גרויזאַמסטע פאַרפאָלגונגען. וועלכע מיטלען האָבען די רוסישע בירגער ארויסצוזאָגען זיך וועגען זייערע נויטען? קיינע... ווען די רעגירונג שטעלט דאָס לאַנד אונטער אַזוינע באַדינגונגען, אַז קיין נאָרמאַלע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט איז ניט מעגליך; ווען זי פאַרוואַנדעלט דאָס לעבען אין אַ מין כאַאָס, וואו עס בושעווען ווילדע, ניט־געצאַמטע קאַפּריזען פון די מאַכט־האָבער, ווערט אַזאַ לעבען אומדערטרעגליך פאַר יעדען פיל־ווינציג באַוואוסטזיניגען מענשען. אונטער דער ווירקונג פון דער רעגירונג'ס רעפּרעסיעס איז אויסגעוואַקסען אין דער רעוואָלוציאָנערער סביבה דאָס באַוואוסטזיין פון דער נויטווענדיגקייט פון אַ שאַרפען אָפּשלאָג, מענשען האָבען זיך געריסען געהן אין אַן אָפענעם קאַמף, די פראַגע וועגען דער אומפאַר־מיידליכקייט פון טעראָר האָט זיך ארויסגערוקט מיט אַן אויגענשיין־ליכער קלאָרקייט פאַר אַלעמען. די פּאַרטיי ס. ר. האָט ניט געקענט איגנאָרירען אַזוינע פאָדערונגען. די פּאַרטיי האָט ביז דער לעצטער מעגליכקייט פאַרצויגען דעם מאָמענט פון אויפטרעטען אויפ'ן וועג פון טעראָריסטישען קאַמף, און בלויז אונטער דעם דרוק פון די אומ־דערטרעגליכע אָנפאַלען פון דער רעגירונג אויפ'ן אַרבייטענדיגען פאָלק

און אויף דער אינטעליגענציע האָט זי זיך געפיהלט געצוואונגען צו ענטפערען אויף געוואַלט מיט געוואַלט".

און דאָ טאַקע האָט גערשוני פאַרבייגעהענדיג צושטערט די וויט־פאַרשפּרייטע לעגענדע צווישען די בעלי גופים ווי אזוי מען זוכט אויס טעראָריסטען. וואָרים אַ סך מיינען נאָך עד היום, אַז דער אויס־פיהרער פון אַ טעראָריסטישען אַקט ווערט באַשטימט דורך אַ גורל, אזוי ווי מען וואַרפט גורל צווישען די וואָס זיינען פאַראורטיילט צום טויט. מענשען וועלכע האָבען קיין פאָרשטעלונג ניט וועגען די זיטען און פיהרונגען פון אַ רעוואָלוציאָנערען קרייז זיינען אויפריכטיג איבער־צייגט, אַז מען מוז די טעראָריסטען איינריידען, אַז מען מוז איינ־ווירקען אויף זיי, כדי זיי זאָלען איינשטימען צו ברענגען זיך פאַר אַ קרבן צוליב דער טובה פון כלל. דער פּראָקוראָר פון צאַרישען גע־ריכט, וואָס האָט געפאָדערט אַ טויט־אורטייל פאַר גערשוני׳ן, האָט זיך אַפילו אָפּגעשטעלט אויף דעם, אַז גערשוני האָט אויסגעאיבט אויף די טעראָריסטען אַ מין היפּנאָטישע ווירקונג. אין דער ווירקליכקייט אָבער איז בנוגע דעם טעראָר אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג די לאַגע אַלעמאָל געווען אַקוראַט פאַרקערט: אין טעראָר זיינען נעגאַנגען בלויז מענשען, וועלכע האָבען פרייוויליג ארויפגעלעגט אויף זיך דעם יאָך, און די אָנפיהרער פון דעם טעראָריסטישען קאַמף (וועלכע האָבען ריזיקירט מיט זייער לעבען צוגלייך ווי די דירעקטע דורכפיהרער) האָבען אַלעמאָל געזוכט אַפריהער אָפּצורייד‌ען דערפון די וואָס האָבען געוואָלט זיך באַטייליגען אין דער דאָזיגער שרעקליכער ארבייט. אזוי איז געווען אין די צייטען פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", אזוי איז אויך געווען אין דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָ־נערען — ווי אין גערשוני׳ס צייטען, אזוי אויך נאָך איהם.

„די וואָס זיינען באַקאַנט מיט דער הערשענדיגער שטימונג אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזען — זאָגט גערשוני — ווייסען גאַנץ גוט וויפיל כחות די אָרגאַניזאַציע האָט געדאַרפט אָנווענדען, כדי צו איבערצייגען די וואָס האָבען באַשלאָסען אונטער אַלע אומשטענדען צו געהן אויף טעראָר, אַז זיי זאָלען פאַרבלייבען אין דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט. די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס האָ־בען כלל ניט געדאַרפט זיך סטאַרען צוציהען ווערמען עס איז צו טעראָ־ריסטישער ארבייט. אי גריגאָריעוו (דער טיילנעמער אין דעם אַטענטאַט

אויף פּאָביעדאָנאָסצעוו'ן), אי קאַטשורא קענען דערצעהלען וויפיל מיה עס האָט זיי געקאָסט צו באַקומען די סאַנקציע פון דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ", און ווי לאַנג און ווי דרינגענדיג מען האָט זיי איינגע־רעדט, זיי זאָלען זיך אָפּזאָגען פון דעם באַשלוס וואָס זיי האָבען אָנגע־נומען".

אריינטרעטען אין דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ" איז אַלעמאָל געווען איינע פון די שווערסטע זאַכען, און מען קען זאָגען אז עס האָט כמעט ניט געטראָפען אין איהר געשיכטע, אז א מענש זאָל האָבען אריינגעטראָטען אין איהר נאָך דעם ערשטען מאָל וואָס ער האָט אויסגעדריקט זיין פאַרלאַנג. ער האָט אַלעמאָל אָנגעטראָפען א געגנערשאַפט, אַלעמאָל האָט מען זיך געמיהט איהם אָפּצורעדען פון זיין באַשלוס און איינרעדען איהם ער זאָל פאַרבלייבען אויף זיין פריהערדיגער ארבייט אין דער פּאַרטיי. ערשט נאָך א פאַרלענגערטען און עקשנות'דיגען קאַמף, ווען דער קאַנדידאַט וואָס האָט פאָרגעלעגט זיינע דינסטען און זיין לעבען, גרייט צו הרג'ענען און שטאַרבען, איז אַלץ באַשטאַנען אויף זיין באַשלוס, האָט מען איהם אריינגענומען אין דעם ענגען און באַגרעניצטען קרייז פון די טעראָריסטען. עס וועט ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגען, אז אין דער זיבען יאָהריגער עקזיסטענץ פון דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ" (פון הערבסט 1901 ביז פריהלינג 1908), ווען אַלץ צוזאַמען קען מען רעכענען ארום א הונדערט מענשען, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען דורך איהרע רייהען, איז די צאָהל פון די, וועלכע האָבען געקלאַפּט אין איהרע טירען, וואַר־שיינליך געווען צעהן מאָל אזויפיל... „א סך רופער, אבער ווענינ אויסגעקליבענע"...

דער טעראָר פון זיין סאַמע אָנהויב אָן, ווען ער איז נאָך ניט געווען די זאַך פון אַן אָרגאַניזירטער פּאַרטיי, נאָר אינגאַנצען אַן אַקט פון אינדיווידועלען העראָאיזם, האָט געצויגען צו זיך די סימפּאַטיעס פון די אַנטייל נעמער אין רעוואָלוציאָנערען קאַמף. און ווי אזוי האָט עס געקאָנט זיין אַנדערש? אין אמת'ן, א טעראָריסטישער אַקט — הרג'ענען דעם שונא און ברענגען זיך אַליין פאַר א קרבן — איז דער העכסטער ארויסווייז פון רעוואָלוציאָנערען העראָאיזם: א מענש גיט מוטיג א קלאַפּ דעם שונא אין הארצען, אין זיין אייגענער פעסטונג, און מיט שטאָלץ איז מקריב זיין אייגענעם לעבען, כדי אויסצוקויפען זיך פאַר דעם אָפּגעטאָנענעם פאַרברעכען. איך שטרייך

אונטער דעם לעצטען וואָרט, ווייל יעדער טעראָריסט האָט געהאַט דאָס באוואוסטזיין אז ער איז באַגאַנגען אַ פאַרברעכען, און נאָר זיין איינענער טויט קאָן אויסקויפען אין זיין מאָראַלען באוואוסטזיין דעם דאָזיגען פאַרברעכען. פונקט דעריין ליגט די טראַגישע שעהנקייט פון טעראָר.

אָבער פאַר דעם אויסברוך פון טעראָר, פאַר זיין דערפאָלג, זיינען געווען נויטיג געוויסע באַדינגונגען — ניט נאָר די געהעריגע פּסיכאָלאָגישע שטימונג פון דעם טעראָריסט, נאָר אויך אַן אויפשטייג פון דער געזעלשאַפטליכער דערוואַכונג אין לאַנד, אַ מיטגעפיהל פון די ברייטע פאָלקס און געזעלשאַפטליכע קרייזען.

אָט וואָס גערשוני האָט געשריבען פונקט אין דעם פּעריאָד פון צוגרייטען דעם אַטענטאַט אויף סיפּיאַגינען, אין דעם אַרטיקעל „אַ באַדייטענדיגער יאָהרצייט”, וועגען קאַרפּאָוויטשעס שאָס, וואָס האָט דערה׳הרג׳עט מיט אַ יאָהר פריהער דעם מיניסטער פון פאָלקס־בילדונג באָגאָליעפּאָוו׳ן: —

„מענשען וואָס פּראָטעסטירען ניט אַנטקעגען דעם חוצפּה׳דיגען טרעטען אויף זייערע רעכט, רעכטלאָזע קנעכט וואָס נעמען צו אַ פּאַטש אין פּנים שווייגענדיג און אונטערטעניג! אַן אויסגאַנג, אַ וועלכער עס איז אויסגאַנג פון דער דאָזיגער לאַגע! קאַרפּאָוויטשעס קויל האָט צוקלאַפּט ניט נאָר דאָס לעבען פון דעם פאַרברעכערישען מיניסטער; זי האָט צוקלאַפּט די איינגעגלויבטקייט פון דער רעגירונג, אז רוסלאַנד איז אַ לאַנד פון אונטערטעניגע קנעכט; זי האָט דערמאָנט די מיניס־טאָרען וועגען זייער פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר זייערע מעשים רעים, פאַר די צרות און אומגליקען וועלכע זיי זייהען מיט אַזאַ גרינג הארץ ארום זיך... גרויס איז קאַרפּאָוויטשעס פאַרדינסט פאַר דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ער האָט באַוויזען דעם מעכטיגען איינ־פלוס פון דער איניציאַטיווע פון אַ העראָאישער פּערזענליכקייט, פון דעם געוואַגטען קאַמף אַנטקעגען דעם פאַרהאַסטען שונא”.

דאָס איז געווען דער ריכטיגער אויפרוף פון אַ טעראָריסט — אַן אויפרוף צו נקמה און פאַר דער מענשליכער ווירדע. און אָט די ווער־טער האָבען ווי מיט ברענענדיגע אייזענס געצונדען די נשמות פון די יונגע רעוואָלוציאָנערען, רופענדיג זיי צום קאַמף און צו פּערזענליכע העלדענטאַטען.

קאַרפּאָוויטשעס שאָס (דעם 14טען פעברואַר, 1901) איז געווען,

ווי באקאנט, אן אינדיווידועלער אקט — דאס טויטען סיפיאגינען (דעם צווייטען אפריל, 1902) איז געווען דער אנהויב פון דעם ארגא־ניזירטען טעראר פון דער פארטיי ס. ר. דער זעלביגער גערשוני האט געשריבען נאך דער טויטונג פון סיפיאגינען („לעטוטשי ליסטאק רעוואלוציאנאי ראססי", נומער 3, אפריל, 1902) : —

„דער שיקזאל האט דאס מאל פאטראניזירט רוסלאנד . . . סיפיא־גין איז ארונטערגעווארפען געווארען — ארונטערגעווארפען געווארען אויף שטענדיג — ניט דורך א וואטום פון אומצוטרויען פון א ניטא־אידיגען פארלאמענט, נאר דורך א רעוואלווער־קויל פון א העלד. דאס איז ביי אונז די איינציג־מעגליכע פארם פון דער רעגירונג'ס פאראנט־ווארטליכקייט צום לאנד".

עס איז זעהר כאראקטעריסטיש פאר גערשוני'ן, וואס אט דער געדאנק קומט צו איהם צוערשט נאך א דערפאלגרייכען טעראריס־טישען אקט. ער ציהט פאר, פארשטעהט זיך, די פאראנטווארטליכקייט פון א מיניסטער צום פארלאמענט, און ניט צו דער קויל פון א רעווא־לוציאנער, אבער, ליידער, איז אזא אניסוואהל ניט געגעבען געווארען... און די רעוואלוציאנערען זיינען געצוואונגען געגען זייער וואונש צו געהן אויפ'ן וועג פון מאכט און גוואלט. נאך קלערער, נאך גלענ־צענדער דריקט גערשוני אויס אט דעם געדאנק אין זיינע ווייטערדיגע ווערטער : —

„פון דער רעגירונג הענגט אפ, צי מיר וועלען קעמפען פאר'ן סאציאליזם — פאר'ן אידעאל פון אלגעמיינער ארבייט און אלגעמיינעם פריידען — מיט די געוועהנליכע מיטלען פון די קולטור־לענדער, אדער מיר וועלען מוזען פון דאס ניי זיך נעמען, ווי אין איהר צייט האט געזאגט די „נאראדנאיא וואליא", פאר די טרויעריגע אבער נויטווענ־דיגע וואפען פון טעראריסטישער זעלבסטשוץ און קאמף . . . זאל מען דעם רוסישען פאלק געבען די מעגליכקייט פון א פרייער ענטוויקלונג, און מיר וועלען זיך אינגאנצען איבערגעבען דער גרויסער באפרייאונגס־באוועגונג, פאר וועלכער עס ארבייטען אויך אונזערע אייראפעאישע מיט־ברידער. מיר ווארטען אויף אן ענטפער פון דער רעגירונג און שטעהען דערווייל אונטער'ן ביקס".

גאנץ אין דעם זין רעדט אויך די פראקלאמאציע פון דער ב. א., וואס איז ארויסגעלאזט געווארען אין פעטערבורג גופא, אויף מארגען

נאָכדעם ווי סיפּיאַגין איז דער׳הרג׳עט געוואָרען, און וועלכע איז אויך געשריבען געוואָרען פון גערשוני׳ן: —

„באַרויבטע פון דער מעגליכקייט אויף אַ וועלכען עס איז פריד־ליכען אופן צו שטעלען זיך אַקעגען די מעשים רעים וואָס די רעגירונג טוט אָפּ, האַלטען מיר, די באַוואוסטזיניגע מינאָריטעט, ניט נאָר אַלס אונזער רעכט, נאָר אויך אַלס אונזער הייליגע פליכט — ניט קוקענדיג אויף דער גאַנצער שווידערליכקייט וואָס מיר פיהלען פון אַזוינע קאַמף־מיטלען — אויף געוואַלט ענטפערען מיט געוואַלט, פאַר דעם פאַר־גאָסענעם פאָלקס־בלוט צאָהלען מיט׳ן בלוט פון זיינע אונטערדריקער. מיר לעגען ארויף די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר די אַלע שרעקליכ־קייטען פון אָט דעם קאַמף אויף דער רעגירונג, וועלכע האָט אונז גענויט אַרויפצוטרעטען אויף דעם וועג . . . דער סוויסטש פון קויל — דאָס איז איצט דער איינציג־מעגליכער געשפּרעך מיט אונזערע מיניס־טאָרען, איידער זיי וועלען זיך אויסלערנען צו פאַרשטעהן די אַלגעמיין מענשליכע שפּראַך און וועלען זיך צוהערען צו דער שטים פון לאַנד".

הערט זיך דען ניט אין אָט די טראַגישע ווערטער דער שמערץ פאַר דער פאַרלאָרענער מעגליכקייט פון אַ פרידליכער ארבייט צווישען פאָלק? צי דען פיהלט זיך ניט אין אָט די וועהטאָגדיגע פראַזען דער פייערדיגער ראָמאַנטיקער פון אַ פרידליכער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַ־גאַנדע? דער מענש, וועלכער האָט נאָר־וואָס אָנגעשטעלט די האַנט פון דעם יונגען העלד צו באַגעהן אַ מאָרד, וועלכער האָט נאָר־וואָס אָפּגעגעבען פאַר אַ קרבן זיין נאָהענטסטען פריינד, און האָט אויך אָפּ־געגעבען זיין אייגענעם לעבען — ער אַליין רעדט וועגען דעם „שווידער, וואָס ער פיהלט פון אַזוינע קאַמף־מיטלען", ער אַליין פאַרשילט כמעט דעם בלוטיגען וועג, אויף וועלכען מען האָט איהם גענויט ארויפצו־טרעטען. דאָ קען מען רעדען ניט נאָר וועגען זעלבסט־אָפּפערונג, וועגן אָפּפערען די נאָהענטע און זיך אַליין, נאָר אויך וועגען אַ מאָ־ראַלען קרבן, וועגען דעם קרבן פון די אייגענע איבערצייגונגען. עס קען זיין, אַז אָט דער לעצטער, דער מאָראַלער קרבן, איז געווען נאָך גרעסער און העכער איידער דער קרבן פון די יונגע און שעהנע לעבענס.

גערשוני׳ס האַלטונג אויפ׳ן געריכט און די ווערטער, וואס ער האָט דאָרט געזאָגט, כאַראַקטעריזירען איהם אַזוי ווי עס קען ניט זיין קלערער: וואָרים אין זיין באַוואוסטזיין איז דאָס געווען זיין לעצטער לעבענס־אויפטו — ער איז געווען איבערצייגט, אַז פון דעם זאַל פון

געריכט איז פאַר איהם געבליבען נאָר איין וועג, דער וועג צו דער תליה.

ארויפטרעטענדיג אויפ'ן רעוואָלוציאָנערען וועג און זעהענדיג אַלע ניט־אויסמיידליכע פאָלגען דערפון פאַר איהם פערזענליך, האָט גריגאָרי גערשוני גוט געוואוסט וואוהין דער דאָזיגער וועג וועט איהם פיהרען. אין קיעוו, נאָכ'ן אַרעסט, האָט מען איהם באַלד איינגע־שמידט אין קייטען. און ער האָט זיך גלייך צוגעריהרט מיט די ליפּען צו די קייטען — דאָס איז געווען זיין ערשטער, כמעט אינסטינקטיווער זשעסט.

אָט אַזוי האָט זיך געקניהט פאַר די קייטען דער ראָמאַנטיקער פון דער רעוואָלוציע — זיך געקניהט פאַר די לײדען פון אַ רייה פריהער־דיגע רעוואָלוציאָנערע דורות, וועלכע זיינען דורכגעפלויגען אין דער רגע אין זיין באוואוסטזיין. אין אָט דער, פאַר איהם פאַטאַלער, מינוט האָט ער געטראַכט ניט וועגען זיך, נאָר וועגען די אַנדערע, שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגענע, לאַנג פאַר איהם געשטאָרבענע.

ער אליין איז דאָך שוין געווען אַ פאַראורטיילטער — ער האָט זיך גאַנץ גוט אָפּגעגעבען אַ חשבון וועגען דעם. אָבער קיין מורא פאַר'ן טויט האָט ער ניט געהאַט. אַ שרעק האָט איהם איינמאָל יאָ ארומ־גענומען, זיצענדיג אין תפיסה; אָבער דאָס איז ניט געווען אַ שרעק וועגען דעם געדאַנק פון זיין אייגענעם טויט. דאָס איז געווען דער שרעק פאַר'ן מענשען, פאַר דעם גלויבען אין איהם. דער שרעק האָט ארומגעכאַפּט זיין נשמה, ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגען קאַ־טשוראַ'ס פאַרראַט, פון דעם אייגענעם ארבייטער־העלד קאַטשוראַ, וועמען גערשוני האָט אויסגעקליבען אויסצופיהרען דעם אורטייל פון דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ" אויף דעם גובערנאַטאָר אָבאָלענסקי'ן, דעם גרויזאַמען אונטערדריקער פון די פויערים...

„צי ווייסט איהר — האָט ער שפּעטער געשריבען — וואָס דאָס איז אַ טויטליכער שרעק? אָט דאַמאָלסט איז עס מיר אויסגעקומען צו דערשפּירען! דער שרעק פאַר'ן מענשען, דער שרעק פאַר דער קאָמפּליצירטקייט און סודות'דיגקייט פון דאָס, וואָס ווערט אָנגערופען אַ מענשליכע נשמה. ווי אַ דערשטיקענדער געשפּענסט שטעהט: קאַטשוראַ דער פאַררעטער!... מיט וועהטאָג און צער רופט זיך שטענדיג אָפּ אַזאַ געפאַלענקייט פון אַ רעוואָלוציאָנער . . . ער איז געפאַלען, און דו אליין וועסט אויסהאַלטען? ווי פּרובירט מען אויס די אייגענע כחות? וואָס דאַרף מען טאָן, כדי צו קענען מיט

זיכערקייט זיך זאָגען: איך וועל אויסהאַלטען! און רוהיג באַגעגענען די בייזע און פאַרברעכערישע איינפאַלען פון דער רעגירונג? עס איז מיר אויסגעקומען איבערצולעבען אַ סך שווערע און דריקענדע מינוטען; אָבער אַזוינע מאָמענטען האָב איך זיך ניט פאַרגעשטעלט״.

ער האָט אויסגעהאַלטען! און נאָך ווי אויסגעהאַלטען... די גאַנצע אויפפיהרונג גערשוני׳ם פון דעם מאָמענט פון זיין אַרעסט אָן, זיינע לאַכעדיגע בריף פון קרעפּאָסט, זיין רוהיגקייט און זעלבסט־באַהערשונג אויף׳ן געריכט, דער שטאָלץ מיט וועלכען ער האָט אויס־געהערט זיין טויט־אורטייל, די פעסטקייט מיט וועלכער ער האָט אָפּ־געוואָרפען אַלע מאַכערייען פון פּלעווע׳ן, וואָס האָט פאַרנומען סיפּיאַ־גינ׳ם פּלאַץ אַלס מיניסטער פון אינערן, און וואָס האָט זיך געסטאַרעט צוצוברעכען דעם שטאָלענעם ווילען פונ׳ם געפאַנגענעם, דערנידעריגען איהם מיט דעם נסיון צו ראַטעווען זיין לעבען דורך שתדלנות — דאָס אַלץ האָט געטראָגען דעם כאַראַקטער פון אמת׳ער העלדישקייט.

אָט וואָס מען האָט דאַמאָלסט געשריבען וועגען גערשוני׳ם אויפ־פיהרונג אויף׳ן געריכט לויט די באַריכטען פון צוזעהער („רעוואָלו־ציאָננאַיאַ ראָססיאַ״, נומער 43): „אַ רוהיגער, אויפמערקזאַמער און האַרטער, אָהן אַ שאָטען פון אַפעקטאַציע, האָט ער פאַרוואונדערט זיינע ריכטער מיט זיין נאָבעלער איינפאַכקייט און זעלבסט־באַהער־שונג, מיט וועלכער ער האָט נאָכגעפאָלגט טריט ביי טריט אַלע גיינג פונ׳ם פּראָצעס, האַלטענדיג פאַר זיין פּאַרטייאישען חוב אָפּצולייקענען אַלע פאַרזוכען צו באַוואַרפען די רעוואָלוציאָנערען מיט בלאָטע. די ריכטער אַליין האָבען איהם כאַראַקטעריזירט אַלס אַ „שטאָלענעם מענ־שען״. אונטער דער הויט פון אָט דעם האַרטען, ניט־צוברעכבאַרען קעמפער קלאַפּט אַן אומגעוועהנליך איידעלעס, ליבענדעס, אפילו עטוואָס אַ ראָמאַנטישעס האַרץ. ביי איינעם פון די ריכטער האָט זיך ארויס־געריסען אַן אויסרוף — „יאָ, אָט דער איז ווירקליך אַ מענש!״...

גערשוני׳ס אַנטייל אין די טעראָריסטישע אַקטען אויף סיפּיאַגינען, פּאָביעדאָנאָסצעוו׳ן, די גובערנאַטאָרס אָבאָלענסקי און באָגדאַנאָוויטש איז אויף׳ן געריכט באַוויזען געוואָרען גאַנץ קלאָר. אגב, גערשוני אַליין האָט ניט געלייקענט זיין אַנטייל נעמען און זיין פיהרענדיגע ראָליע אין דעם טעראָר. זיין גורל האָט ער געוואוסט און האָט זיך מיט איהם מעהר ניט אינטערעסירט. דאָס איינציגע וואָס איהם האָט

איצט געקימערט, איז געווען אויפצוקלערען פאַר׳ן געריכט די אויפ־גאַבען פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און געגוי באַשטימען דעם אָרט פון טעראָר אין דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט. זייענדיג ווירקליך די נשמה פון דעם טעראָר און פון דער „באָיעוואָיאַ אָרגאַניזאַציאַ״ וואָס ער האָט באַשאַפען, האָט גערשוני זיך געפלייסט אָנצואווייזען אויף דער אונטערגעאָרדענטער ראָליע פון דעם סאָרט טעטיגקייט אין דער אַלגעמיין־פאַרטייאישער אַרבייט, אום קלאָר צו מאַכען, אז „פאַר דער פאַרטיי איז דער טעראָר ניט קיין מיטעל פון אַרונטערוואַרפען די מאַכט, ניט קיין מיטעל צו דערגרייכען איהרע ענדליכע צילען, נאָר נישט מעהר ווי איינער פון די אופנים פון דער אַרבייט, אויף וועלכע די פאַרטיי איז אַוועקגעגאַנגען בשום אופן ניט אויס ליבע צו גוואַלד־טאַטען, נאָר איז אַוועקגעגאַנגען נאָך לאַנגע וואַקלונגען און מיט אַ פאַרקוועטשטען האַרצען, אַ געצוואונגענע דערצו דורך די צרהי־דיגע אומשטענדען...״*)

און צו וואָס פאַר אַ מאָראַלער הויך ער הויבט זיך אויף אין אַ בריף וואָס ער האָט געשריבען פון טורמע דערוואַרטענדיג די טויט־שטראָף, פון כמעט יענער זייט קבר:

„איך האָב זיך געפיהלט די גאַנצע צייט גוט און מונטער . . . האָט קיין פאַראיבעל ניט אויף מיר פאַרוואָס איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו פאָלגען אייער באַשלוס, וואָס איז מיר איבערגעגעבען געוואָרען, אַוועקצופאָהרען אין אויסלאַנד; איך האָב אַנדערש ניט געקענט טאָן: איהר ווייסט אַז איך האָב זיך געשטעלט אַנטקעגען דעם אַנטלויפען פון דער יוגענט נאָך אויסלאַנד; מיין אַוועקפאָהרען וואָלט געווען אַ שלעכטער ביישפּיל פאַר אַנדערע...

„איך ווייס אַז מיין הינריכטונג וועט זיין פאַר אייך אַ שווערער קלאַפּ, איך גלויב אָבער, אַז פאַר דער זאַך וועט זי ניט זיין אומנוצליך. שווער איז געווען צו שטאַרבען פאַר די רעוואָלוציאָנערען פון די זיבעציגער־אַכציגער יאָהרען — זיי זיינען געווען איינזאַמע. מיר אָטעמען פון איין ברוסט מיט דעם פּראָלעטאַריאַט און דער פויערים־שאַפט, און אין אונזער צייט איז לייכטער צו שטאַרבען. איך ווייס ניט, צי האָב איך אַ טעות, נאָר עפּעס גלויבט זיך מיר טיף אין דער נאָהענטקייט פון אונזער נצחון, אין דער נאָהענטקייט פון דעם טריאומף,

*) זעה גערשוני׳ס צוגעגרייטע רעדע פאַר׳ן געריכט, זייט 310.

פון דער פרייהייט און פון די אינטערעסען פון דעם ארבייטענדיגען פאָלק. גרויסע זאכען פון אמת און גערעכטיגקייט וועט דאָס דאָזיגע פאָלק דאמאָלסט אויפטאָן. און אין איינזיכט פון אָט די קומענדיגע גרויסע אויפטואונגען, צי קען מען זאָגען, אז אַ מענשליך לעבען איז צו אַ גרויסער קרבן? איך יעדענפאַלס רעכען, אַז מיין לעבען האָט זיך גליקליך צוזאַמענגעשטעלט, און האָב ניט פארוואָס צו טאַדלען דעם שיקזאַל".

אָט אַזוי איינפאַך און רוהיג האָט גערשוני געשריבען ערב זיין היגריכטונג. ווי באוואוסט, איז דער טויט־אורטייל פארביטען געוואָרען אויף לעבענסלענגליכער קאַטאָרגע, נאָכדעם ווי מ'האָט איהם לאַנג און אומזיסט געמאַטערט און געטריבען צום נסיון, ער זאָל אליין בעטען אַ מילדערונג פון זיין גורל.

ער איז ניצל געוואָרען פון דער תליה, אָבער איז אריינגעלעגט געוואָרען אַ לעבעדיגער אין דעם שטיינערנעם קבר פון שליסעלבורג, וואו עס זיינען אומגעקומען עטליכע דורות פון דער רוסישע רעוואָלוציע.

לאַנגזאַם זיינען געגאַנגען די יאָהרען. אָן ארויסגעריסענער פון לעבען, ארומגעצאַמט פון טויטע ווענט, האָט גערשוני געלעבט בלויז מיט די עראינערונגען פון געוועזענעם קאַמף און מיט די ניט־אָפּגע־שטאָרבענע האָפענונגען אויף דער צוקונפט. דורך אַ נס איז צו איהם דערגאַנגען די ידיעה וועגען דעם טויט פון דעם אַלמעכטיגען פלעווע, אָבער ער האָט ניט געוואוסט, צי פלעווע איז געשטאָרבען מיט אַ נאַטירליכען טויט, אָדער איז געפאַלען פון די הענט פון אַ רעוואָ־לוציאָנער. ער האָט ניט געוואוסט, אַז דעם 15טען יולי, 1905, איז פלעווע דער'הרג'עט געוואָרען אין מיטען העלען טאָג, אין פעטערבורג, דורך דער „באָיעוואיא אָרגאַניזאציא", וואס ער, גערשוני, האָט באַ־שאַפען. ער האָט ניט געוואוסט, אַז אין דער פערזאָן פון סאַזאָנאָוו און זיינע חברים האָבען זיך געפונען ווירדיגע נאָכפאָלגער זיינע...

ענדליך אָבער האָבען די ידיעות וועגען דער רעוואָלוציע פון 1905 און וועגען די אָקטיאבער־פאסירונגען דורכגעבראָכען אפילו די ווענט פון שליסעלבורג. און עס איז כאראַקטעריסטיש אין העכסטען גראַד ווי גערשוני האָט אויף זיי רעאַגירט, וועלכע איבערלעבונגען און גע־דאַנקען די דאָזיגע נייעס האָט ארויסגערופען אין איהם פריהער ווי אַלץ. אָט ווי אַזוי ער האָט עס אַליין באשריבען, דערוויסענדיג זיך וועגען די נייע און אויסערגעוועהנליכע פאַסירונגען (דער אַלגעמיינער

סטרייק, דער אַקטיאַבר מאַניפעסט וועגן פרייהייט), וואָס אַליין דער קאָמענדאַנט פון קרעפּאָסט האָט איהם דערצעהלט.

„אַ נייע לעבען? און דאָס איז ניט אַ חלום?! און האָב דער־לעבט צו דאָס אַלעס? דערלעבט? און וועסט זעהן מיט די אייגענע אויגען אַ באַנייט, באַפרייט רוסלאַנד! און מען וועט שוין ווירקליך אין רוסלאַנד קענען לעבען? מען וועט שוין ניט דאַרפען באַגעהן מאָרדען?... מען וועט שוין ניט דאַרפען שטאַרבען צוליב באַגעהן מאָרדען? עס איז שוין געקומען אָט דער געבענשטער מאָמענט?... דער פון אונז פאַרשאָלטענער בלוטיגער קאַמף, וואָס דער פאַרשאָל־טענער בלוטיגער רעזשים האָט ארויפגעלעגט אויף אונזערע שול־טערען — איז ענדליך שוין געקומען אויף איהם אַ סוף?... קען מען שוין לאָזען דעם רעוואָלווער און די באָמבע דאָרטען, הינטער דעם שוועל פון דעם נייעם לעבען, ווי אַ פינסטערע ירושה פון אַ פינסטערער רעכטלאָזיגקייט, ווי אַ טרויעריגער וואפען פון פאַרטיידיגונג אַנטקעגען דעם ווילדען מוטווילען און דער געוואַלט פון די מאַכטהאָבער און שטאַרקע איבער די רעכטלאָזע און שוואַכע? האָט זיך דאָס אַלץ געענדיגט? די פאַרצוקטע היימלאַנד פאָדערט שוין ניט מעהר קיין קרבנות? די באַשיידענע און ליבענדע ועלען שוין מעהר ניט זיין געצוואונגען צו נעמען אין זייערע הענט דעם פאַרבלוטיגטען שווערד? דאָס וואָרט פון אמת און גערעכטיגקייט האָט ענדליך פאַרביטען דעם רעוואָלווער און די באָמבע פאַר די קעמפער פאַר גליק און פרייהייט פון די אַרבייטענדיגע?... אָבער אייביגע שאַנדע און אַן אייביגע קללה זיי, די גרויזאַמע, די אומדערבאַרעמליכע, וועלכע האָבען צעהנד־ליגע יאָהרען פאַרוואַנדעלט לעמער אין טיגערס, און האָבען געטריבען אויפ'ן וועג פון געוואַלט און הריגות די וואָס האָבען געבענקט און געדורשט נאָך פרידליכער שאַפענדיגער אַרבייט!"

אָט די ליידענשאַפטליכע טיראַדע דערלויבט אַריינצוקוקען אויף אַ רגע אין די קדשי־קדשים פון גערשוני'ס נשמה, און דערזעהן די גאַנצע טיפקייט פון דער טראַגעדיע, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין רעוואָלוציאָנערען קאַמף: דאָס איז ער, דער באַשיידענער און ליבענ־דער, געצוואונגען געוואָרען צו נעמען זיך פאַר דעם בלוטיגען שווערד פון געוואַלט; דאָס איז ער, וואָס איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען פון אַ לאַם אין אַ טיגער; דאָס איז ער, וואָס האָט דעם גאַנצען לעבען גע־חלומ'ט וועגען פרידליכער שאַפענדיגער אַרבייט, און איז געצוואונגען

געוואָרען צו נעמען אין די הענט דעם רעוואָלווער און די באָמבע... פון זיין הארצען רייסט זיך ארויס א פלוך אויף דער מאכט פאר וואָס זי האָט איהם געצווינגען צו מאָרדען און שטאַרבען פאַר'ן מאָרד... די גאנצע נשמה פון דעם ברענענדיגען רעוואָלוציאָנער־טעראָריסט האָט זיך אויפגעדעקט אין יענער רגע — א ליבענדע און באשיידענע נשמה, אָבער געצוואונגען צו זיין גרויזאם און בלוטדורשטיג. עס זיינען נויטיג געווען אויסערגעוועהנליכע פאַסירונגען, נאכריכטען וועגען א נייעם לעבען וואָס הויבט זיך אָן אין לאַנד, כדי עס זאָלען הויך זיך לאָזען הערען אזעלכע ווידויים. מיט א העלען ליכט באַלייכטען זיי דאָס אינטימע הארציגע געהיימנים פון דעם טעראָריסט, וועגען וועלכעם די זייטיגע פאַרדעכטיגען גאָרניט, אָבער אָהן דעם לאָזט זיך ניט ריכטיג פארשטעהן דעם טעראָר...

די שטורמדיגע פּאַסירונגען פון פינפטען יאָהר (1905) האָבען טאַקע געבראַכט אַן ענדערונג אין געֶרשוני'ס שיקזאַל. ער איז אַריבער־געפיהרט געוואָרען פון דעם שליסעלבורגער שטיינערנעם קבר אין סיבירישער קאַטאָרגע. פון דאָרטען האָט זיך איהם איינגעגעבען, ווי באַקאַנט, (אין יאָהר 1906) צו אַנטלויפען. די אַנטרינונג פון אַקאַטועער קאַטאָרגע האָט געטראָגען א לעגענדאַרישען כאַראַקטער. אַן ארויס־געטראָגענער פון די תפיסה־ווענט אין א פעסעל קרויט, האָט ער אַליין, ווי איוואַן־צאַרעוויטש פון דעם רוסישען מעשה־ביכעל, צובראָכען פון אינעווייניג דאָס פעסעל, האָט זיך בייגאַכט דורכגעשלאָגען דורך דער סיבירישער טאַיגאַ, און מיט דער הילף פון געטרייע פריינד איז ער אָנגעקומען צו אַן אייזענבאַהן. און ווייטער — וולאַדיוואָסטאָק, יאַפּאַן, פרייהייט... דערנאָך זיין טריאומף־צוג איבער אַמעריקא, וואו ער איז ארויסגעטראָטען אויף הונדערטע מיטינגען, האָט דאָרטען געזאַמעלט נייע מיטלען צו פיהרען דעם קאַמף מיט דעם אַלטען שונא, וועלכער איז שוין לאַנג פאַלש געוואָרען די קורצווייליגע וואַקלונגען פון יאָהר 1905, און האָט ווידער פאַרצאַמט פאַר'ן פאָלק דעם וועג צו א נייעם לעבען און צו פרייהייט, און שטיקט פון דאָס ניי די רוסישע רעוואָלוציע. און ווידער איז געֶרשוני אין די רייהען פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, רייסט זיך פון דאָס ניי אין קאַמף, אין די העכסט פאַראַנטוואָרטליכע ראָליען, אויף די העכסט געפעהרליכע פּלעצער. ניט־קלאָגענדיג זיך, ווי עפּעס וואָס איז זעלבסט־פארשטענדליך, לעגט געֶרשוני ווידער ארויף אויף זיינע פּלייצעס די

פאַרפלוכטע אָבער אומפאַרמיידליך פאַרבלוטיגטע מלחמה־קליידער פון דעם שעוואַליר־טעראָריסט. ווידער מוז מען מאָרדען און ווידער שטאַרבען פאַר מאָרדען...

ווי אַלץ איז אומגעוועהנליך אין זיין ביאָגראַפיע, ווי זיין גאַנץ לעבען ווערט כמעט אַ לעגענדע! וואָס איז ווערט זיין אומקערען זיך אין אייראָפּאַ, אויף אַ רונדען וועג אַרום דער גאַנצער וועלט: פון סיביר דורך יאַפּאַן און אַמעריקאַ, און זיין באַווייזען זיך אין די רייהען פון דער פּאַרטיי!

דאָס איז פאָרגעקומען דעם 15טען פעברואַר, 1907, אין טאַמער־פאָרס, פינלאַנד, אין דער צייט פון צווייטען צוזאַמענפאָהר פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, ווען קיינער האָט נאָך ניט געוואוסט פון זיין אָנקומען, הגם אַלע האָבען שוין געהערט וועגען זיין גליקליכען אַנטלויפען פון דער סיבירער קאַטאָרגע. די אָנוועזענדע אויף יענעם צוזאַמענפאָהר האָבען יעדעס מאָל מיט טיפער אויפרעגונג איבערגעגעבען די סצענע, ווי גערשוני איז אומדערוואַרטעט דערשינען צווישען זיי. אַלץ איז פאָרגעקומען אַזוי איינפאַך און אין דער זעל־ביגער צייט אַזוי אומגעוועהנליך.

עס איז שוין געוועזען דער דריטער טאָג פון צוזאַמענפאָהר. אין דער פריה, ווי דער סדר איז געוועזען, האָט די אָרגאַניזאַציאָנס־ביוראָ פאָרגעלעגט דער פאַרזאַמלונג אויסצואויסוועהלען אין פּרעזידיאום די חברים סעמיאָנאָוו, רובאַנאָוויטש און קאַפּוסטין. די ערשטע צוויי זיינען אַלעמען געוועזען באַקאַנט, אָבער די פאַמיליע פון דעם דריטען איז קיינעם ניט געוועזען באַקאַנט.

— שטימען: ווער איז דאָס קאַפּוסטין, וואו איז ער?

— רובאַנאָוויטש: איך קען זאָגען ווער דער חבר קאַפּוסטין איז (מיט טיפער עמאָציע) דאָס איז גערשוני... עס האָט אויסגעבראָכען אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטען, און ווען גערשוני האָט זיך באַוויזען, האָבען די אַפּלאָדיסמענטען זיך פאַרשטאַרקט נאָך מעהר. פרעהליכע אויסגעשרייען, געלעכטער: אַ סך דערמאָנען זיך, אַז ער האָט זיך געראַטעוועט פון אַקאַטוי אין אַ פעסעל קרויט (קאַפּוסטאַ).

— רובאַנאָוויטש: מיט אַן אויפגערעגטען געמיט האָב איך אָנגערופען דעם נאָמען, חברים, און איהר פאַרשטעהט געוויס מיין אויפרעגונג. מיר האָבען פאַרענדיגט דעם ערשטען צוזאַמענפאָהר

(אויפ'ן אימאַטראַ, אין פינלאַנד, אין 1906) לייענענדיג גערשוני'ס בריף פון קרעפּאַסט. איצטער איז ער אַליין דאָ...

גערשוני איז ארויף אויפ'ן פּאָרזיצער'ס פּלאַץ. זיין באוויזען זיך אויף דער עסטראַדע רופט פון דאַס ניי ארוים אַ דונער פון אַפּלאָ־דיסמענטען. אין זיינע ערשטע ווערטער, מיט וועלכע ער האָט זיך געווענדעט צום צוזאַמענפאָהר, האָט זיך ארויסגעוויזען זיין נאַטור — אַן ענערגישע, אַ ווילענס־שטאַרקע, אַ ראָמאַנטישע...

— חברים, — האָט ער אָנגעפאַנגען — איך בין געקומען אהער פון אַמעריקאַ, און ביי די אַמעריקאַנער איז דאָס פאַרשפּרייטסטע ווערטעל: „צייט איז געלט". און איך וואָלט געוואָלט גלייך אריבער־געהן צו דער זאַך, אָבער דאָך פיהל איך אַ חוב צו זאָגען אפריהער עטליכע ווערטער...

„מיר, פּאַרטיי־אַרבייטער, זיינען אין אַקאַטוי געוועזן 15—20 מענשען. זיי זיינען באַקאַנטע און אַלעמען טייערע חברים, אָנהוי־בענדיג פון דעם עלטסטען קאַרפּאָוויטש און ענדיגענדיג מיט דער אינגסטער ספּירידאָנאָוואַ. איידער מען האָט מיך איינגעפּאַקט אין פּעסעל, האָבען זיי אַלע געבעטען אייך איבערגעבען"...

גערשוני איז שטאַרק עמאָציאָנעל און רעדט מיט מאַטערניש.

— „איך מוז אייך איבערגעבען אַ גרוס און די געפיהלען . . . די געפיהלען פון צוגעבונדענקייט און ליבשאַפט צו אייך, צו דער זאַך און צו דער פּאַרטיי. איך רייד ניט כדי אויפצואוועקען סענטימענ־טאַלע געפיהלען. ניין, אָבער אונז האָט זיך אַלעמאָל אויסגעוויזען, אַז אויב די פּאַרטיי־אַרבייטער האָבען נויטיג אַ וועלכען עס איז עטישען באַלאַסט און אַ רודער, קען דאָס זיין נאָר די אומבאַגרעניצטע ליבע צו דער פּאַרטיי — די ליבע פון אַ זוהן צו דער טייערער מאַמען... און אָט די געפיהלען, די דאָזיגע ליבע האָבען אונזערע חברים גע־בעטען איבערגעבען אייך, דער פּאַרטיי"...

און נאָך אָט דעם אומפאַרמיידליכען צינז צו די געפיהלען, האָט גערשוני תיכף זיך געווענדט צום פאַרשטאַנד פון די אָנוועזענדיגע. ער דערמאָנט וועגען דעם היסטאָרישען מאָמענט וואָס די רעוואָלוציע האָט דאַמאָלסט איבערגעלעבט. ער דערמאָנט וועגען די נאָר־וואָס פאַרענדיגטע וואהלען אין דער צווייטער דומע און וועגען דעם זיג אין די דאָזיגע וואהלען פון די לינקע פּאַרטייען. גערשוני איז ארעסטירט געוואָרען אין מאַי, 1903; ער איז ארויסגעריסען געוואָרען פון די פּאַרטיי־רייהען ווען די פּאַרטיי ס. ר. איז געוועזן נישט מעהר ווי אַ

קליינע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע. איצטער, אין פיר יאָהר ארום, איז ער מיט אמאָל אריינגעפאַלען אויף א צאָהלרייכען צוזאמענפאָהר, פון א פארטיי וואס האָט געבילדעט א פראקציע אין דער דומע און האָט געדארפט ארויסטרעטען עפענטליך און אָפען אויף דער מלוכה׳שער ארענא, און זיין רעדע איז געווען דורכגעדרונגען מיט דעם באוואוסט־זיין פון אָט דער נייער פאַראנטוואָרטליכקייט.

דער ווערטפולער יסוד און עצם פון גערשוני׳ס רעוואָלוציאָנערער נאַטור איז באַשטאַנען אין דער זעלטענער פאַראייניגונג פון א הייס הארץ מיט א קאַלטען שכל. דעריין טאַקע איז געלעגען זיין כח — ער האָט אנגעצונדען אַן ענטוזיאזם ביי אַלעמען וואס זיינען געקומען מיט איהם אין באריהרונג, אָבער אין דער זעלביגער צייט האָט ער אַלעמאָל געקענט ארומכאַפּען און אָפּשאַצען די אויפגאַבען, וואָס זיינען אנטשטאַנען פאַר דער רעוואָלוציע, אין זייער גאַנצער אומפאַסונג. און ווי כאַראַקטעריסטיש עס איז פאַר איהם אין אָט דער באַציהונג די פראַזען, מיט וועלכע ער ענדיגט זיין באַגייסטערנדע רעדע ביי זיין ערשטער באַריהרונג מיט דער פאַרטיי, וואָס איז אויסגעוואַקסען אין די יאָהרען פון זיין אַבוועזענהייט:

„מיר מוזען אָפּגעבען א שבועה צו שטאַרבען עהרליך, ווי אונ־זערע חברים זיינען געשטאָרבען, און נאָך א שבועה — צו אָנווענדען אַלע כחות צו שטאַרבען מיט נוצען, מיט די גרעסטע נוצען פאַר׳ן פאָלק, מיט דעם גרעסטען שאָדען פאַר זיינע שונאים! שטאַרבען מוטיג און קלוג — אָט דאָס דאַרף זיין אונזער דעוויז”.

מען האָט געדאַרפט אַליין זיין אויף דעם צוזאמענפאָר, כדי צו פאַרשטעהן און צו פיהלען דעם איינפלוס וואָס גערשוני האָט געמאַכט אויף די אָנוועזענדע. ער איז געווען ארומגערינגעלט מיט אַלעמענס אַכטונג און ליבע, וואָס איז דערגאַנגען כמעט ביז צו עקסטאַז; זיין גאַנצע פערזענליכקייט, און אפילו דער נאָמען אַליין, גערשוני־קאַפּוסטין, איז געווען אָנגעהויכט מיט לעגענדעס. דאָס איז געווען א לעבעדיגער העלד, וואָס איז פלוצלונג געקומען כמעט פון יענער וועלט, פון דער שוין לעגענדאַרישער היסטאָריע. יעדעס וואָרט זיינער האָט געקלונגען אין די אויערען פון די אָנוועזענדע גאָר אויסטערליש.

מען דאַרף אָבער פאַרשטעהן גערשוני׳ס אייגענעם געפיהל און זיין לאַגע אויף דעם דאָזיגען צוזאמענפאָהר פון יאָהר 1907. מען מוז דאָס באַזונדערס אָפּשאַצען, ווען ענדליך איז אויפגעהויבען גע־וואָרען אויפ׳ן צוזאמענפאָהר די פראַגע וועגען טעראָר.

גערשוני איז געווען דער גרינדער און באַשאַפער פון דער „באָ־יעוואיא אָרגאַניזאַציאַ" פאַר דער פּאַרטיי. די דריי ערשטע אַקציעס פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געווען די וועג־ווייזער, נאָך וועלכע עס איז אוועקגעגאַנגען די טעראָר־געשיכטע פון דער פּאַרטיי ס. ר. און וועלכע האָבן אָנגעמערקט דעם וועג פון איהר וויטערער טעראָריסטישער טעטיגקייט. גערשוני האָט בלויז גע'חלומ'ט וועגען דינאַמיט — פאַר די פיר יאָהר נאָך זיין אַרעסט איז שוין די דינאַמיט־באָמבע אריינגעגאַנגען אין דעם מלחמה־אַרסענאַל פון דער פּאַרטיי צוגלייך מיט דעם בראַונינג. און וויפיל רוישיגע זיגען!

דעם 15טען יולי, 1904, איז דער'הרג'עט געוואָרען דורך אַ דינאַמיט־באָמבע דער אַלמעכטיגער מיניסטער פון אינערן, פּלעווע.

דעם 4טען פעברואַר, 1904, איז פאָרגעקומען אַן אויפרייס אין מאָסקווער קרעמעל און דער טויט פון קעניגליכען פּרינץ סערגיי אַלעקסאַנדראָוויטש.

דעם 28טען יוני, 1905, איז דער'הרג'עט געוואָרען דער מאָסקווער גראַדאָנאַטשאַלניק גראַף שואוואַלאָוו.

דעם 29טען אָקטאָבער, 1905, איז פאַרוואונדעט געוואָרען דער מאָהיליאָווער גובערנאַטאָר קלינגענבערג.

דעם 22טען נאָוועמבער, 1905, איז דער'הרג'עט געוואָרען אין סאַראַטאָוו דער פיהרער פון דער שטראָף־עקספּעדיציע אויף די פּויערים גענעראַל־לייטענאַנט סאַכאַראָוו.

דעם ערשטען יאַנואַר, 1906, איז פאַרוואונדעט געוואָרען דער טשערניגאָווער גובערנאַטאָר כוואָסטאָוו (דער אָרגאַניזאַטאָר פון די אידישע פּאָגראָמען).

דעם 16טען יאַנואַר, 1906, איז דער'הרג'עט געוואָרען אין טאַמבאָוו דער טרויעריג־באַריהמטער מיט זיינע גרויזאַמע מעשים אויף די פּויערים, לוזשענאָווסקי.

דעם 17טען יאַנואַר, 1906, איז אין סעוואַסטאָפּאָל פאַרוואונדעט געווען דער אַדמיראַל טשוכנין.

דעם 23טען אַפּריל, 1906, איז אין מאָסקווע פאַרוואונדעט געוואָרען דורך אַ באָמבע דער אַדמיראַל דובאַסאָוו.

דעם 16טען מאַי, 1906, איז דורך אַ באָמבע פאַרוואונדעט געוואָרען אין קוטאַיס דער גענעראַל אַליכאַנאָוו.

דעם 28טען יוני, 1906, איז אין סעוואַסטאָפּאָל דער'הרג'עט געוואָרען דער אַדמיראַל טשוכנין.

דעם 13טען אויגוסט, 1906, איז אין פעטערהאָף דער׳הרג׳עט געוואָרען דער אונטערדריקער פון מאָסקוועד אויפשטאַנד, גענעראל מין.

דעם 21טען סעפטעמבער, 1906, איז אין סימבירסק דער׳הרג׳עט געווארען דער גובערנאַטאָר סטארינקעוויטש.

דעם 25טען סעפטעמבער, 1906, איז אין סעוואסטאָפאָל פאַר־וואונדעט געוואָרען דער קאָמאנדיר דומבאדזע.

דעם 2טען דעצעמבער, 1906, איז אין פעטערבורג אַ צווייטען מאָל פארוואונדעט געוואָרען דער אדמיראל דובאסאָוו.

דעם 21טען דעצעמבער, 1906, איז דער׳הרג׳עט געווארען אין פעטערבורג דער גראַדאָנאַטשאַלניק לאוניטץ (פאַר אָרגאַניזירען אידישע פאָגראָמען).

דעם 26טען דעצעמבער, 1906, איז דער׳הרג׳עט געוואָרען אין פעטערבורג דער הויפט קריגס פּראָקוראָר פאוולאָוו.

אינגאַנצען, זינט גערשוני׳ס ארעסט (דעם 18טען מאי, 1903) ביז דעם טאַמערפאָרס צוזאַמענפאָהר (12—15 פעברואר, 1907) זיינען פארצייכענט געוואָרען 124 קליינע און גרויסע טעראָריסטישע אַקטען, וואָס זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען פון די אָרגאניזאציעס פון דער ס. ר. פארטיי. (זעה „אָנדענק ביכעל פון אַ סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער״, צווייטע אויפלאַגע, 1914: סטאַטיסטיק פון טעראָריסטישע אַקטען. מ. איוויטש.)

דער אָרגאַניזאַטאָר און די נשמה פון טעראָר האָט מיט צופרידענ־שטעלונג געקענט קאָנסטאַטירען, אַז די וואפען, וואָס ער האָט דער ערשטער אויפגעהויבען, איז געוואָרען אַ מעכטיגער קאַמפּף־מיטעל פון דער פארטיי, נאָכדעם אפילו ווי ער איז ארויסגעריסען געוואָרען פון די רייהען פון דער רעוואָלוציע. אָבער מיט נאָך אַ גרעסערער צופריי־דענשטעלונג האָט גערשוני געקענט קאָנסטאַטירען, אַז די טעראָריס־טישע טעטיגקייט פון דער פארטיי ס. ר. האָט זיך אָנגעפיהרט אויך אָהן איהם לויט די זעלביגע פרינציפען, וואָס ער האָט פעסט איינגע־שטעלט גלייך אין אָנהויב.

ער האָט קיינמאָל ניט אויסגעלאָזט די געלעגענהייט צו דער־קלערען אין דער הויך, אַז „די פארטיי האַלט דעם מאָרד פאַר אַ ניט־געווינשטען מיטעל פון קאַמף״. מיט דערשיטערונג און אָפּנייגונג אין הארצען איז ער אַליין ארויפגעטראָטען אויף דעם „גרויזאַמען וועג, פון וועלכען עס טרייסעלט זיך אָפּ מיט שרעק און דערשיטערונג דער נאַטירליכער מענשליכער געפיהל״; ער האָט פארשאָלטען די

מאכט, וועלכע האָט געצוואונגען די באשיידענע און די ליבענדינע צו נעמען אין די הענט דעם בלוטיגען שווערד, און ער האָט גע׳חלום׳ט ווי פון דעם גרעסטען גליק וועגען יענער צייט, ווען דער רעוואָלוציאָנער וועט קענען אויסבייטען דעם רעוואָלווער און די באָמבע אויף דעם וואָרט פון אמת און גערעכטיגקייט, ווען ער וועט באקומען די מעגליכקייט צו פיהרען אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אויף אַ פרידליכען אופן.

אָט די אַלע איבערלעבונגען האָבען זיך אָפּגעשפּיגעלט אויף די סאַמע מעטאָדען פון דעם טעראָריסטישען קאַמף, וואָס ער האָט אָנגעהויבען, אויף דער טעכניק גופא פון זיין טעראָר. גערשוני האָט אויסגעקליבען בלויז די דירעקטע העלדישע קלעפּ אין פּנים פון שונא; ער האָט אָנגעווענדט אַלע כחות צו זעהן, אַז ביי די טעראָריסטישע אקטען זאָל קיינער פון די זייטיגע ניט ליידען — און עס איז אויך ניט געווען צופעליג, וואָס די פון איהם אָרגאַניזירטע טעראָריסטישע אטענטאטען זיינען אין דער זעלביגער צייט אויך געווען זיך־אָפּפּערענדיגע אקטען מצד די אטענטעטער.

אָבער אָט די פּרינציפּען, אָט דער זיך אָפּפּערענדיגער געמיט־צושטאַנד, אָט די אינערליכע טראַגישע נשמה־דרינגליכקייט, זיינען געוואָרען כאראקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער פּראַקטיקע פון דער פּאַרטיי׳ס טעראָריסטישער טעטיגקייט אויך נאָך גערשוני׳ן. גערשוני׳ס מאָראַלע פּרינציפּען זיינען אין דער באציהונג געוואָרען די טראַדיציעס פון דעם עס־ער׳ישען טעראָר אין דער גאַנצער שפּעטערדיגער צייט און פאַר דעם גאַנצען פּעריאָד פון זיין עקזיסטענץ.

ווען סאַזאָנאָוו, קאַליאַעוו, סיקאָרסקי, סאַווינקאָוו, איוואַנאָווסקאַיא און דאָראַ ברילִיאַנט האָבען צוגעגרייט דעם אטענטאַט אויף פּלעווע׳ן און האָבען זיך געדונגען איינער מיט דעם אַנדערען פאַר דעם כבוד פון אָפּטאָן די אַרבייט, וואָס האָט געמיינט אומפאַרמיידליך דער טויט פאַר דעם וואָס נעמט זיך דאָס אונטער, זיינען זיי געווען געטריי צו די טראַדיציעס פון גערשוני.

ווען קאַליאַעוו האָט אָפּגעהאַלטען זיין שוין־אויפגעהויבענע האַנט מיט דער באָמבע, דערזעהענדיג אין דער קאַרעטע פון דעם קעניגליכען פּרינץ זיין פרוי און קליינע קינדער, האָט ער, כאָטש ער האָט ריזיקירט דערביי געכאַפּט צו ווערען, בלויז אָפּגעהיט די געטריישאַפט צו יענע פּרינציפּען, וואָס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרען פון גערשוני׳ן.

ווען באָריס וונאַראָווסקי, ניט טראַכטענדיג וועגען זיך, איז זעקס

מאָל ארויסגעגאנגען מיט א באַמבע אנטקעגען דעם אדמיראל דובאַ־סאָוו — אמאָל ווי א פּאַפּיראָסען־פּארקויפער, אמאָל ווי א איזוואָזטשיק, אָדער ווי אַן אויסגעפּוצטער דראַגונער אָפיציר, אָדער ווי א לייטענאַנט פון דער פלאָטע — איז ער זעקס מאָל געשטאָרבען, און נאָר צום סוף, אויפ׳ן זיבעטען מאָל, איז ער אויף אַן אמת געשטאָרבען (די באַמבע וואָס ער האָט געוואָרפען, א „קעסטעל קאָנפעקטען", האָט איהם אליין אוועקגעריסען דעם אויבערשטען טייל פון שארבען), — אין זיין עקשנות צו הרג׳ענען און שטארבען, אין אָט דער זעלבסט־אָפּפערענדיגער העלדען־טאַט, האָט זיך אויך ארויסגעוויזען א גע־טריישאַפט צו די טעראָריסטישע טראדיציעס פון גריגאָרי גערשוני.

ווען די פיהרער פון דער „באָיעוואיא אָרגאַניזאַציא" האָבען ערשט נאָך א לענגערען קאַמף און אויספּרובירונג אריינגענומען פריי־וויליגע אין דער טעראָריסטישער אָרגאַניזאַציע, אָפּריידענדיג לכתחילה אויף אַלע אופנים די וואָס האָבען געקלאַפּט אין איהרע טירען, און איבערצייגענדיג זיי צו בלייבען אויף אַן ארבייט וואָס פאָדערט א קלענערע ריזיקע — זיינען זיי נאָר געבליבען געטריי יענע גערשוני טראדיציעס, וועלכע ער האָט איינגעשטעלט גלייך ווי ער האָט באַשאַפען די „באָיעוואיא אָרגאַניזאַציא".

די הונדערטע באקאנטע און אומבאקאנטע טעראָריסטען, וועלכע זיינען אין גרעסטען טייל אומגעקומען בעת זיי האָבען געמאַכט די אטאקע, אָדער זיינען הינגעריכטעט געוואָרען לויט דעם אורטייל פון צארישען געריכט, זיי אַלע האָבען זיך ארויסגעוויזען ריטערליך געטריי צו די שטרענגע פּארטיי־טראדיציעס פון טעראָר, וועלכע זיינען פון אָנהויב אָן איינגעשטעלט געוואָרען און דורכגעפיהרט געוואָרען אין דער פּראַקטיקע פון גריגאָרי גערשוני. געבליבען געטריי צו אָט די טראדיציעס איז אויך די גאַנצע פּארטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָ־נערען. און איצטער, אויף דעם פּארטיי־צוזאַמענפאָהר אין טאַמער־פאָרס, האָט גערשוני מיט שטאָלץ דאָס געקענט קאָנסטאַטירען: די שרעקליכע וואָפען, וואָס ער האָט געגעבען דער פּארטיי, אינגאַנצען א באַגאָסענע מיט בלוט, פאַר וועלכע ער אליין האָט זיך גענומען מיט עקעל און פלוך, האָט ניט געבראַכט קיין אום־כבוד, ניט דער פּאַרטיי, ניט איהרע איינצעלנע טרעגער; אַז, ווי גערשוני האָט דאָס געוואָלט, האָט זי יעדעס מאָל באוויזען א הויכע אָפּפערליכקייט און א טראַגיש־ריטערליכע נאָבעלקייט פון איהרע טרעגער.

אויב מען האָט מיט רעכט געקענט אָנרופען גערשוני׳ן דער

ראָמאַנטיקער פון דער רעוואָלוציע, האָט די רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטען אויפ׳ן צוזאַמענפאָהר אין טאַמערפאָרס וועגען טעראָר, אויך עדות געזאָגט אויף זיין קלאָרען און קאַלטען שכל, וואָס האָט אַזוי האַרמאָניש זיך צונויפגעגאָסען אין איהם מיט זיין ברענענדיג האַרץ.

מען דאַרף ניט פאַרגעסען דעם מאָמענט, ווען דער צוזאַמענפאָהר איז פאָרגעקומען. נאָך דעם שטורמישען יאָהר 1905, וועלכער האָט זיך שיער ניט געענדיגט מיט אַ פולשטענדיגען זיג איבער דער רעגי־רונג, איז אָנגעקומען אַ פעריאָד פון אַ בלוטיגער אונטערדריקונג פון דער רעוואָלוציע. סיי די הערשאַפט, סיי די רעוואָלוציע האָבען אָנ־געשטרענגט אַלע זייערע כחות אין קאַמף איינע אַנטקעגען דער אַנ־דערער, און עס איז נאָך שווער געווען צו באַשליסען וועלכע זייט וועט זיגען. די רעוואָלוציאָנערע רייהען זיינען געווען פאַרכאַפט פון אַ שטורמדיגען טריב צו דערפיהרען דעם קאַמף אום יעדען קאָסט צו אַן ענדליכען זיג. באַזונדערס די ס. ר. פאַרטיי, וועלכע איז געווען פאַר׳שכור׳ט פון די דערפאָלגען פונ׳ם טעראָריסטישען קאַמף, האָט איינשטימיג געוואָלט בלויז איין זאַך — פאַרשטאַרקען דעם טעראָר נאָך מעהר, אַטאַקירען די רעגירונג אויף דער גאַנצער ליניע, פאַר־וואַנדלען דעם אינדיווידועלען און אָרגאַניזירטען טעראָר אין אַ מאַ־סאָווען און סטיכישען טעראָר.

די טעטיגקייט אָבער פון דער דומע האָט אַריינגעבראַכט אין דעם אַלגעמיינעם פאָליטישען קאַמף ערנסטע ענדערונגען. די ערשטע דומע, להיפך צו די מיינונגען פון די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען, וואָס האָבען זי באָיקאָטירט, האָט זיך ארויסגעוויזען צו זיין אויף אַזויפיל אַן אָפּאָזיציאָנערע, אַז זי איז אויפגעלייזט געוואָרען פון דער רעגירונג. די נייע וואהלען צו דער צווייטער דומע האָבען ארויסגעוויזען אַ נייעם נצחון פון די לינקע פאַרטייען — גראָד אין דער צייט פון דעם טאַמערפאָרס־צוזאַמענפאָהר איז דער נצחון געווען אַזוי באַשטימט, אַז די רעזולטאַטען פון די וואהלען האָבען שוין פאָראויס־געוויזען די פאַרמירונג אין דער דומע פון אַן אָפּיציעלער פראַקציע פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

עס זיינען געווען די היציגע קעפּ, וועלכע האָבען דער דומעשער טעטיגקייט ניט צוגעגעבען קיין גרויסע באַדייטונג און זיינען באַשטאַ־נען אויף איינס: מען מוז אין העכסטען גראַד פאַרשטאַרקען די טע־

ראַריסטישע טעטיגקייט. אזוי איז געווען געגייגט די מערהייט פון די דעלעגאטען פונ׳ם צוזאמענפאָהר אין טאַמערפאָרס.

גריגאָרי גערשוני אָבער האָט זיך ניט אונטערגעגעבען דער דאָזיגער גאַנץ נאַטירליכער שטימונג; ער איז מוטיג געגאַנגען ניט נאָר מיט איהר, נאָר אויך געגען איהר. דער דאָזיגער ראָמאַנטיקער פון טעראָר, וועלכער האָט אליין אָט די וואפען אריינגעלייגט אין די הענט פון דער פּאַרטיי, וואָס האָט געהאַט דעם מוטה איהר צו דערמאָנען, „אז עס זיינען פאַראַן אומשטענדען, אונטער וועלכע ער (דער טעראָר) איז ניט נאָר אומנוצליך, נאָר אויך העכסט שעדליך".

און גערשוני׳ס רעדע טוט־אויף וואונדער, זי ברעכט איבער דעם געדאַנקען־געבוי פון דעם גאַנצען צוזאמענפאָהר, וועלכער איז א ווילע פריהער געווען כמעט איינשטימיג איבערצייגט אין דער נויטווענדיגקייט פון פאַרטזעצען און פאַרשטאַרקען דעם טעראָר אין צענטער און אין די אָרטיגע פלעצער. אין איינקלאַנג מיט זיין פאָרשלאַג ווערט איצט אָנגענומען א באשלוס איבערצוגעבען די פראַגע וועגען דער פּראַקטישער אָנווענדונג פון טעראָר דעם צענטראַלען קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, וויל איהם אליין געהערט דאָס רעכט צו פאַסען א באשלוס וועגען דער דאָזיגער פראַגע. און לויט דעם פאָרשלאַג פון דעם זעלביגען גערשוני נעמט דער צוזאמענפאָהר אָן א פּרינציפּיעלע רעזאָלוציע: „דער צוזאמענפאָהר לעגט פאָר דעם צענטראַלען קאָמיטעט באַלד ארויסצולאָזען א דעקלאַראַציע, אז בלויז די פּאָליטישע רעכטלאָזיגקייט פון פאָלק צווינגט דער פּאַרטיי צו נעמען זיך פאַר׳ן טעראָר, און אז זי וועט אויפגעבען דעם טעראָריסטישען קאַמף, ווען דעם פאָלק וועט פאַרזיכערט ווערען די מעגליכקייט צו באַנוצען זיך מיט די גרונטרעכט פון א בירגער".

דאָס איז געווען דעם 15טען פעברואַר, פון יאָהר 1907.

„שטאַרבען מוטיג און קלוג" האָט גערשוני גערופען אויפ׳ן צוזאַמענפאָהר — און ווי אומדערבאַרעמליך האָט דער שיקזאַל איהם אויסגעלאַכט! עס איז איינגאַנצען אוועק א יאָהר מיט איין חודש און גערשוני אליין איז געשטאָרבען — געשטאָרבען מיט דעם שרעקליכסטען טויט פאַר א רעוואָלוציאָנער — אויף א שפּיטאָל־בעטעל. ער איז געשטאָרבען נאָך שווערע ליידען פון א סאַרקאָמאַ פון די לונגען, אין דער נאַכט פון 17טען מערץ, 1908, אין דעם קאַנטאָנאַלען ציריכשען שפּיטאָל אונטער א פרעמדען נאָמען... און דעם 29טען מערץ האָט

מען איהם מקבר געווען אין פּאריז אויפ'ן מאָנפּאַרנאַס בית עולם, נעבען דעם קבר פון איינעם פון זיינע לעהרער, פּיאָטר ל. לאַווראָוו.

„איך בין זיכער — האָט געזאָגט אויף גערשוני'ס קבר איינער פון זיינע חברים — אַז איינער פון די שווערסטע געדאַנקען, וואָס האָט איהם מעהר ווי אַלץ געמאַטערט אויפ'ן טויטען־בעט, איז געווען דאָס, וואָס ער שטאַרבט ניט אויפ'ן קאַמף־פּלאַץ".

גריגאָרי גערשוני איז געשטאָרבען ניט אַזוי ווי ער האָט גע־וואָלט — ניט אויפ'ן עשאַפאָט און ניט אויף דער באַריקאַדע, נאָר אויף אַ שפּיטאָל־בעטעל. דער שיקזאַל איז געווען גרויזאַם צו איהם. אָבער אין זכרון פון זיינע נאָהענטע, זיינע פריינד און זיינע נאָכ־פאָלגער איז פארבליבען דאָס גאַנצע לעבען גערשוני'ס: עס איז איינגאַנצען געווען אָפּגעגעבען דער זאַך פון סאָציאַליזם און פרייהייט. און די מאָראַלע פּרינציפּען גערשוני'ס האָבען זיך איינגעלעגט אויף אַלעמאָל אין יסוד פון דעם טעראָריסטישען קאַמף וואָס עס האָט פּראַקטיצירט די פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

ג. גערשוני:

# דער צושמעטערטער ים-צוים

איבערזעצט פון רוסיש פון ש. אַנ—סקי.

אין לאַנד פון דעם קאַלטען און פינסטערען צפון,
אין לאַנד, וואו עס הערשען די שרעקליכע ווינטען,
די ווינטען וואָס גליווערן אַלץ וואָס עס אָטעמט,
אין לאַנד, וואו די פיכטען און טאַנען די אַלטע,
באדעקט מיט די ווייסע תכריכים פון ווינטער,
באַמערקען נאָר זעלטען דעם שמייכעל פון שטראַהלען, —
אָט דאָרט האָט זיך וויט אין דעם ים איינגעשניטען
אַ שרעקליכער מויער פון ריזיגע פעלזען,
אַ מויער, דורך מענשליכע הענד אַ געבויטער.
מיט שטאָלץ און מיט עזות האָט ער זיך ערהויבען,
ערהויבען זיך איבער די כוואַליעס פון אָפּגרונט,
ער האָט זיך געשפּאָט איבער זייער געדודער,
און רוהיג געשטאַנען זיך, שוואַרץ ווי אַ תפיסה...

די מעכטיגע כוואַליעס, די פרייע, די הויכע,
זיי פלעגען זיך שטענדיג נאָר שטויסען און וואַרפען
מיט האַסט און מיט אימפּעט אַנטקעגען די פעלזען,
וואָס האָבען פאַרצוימט זיי די אָפענע וועגען
פון ים פון דעם פרייען, דעם גרויסען און ברייטען.
עס האָט זיך פיל הונדערטער יאָהרען געצויגען
דער מוטיגער קאַמף פון די מעכטיגע כוואַליעס
אַנטקעגען דעם פינסטערן צוים פון די פעלזען...
געוואונען דעם קאַמף האָבען ענדליך די כוואַליעס,
זיי האָבען דעם שרעקליכען מויער צושמעטערט!

און אַלע פריהמאָרגען אין פריהלינג און זומער
בשעת די זון פון דעם הימעל דעם טיפען
צוזייהט און צושפּרייט איהרע פרעהליכע שטראַהלען
אין לופטען און איבער דעם שפּיגעל פון אָפּגרונט, —

דאָן הויבען זיך אויף מיט אַ שמחה די כוואַליעס,
געקרוינטע מיט פּערעל און ריינע בריליאַנטען,
און פאַנגען און האַלזען און קושען די שטראַהלען,
זיי שפּילען צוזאַמען, זיי טראָגען זיך מונטער
ווייט-ווייט איבער ים, וועלכער האָט נישט קיין גרענצען
און זינגען און ברומען דאָס ליד פון נצחון!...

***

ווי פויגעלאך זיינען זיך פרייע געוועזען
אַמאָל, אין די אַלטע פּאַרצייטיגע יאָהרען,
די כוואַליעס פון ים, די גבורים פון אָפּגרונט,
עס האָט זיי דער ים, ווי אַ ליבענדע מוטער,
געוויגט אונטער הילכיגע שטורמווינט-לידער.
זיי האָבען זיך איבער דעם זידענדען אָפּגרונט
געטראָגען ווי בליצען אָהן זאָרג און אָהן קומער...

נאָר אָט איז געקומען צו לויפען פון ווייטען
אַ בריאה משונה, אַ ווילדער רוצח,
אַ מענש פון דער פרעמדער און קאַלטער יבשה,
אַ בלוטיגער שונא פון ליכט און פון פרייהייט.
ביי איהם האָט אין הארצען דאָס גליק פון די כוואַליעס
דערוועקט די געפיהלען פון האַס און פון קנאה,
און ער האָט געשוואָרען, אַז ער וועט די כוואַליעס
פאַרצוימען די וועגען, פאַרזעצען אין תפיסה,
אַז ער וועט ביי זיי אין די הערצער דערשטיקען
די ליבע צו פרייהייט, דעם מוטיגען ווילען,
אַז ער וועט זיי שטעלען פון פעלזען אַ גרענעץ,
זיי זאָלען נישט קאָנען זיך טראָגען ווי העלדען,
ווי פרייע, ווי מוטיגע איבער דעם אָפּגרונט.

געשיקט האָט דער רויבער אַ מחנה פון שקלאַפען,
זיי זאָלען די פינסטערע אַרבייט ערפילען.
און זיי, די געהאָרכזאַמע, בלינדע און שטומע,
זיי זיינען געגאַנגען אָהן שאלות, אָהן טענות
און האָבען אין דר׳ערד, אין דער קאַלטער יבשה

געגראָבען פיל טיפע און פינסטערע היילען,
זיי האָבען פון דאָרטען מיט אַנגסט און מיט ליידען
ארויפגעבראַכט פעלזען, פאַר׳חושכ׳טע, שווארצע
און האָבען געמומען זיי וואַרפען אין אָפּגרונט...

דער ים האָט זיך לוסטיג צולאַכט פון דער ארבייט.
די כוואַליעס, די פרייע און לוסטיגע כוואַליעס,
זיי האָבען געקוקט זיך אַהן זאָרג און אָהן פּחד,
געקוקט ווי עס פאַלען און פאַלען און פאַלען
צום אָפּגרונט די שטומע פאַר׳חושכ׳טע פעלזען
און האָבען גענומען די אורחים די קאַלטע
אי קושען, אי גלעטען, אי האַלזען מיט ליבע.
דערביי האָבען שטיל זיך מיט פרייד און מיט אימפּעט
די כוואַליעס געס׳ומ׳עט: „אַ פרעהליכעס לעבען!
עס זיינען אַהער־צו די אורחים געקומען
פון פינסטערע היילען, פון דר׳ערד פון דער שוואַרצער,
זיי זיינען זיך נעבאך פאַרצאָגט און פאַרביטערט!
מיר וועלען זיי אויפנעמען פריינדליך, ווי ברידער,
מיר וועלען זיי זינגען אַ פרעהליכען נגון,
מיר וועלען צוזאַמען מיט זיי, מיט די אורחים,
אי בענשען, אי לויבען די ליכט און די פרייהייט!"

די וועכטער פון אָפּגרונט, דער ווינט און דער שטורעם,
זיי האָבען פאַרשטאַנען די גרויסע סכנה
און האָבען באַגעגענט די שרעקליכע אורחים
מיט בייזע יללות, מיט אימפּעט און צאָרן,
מיט פייפען און קולות פון האַס און פון דראָהונג.
די פעלזען די קאַלטע, די טויבע און שטומע,
זיי פאַלען זיך איינע נאָך איינע גאַנץ רוהיג
אין אָפּגרונט דעם טיפען, און פאַלען און פאַלען
און לעגען זיך ענג מיט איינאַנדער צוזאַמען,
און וואַקסען אין ים ווי אַ שרעקליכע בריאה.
עס וואַקסט זיך און וואַקסט פון די פעלזען אַ פעסטונג,
אַ שרעקליכער מויער, אַ לאַנגער, אַ ברייטער.
זיין גוף הויבט זיך אָן שוין באַווייזען פון וואַסער

און הויבט זיך אָן ציהען אַלץ העכער און העכער.
עס זיינען פאַרצוימט שוין די וועגען פון אָפּגרונט,
עס זיינען פאַרשאָטענט די ליכטיגע שטראַהלען,
פארשמידט איז דער ים און פאַרציטערט פון פחד,
און לעקט שוין מיט חניפה די פיס פון דעם רויבער.

***

די כוואַליעס פון ים, די גבורים פון אָפּגרונט,
זיי האָבען שוין קלאָר די רציחה פאַרשטאַנען!
זיי בלייבען צוטומעלט, צורודערט, דערשראָקען
און וואַרפען פאַרצווייפעלטע אנגסטליכע בליקען
אין אַלע פיר זייטען פון אָפּגרונט און הימעל.
זיי פּרואוועען זיך קייקלען און פליהען ווי פריהער —
און שטויסען זיך אָן אָן די שפּיציגע פעלזען
און שפּרינגען צוריק אָפּ מיט קרעכצען און זיפצען
און ווערען צושפּרייט, ווי צוהאַקטע מיט שווערדען.
דער גרויזאַמער מויער בלייבט קאַלט ווי אַ תליון,
עס ציטערט פון שרעק און פון צער דער אָפּגרונט,
עס לויפען די כוואַליעס, באַדעקטע מיט טרויער,
זיי שרייען פאַרצווייפעלט: „פאַרראַטונג! פאַרראַטונג!
מיר האָבען ווי ברידער באַגעגענט די פעלזען,
די אורחים די קאַלטע, די שטילע, די פרומע,
און זיי, די רמאים, זיי האָבען אָהן רחמים
פאַרזעצט אונז אין תפיסה, פאַרצוימט אונז די וועגען,
זיי האָבען בארויבט אונזער ליכט, אונזער פרייהייט,
די פרייהייט, די פרייהייט, די הייליגע פרייהייט!"

עס דונערט און פייפט מיט די כוואַליעס צוזאַמען
דער פאָטער פון אָפּגרונט דעם טיפען, דער שטורעם,
עס קלאָגען די וואַלקענס, עס טענה'ן די ווינטען.
זיי שרייען: „אָ, פעלזען! אַ גרויזאַמע פעלזען!
האָט איהר דען אַליין נישט געאָטעמט מיט פרייהייט?
פאַרוואָס-זשע האָט איהר מיט אַ קאַלטער רציחה
גע'גזל'ט די פרייהייט ביי אונזערע קינדער?!"
עס ענטפערן קאַלט און פאַרקומערט די פעלזען:

„מיר, פעלזען, מיר האָבען קיין אייגענעם ווילען, —
מיר טוען נאָר דאָס, וואָס עס ווערט אונז באפוילען".
עס טראָגט זיך ארום איבער ים ווי אַ קללה
דער פינסטערער ענטפער פון מערדער און שקלאַפען.

דער ווינט און דער שטורעם — זיי פליהען און ברומען
און רופען פון אַלע פיר זייטען די כוואַליעס.
זיי זאָגען זיי אָן וועגען מויער די בשורה,
און פליהען און טראָגען זיך ווייטער און ווייטער
און מיידען דעם ים מיט שרעקליכע פעלזען
און פליהען אַלץ ווייטער און ווערען פארשוואונדען.

די כוואַליעס די אַלטע, די גרויע, די פרייע,
זיי קאָנען קיין שקלאַפישע קייטען נישט טראָגען.
זיי לאָזען אַראָפּ זיך אין אָפּגרונט דעם טיפען
און בלייבען דאָרט ליגען פאַרצאָגט און פארקומערט,
די כוואַליעס די יונגע, וואָס בלייבען פון אויבען,
זיי קייקלען זיך שטיל, ווי געשמידטע אין קייטען,
ווי בלינדע און שטומע פאַרוואָגעלטע שקלאַפען...
עס קלינגען נישט מעהר אויף דעם ים קיין נגונים,
קיין שבחים דעם ליכט און דער הייליגער פרייהייט.
דער הימעל איז שטענדיג פאר'חושכ'ט, פאַרוואָלקענט,
די זון ווען־נישט־ווען שיקט דערשראָקענע שטראַהלען,
זיי פאַלען אין פינסטערען אָפּגרונט ווי טרערען.

אַן אַנדערש מאָל טרעפט, אַז די כוואַליעס די יונגע,
פאַראומערט פון שקלאַפישען לעבען אין תפיסה,
פאַרלירען געדולד און זיי הויבען אָן רעש'ן
און וואַרפען זיך מוטיג אַנטקעגען די פעלזען, —
עס גיט זיך קיין ריהר נישט דער פינסטערער מויער
עס הערען זיך מעהר נישט ווי קרעכצען און זיפצען:
דאָס זיינען די יונגע גבורים געפאַלען,
זיי האָבען די ברוסט אָן די פעלזען צובראָכען,
דער אָפּגרונט באַוויינט זיי מיט ביטערע טרערען.

עס זיינען פיל טעג און פיל יאָהרען פאַרגאַנגען,
עס זיינען פיל מחנות פון יונגע גבורים
געפאַלען אין קאַמף מיט די ריזיגע שטיינער.
דער מוט פון די כוואַליעס איז שוואַכער געוואָרען,
זיי האָבען געליטען די קייטען געדולדיג
און האָבען געהאָפט און געוואַרט און געשוויגען.
געהערשט איבער ים האָט אַ שרעקליכער חושך.

עס זיינען זיך ווידער פיל יאָהרען פאַרגאַנגען,
דערווייל האָבען זיך אָהן אַ רעש געוואַקסען
אין אָפּגרונט דעם טיפען פיל מעכטיגע כוואַליעס,
זיי האָבען זיך שטיל מיט אייגאַנדער פאַראייניגט
און האָבען פאַנאַנדערגעשיקט פון זיך שלוחים
אין אַלע פיר זייטען פון ים פון דעם ברייטען,
צו וועקען און רופען די קעמפּער די אַלטע.
עס האָבען אַ ביטערן ענטפער געגעבען
די כוואַליעס די גרויע פון תהום פון דעם טיפען:
„מיר האָבען פאַרלוירען שוין אונזערע כחות,
נישטאָ שוין ביי אונז דער געוועזענער אימפּעט,
מיר קאָנען שוין מעהר קיין מלחמה נישט פיהרען!“

עס פליהען די שלוחים אין ווייטע מדינות
און זוכען דאָרט צווישען די בערג און די טאָלען
דעם ווינט און דעם שטורעם — די וועכטער פון אָפּגרונט.
ווייט־ווייט אין דעם מדבר געפינען זיי ביידען.
„מיר גריסען אייך, — זאָגען זיי, — מעכטיגע קעמפּער!
מיר זיינען די שלוחים פון אייערע קינדער
און זיינען געקומען אייך רופען צום אָפּגרונט,
אַז איהר זאָלט אונז פיהרען אין שטרייט פאַר דער פרייהייט,
אַז איהר זאָלט אונז העלפען צוברעכען די צוימען,
צוואוואַרפען די תפיסה, דעם מויער פון פעלזען.
עס שרעקט אונז דער טויט נישט! דער קאַמף איז אונז הייליג
דער ים מוז באפרייט זיין פון שקלאַפישע קייטען!“

עס האָבען זיך אויפגעוואַכט מונטער און האַסטיג
דער ווינט און דער שטורעם און האָבען געענטפערט:

„מיר פליהען, מיר פליהען מיט שמחה צום אפגרונט!
מיר פליהען צו פיהרען די כוואליעס צו קעמפען
אנטקעגען דעם קאלטען רוצח פון פעלזען,
מיר פליהען אין שטורעם פאר דער הייליגער פרייהייט!"

עס שטורעמט און דונערט דער מעכטיגער אויפרוף,
ער וועקט און ער קרעפטיגט די כוואליעס די יונגע.
זיי שטעלען זיך איינע נאך איינע אין מחנות
און רייסען זיך פליהען אין שטורעם געגען שונא.
דער שטורעם — ער טראגט זיך ארום אין די מחנות,
ער פליהט ווי א בליץ און ער זאמעלט די כוואליעס,
דער ווינט מאכט אן אויפרוף מיט קולות וברקים:
„איהר, מוטיגע! פארווערטס פאר רעכט און פאר פרייהייט!
אין קאמף וועט איהר, העלדען, די פרייהייט ערווערבען".

עס פליהען מיט אימפעט די מחנות פון כוואליעס
זיי טראגען זיך גיכער, זיי ווערען אלץ העכער
און ווארפען זיך האסטיג, מיט האסט און מיט צארן
אנטקעגען דעם שטארקען און בלוטיגען שונא.
עס דויערט א רגע — און ס'פאלען אין אפגרונט
הרוגים פארבלוטיגט, צובראכענע כוואליעס...
די שפיציגע פעלזען באוואשען זיך רוהיג
מיט זודיגען בלוט פון די מוטיגע קעמפער...
עס קלאגט און עס יאמערט דער שטורעם: „א, קינדער!
עס איז אייער מחנה די ערשטע געפאלען
און ס'וועלען נאך פאלען און פאלען קרבנות,
נאר ענדיגען וועט זיך דער קאמף מיט נצחון!"

עס פליהען און טראגען זיך כוואליעס נאך כוואליעס
אין ווינט און אין שטורעם, עס בליצט און עס דונערט,
דער ים איז צורודערט פון טויזענטער קולות,
ער הויבט אן פארפלייצען די וויספעס, די ברעגעס
און קלויבט פאר די קעמפער אלץ נייע חברים.

עס פליהען און טראגען זיך כוואליעס נאך כוואליעס,
זיי ווערען אלץ העכער און שטארקער און גרעסער,

קיין סוף איז נישטאָ צו די מוטיגע מחנות,
געפאַלענע רופען די אינגערע ברידער,
זיי זאָלען אויף זייערע ערטער זיך שטעלען.
און דאָרטען, וואו איינצעלנע זיינען געפאַלען,
דאָרט פליהען און שטרייטען שוין הונדערט און טויזענט.

עס פליהען און טראָגען זיך כוואַליעס נאָך כוואַליעס,
די נאַכט איז פאַרגאַנגען, דער הימעל ווערט העלער,
דער שטרייט ווערט אַלץ מעכטיגער, הייסער און שטאַרקער,
דער שטורעם-ווינט אַקערט און רודערט און דונערט,
עס ברענט און עס פלאַקערט אין ים די מלחמה.
דער שטרייט ווערט געפיהרט צי אויף טויט צי אויף לעבען,
צושמעטערט מוז ווערען די תפיסה פון פעלזען!

עס פליהען און טראָגען זיך כוואַליעס נאָך כוואַליעס,
עס וואַרפט זיי דער שטורעם מיט האַסט אויף די פעלזען
און באַלד כאַפּט ער אונטער אַלץ נייע חילות
און וואַרפט זיי און דרעהט זיי מיט מעכטיגען אימפעט,
עס גיט זיך שוין דייטליך אַ טרייסעל דער מויער,
עס גיבען פאַר פחד א ציטער די פעלזען.
זיי ציטערן אָפּטער. זיי האָבען פאַרלוירען
די גאוה די קאַלטע, דעם מוט און די אחדות,
זיי ווערען אַלץ שוואַכער, זיי הויבען אָן קרעכצען
און הויבען אָן ריידען פון רחמים און יושר.

עס פליהען און טראָגען זיך כוואַליעס נאָך כוואַליעס,
זיי פליהען מיט נייע געטאָפּעלטע כחות
און מאַכען דעם אָנפאַל דעם שטאַרקסטען, דעם לעצטען.
דער ים איז פארהילכט פון די שרעקליכע קולות.
עס דוכט זיך, די וועלט האָט פאַרלוירען די גרענצען.
די כוואַליעס, דער אָפּגרונט, די לופט און דער הימעל —
זיי האָבען זיך אַלע פאַראייניגט אין שטורעם.
אַ קרעכץ און אַ קראַך! און אַ שרעקליכער דונער...
געפאַלען דער מויער! געפאַלען דער מויער!
געפאַלען די שוואַרצע, די שענדליכע תפיסה,

צושמעטערט, צובראָכען די גרויזאַמע פעסטונג!
באפרייט איז דער ים, און די פינסטערע פעלזען —
זיי ליגען צוזייט און צושפּרייט אין דעם אָפּגרונט...

עס רעש'ט דער אָפּגרונט און שרייט צו די פעלזען:
„נישט דאָ איז אַן אָרט איהר זאָלט ווערען באַגראָבען,
דאָ ליגען די העלדען וואָס זיינען געפאַלען
אין מוטיגען שטרייט פאַר די ליכט און די פרייהייט!"
עס האָט זיך דער תהום פון דעם אָפּגרונט געעפענט
און האָט די פאַרפלוכטע מיט קללות דערשלונגען...

***

עס לעבט און עס פרעהט זיך דער ים דער באפרייטער,
עס קרוינט איהם די זון מיט דעם גלאַנץ פון די שטראַהלען,
עס פליהען און טראָגען זיך כוואַליעס נאָך כוואַליעס,
זיי טראָגען זיך רוהיג און פרעהליך און מונטער.
זיי טראָגען זיך פריי אויף דעם אָפּגרונט אָהן גרענצען
און זינגען אַ שבח פאַר די מעכטיגע העלדען,
וואָס האָבען דאָס לעבען געאָפּפערט פאַר פרייהייט.
געלויבט זאָלען זיין די געפאַלענע העלדען!
אַ ליכטיגע פרייהייט פאַר די, וועלכע לעבען!...

# די ערשטע פראָקלאַמאַציע פון דער „באַיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ" געשריבען פון גריגאָרי גערשוני.

## די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

„וואָס פאַר אַ מעשים — אַזאַ שכר".

זיי האָט זיך דאָס געוואָלט און זיי האָבען זיך אויף דעם דער־וואַרט...

מיט זייערע מורא׳דיגע, אכזריות׳דיגע און אונפאַרשעמטע מעשים האָבען זיי ביי אַלעמען צושטערט דעם גלויבען אין דער מעגליכקייט פון א פרידליכער טעטיגקייט.

דערמיט, וואָס זיי טרעטען מיט די פיס אַלע געזעצען, ריהרען אָן די עהרע און די זיכערקייט פון יעדען בירגער, רופען זיי ארויס אנטקעגען זיך אימה און האַס.

די פרעסע האָבען זיי דערשטיקט מיט זייערע צענזור־צירקו־ליארען.

די אוניווערזיטעטען האָבען זיי געמאַכט פאַר קאַזאַרמעס פאַר סאָלדאַטען און פּאָליציי.

זיי האָבען אַ תל געמאַכט פון די זעמסטוואָס און דעם „געריכט" האָבען זיי געמאַכט צו קויט און צו בלאָטע.

זיי דריקען און ווערגען אידען, פּוילען, פינלענדער און אַלע איבעריגע נאַציאָנען.

דאָס גאַנצע לאַנד האָבען זיי פּאַרפּלייצט מיט שפּיאָנען.

אַלע אַסטראָגען זיינען אָנגעפילט מיט ארבייטער און אינטע־ליגענץ.

זיי האָבען די הויפּט־שטאָדט „אויסגערייניגט", ארויסשיקענדיג פון איהר די אינטעליגענץ.

מיט אונגעהויער גרויסע אָפּצאָהלונגען האָבען זיי פאַראָרעמט דאָס פאָלק, און אז דאָס פאָלק איז פאַראָרעמט געוואָרען האָבען זיי איהם ארומגערינגעלט מיט אַ הויכער וואַנט פון פאָליצייאישע שומרים

כדי קיינעם ניט צולאָזען אין דאָרף, כדי קיינער זאָל ניט קענען קומען צו־הילף אין דיזער פינסטערער מלוכה פון הונגער און טויט.

אומעטום פייפען די נאַגאַיקעס און בלאַנקען די הוילע שווערדען.

אונבאוואפענטע אַרבייטער ווערען דערשאָסען אויף די גאַסען.

גאַנץ רוסלאַנד איז איבערגעגעבען געוואָרען אין די הענט פון קאָזאַקען און פּאָליציי און איז דורכאויס געוואָרען אַ הריגה־פעלד.

אָט די אַלע גרויזאַמע מעשים טוען אונזערע מיניסטאָרען, גענע־ראַל־גובערנאַטאָרען און אַנדערע צאַרישע דינער.

מיר קענען ניט וויסען, וואָס נאָך פאַר אַ שרעקענישען וועלען אונזערע הערשער ארויפוואַרפען אויף דאָס לאַנד. נאָר אין דעם זיינען מיר זיכער, אַז עס איז ניטאָ אַזאַ מין גרויזאַמקייט, עס איז ניטאָ אַזאַ מין אכזריות, וועלכע אונזערע הערשער זאָלען מיט אַ גרינגער האַרץ ניט ערלויבען זיך צו טאָן.

מיר זעהען ניט אַרום זיך אַזאַ קראַפט, וועלכע זאָל קענען איינ־האַלטען דעם ווילקיר פון די בלוטדורשטיגע און געלד־זויגענדיגע הערשער, וועלכע טוען וואָס זיי ווילען מיט 130 מיליאָן מענשען.

אַלע טראָגען אַריבער שטילערהייט דיזען שענדליכען יאָך. פון שרעק באַהאַלטען אַלע זייער צאָרן, זייערע בירגער־געפיהלען און מיט דיזער קנעכטישער הכנעה ווערט שטאַרקער די אונטערדריקונג, ווערט גרעסער די חוצפה פון אונזערע הערשער.

מיר, סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, אַנערקענען, אַז יעדערער, וואָס שטעלט זיך ניט אַנטקעגען די אַלע גרויזאַמקייטען פון אונזער רעגירונג, איז ניט־ווילענדיג איהרער אַ מיטהעלפער.

ניט האָבענדיג קיין מעגליכקייט אויף וועלכען עס איז פרידליכען אופן ווידערצושטעהן געגען דיזע אכזריות, האַלטען מיר, די באַ־וואוסטזיניגע מינאָריטעט, אַז מיר האָבען ניט נאָר דאָס רעכט, נאָר אַז עס איז אויך אונזער הייליגער חוב — כאָטש אַזאַ קאַמפּף־אופן איז אונז זעהר העסליך — אויף געוואַלט ענטפערען מיט געוואַלט, אונזערע הערשער זאָלען צאָהלען מיט זייער בלוט פאַר דאָס פאַר־גאָסענע בלוט פון פאָלק.

פאַר די אַלע שרעקענישען פון אַזאַ קאַמפּף־אופן איז פאַר־אַנטוואָרטליך נאָר די רעגירונג, ווייל זי האָט אונז געצוואונגען, אַז מיר זאָלען אַרויסטרעטען אויף אַזאַ וועג.

נאָך דער דעמאָנסטראַציע פון 4טען מערץ 1901 יאָהר האָט סיפּיאַגין מודיע געווען, אַז ער וועט „פעטערבורג פאַרפלייצען מיט

בלוט, אויב מען וועט נאָך אַמאָל פּרואווען מאַכען אַ דעמאָנסטראַציע", און אויף דעם פּראָטעסט פון די ליטעראַטען געגען דער שענדליכער הריגה אויף דעם קאַזאַנסקען פּלאַץ האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז ער וועט „אָפּגעוואוינען די שרייבערלאַך ניט נאָר שרייבען וואָס זיי גלוסט זיך, נאָר אַפּילו דענקען אויך".

אין אַ לאַנד, וואו די מיניסטאָרען האָבען בכונה, אַפּילו פּאַר אַ פּרידליכען פּראָטעסט, צו פאַרפּלייצען מיט בלוט די גאַסען פון דער הויפּט־שטאָדט, און זיי זיינען דאָס בכח צו ערפילען; אין אַ לאַנד, וואו די מיניסטאָרען שטעלען זיך פּאַר אַ ציל שטום צו מאַכען אַלעמען, איז דאָ נאָר איין זאַך צו טאָן: אין דעם אייגענעם מאָמענט, ווען זיי גיט זיך איין שטום מאַכען איינע, מוזען נויטווענדיגערווייזע אַנדערע אָנהויבען ריידען, אָבער מיט אַן אַנדער לשון.

אַ פּייף פון אַ קויל — דאָס איז לעת־עתה די איינציגע שפּראַך, אויף וועלכער מען קען זיך ווענדען צו די מיניסטאָרען, ביז וואַנען זיי וועלען זיך ניט אויסלערנען פאַרשטעהן די אַלגעמיינע מענשליכע שפּראַך און צוהערען זיך צום קול פון דאָס לאַנד.

עס איז איבעריג צו ערקלערען, פאַרוואָס סיפּיאַגין איז געטויטעט געוואָרען. זיינע פאַרברעכענס זיינען אַלעמען גוט באַוואוסט, זיין לעבען איז פון אַלעמען פאַרשאָלטען געווען, זיין טויט האָט ארויסגערופען ביי אַלעמען זעהר אַ גרויסע שמחה.

די מיניסטאָרען פאַרשפּאַרען זיך אין זייערע קאַבינעטען, רינגלען זיך ארום מיט אַ שוץ פון זשאַנדאַרמען, טוען אָפּ כל אַן אונרעכטען, ווייל זיי פיהלען, אַז קיינער וועט זיי ניט באַשטראָפען.

די העלדענטאַט, וועלכע איז גלענצענד דורכגעפיהרט געווארען דורך דעם רעוואָלוציאָנער סטעפּאַן וואַלעריאַנאָוויטש באַלמאַשאָוו, וועט זיי באַווייזען, אַז די מענשען, וועלכע זיינען מוכן ומזומן מקריב צו זיין זייער לעבען פאַר'ן כלל, וועלען געפינען מיטלען, ווי אַזוי צו דערגרייכען די פאָלקס־שונאים, כדי זיך אָפּצורעכענען מיט זיי פאַר זייערע מעשים.

סיפּיאַגין איז געטויטעט געוואָרען אין דעם הויז פון מיניסטעריום־קאָמיטעט ניט דורך אַ צופאַל. אין דעם דאָזיגען קאָמיטעט האָט ער אָפּגעטאָן זיינע פאַרברעכענס. דאָרטען פלעגט ער אויסאַרבייטען זיינע אַכזריות'דיגע געזעצען און אונטער'חתמ'ענען זיי. פון דאָרטען פלעגט ער פאַרשפּרייטען שרעק און אונגליק אויף גאַנץ רוסלאַנד. דאָרטען פלעגט ער טרעטען מיט די פיס אַלע מענשליכע

רעכט, דאָרטען האָט ער זיך באמיהט צו טויטען דעם לעבעדיגען גייסט און די לעבעדיגע קרעפטען פון רוסישען פאָלק, און דאָרטען איז ער געפאַלען צו די פיס פון דעם נקמה-נעמער, גלייך ווי איהם וואָלט געטויט א דונער-שלאַג.

„מדה כנגד מדה", „וואָס פאַר א מעשים — אזא שכר".

און זאָל אָט דער טויט-אורטייל זיין א זכר פאַר אלעמען, וועלכע האַלטען אין זייערע הענד דאָס שיקזאַל פון רוסלאַנד, אז עס עקזיסטירט א גרענעץ צו שפּאָט און אונטערדריקונג אפילו ביי די רעכטלאָזע און מוטלאָזע בירגער פון לאַנד, און אז ווען די הער-שער טרעטען אַריבער דעם גרענעץ, ווערט אפילו פון אן אונטערטאַן א פחדן אן אָפּפערוויליגער קעמפער און א שרעקליכער נקמה-נעמער.

אזא מאָמענט איז פאַר אונזער פאָטערלאַנד איצט אָנגעקומען. וואָס ווייטער ווערט אַלץ אונערטרעגליכער אַריבערציטראָגען דעם ווילקיר פון דער רעגירונג. די אַלגעמיינע אויפרעגונג געגען איהר וואַקסט יעדען טאָג.

עס הויבט זיך אויף דער מאָרגען-זייל פון דעם גרויסען קאַמף, וועלכער וועט אָנפילען דאָס גאַנצע לאַנד מיט פחד און שרעק.

אויסמיידען דעם שרעקליכען קאַמף קען מען נאָר מיט איין מיטעל — געבען דעם פאָלק די מעגליכקייט מיט פרידליכע און קול-טורעלע אופנים איינהאַלטען דעם ווילקיר פון די פאָרשטעהער פון דער רעגירונג.

מיר פאָדערען, אז מען זאָל באַלד אָפּשטעלען אַלע אונטער-זוכונגען וועגען פּאָליטישע פאַרברעכענס און מען זאָל באַפרייען אַלע פּאָליטישע, וועלכע געפינען זיך איצט אין די תפיסות.

מיר פאָדערען, אז מען זאָל באַלד אָפּשאַפען אַלע אויסנאַמס-געזעצען און שטאַנדליכע באַגרענצונגען, מען זאָל געבען פרייהייט צו מאַכען פאַרזאַמלונגען, צו דרוקען און צו ריידען.

מיר פאָדערען, אז מען זאָל צונויפרופען אויסגעקליבענע פאָר-שטעהער פון דעם גאַנצען פאָלק (זעמסקי סאָבאָר).

## קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען.

פּעטערבורג, 3טען אַפּריל 1902 יאָהר.

דרוק פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען.

# גערשוני׳ס רעדע פאַר׳ן געריכט

כדי צו פאַרמיידען מיספאַרשטענדנישען, האַלט איך פאַר נויטיג קודם כל אויפצוקלערען די פּאָזיציע, אויף וועלכער איך וועל שטעהן. אויף אייער פראַגע, אויב איך בין זיך מודה אין מיין שולד לויט דער פאָרגעבראַכטער אנקלאַגע, קען איך גאָרנישט ענטפערען, ווייל דאָ קען בכלל נישט זיין קיין רייד וועגען שולדיגקייט: ווי יעדער כלל־טוער, וואָס ווערט געפיהרט אין זיינע מעשים נישט פון פערזענליכע מאָטיוועז, נאָר פון זיינע פליכטען פאַר׳ן כלל און פון די אינטערעסען פון אַלגע־מיינעם וואוילזיין, האַלט איך מיין טעטיגקייט פאַר אַ בירגערליכע פליכט און נישט פאַר אַ פאַרברעכען. פונקט אזוי זעה איך נישט, ווי אַזוי איך קען ענטפערען אויף דער פראַגע, אויב איך בין זיך מודה אין דער פאַקטישער זייט פון די מעשים, וואָס איהר שרייבט מיר צו. עס איז שווער צו ענטפערען דערפאַר, ווייל ביי דעם גאַנץ־אייגענאַרטיגען אופן ווי עס פיהרען זיך פּאָליטישע פּראָצעסען אין רוסלאַנד, בלייבט אונז איבער בלויז איינס: כדי נישט צו ווערען קיין מיטבאַטייליגטע אין דער יורידישער קאָמעדיע, וואָס די זשאַנדאַרמען אָרדענען איין אין דער פאָרם פון אַן ערשטער אונטערזוכונג, און כדי אויסצודריקען אונזער פּראָטעסט געגען אָט דער קאָמעדיע, בלייבט אונז איבער בלויז אָפּצוזאָגען זיך פון געבען דערקלערונגען — און דאָס האָב איך געטאָן. די געריכטס־אויספאָרשונג דאָ אין „געריכט" גופא איז אויך נישט מעהר ווי אַן איבערגע׳חזר׳טע זשאַנדאַרמישע אונטערזוכונג. פאַקטיש האָבען מיר נישט קיין מעגליכקייט ארויסצוברענגען די אמת׳ע גרונט־לאַגע פון גאַנצען ענין צוליב דער פשוט׳ער סבה, וואָס ווי ווילד און אומזיניג די אינסינואַציעס און מסירות זאָלען ניט זיין קענען מיר זיי גאָרנישט אַנטקעגענשטעלען: רופען אַהער אונזערען אַן עדות מיינט, איבערגעבען איהם אין די הענט פון די זשאַנדאַרמען. דעריבער טאַקע זיינען פון די 49 עדות, וואָס זיינען ארויסגערופען געוואָרען צום פּראָצעס, אַלע 49 גערופען געוואָרען פון דער באַשולדיגונג, און פון אונזער זייט — קיין איינער נישט. דאָס איז ערשטענס. צווייטענס — און דאָס איז דער עיקר — משפט מען אונז אין אַן אויסעראָרדענט־ליכען געריכט, לויט אויסעראָרדענטליכע געזעצען. די גאַנצע פּראָ־

צעדור איז פאר דער מאכט נישט מעהר ווי א נויטיגע פאָרמאַליטעט, און דער אויסגאַנג איהרער איז פון פאָראויס באַשטימט און באַ־שלאָסען. אַזאַ סיסטעם פון געריכט איז זעהר באַקוועם אין פּרט פון שנעלקייט, איינפאַכקייט און זיכערקייט מיט'ן אורטייל אין גייסט, וואָס די אַדמיניסטראַציע דאַרף האָבען. אָבער וואָס פאַר אַ מאָראַלישע באַדייטונג קען אַזאַ געריכט און אַזאַ אורטייל האָבען פאַר אונז? קיין באַדייטונג נישט. ווי פּאָליטישע טוער וואָלטען מיר מיט גרויס ציטער־ניש ערוואַרט אַן אורטייל פון אַן אמת'ן געריכט — פון ריכטער, פאָרשטעהער פון געזעלשאַפטליכען געוויסען. אָבער ביי די איצטיגע באַדינגונגען זיינען דאָ ניטאָ נישט קיין ריכטער און נישט קיין אָנגע־קלאַגטע. דאָ זיינען פאָרשטעהער פון צוויי געזעלשאַפטליכע שטרע־מונגען: מיר — פון האָרעפּאַשנעם פאָלק, וואָס ראַנגעלט זיך פאַר זיינע רעכט, געגנער פון דער איצטיגער סאָציאַלער און פאָליטישער אָרדנונג; איהר — שיצער פון אָט דער אָרדנונג. דאָ איז די פיזישע מאכט אויף אייער זייט און אייער „נצחון" איז פאַרזיכערט. און אויב איך שטעה דאָך פאַר אייך און רייד, איז עס נישט מיט דער כונה צו פאַרטיידיגען זיך, נאָר כדי כאָטש וויפיל נישט איז אַרונטער־צורייסען דעם שלייער, מיט וועלכען די רעגירונג פאַרדעקט אַזוי שטאַרק דאָס ליידענדיגע רוסלאַנד; כדי אָפען אויפצודעקען פאַר אייך דעם תוך פון קאַמף, וואָס שפּילט זיך דאָ אָפּ.

איך וויים, אייך וועט ניט זיין אָנגענעם מיך אויסצוהערען. אויב אָבער איהר געפינט אין זיך גענוג מוט צו שיקען מענשען אויף דער תליה, האָט אויך דעם מוט זיי אויסצוהערען. יעדענפאַלס איז דאָך לייכטער אייך צו הערען, איידער אונז צו רעדען ביי דער אייז־קאַלטער גלייכגילטיגקייט און פיינטליכקייט, וואָס רינגלען אונז דאָ אַרום.

אין איהר באַשולדיגונגס־אַקט האָט די מאַכט — ווי דער שטיי־גער איז אין פּאָליטישע פּראָצעסען, — פאַרגעשטעלט דעם ענין אויף זעהר אַן אָריגינעלען אופן. פאַר איהר איז אַלץ קלאָר, פשוט און באַוויזען. און די וויכטיגסטע באַווייזען זיינען — פאַרשטעהט זיך — די מסירות פון די פאַררעטער. איך וועל זיך אויף דעם נישט אָפּ־שטעלען. קיין פּראָצעס געהט נישט דורך אָהן דער דאָזיגער מכה: דער מסור לעבט! ווען מענשען זיינען גרייט זיך צו ראַטעווען פאַר יעדען פּרייז, פליהען זיי האַסטיג באַרג אַרונטער, און די דינסטפאַר־טיגע האַנט פון די זשאַנדאַרמען און זייערע פּראָקוראָרען פאַרגרינגערט

זיי זייער פאַלען. אָבער זיי מעגען זיין רוהיג: איך וועל נישט ארויסרייסען ביי זיי דאָס שטרויעלע, פאַר וועלכען זיי כאַפּען זיך אָן, כאָטש זיי האָבען עס אויסגעוועבט פון שקר און שמוץ. די זשאַנדאַרמען, משמעות, וואַרטען אויף דעם, אַז מיר זאָלען נעמען אָפּלייקענען אָט די עדות־זאָגעריי און דערמיט אַנטפּלעקען דאָס, וואָס פאַר זיי איז נאָך געבליבען פאַרהוילט. אומזיסט: מיר זיינען נישט אַזוי נאַאיוו. עהרליכע מענשען ווייסען דעם ווערט פון די מסירות, און אַנדערע געהען אונז נישט אָן. און פאַר רעוואָלוציאָנערען זאָל דאָס זיין אַן אָנלערנונג, ווי שטייף מען דאַרף זיך פאַרהאַרטעוועט געגען די זשאַנדאַרמישע קאָפּ־שטיק. קאַטשוראַ האָט בראַוו באַגעגענט אי דעם טויט־אורטייל, אי דאָס קנאַפּע יאָהר תפיסה אין שליסעלבורג, אָבער סוף כל סוף איז ער דאָך אריינגעפאַלען אין דער פאַררעטערישער פאַסטקע פון די זשאַנדאַרמען, און אריינפאַלענדיג איז ער געוואַרען אַ שפּילכעל אין זייערע הענט.

איך וועל זיך דעריבער נישט אָפּשטעלען נישט קלאָר צו מאַכען די פאַקטישע זייט און נישט אָפּצולייקענען די ליגנערישע מסירות, ווייל דאָס אַלץ האָט נישט קיין שום געזעלשאַפטליכע באַדייטונג, און מיך, ווי אַ פּאָליטישען טוער, קען אינטערעסירען בלויז די געזעלשאַפטליכע זייט פון דעם ענין. די באַשולדיגונג, ווי עס זעהט אויס, קוקט דערויף פונקט קאַפּויר. פאַר איהר איז די געזעלשאַפטליכע זייט פון דעם ענין אינגאַנצען אַן איבעריגער עלעמענט, און דעריבער איז ביי איהר דערפון קיין סימן ניטאָ. זי האָט אַפילו נישט געפונען פאַר נויטיג אין אַלע פאַרשריבענע 49 זייטען פון באַשולדיגונגס־אַקט צו געבען אָרט אָדער כאָטש מיט איין וואָרט דערמאָנען די פּרינציפּיעלע דערקלערונג, וואָס איך האָב געמאַכט ביים פאַרטייטשען די מאָטיוועז פון מיין טעטיגקייט, ווי אַ מיטגליד פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. פאַרשטעהט זיך, אַז צו קענען אַ מענשען אויפהענגען זיינען די אַלע דערקלערונגען אינגאַנצען איבעריג: און זיי וואָלטען בלויז אומזיסט פאַרשלעפּט דעם פּראָצעס. זיי זיינען אָבער אפשר נישט אינגאַנצען אומאינטערעסאַנט פאַר די, וואָס ווילען קריגען כאָטש וועלכען עס איז באַגריף וועגען דעם, פאַרוואָס און אין נאָמען פון וואָס עס ווערט געפיהרט דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף, וואָס ווערט מיט יעדען טאָג אַלץ שאַרפער און פאַרשלינגט אַלץ מעהר און מעהר קרבנות. וואָרים איהר מוזט דאָך איינזעהן, צי איז דען באמת אַזוי רייצענדיג די פּערספּעקטיוו צו ווערען פון אייך „גע׳משפּט”

און איז דער תענוג צו געהן אויף דער תליה אזוי אָנציהענד, אַז דאָס אליין זאָל זיין א גענייגענדער מאָטיוו צו געהן אויפ׳ן וועג פון רעוואָלוציאָנערען קאַמף? קומט דען נישט ניט־ווילענדיג ארויף די פראַגע: צי זיינען דאָ נישטאָ אויך אַנדערע מאָטיוועז? אויב אייערע קרימינאַליסטען געהען ארויס פון דער הנחה, אַז יעדער טאַט וואַקסט ארויס פון אַ קאָמפּלעקס פון געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען, אין וועלכע די געגעבענע פּערזאָן האָט געלעבט, זיך אַנטוויקעלט און געווירקט — ניט שוין זשע זיינען די פּאָליטישע טוער אין רוסלאַנד געקומען פון העלער הויט און אָהן אַ פּארוואָס, פּונקט ווי דער ווינט וואָלט זיי געבראַכט? און אויב נישט אַזוי, טאָ לאָמיר זעהן ווער זיינען מיר און וואָס האָט אונז פּאַרטראָגען אַהער.

יעדער איינער, וואָס קוקט נישט אויפ׳ן לעבען „קאַלופּענדיג די נאָז", וואָס באַטראַכט נישט זיין לאַנד ווי אַ האָטעל, וואו ער זוכט צו פאַרנעמען אַ בעסערען צימער, און קוקט ניט אויף זיין פאָלק ווי אויף צופעליגע שכנים אין איין קאָרידאָר, — דער מוז, אַריינטרעטענדיג אין פּראַקטישען לעבען, לייזען פאַר זיך די פראַגע, אויף וואָס פאַר אַ אופן וועט ער העלפען דעם פאָלק אין זיין קאַמף געגען דער אומ־באַשרייבליכער אָרימקייט, פינסטערניש, דערשלאָגענקייט און דרוק? די דאָזיגע פראַגע לייזט מען פאַר זיך פאַרשיידען. מיין אייגען לעבען האָט זיך אויסגעלעגט אַזוי, אַז אין דער פריהער יוגענד בין איך באַהיט געוואָרען פון דאָס, וואָס הייסט אויף אייער לשון — „אַראָפּ־געהן פון וועג". מיר איז אויסגעקומען צו לעבען אין אַ סביבה, וואו איך האָב איבערגענומען דעם בליק פון „מיושב׳דיגע" מענשען, אַז פריהער דאַרף מען זיך לערנען, דערקענען דאָס לעבען, פאַרנעמען אַ באַשטימטע שטעלונג און ערשט דערנאָך זיך באַשעפטיגען מיט כלל־זאַכען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מען קען, נישט אָפּפערענדיג דאָס אייגענע לעבען, נאָר אויף דעם אַזוי גערופענעם לעגאַלען באָדען, באַמת דינען דעם פאָלק, אַז מען קען — כאָטש פּאַמעליך, אָבער זיכער — בויען צוזאַמען מיט׳ן פאָלק דעם בנין פון זיין צוקינפטיגען גליק. איך האָב זיך געפונען אין גוטע אומשטענדען, און אונזערע קולטורעל־דערציהערישע באַמיהונגען האָבען געהאַט אַ גאַנץ באַדייַ־טענדיגען אויסערליכען דערפאָלג. אָבער וואָס ברייטער אונזער ביל־דונגס־אַרבייט האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקעלט, וואָס נעהנטער איך האָב זיך צוזאַמענגעשטויסען מיט די אמת׳ע נויטען פון פאָלק און מיט יענע באַדינגונגען, ביי וועלכע עס איז אונז דערלויבט געוואָרען די

דאָזיגע נויטען צו לינדערען, האָב איך זיך אַלץ מעהר און מעהר איבערצייגט, אַז אויב מיר ווילען זיך אויסהיטען פון אַ קאָנפליקט מיט דער רעגירונגס־מאַכט, קענען מיר דינען דעם פאָלק בלויז אויף זעהר אַ געמיינעם און צביעות׳דיגען אופן. איך וועל שוין נישט רעדען וועגען די אומגלויבליכע יסורים, אין וועלכע עס קומט אוים כסדר צו לעבען דעם לעגאַלען כלל־טוער, וועגען די שווערע קאָמפּראָמיסען, וואָס ער מוז כסדר מאַכען מיט זיין געוויסען און איבערציינגונגען — דאָס פאַר׳סמ׳ט נאָר זיין אייגען לעבען, און איך קען דאָס פאַרבייגעהן. דאָס פיינליכסטע אָבער איז — וואָס ביי זיין גאַנצען געוויסענהאַפטען צוגאַנג צו דער זאַך, ביי דער גאַנצער ענערגיע, וואָס ער לעגט אין דעם אַריין, מוז דער לעגאַלער טוער, פאַר וועמען געזעלשאַפטליכע אַרבייט איז נישט קיין שפּיל און נישט קיין פוסטער צייט־פאַרטרייב, אומפאַרמיידליך קומען צום שלוס, אַז אַלץ וואָס ער טוט איז נישט דאָס, וואָס ער דאַרף טאָן, און אַז דער איינציגער שולדיגער אין דעם איז — די איצטיגע פּאָליטישע אָרדנונג.

אין די שוידערליכע פּלאָגען, וואָס דריקען דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק, איז שולדיג נישט די רעגירונג אַליין. אָבער זי אַליין איז שולדיג אין דעם, וואָס זי האָט זיך געשטעלט ווי אַן אייזערנע וואַנט צווישען פאָלק און יענע, וואָס האַלטען פאַר זייער חוב און ציל פון זייער לעבען געטריי איהם צו דינען. זי אַליין איז שולדיג אין דעם, וואָס די לעגאַלע טוער האָבען נישט קיין מעגליכקייט צו טראָגען צו דעם אַרבייטער־קלאַס דאָס אמת׳ע וויסען, וואָס זי צווינגט די טוער צו נאַרען און פאַררייִדען די צייהן דעם אַרבייטער־קלאַס, וואָס זי דערלאָזט נישט צו איהם די בעסטע מענשען. און דאָך — ווי שווער עס איז נישט געווען אַזאַ צושטאַנד — האָב איך, ווי פילע אַנדערע, געשלעפּט אָט דעם שלים־מזל׳דיגען וואָגען און זיך באַנוגענט מיט בלויזען מיטגעפיהל און מיט טאָן קליינע טובה׳ס דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייט. איך ווייס נישט ווי לאַנג דאָס וואָלט זיך, אונטער אַנדערע אומשטענדען, ביי מיר געצויגען. איין געשעהעניש אין יאָהר 1900 האָט פאַר מיר, ווי פאַר אַ סך אַנדערע, אַ סוף געמאַכט צו אַלע צווייפלען און וואַקלענישען. איך רעד וועגען די „צייטווייליגע געזעצען״, וואָס האָבען ווי אַ ווילדע משוגעת פון פאַוועל׳ס צייטען צוגעשטיקט רוסלאַנד. עס געהט נישט אום דעם, וואָס מ׳האָט סטודענטען אָפּגעגעבען פאַר סאָלדאַטען, נאָר וואָס אין די „געזעצען״ האָט זיך, ווי אין אַ טראָפּען וואַסער, אָפּגעשפּיגעלט דער גאַנצער

רעכטלאָזער ווילקיר, דער גאַנצער יאָך וואָס דריקט אונזער לאַנד. מיט אַ מורא'דיגער קלאָרקייט האָט יעדער איינער באַגריפען, אַז דאָ קען קיין רייד נישט זיין וועגען אַ וועלכער עס איז זיכערער עקזיס־טענץ. נאָך מעהר. נישט קוקענדיג אויף דער אַלגעמיינער אויפ־רעגונג און צאָרן אין רוסלאַנד און אייראָפּאַ, נישט קוקענדיג אויף דער געגנערשאַפט פון אייניגע מיניסטאָרען, נישט קוקענדיג אויף דער אומצופרידענער מורמלעריי אין דער אַרמיי אַליין, — זיינען די געזעצען דאָך איינגעפיהרט געוואָרען. פאַר די רוסישע בירגער איז עס געווען אַן אמת'ער „מעמענטאָ מאָרי" (צייכען פון טויט) אין דעם שרעקליכסטען זין פון דעם דאָזיגען וואָרט.

דאָס האָט באַדייט קודם כל, אַז אויפ'ן לאַנד קענען זיך פון דער העלער הויט אַראָפּלאָזען די ווילדסטע און משונה'דיגסטע שטרענגע מיטלען, אויב דאָס וועט נאָר איינפאַלען עמיצען, וואָס האָט זיך גראָד אין יענעם מאָמענט צוגעשלאָגען צו דער מאַכט. דאָס האָט באַדייט ווידעראַמאָל, אַז אין לאַנד זיינען נישטאָ קיינע „געזעצליכע" מיטלען אָפּצואווענדען אַזעלכע ווילדע איינפאַלען. ביי אַזאַ „רעכטליכער" אָרדנונג איז אויסגעקומען, אַז די גאַנצע קולטור־שעפערישע אַרבייט איז געבויט אויף אַ באָדען, וואָס קען זי צו יעדער מינוט איינשלינגען. איך האָב דערזעהן, אַז אַ רעזשים, ביי וועלכען דער גורל פון אַ 130־מיליאָניגער באַפעלקערונג הענגט אינגאַנצען אָפּ פון צופאַלען און קאַפּריזען פון איינצעלנע פערזאָנען, טאָר נישט, אַפילו פאַסיוו, גע־שטיצט ווערען פון אַן עהרליכען און באַוואוסטזיניגען בירגער. איך האָב דערזעהן, אַז עס איז געקומען דער מאָמענט, ווען יעדער איינער דאַרף זיך שאַפען אַ קלאָרען באַגריף וועגען די ענדגילטיגע רעזולטאַטען פון יענער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט, צו וועלכער ער האָט זיך אָפּגעגעבען, אַז ביי איצטיגע באַדינגונגען קען מעגליך זיין בלויז איינס פון די צוויי: העלפען פאַרשטאַרקען די אָרדנונג אָדער העלפען זי אומוואַרפען. אָבער אַוועקשטעלען זיך אין אַ נייטראַלער פּאָזיציע און בלייבען אַ קיהלער צושויער פון קאַמף צווישעןביידע שטרע־מונגען איז פאַרברעכעריש. האָב איך פאַרלאָזט אי מיין מאַטעריעל־געזיכערטע לאַגע, אי די קולטור־אַרבייט, וואָס איז אויסערליך כלומרשט שוין אַוועק אויף אַ דרך, אין די פּערזענליכע פאַרבינדונגען און צו־בונדען — מיט איין וואָרט, דאָס אַלץ, וואָס מיר רופען „פּערזענליך גליק" און וואָס איז באמת בלויז אַ וואוילזיין אויפ'ן חשבון פון אַנדערע, און בין אַוועק צו די, וואָס האָבען אין גרונט פון זייער

טעטיגקייט אָוועקגעלעגט בלויז איין מאָטיוו — דעם וואוילזיין פון אַלעמען.

איך קען אייך פאַרזיכערען — נישט מיט אַ גרינגען האַרץ, נישט צוליב לייכטזין אָדער קאַפּריז לאָזט מען איבער די „פרידליכע פעלדער". מען דאַרף איינמאָל פאַר אַלעמאָל זיך איבערצייגען, ווי אומנוצליך עס איז ביי איצטיגע באַדינגונגען די קולטור־טעטיגקייט, אַז דאָס כסדר'דיגע גיסען פרישען וויין אין אַלטע לאָגלען, מ'דאַרף דורכגעהן „דורכ'ן סטראָי" פון איצטיגען רעזשים, וואָס שמייסט מיט זיינע ריטער אומברחמנות'דיג אַראָפּ אַלע אילוזיעס וועגען דער מעגליכקייט פון צונופּאָרען די אמת'ע נויטען פון האַרעפּאַשנעם פאָלק מיט די נויטען און צילען פון דעם דאָזיגען רעזשים; מ'דאַרף דאָס אַלץ דורכלעבען, כדי די מעכטיגע שטים פון שאַנד און געוויסען, וואָס הויבט זיך אויף אין אונז, זאָל ענדליך צווינגען זיך אַוועקצושטעלען אין באַשטימטע פאַרהעלטנישען צו די פאָדערונגען פון לעבען.

פאַר מיר איז דער מאָמענט אָנגעקומען אין יאָהר 1900. אַזוי ווי מיינע סימפּאַטיעס זיינען פריהער אויך געוועזן אויף דער זייט פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, בין איך במילא צוגעשטאַנען צו זייער אָרגאַניזאַציע. דעמאָלט איז נאָך קיין פאַראייניגטע רוסישע פּאַרטיי נישט געווען; עס זיינען געווען איינצעלנע אָרגאַניזאַציעס מיט פאַרשיידענע שאַטירונגען אין די פּראָגראַמען.

די באַשולדיגונג־מאַכט גיט זעהר אַן אייגנאַרטיגע באַלייכטונג פון דער רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט בכלל און פון דער טעטיגקייט פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען בפרט. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר זיינען פּשוט אָנרייצער, בונטען־מאַכער, אונטער־העצער, וואָס זוכען נאָר אַריינצושלעפּען דאָס האַרעפּאַשנע פאָלק אין נייע צרות. מיר זיינען פיינט פון געזעלשאַפטליכען וואוילזיין, מיר אָרגאַניזירען מאָרדען פון נוצליכע מלוכה־טוער, וואָס זיינען זיך מקריב צו באַשיצען דאָס פאָלק פון די רעוואָלוציאָנערען; מיר זיינען פאַרדאַרבער א. א. וו. אַז די באַלייכטונג איז שוין זעהר אַלט, און עס איז קוים נויטיג אַצינד צו באַווייזען, ווי ליגנעריש זי איז. די זאַך איז אַ סך פּשוט'ער. אַלץ איז אָפּהענגיג דערפון, ווי אַזוי מ'קוקט אויפ'ן אַרבייטער־פאָלק און ווי אַזוי מען באַציהט זיך צו איהם. פאַר איינעגע איז עס — אַ פרעמדע מאַסע אָהן אַ באַשטימטען פּנים, אַ מין מאַסע פון שטומע סטאַטיסטען אויף דער ביהנע פון אַ שיינער־דיגען און אינטערעסאַנטען ספּעקטאַקעל. די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט

ווערט געשאַנקען דער פאַרבענרייכער שפּיל פון די „פּערסאָנאַזשען", און וועגען די סטאַטיסטען טראַכט מען פּשוט נישט. פאַר אַנדערע איז עס — שיער נישט אַ טויטער פּגר, אויף וועלכען מ'וואַרפט זיך מיט נידעריגער גייציגקייט, אַ געפאַנגענע רויב, וואָס מ'רייסט אויף שטיקער, זאָרגענדיג נאָר וועגען דעם, אַז מ'זאָל פאַרכאַפּען אַ גרעסערען חלק, און מ'באַרעכטיגט אַזעלכע מעשים „וויסענשאַפטליך" דערמיט, וואָס די נאַטור אַליין האָט פאָראויסבאַשטימט, אַז הונדערטער מיליאָ־נען זאָלען פאַרבלייבען אין קאַטאָרגע־אַרבייט, אָהן אַ שטיקעל ברויט און אָהן די נויטיגסטע באַדינגונגען פון מענשליכער עקזיסטענץ, כדי איינצעלנע אויסדערוועהלטע זאָלען קענען אויפ'ן חשבון פון זייער מיה הנאה האָבען פון אַלע וואוילטאָגען פון לעבען. און ענדליך, פאַר דער דריטער קאַטעגאָריע איז דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק — די איינ־ציגע געזעלשאַפטליכע הייליגקייט, וואָס איהר ווילען זיי דינען און גיבען אָפּ אַלע זייערע כחות, נישט כדי צו ציהען נוצען פאַר זיך אַליין, נאָר צוליב דעם, ווייל בלויז דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק, באַפרייט פון זיין אומוויסענהייט און אונטערדריקונג, קען פאַרקערפּערען אין לעבען די העכסטע צילען פון פרייהייט, גלייכהייט און גערעכטיגקייט. אָט די מענשען פון דער דריטער קאַטעגאָריע אַנערקענען, אַז עס איז נויטיג אומצוקערען צו די האָרעפּאַשנע קלאַסען זייער אייגענטום. אייך ווערט עס מסתמא וואונדערען. איהר האָט געהערט, אַז סאָציאַליסטען־רעוואָ־לוציאָנערען פאָדערען די אָפּשאַפונג פון אייגענטום. ניין, די סאָציאַ־ליסטען פאָדערען, אַז יעדען איינעם זאָל געהערען דער פּראָדוקט פון זיין אַרבייט, מינוס די געזעלשאַפטליכע הוצאות, און אַז עס זאָלען באַשאַפען ווערען אַזעלכע באַדינגונגען, ביי וועלכע די מינדערהייט זאָל נישט קענען פאַרכאַפּען פאַר איהר אייגענער נוץ דאָס אייגענטום פון דער מערהייט. ווי אַזוי דאָס צו דערגרייכען — איז שוין אַן אַנדער פראַגע, און אָפּשטעלען זיך דאָ אויף דעם איז נישטאָ נאָך וואָס. איך וועל בלויז באַמערקען, אַז מיר האַלטען, דאָס נישט דורך דעקרעטען און נישט דורך וועלכע עס איז פאַרשווערונגען, נאָר בלויז דורך אנטוויקלען דעם זעלבסטבאַוואוסטזיין פון האָרעפּאַשנעם פאָלק, בלויז דורך איהם אַליין קען דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען אַ שכל־דיגע און יושר'דיגע סאָציאַלע אָרדנונג. ביי איצטיגען טאָג זיינען מיר נאָך אין רוסלאַנד זעהר ווייט דערפון און נישט וועגען איינפיהרען די סאָציאַליסטישע אָרדנונג רעדט זיך דערוויילי.

עס איז פאַר קיינעם נישט קיין סוד יענער דערשיטערענדיגער

צושטאַנד פון פוילען עקאָנאָמישען חורבן, וואָס רוסלאַנד לעבט איבער. שוין נישט רעדענדיג וועגען די דראָהענדיגע אויסזיכטען אויף דער צוקונפט, איז די איצטיגע ווירקליכקייט אַליין גענוג אַז זי זאָל פאַר־סמ׳ען דאָס לעבען אַפילו ביי מענשען, וואָס נעמען זיך נישט זעהר שטאַרק צום הארצען דעם פרעמדען׳ס נויט. מ׳דאַרף זיך בלויז צוקוקען צום סיסטעמאַטישען הונגער פון צעהנדליגער מיליאָנען פויערים, צו די מגפות, וואָס בושעווען צוליב׳ן הונגער, צו אַלע שרעקען פון דער אויסגעלעדיגטער פויערשער ווירטשאַפט, כדי מ׳זאָל מיט אַ מערדערליכער קלאָרקייט באַגרייפען, אַז יעדער טאָג, וואָס מ׳ציהט אָפּ די ראַדיקאַלע הילף, פאַרגרעסערט נישט בלויז דאָס קומענ־דיגע אומגליק, נאָר קאָסט ממש טויזענטער לעבענס. צי איז אייך באַקאַנט, אַז אין איין קאַזאַנער גובערניע אַליין זיינען רעגיסטרירט געוואָרען 27,000 קראַנקע אויף צינגא (סקארבוט)? און דאָס איז נאָך נישט פון די ערגסטע גובערניעס. די אַלע איינגעגעסענע מכות, וואָס זיינען אָנגעוואַקסען דורך אומנאָרמאַלע באַדינגונגען פון יאָהר־הונדערטער, קענען — פאַרשטעהט זיך — נישט אויסגעהיילט ווערען אין משך פון אַ טאָג. אָבער דער וועג פון היילונג דאַרף אָנגעוויזען ווערען תיכף. דאָס איז פון איין זייט — נאַטירליך — פאַרגרעסערען די ערד פון די פויערים, פאַרקלענערען די שטייערען א. א. וו. און פון דער צווייטער זייט — אַ העכערער אויפשטייג פון גייסטיגער אַנטוויקלונג און געזעלשאַפטלאַכער זעלבסטטעטיגקייט, כדי צוצוגרייטען דעם מעגליכען איבערגאַנג צו אַ מעהר ראַציאָנאַלער ווירטשאַפט. דאָס איז אַ פאָדערונג נישט קיין סאָציאַליסטישע און נישט קיין רעוואָלו־ציאָנערע. דאָס פאָדערען די נאָהענטסטע, באַלדיגסטע נויטען פון לאַנד. און די באַלדיגקייט פון די פאָדערונגען איז אַזוי אריין אין באַוואוסטזיין פון מענשען פון די פאַרשיידענסטע אָנשויאונגען און שטרעמונגען, אַז צו וועמען די רעגירונג זאָל זיך נישט ווענדען, וועט זי אומעטום קריגען דעם זעלבען ענטפער.

נישט פיל בעסער איז די לאַגע פון די שטאָדטישע אַרבייטער, וואָס זיינען איינגאַנצען אומבאַהאָלפען און רעכטלאָז אין זייער קאַמף מיט די אונטערנעמער און זיינען דעריבער פאַר׳משפט אויף אַ צרה׳־דיגע, נישטיגע עקזיסטענץ. אָבער די רעגירונג, וואָס בלייבט געטריי איהר „היסטאָרישער״ טראַדיציע פון איינאָרדענען דאָס גליק פון פאָלק פון אויבען אַראָפּ, אָהן זיין אייגענעם אַנטייל — אונזער רעגירונג וויל אַלץ נישט פאַרשטעהן, אַז אַ לאַנד מיט אַ 130־מיליאָניגער באַ־

פעלקערונג, מיט זעהר פארפלאָנטערטע און קאָמפליצירטע אינטערעסען, וואָס איז אזוי אָדער אַנדערש אריין אין אלגעמיינעם קרייז פון קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאפט און אינטערנאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, א לאַנד מיט באדייטענדיגע גייסטיגע באדערפעגישען, קען זיך שוין נישט אנטוויקלען נאָרמאל ביי א רעזשים, וואָס האָט זיך צוגעפּאסט און אויסגעבילדעט ביי גאַנץ אַנדערע באדינגונגען. בלויז פּאָליטישע קורטיזאַנען, פּראָסטיטוטען און עם־הארצים קענען נאָך טענה'ן, אז ביי דער איצטיגער צייט איז מעגליך דער אויפּבליה אָדער אפילו נאָר די עקזיסטענץ פון א לאַנד אָהן דער שטארקסטער אָנשטרענגונג און זעלבסטטעטיגקייט פון אַלע גייסטיגע כחות.

אָט וואו עס הויבט זיך אָן דער ריס צווישען די אינטערעסען פון דער רעגירונג, וואָס וויל אויפהאלטען איהר אלטע אומבאגרעניצטע מאכט, און די לעבעדיגסטע דרינגענדסטע אינטערעסען פון לאַנד, ד. ה. פון זיינע האָרעפּאשנע מאסען. א ראַציאָנאַל אוועקגעשטעלטע פאָלקס־בילדונג, א ברייטע געזעלשאפטליכע זעלבסטטעטיגקייט, פריי־הייט פון וואָרט, פון דרוק און געוויסען, אומבאריהרליכקייט פון פערזאָן — אָהן די, שוין פאר אַלעמען עלעמענטארע, באדינגונגען מוז דאָס לאַנד געהן צום אומקום, און מיט זיי ווערט אומפארמיידליך אומ־קומען די זעלבסטהערשאפט. און דאָ ליגט דער אָנהויב פון ריס צווישען די באוואוסטזיניגע עלעמענטען פון לאַנד און דער רעגירונג, א ריס, וואָס ווערט אַלץ גרעסער. ביי אונז, סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, איז דער אויסגאַנגס־פּונקט פון ריס אביסעל אַן אַנדערער; אונזערע פּאָדערונגען ווערען נישט אויסגעשעפּט בלויז מיט די פּאָדערונגען פון פּאָליטישען כאראַקטער. אַלס די פּארטיי פון האָרעפּאשנעם פאָלק, האָבען מיר זיך געשטעלט פאר אונזער אויפגאַבע צו אנט־וויקלען זיין קלאסען־באוואוסטזיין, אָנצופיהרען זיין אָרגאַניזירטען קאַמף פאר פּאָליטישער און עקאָנאָמישער באפרייאונג. מ'זאָגט אונז אָבער, אז פון אַזאַ קאַמף ביז „מערדערישע גוואַלדטאַטען" איז נאָך זעהר ווייט. דורכאויס ריכטיג. דער טעראָר איז נישט קיין אָרגאַ־נישער עלעמענט אין דער טעטיגקייט פון דער פּארטיי, און כדי צו פארשטעהן זיין אויפקום און באדייטונג, מוז מען נאָכקוקען ווען און ווי אַזוי די פּארטיי האָט געפונען פאר אומפארמיידליך איהם אָנצוּוואָ־ווענדען.

ווען מיט'ן וואוקס פון דער אינדוסטריע אין די 90גער יאָהרען האָט זיך אויסגעבילדעט אַן ארבייטער־באוועגונג, האָט זי די ערשטע

ציימען געהאַט זעהר אַ ברייטען און אויסשליסליך עקאָנאָמישען כאַראַקטער. נישט געקוקט דערויף, זיינען די רדיפות פון דער רעגירונג געווען אַזוי האַרב, אַז פאַר אַנטיילנעמען אין אַ סטרייק, פאַר לערנען פּאָליטישע עקאָנאָמיע אין אַן אומשולדיגען קרייזעל האָט מען מענשען פאַרשיקט אין מזרח סיביר. אונטער דער ווירקונג פון די לעבענספאָדערונגען האָט די באַוועגונג שנעל אָנגענומען אַ פּאָליטישען כאַראַקטער און האָט זיך אַלץ מעהר אויסגעשפּרייט אויף אַנדערע שיכטען — יוגענד, פּויערטום און אינטעליגענץ. כדי איינצושטילען די אויפרודערונג, וואָס האָט זיך אין סוף פון די ניינציגער יאָהרען אויסגעשפּרייט צווישען דער יוגענד, האָט זיך די רעגירונג נישט אָפּגעשטעלט פאַר די צייטווייליגע געזעצען. איך האָב שוין דערמאָנט יועגען זיי. אַלע האָבען זיך געבייזערט, אַלע האָבען געשריען, אַלע זיינען געווען אויפגעבראַכט. מעגליך, אַז אויך צווישען אייך, מיליטער־לייט, איז געווען אויפרעגונג — אָבער ווער האָט זיך אויף דעם אומגעקוקט? די געזעצען זיינען אָנגעווענדט געוואָרען. די רעגירונג האָט ווי מיט אַ כיון געוואָלט באַווייזען דעם לאַנד, אַז זי קוקט זיך נישט אום אויף קיינעמ׳ס מיינונגען און שפּייט אויף אַלע טענות. איז געקומען קאַרפּאָוויטש׳עס רעוואָלווער־קנאַל און אָט דער קנאַל האָט אויפגעטאָן דאָס, וואָס עס האָבען נישט געקענט אויפטאָן די פרידליכע טענות פון די פאַרשיידענע געזעלשאַפטליכע שיכטען. צוזאַמען מיט באָגאָליעפּאָוו׳ן זיינען דער׳הרג׳עט געוואָרען אויך די צייטווייליגע געזעצען. אָבער ווער איז שולדיג אין באָגאָליעפּאָוו׳ס ערמאָרדונג? קאַרפּאָוויטש, וואָס איז געקומען שוין נאָכדעם, ווי אַלע האָבען פאַרלאָרען וועלכע ניט איז האָפנונג אָפּצושטעלען מיט פרידליכע מיטלען די אָנווענדונג פון אָט די ווילד־משוגע׳נע געזעצען, אָדער די רעגירונג, וואָס האָט אויף צו להכעיס איגנאָרירט אַלע טענות? ווען די יוגענד דריקט אוים איהר פּראָטעסט אויף דער גאַס, שלאָגט מען זי מיט נאַגייקעס. ווען די אינטעליגענציע פּראָטעסטירט שריפטליך געגען די רציחות פון דער פּאָליציי, ווערט זי פאַרשיקט אין דער פּראָווינץ. געזעלשאַפטליכע אַנשטאַלטען, וואָס הויבען אויף זייער קול אין די בלוטיגסטע פראַגען נישט אין דעם גייסט, וואָס די רעגירונג וויל, ווערען צוגעמאַכט. וועגען צייטונגען און זשורנאַלען איז שוין נישטאָ וואָס צו רעדען. אַרבייטער, וואָס דעמאָנסטרירען דעם ערשטען מאַי, ווערען קערעפּערליך באַשטראָפט אין די פּאָליציי־צירקלען. פּאָליטישע אַרעסטירטע טוט מען אָן כל׳ערליי נגישות און מ׳שלאָגט זיי.



גערשוני מיט זיינע חברים אויף קאטאָרגע

אין דער פאדערשטער ריהע, וואס זיצען, פון רעכטס צו לינקס: איזמאילאוויטש, רענעווסקאיא, ספירידאנאווא.

בשעת צוזאַמענשטויסען אויף די גאַסען שיסט מען אין אונבאַוואָפּענטען עולם; פּויערים־אומרוהען ווערען דערשטיקט מיט די ווילדעסטע עקזעקוציעס. דער מינדעסטער פּראָטעסט, די מינדעסטע טענה נעגען די מיסברויכונגען פון דער רעגירונגס־מאַכט ברענגען מיט זיך די גרויזאַמסטע פאַרפאָלגונגען. ווען די רעגירונג רופט צונויף די דאָרפישע באַלעבאַטים און לעגט זיי פאַר זיך ארויסצוזאָגען וועגען דער פאָלקס־ווירטשאַפט, און ווען יענע פּרובירען ציטערענדיג און איינגעהאַלטען ארויסזאָגען זייער מיינונג, ווערען זיי דערנאָך פאַרשיקט, געפּלאָגט פון כל'ערליי רדיפות א. א. וו. פרעגט זיך — וואָס זשע פאַר אַ מיטלען האָבען די רוסישע בירגער צו קענען ארויסברענגען זייערע נויטען? קיינע נישט. קיין טענה ווערט נישט דערלאָזט, אפילו קיין נויט ווערט נישט אַנערקענט ביז „נאַטשאַלסטוואָ” באַשטעטיגט עס. דערפאַר אָבער זיינען די בירגער מחויב אָהן אַ פּיפּס דורכצופיהרען די ווילדעסטע באַפעהלען פון דער „נאַטשאַלסטוואָ”, איבערטראָגען אָהן דעם מינדעסטען פּראָטעסט אַלץ וואָס קומט אַרויס פון די מאַכט־האָבענדיגע קרייזען. אויב מ'דערמאָנט זיך, אַז אָט דער גאַנצער ווילקיר, דער גאַנצער חוזק איבער די עלעמענטאַרסטע, אומבאַריהרליכסטע מענשליכע רעכט געהט אָן אויף אַ הינטערגרונט פון אַלגעמיינעם פאָלקס־חורבן און פון דער אומפאַרשעמטסטער רויבעריי פון די האַרעפּאַשנע מאַסען דורך באַנדעס עקספּלואַטאַטאָרען, וואָס באַנוצען זיך קונציג מיט דער רעכטלאָזיגקייט פון ארבייטער קלאַס, — ווערט פאַרשטענדליך יענע פלאַמענדיגע שנאה, וואָס קאָכט אויף ביי אַלע באַוואוסטזיניגע מענשען געגען דעם דאָזיגען רעזשים.

וואויל איז די, וואָס קענען ביי די אַלע אומגליקען זיך אָפּוואַשען די הענט אַזוי ווי פּילאַטוס — מיט מיר, כלומרשט, האָט עס נישט צו טאָן... מיך טשעפּעט מען נישט — אָדער יענע, וואָס קליגען זיך צו ציהען נוצען פאַר זיך פון די דאָזיגע אומגליקען. אָבער וואָס זאָלען טאָן די, פאַר וועמען די טרעהרען פון האָרעפּאַשנעם פאָלק זיינען נישט קיין וואַסער, און דאָס גליק און חשיבות פון לאַנד — נישט קיין פּוסטע רייד? וואָס קענען זיי טאָן כדי אָפּצושטעלען דעם שטראָם פון דער רעאַקציע, וואָס פאַרשווייינקט אַלץ און אַלעמען? דאָ רעדט זיך שוין נישט וועגען בייטען די אָרדנונג, נאָר וועגען באַשיצען דאָס לאַנד פון אומדערהערטע גוואַלדטאַטען און צוואַנג, וועגען דער נויטווענדיגקייט פון געזעלשאַפטליכער זעלבסט־פאַרטיידיגונג און זעלבסטשוץ. אָט דער עלעמענטאַרער לעבענס־אינסטינקט

מוז זיך אומבאַדינגט דורכרייסען אין יעדען געזונטען געזעלשאַפט־ליכען אָרגאַניזם. ווען די רעגירונג שטעלט אַוועק דאָס לאַנד אין אַזעלכע באַדינגונגען, ביי וועלכע קיין נאָרמאַלע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט איז נישט מעגליך, ווען זי פּאַרוואַנדעלט דאָס לעבען אין אַ מין כאַאָס, וואו עס שפּרינגען פון דער הויט די ווילדע אומגע־צאַמטע משוגעת'ן פון די מאַכט־האָבער, — דעמאָלט ווערט דאָס לעבען אומדערטרעגליך פאַר יעדען וויפיל נישט איז באַוואוסטזיניגען מענשען. אייך, וואָס איהר זיינט „גליקליך דערגאַנגען צו באַשטימטע טשינעס און פּאָסטענס", ריהרען די אַלע ענינים אודאי נישט אָן. איהר זיינט ווייט דערפון. אָבער פאַרמאַכט דאָך נישט די אויגען אויף דעם וואָס ס'טוט זיך אַרום אייך. דאָ, הינטער יאַמבורג, האָבען זיך דריי מענשען אַריינגעלאָזט קוילען אין קאָפּ, ווייל עס איז געוואָרען איבער די כחות צו לעבען ביי די דאָזיגע גהינום'שע געזעלשאַפט־ליכע באַדינגונגען. אונטער זייער לאַסט האָבען זיך מענשען גע־האַנגען, זיך דעם האַלז איבערגעשניטען. אויב אַזאַ רעאַקציע צו־שפּילט זיך אין אַ צייט, ווען עס האָבען נאָך נישט באַוויזען זיך צו אַנטוויקלען און באַפעסטיגען די באַוואוסטזיניגע לעבענס־פעהיגע עלעמענטען פון לאַנד, קען זי אפשר אויף אַ צייט פאַרטויבען און דערשטיקען די אויסברוכען פון לעבען. אַזוי איז געווען אין די 40גער און די 80גער יאָהרען. אָבער אין אַ צייט פון אַזאַ געזעל־שאַפטליכען אויפשטייג ווי אין די לעצטע יאָהרען, קענען די קלעפּ פון דער רעאַקציע אָפּגעהן מיט דער אונטערטעניגקייט פון יאוש נאָר ביי איינצעלנע פערזאָנען. אין גרויסען און גאַנצען אָבער איז אומ־פאַרמיידליך אַ ווידערשטאַנד, ביי וועלכען דער אָפּשטויס מוז, מיט פאַטאַלער נויטווענדיגקייט, זיין אַזוי שטאַרק ווי דער שטויס.

יענע, וואָס האָבען זיך צונויפגעטראָפען מיט דער רעוואָלוציאָ־נערנער סביבה, ווייסען, ווי שנעל עס איז אונטער דער ווירקונג פון רעגירונג־רעפּרעסיעס געוואַקסען די גרייטקייט צום שאַרפען ווידער־שטאַנד, ווי מענשען האָבען זיך געריסען אין אָפענעם קאַמף און ווי די אומפאַרמיידליכקייט פון טעראָר איז קלאָר פאַר אַלעמען. די סאָצ.־רעוו. פאַרטיי האָט נישט געקענט איגנאָרירען די פאָדערונגען, וואָס דער גאַנג פון די געשעהענישען האָט אַרויסגעשטעלט, נישט געקענט זיך אָפּזאָגען פון פאַרענטפערען זיי און איבערלאָזען אַ פראַגע פון אַזאַ גרויסער געזעלשאַפטליכער באַדייטונג אויף דער שפּיל פון צופאַל. די וואָס זיינען באַקאַנט מיט דער הערשענדער שטימונג אין

דער רעוואלוציאנערער סביבה ווייסען זעהר גוט, ווי שווער עס איז דער ארגאניזאציע אנגעקומען איינצורעדען די אנטשלאסענע אויף טעראר אום יעדען פרייז, אז זיי זאלען בלייבען אין דער אלגעמיינער רעוואלוציאנערער ארבייט. זיי ווייסען וויפיל כחות די ארגאניזאציעס האבען אנגעווענדעט איינצוזאמען די אלגעמיינע אויפרעגונג, און אז נישט יחידים און נישט ארגאניזאציעס האבען געהאט די מינדעסטע נויט צו זוכען עמיצען פאר דער דאזיגער טעטיגקייט. אי גריגאריעוו אי קאטשורא וואלטען געקענט דערצעהלען, וויפיל מיה עס האט זיי געקאסט צו קריגען די סאנקציע פון דער קאמפס־ארגאניזאציע (באיע־וואיא ארגאניזאציא), און ווי לאנג און עקשנות'דיג מ'האט זיי איינ־גערעדט אפצוזאגען זיך פון זייער אנגענומענעם באשלוס. אבער אט די איינצעלהייטען זיינען דא נישט וויכטיג.

איך חזר איבער — די פארטיי האט ביז דער לעצטער מעגליכקייט אפגעצויגען דעם מאמענט פון אריינגעהן אין טעראריסטישען קאמף, און נאר אונטער'ן דרוק פון די אומדערטרעגליכע גוואלדטאטען פון דער רעגירונג איבער דעם הארעפאשנעם פאלק און דער אינטעליגענץ איז זי געווען געצוואונגען צו ענטפערען מיט גוואלט אויף גוואלט. און ווען מיט'ן שאס פון באלמאשאוו'ן האט זיך דער דאזיגער קאמף אנגעהויבען, האט די רעגירונג — אנשטאט זיך אריינצוטראכטען אין די סבות פון קאמף — זיך באגרעניצט מיט'ן זוכען די פערזענ־ליכע כונה'ס פון אונטערהעצער, זוכען זייערע מיטבאטייליגטע א. א. וו. אומעטום זעהט זי בלויז צופאלען. אומרוהען צווישען ארבייטער און פויערים, אומארדנונגען צווישען סטודענטען, אויפרעגונג אין דער געזעלשאפט, און ענדליך שאסען, — דאס אלץ זיינען אין איהרע אויגען בלויז צופאלען. ניין, מיינע הערען, דאס שטויסט זיך יונג־רוסלאנד אין רעקעל פון דער טרונע, דאס פליהען פון איהרע קלעפ מיט געהילך די פארזשאווערטע טשוועקעס.

איך האב ווייניג וואס צוצוגעבען ספעציעל וועגען זיך. אלע באטויבענדע באדינגונגען פון דער רוסישער ווירקליכקייט האבען אויפ'ן זעלבען אופן געווירקט אויך אויף מיר און — נאך אין א גרעסערער מאס — אויפ'ן אידישען פאלק, צו וועמען איך געהער. אלע קלעפ פון איצטיגען רעזשים פאלען אויף איהם מיט פארצעהנ־פאכטער קראפט. אויב די רעגירונג מיינט, אז מיט איהרע באזונדערע רדיפות, אונטערדריקונגען און נגישות אויף אידען וועט זי פון זיי

אויסאַרבייטען פאַר זיך דאַנקבאַרע און הכנעה'דיגע אונטערטאַנען, מאַכט זי אַ ביטערען טעות. אָבער ביים אידישען האָרעפּאַשנעם פאָלק זיינען אין באַפרייאונגס־קאַמף נישטאָ קיין אַנדערע אויפגאַבען ווי ביים רוסישען פאָלק, ווייל מיר אַנערקענען בלויז צוויי נאַציעס: די נאַציע פון די עקספּלואַטאַטאָרס און די נאַציע פון עקספּלואַטירטע.

מיט מיין אַריינטרעטען אין רעוואָלוציאָנערען קאַמף האָב איך זיך פאַרנומען מערסטענס מיט אַלגעמיין־פּאַרטייאישע אַרבייט, וואָס צילט אויף מאַסען־טעטיגקייט. ווען די זשאַנדאַרמעריע זאָל נישט האָבען אָפּגעטיילט פון אונזער פּראָצעס דאָס אַלץ, וואָס האָט נישט צו טאָן מיט דער טעראָריסטישער טעטיגקייט, וואָלט איהר געזעהן, אַז דער טעראָר פאַרנעמט ביי אונז אַ גאַנץ באַזונדער אָרט. די אונטערזוכונגען אין פאַרשיידענע שטעדט וועגען מיין פּראָפּאַגאַנדע־אַרבייט צווישען פאָלקס־לעהרער, אַרבייטער און יוגענט, וואָלטען בעסער ווי אַלע פאַלשע מסירות באַלויכטען דעם כאַראַקטער פון מיין טעטיג־קייט ווי אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

די פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָט זיך געשטעלט פאַר איהר אויפגאַבע צו אַנטוויקלען דעם קלאַסען־באַוואוסטזיין פון האָרעפּאַשנעם פאָלק און אָנפיהרען זיין קאַמף פאַר עקאָנאָמישער און פּאָליטישער באַפרייאונג. זי פיהרט דעם קאַמף און וועט איהם ווייטער פיהרען אונטער אַלע אומשטענדען. אָבער אין דער צייט וואָס אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט איז שוין דער דאָזיגער קאַמף פון לאַנג אָנערקענט אַלס נויטווענדיגער עלעמענט פון געזעלשאַפטליכען לעבען און דעריבער ווערט ער געפיהרט מיט קולטורעלע מיטלען, — האָבען די איינענאַרטיגע באַדינגונגען פון רוסישען לעבען ארויסגע־שטעלט אַנדערע פאָדערונגען. די רעגירונג האָט די פולע מאַכט צו ענדערען די באַדינגונגען און דערמיט אָפּשאַפען דעם באָדען פאַר די אומנאַטירליכע קאַמפּס־מיטלען. אָבער ווי לאַנג זי טוט עס נישט, ווי לאַנג, פאַרקערט, זי פאַרשאַרפט אַלץ די באַדינגונגען, בלייבט זי אַליין די שולדיגע אין אַלע רעזולטאַטען.

איך האָב אָנגעהויבען מיין געזעשאַפטליכע טעטיגקייט פון לעק־ציעס פאַר'ן פאָלק און פון שולעס. אונזער ווירקליכקייט האָט מיר שנעל באַוויזען, אַז בלייבענדיג אויפ'ן לעגאַלען באָדען קענען מיר מעהר ווי אלף־בית דעם פאָלק נישט געבען. וועלענדיג טאָן מיין חוב פאַר'ן פאָלק אָהן צביעות און קאָמפּראָמיסען, בין איך אַריבער אויפ'ן רעוואָלוציאָנערען באָדען. און אויך דאָ איז אונז נישט לאַנג

אויסגעקומען צו בלייבן בלויז ביי אָרגאַניזאַציאָנעלער צוגרייטונגס־אַרבייט און טאָג־טעגליכען קאַמף. די באַדינגונגען האָבן געצוואונגען אָנצונעמען אַנטשלאָסענע קאַמפּס־מיטלען. אָט די צוויי בלומרשט זעהר אָפּגעזונדערטע שטראָמען פון לעגאַלער און רעוואָלוציאָנערער אַרבייט זיינען אָבער אין דער אמת׳ן פאַקטאַל צונויפגעבונדען און מוזען ביי איצטיגע באַדינגונגען אומפאַרמיידליך אַרויספליסען איינער פון אַנדערען. מיט מיין טעטיגקייט האָט אָנגעפיהרט נאָר דער באַוואוסטזיין פון מיין חוב און די אינטערעסען פון אַרבייטס־פאָלק, און איך האַלט, אַז מיין חוב האָב איך עהרליך אָפּגעצאָהלט, איך האָב זיך קיין זאַך נישט פאַרצוואַרפען, און איך גלויב, אַז אויך דאָס פאָלק וועט מיך פאַרשטעהן און וועט מיר אויך גאָרנישט פאַר־וואַרפען. איך וויים, אַז דער וועג פון דאַנען פיהרט גלייך צו דער תליה און איך בעט ביי אייך נישט קיין שום פאַרמילדערונג. פון יענעם מאָמענט אָן, ווען מען האָט מיר אין קיעוו געשמידט די הענט און פיס אין קייטען, האָב איך יעדען טאָג געוואַרט אויפ׳ן סוף. עס זיינען אַריבער ניין חדשים. עס איז צייט. ענדיגט אייער אַרבייט.

מיט וואָס פאַר אַ סודות די רעגירונג זאָל אונז נישט אַרומ־רינגלען — דעם טויט וועט זי נישט באַהאַלטען. און דאָס וואָס פאַר מיר, דעם איינצעל־מענשען, וועט זיין בלויז אַ הספד, וועט פאַר דער פרייהייט, פאַר וועלכער מיר האָבען געקעמפט, זיין אַ מעכטיגער רוף אין מיטען פון דער טורמע־אָרדנונג און אויסערליכער שטילקייט, וואָס ווערט קינסטליך אויפגעהאַלטען. זאָל קלאָר ווערען פאַר אַלע־מען, וואָס קענען זיך פאַרטראַכטען איבער׳ן גורל פון צופייניגטען לאַנד, וואָס עס קאָסט דער איצטיגער רעזשים. און, דערזעהענדיג ווי אַזוי דער רעזשים פיהרט אייניגע אויפ׳ן עשאַפאָט, וועט מען אפשר פאַרשטעהן, אַז פון דער זייט פון די אַנדערע איז עס פאַרברעכעריש צו שטעהן פון דער ווייטען מיט פאַרלעגטע הענט.

גלויבט איהר טאַקע, אַז די זיגער דאָ זיינט איהר, פאַרשטעהער פון דער איצטיגער אָרדנונג? דער פיזישער נצחון איז אייערער, דאָס יאָ! האָבען מיר דען אָבער געחלומ׳ט וועגען אַ פיזישען קאַמף? מיינע הערען, די זיגער היינט וועלען בלייבען די, אויף וועמעס צד עס וועט זיין דאָס מיטגעפיהל, און די באַזיגטע — די, אויף וועמען עס וועלען פאַלען די קללות פון די באַוואוסטזיניגע עלעמענטען פון לאַנד.

ווייטער האָב איך אייך גאָרנישט וואָס צו זאָגען. איך וויל

בלויז צוגעבען אָט וואָס: איהר וועט פארהאנדלען פארשיידענע פראגען וועגען אונזער שולדיגקייט, די מאָס פון אונזער אנטייל א. א. וו. דאָס אַלץ דאַרפט איהר האָבען פאַר אייערע פאָרמאַליטעטען. איך וואָלט אייך פאָרגעלייגט צו באַטראַכטען נאָך איין פראגע, וואס איהר לייזונג קען אייך צונוץ קומען אין דער צוקונפט: ווי אזוי איז עס געשעהן, אַז די וואָס ברענען אזוי מיט'ן ווילען צו דינען דעם פאָלק, די וואָס זיינען פאַר זיך אַליין גרייט שלום צו מאַכען מיט די ערגסטע באַדינגונגען אבי מען זאָל זיי נישט אָפּטיילען פון פאָלק, אַז גראָד די האָבען זיך ארויסגעוויזען פאַר די געפעהרליכסטע מענשען? ווי אזוי איז עס געשעהן, אַז די איצטיגע אָרדנונג פארמאָגט פאַר זיי נישט מעהר ווי תפיסה, פארשיקונג, קאַטאָרגע און תליה? דאָס איז די וויכטיגסטע פראגע, די גרונט־פראגע. און כדי זיך קלאָר פאָרצו־שטעלען איהר גאַנצע וויכטיגקייט, ענטפערט דעם לאַנד, וואָס מ'האָט אונז פון איהם אָפּגעריסען און וואָס איז בארעכטיגט אויף אַן ענט־פער: וואָס וואָלטען געוועזען די אַלע, מיט וועמען עס זיינען אָנגעפילט די פּאָליטישע טורמעס, וועמען מ'שיקט אין סיביר, אויף קאַטאָרגע, אויפ'ן עשאַפאָט, — וואָס וואָלטען זיי געוועזען אין וועלכען נים איז אַנדער לאַנד פון דער ציוויליזירטער וועלט? וואָלטען זיי דאָרטען אויך געוועזען — ווי איהר רופט זיי — „שווערע מלוכה־פאַרברעכער", אָדער, ביי די זעלבע אידעאַלען וואָס באַגייסטערען זיי, וואָלט זייער לעבען זיך פאַנאַנדערגעוויקעלט אזוי, אַז זיי וואָלטען געוואָרען אַנער־קענטע, נוצליכע געזעלשאַפטליכע טוער? — אייער ענטפער אויף אָט דער פראגע וואָלט אונז זעהר אינטערעסירט. אייערע ענטפערס אויף אַלע אַנדערע פראגען וויים איך אין פאָראויס.

# גערשוני׳ס בריוו פון שליסעלבורג.

1

ענדליך, פריינד מיינע, האָב איך באַקומען אַ ידיעה וועגען אייך: איהר לעבט און זייט געזונט און גאַנץ. ווי פריידיג און באַרוהיגענד עס איז פאַר מיר געווען די דאָזיגע נאַכריכט, וועט איהר קוים זיך קענען פאָרשטעלען אין איהר גאַנצער פולקייט. אָבער ניט אום דעם געהט עס. איהר לעבט — דאָס איז דער עיקר, און איך לאָז זיך אוועק אויף די פליגלען פון האָפענונג, אַז אפשר וועט מיר נאָך אָפּגליקען אייך צודריקען צו מיין ברוסט און ווידער אַמאָל זיך טרעפען מיט אייך אין די רייהען פון דער פּאַרטיי. ווי מאָדנע! אייניגע מינוטען ווייזט זיך מיר אויס, אַז אַ גאַנצע אייביגקייט טיילט מיך אָפּ פון דער לעבע־דיגער פאַרגאַנגענהייט, אין אַנדערע מינוטען — אַזוי ווי ערשט נעכטען האָבען מיר זיך צושיידט, אָבער צושיידט זיך אויף ניט צוריק צו קומען. די לעבעדיגע וועלט, דער קאַמף האָבען דאָ אין דעם קבר אויסגעזעהן אַזוי האָפנונגסלאָז פאַרלאָרען, אַז אַמאָל גלויבט זיך פּשוט ניט אַז שפּעטער דערוואַרט דיר נאָך עפּעס ליכטיגעס. אַלץ וואָס דו לעבסט איצט איבער שטעלט זיך פאַר ווי עפּעס אַ חלום. באַטראַכט נאָר: פון אַפּריל, 1904, ביז אוגוסט, 1905, האָב איך ניט געזעהן קיין לעבעדיגע נשמה, און האָב קיין פאָרשטעלונג ניט געהאַט וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט.

איך האָב געלייגט האָפנונגען אויף די נאַטירליכע, גינסטיגע פאַר׳ן לאַנד רעזולטאַטען פון דער מלחמה, אָבער האָב מורא געהאַט דער פּאַטריאָטישער פלאַם זאָל ניט אָפּשטעלען צייטווייליג די פּאַרטייאישע טהעטיגקייט. אין אויגוסט, 1905, האָט דער קאָמענדאַנט ביי אַ גע־וויסער געלעגענהייט זיך אַרויסגערעדט, אַז פּלעווע איז שוין ניטאָ, „איז אַרוים פון אַמט”. פּלעווע איז אַרוים — די פּאַרטיי וועט אויך מוזען אַרויסגעהן, אַזוי האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט די לאַגע. אין אַ פּאָר וואָכען אַרום האָב איך באַקומען די צייטונג „חאָזאַאין” פון יאָהר 1904, און פון איהר האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אין סעפּ־טעמבער איז אָנגעקומען עפּעס אַ מין „פריהלינג”, אַז עס איז פאָרגע־קומען אַ באַשטימטע איבערקערעניש אין דער רעגירונגס־פּאָליטיק, אַז

דעם 12טען דעצעמבער איז פאַר רוסלאַנד'ס טריאָומף געגעבען געוואָרען א „רעכטליכע אָרדענונג", זיינען איינגעשטעלט געוואָרען „גרויסע רעפאָרמען". ערגעץ־וואו האָט א לייכט געטאָן: דער „פאַרשטאָרבענער מיניסטער פּלעווע". פאַרשטאָרבען דורך גאָט'ס ווילען, אָדער דורך דער פּאַרטיי? א גאַנצען חודש האָב איך זיך געמוטשעט אין אומ־וויסענהייט: פּלעווע איז טויט, צי לעבט אָבער די פּאַרטיי? וואָרים פאַר מיר איז געווען קלאָהר, אַז אויב ער איז געשטאָרבען מיט א נאַטירליכען טויט און די גאַנצע איבערקערעניש איז געקומען ניט צוליעב דעם דרוק פון דער פּאַרטיי, איז די פּאַרטיי א צודריקטע. דעם 15טען סעפּטעמבער, דעם טאָג וואָס מען האָט מיך אַריבערגעפירט אין דער נייער טורמע, האָט דער קאָמענדאַנט מיר דערציילט אַלץ: אַז פּלעווע איז דער'הרג'עט געוואָרען פון סאַזאָנאָוו'ן, אַז סאַזאָנאָוו לעבט און זיצט אָט דאָ, אַז פּלעווע'ס טויט איז מיט פרייד אויפגענומען געוואָרען פון אַלעמען, אַז א קאָנסטיטוציע איז געגעבען געוואָרען, אַז עס איז געשאַפען געוואָרען א מלוכה־דומע, א. אַז. וו.

אין דעמזעלביגען טאָג האָב איך זיך געזעהן מיט אַלע אַלטע שליסעלבורגער, האָב זיך דערוואוסט וועגען דער מיאוסער מפּלה פון אונזערע „אומבאַזיגבאַרע חילות", וועגען געוויסע אומבאַשטימטע אומרוהען, וועגען דער הינריכטונג פון דער, וועלכע איז דאָ געזעסען אין פאַרבינדונג מיט דעם אַטענטאַט אויף סערגיי'ען, און וועגען א מאַסע קליינינקייטען, וועלכע אַלע צוזאַמען האָבען דעמאָלט געמאַכט אויף מיר א דערשיטערענדיגען איינדרוק צוליעב זייער אימפּאָזאַנטקייט. עס זיינען אנגעקומען פרעהליכע, ליכטיגע טעג, וואָס האָבען מיר אויסגעזעהן באַזונדערס ליכטיג נאָך דעם דריקענדיגען חשך און דער איינזאַמקייט פון די יאָהרען 1904-5. „קאָנסטיטוציע" — דער רע־זולטאַט פון דעם דרוק פון די רעוואָלוציאָנערע כוחות. הייסט עס אַז די פּאַרטיי לעבט, הייסט עס אַז דער קאַמף וועט אָנגעהן ווייטער, הייסט עס, אַז מען וועט אַרויסרייסען עפּעס ממשות'דיגעס. וואָס עס טוט זיך אויף דער פריי האָבען מיר ניט געוואוסט. ווען־ניט־ווען האָט זיך איינגעגעבען אויפצוכאַפּען אומבאַשטימטע, אומקלאָרע אָנדייטונגען אַז עס רודערט זיך, אַז עס קומט פאָר אַן אַלגעמיינע אומצופרידענקייט, אַז די אָפּאָזיציע וואַקסט. לויט די אָנדייטונגען האָבען מיר געמאָלען פאַנטאַסטישע, אָטעם־פאַרכאַפּענדיגע בילדער פון א פאָלקס־באַוועגונג, אָבער צייטענווייז אויך פּעסימיסטיש זיך באַצויגען צו אונזערע אָפּטי־

מיסטישע פאַנטאַזיעס. און, גאָט מיינער, ווי קליינליך און קאַלירלאָז די דאָזיגע געוואַגטע פאַנטאַזיעס האָבען זיך ארויסגעוויזען אין פאַר־גלייך מיט דער ווירקליכקייט! די ידיעות, וואָס קאָנסטאַנטינאָוויטש האָט מיטגעטיילט, זיינען געווען ווי אַ ברענענדיגער, בלענדענדיגער העלער זייל ליכט וואָלט אַ קלאַפּ געטאָן אויף אונזער פינסטערניש. פּונקט ווי אַ שטורם־ווינט וואָלט זיך אריינגעריסען אין אונזער קבר און איבערגעקערט יעדע זאַך מיט'ן קאָפּ אַראָפּ, און דאָס הארץ, פּונקט ווי אַן איבערגעשראָקענע פויגעל, קלאַפּט ציטערנדיג, רייסט זיך פריידיג און האַסטיג אַהין אין דרויסען! שווער אייך קלאָהר איבערצוגעבען יענעם זאָנדערבאַרען צווייענדיגען געמיטה־צושטאַנד, אַ העכסט נער־ווערזען און אַ דערהויבענעם, וואָס האָט אונז ארומגעכאַפּט אין יענע טעג.

די לעצטע צייט, נאָך דער ערשטער פריידיגער צעטרייסלונג, האָב איך אָנגעהויבען ביסלעכווייז קומען צו זיך און באַרואיגען זיך. פון איין זייט דאָס אויפמונטערענדיגע באַוואוסטזיין, אַז עס איז אויסגע־קומען צו דערלעבען דעם מאָמענט פון אַן איבערקערעניש אין רוסלאַנד; פון דער אַנדער זייט די איבערצייגונג, אַז די שאַפענדיגע ארבייט פון דער פּאַרטיי וועט איצט אַוועקגעהן אויף אַ רעגולירטען וועג, האָבען שלום געמאַכט מיט מיין לאַגע, און נאָכ'ן אָפּפּאָהרען פון די אַלטע, האָב איך זיך געגרייט צו מיין ווינטערדיגער קוואַרטיר. דאָס זעהען זיך מיט מיין פאָטער, וועלכער האָט מיר ניט אויפגעקלערט די לאַגע, נאָר האָט אונז פאַרזיכערט אין דער מעגליכקייט פון אַ נאָהענטער באַ־פרייאונג, האָט אונז נאָך מעהר באַרוהיגט. און דאָ מיט אַמאָל האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקעלט פאַר אונז גאָר אומדערוואַרטעט דאָס גראַנדיעזע בילד, וואָס דאָס לאַנד האָט איבערגעלעבט אין דעם לעצטען יאָהר! די גרויסקייט פון דעם מאָמענט איז אויפגעשטאַנען פאַר אונז אין זיין גאַנצער ברייטקייט, און אַלץ וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אין צייט און רוים האָט אונז צודריקט מיט זיינע ברייטע מאַסען און ווייטע האָריזאָנטען. אויף מאָרגען האָבען מיר באַקומען דעם "Сын Отечества", וואָס האָט אונז גלייך דערקלערט די גאַנצע לאַגע, און איך בין זיך מודה, עס האָט אונז געמאַכט אייך מקנא צו זיין, וואָס איהר האָט דאָס אַלץ איבערגעלעבט אין קאָכיגען קעסעל פון קאַמף. צווישען די געדרוקטע שורות שטעלט זיך אויף פאַר אונז דער דונער פון דער רעוואָלוציע, דער טויטליכער געראַנגעל מיט דעם פאַר־

האַסטען טייוועל, און מיר דאָ, פול מיט כחות און דורשט צום קאַמף, זיינען געצוואונגען צו מוטשען זיך פון אומטעטיגקייט אין דעם צאַרישען קרעפּאַסט! דער מאָמענט — דער איינציגער ניט נאָר אין דער געשיכטע פון רוסלאַנד, נאָר אויך פון אייראָפּא, אַן אומגעוויינליכער לויט דער ברייט פון זיין געבוי און זיינע אויפגאַבען — ער געהט פאַרביי אונז, פונקט ווי פאַרביי טויטע!

אונזערע הענט האָבען צו די שווערדען זיך געריסען,
אָבער די קייטען נאָר האָבען געקלונגען!...

עס איז מקוים געוואָרען די נבואה: די לעצטע וועלען זיין די ערשטע... רוסלאַנד האָט געמאַכט א גיגאַנטישען שפּרונג, און גלייך זיך אַוועקגעשטעלט אין איין ריי מיט אייראָפּע, אָבער מעהר צום פראָנט. דער וואונדערבאַרער גראַנדיעזער און האַרמאָנישער סטרייק, די רעוואָלוציאָנערישקייט פון געמיט, די פולשטענדיגקייט פון מוט און פּאָליטישען טאַקט אין דער אויפפיהרונג פונ'ם פּראָלעטאַריאַט, זיינע גרויסאַרטיגע טעזיסען און רעזאָלוציעס, די באַוואוסטזיניגקייט און אָרגאַניזירטקייט פונ'ם אַרבייטענדיגען פּויערטום, זיין גרייטקייט צו שלאָגען זיך פאַר דעם לאָזונג פון די גרעסטע סאָציאַלע פּראָבלעמען — דאָס אַלץ מוז ברענגען די קאָמפּליצירטעסטע, גינסטיגסטע פרוכט פאַר דעם אַרבייטענדיגען פאָלק פון דער גאַנצער וועלט; און רוסלאַנד, ווי עס ווייזט אויס, איז באַשערט אין 20טען יאָהרהונדערט צו שפּילען די ראָליע פון פראַנקרייך אין 19טען יאָהרהונדערט. אָבער דער גרעסטער גליקליכסטער רעזולטאַט וועט זיין, ווי עס ווייזט זיך מיר אויס, דער, וואָס עס וועט געלינגען רוסלאַנד אויסצומיידען דעם געמיינעם פּעריאָד פון בורזשואַזער שפּע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט מיט א טויטליכער פּעטליע די אייראָפּעאישע לענדער, וועלכע האָבען דורכגעמאַכט דעם רעוואָלוציאָנערען פּעריאָד אונטער וויניגער גינסטיגע אומשטענדען און אין אַנאַנדער היסטאָרישער עפּאָכע.

וואָס פאַר א גליק עס איז אויסגעפאַלען אויף דעם גורל פון דער פּאַרטיי! עס איז דאָך פּונקט ווי עס שטייט געשריבען: „די וואָס זייהען אין אומעט, שניידען אין געזאַנג". ביי גינסטיגע אומשטענדען, אויב די פיהרער וועלען שטעהן אויף דער הויך פון זייער אויפגאַבע, וועט די פּאַרטיי קענען פאַרנעמען גאָר איינציגען אַזאַ פּאָזיציע, וואָס אַלע אייראָפּעאישע פּאַרטייען וועלען איהר מקנא זיין. ניט זשאַלעוועט נאָר קיין כחות אויף צו דערגרייכען וואָס שנעלער א פאַראייניגונג

אין איין אלרוסישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ווי שווער דאָס זאָל ניט זיין, סטאַרעט זיך צו פארגעסען דאָס שווערע, דאָס העסליכע, וואָס ליגט ווי אַ שטיין אין וועג צו אַ פאראייניגונג, אויך אַלע פּערזענליכע באַציהונגען. די סאָציאַל־דעמאָקראטיע געפינט זיך דאָך איצטער נישט מעהר אין די הענט פון אָפּגעזונדערטע מענשען, נאָר איז אַ טייל פון דעם אָרגאַניזירטען פּראָלעטאַריאַט, צו וועמעס געזונטען פארשטאַנד און בירגערליכער פליכט איהר קענט און איהר זאָלט גלייך אַפּעלירען. איינזעהענדיג ווי ווינשענסווערטה און אומפארמיידליך עס איז אַזאַ פאָרשטעהענדיגע פאַראייניגונג, וועט איהר, פאַרשטעהט זיך, אָנווענדען אַלע באַמיאונגען ניט צו פּארשארפען די איצטיגע באַציאונגען, און אין פּאָלעמיק איבערציינגען דעם געגנער אויף אַנאַנדער שטייגער, ניט מיט קונציגע דריידלאך, נאָר עהרענהאַפטיג. זאָל ווי פריהער פארבלייבען די פאַנאַנדערטיילונג פון די כחות אויף די העכסט עמפּפינדליכע, מאָראַליש־ריינע עלעמענטען, דאַן זייט איהר זיכער מיט'ן זיעג. די ליעבע ראַיאַ,*) ווי זי האָט זיך געמוזט ענדערען! פון דער פריהער באַשיידענער, שרעקעדיגער מיידעלע, שטעלט זיך מיר פאָר אַז זי איז געוואָרען אַ גרויסארטיגע שעהנהייט, און געהט מיט אַ הויך־אויפגע־הויבענעם קאָפּ זיעגעריש און שטאָלץ צווישען דער מאַסע אונטער־טעניגע פאַרעהרער איהרע. ווי אזוי וועט זי באגעגענען, ווען די גליקליכע שעה זאָל נאָר קומען, איהרע פריינד פון דער קינדהייט? אָדער אפשר, אַן איינגעהילטע אין דעם טומאַן פון ערפאָלג, האָט זי שוין לאַנג פארגעסען די צייט פון איהר ערשטער יוגענדליכער ליעבע און איהרע ערשטע ליעבהאָבער?... אָט רייד איך וועגען באַגעגענען זיך, אָבער דאָס קען דאָך זיין אַן „אומזיניגער חלום". דו מאָלסט זיך דעם טריאומפאלען גאַנג פון דער רעוואָלוציע, די צוטראָטענע הידראַ פון דער אַליינהערשאַפט, אָבער מיט אַמאָל דערהערסטו דעם געשריי פון טורמע־וועכטער, דו טוסט אַ קוק אויף אָט די שרעקליכע ווענט, און ניט ווילענדיג כאַפּט דיך אָן אַ שוידער: שליסעלבורג שטעהט, די אַליינהערשאַפט לעבט נאָך! ניט אומזיסט שפּיגעלט זיך אין די טויערען די גאָלדענע אויפשריפט: „דעם קיסר'ס". כל זמן די אויפ־שריפט איז ניט אָפּגעמעקט, איז נאָך גאַנץ און ניט־פארצווייפעלט דעם „קיסר'ס זאַך".

*) די באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ.

אָבער וואָס עס זאָל ניט זיין שפּעטער, מיר וועלען זיך סטאַרען איבעראַנייעס אַריינגעהן אין שפּאַן, געדולדיג וואַרטען אויף דער מינוט פון באַפרייאונג און זיך גרייטען צו אָט דער פּאַר אונז גרויסער מינוט: זי מוז דאָך אָנקומען ווען־ניט־איז.

עטליכע אויסשניטען פון „סין אָטעטשעסטוואָ" האָבען געמאַכט אויף אונז אַ גוטען איינדרוק. די אַרטיקלען „וועגען סטרייקס", „פונ־דעסטוועגען גלויבט ניט", „אַ טרויעריגער מאַניפעסט", מאַקסימאָוו'ס פעליעטאָן וועגען דער סאַראַטאָווער פויערשער באַוועגונג, זיינען גרויס־אַרטיג. ראַטנער'ס אַרטיקעל וועגען אַ ראַדיקאַלער פּראָגראַם, אָי, אָי ווי ער איז מיר ניט געפעלען געוועזן! אין איינינגע אַרטיקלען זיינען דאָ אַ סך פּיסטאָלעטען, און שלעכטע פּיסטאָלעטען. הגם מעגליך אַז מען באַמערקט זיי ניט אין אַזאַ קעמפּפערישער צייט. סטאַרעט זיך צוצוציהען אַלס מיטאַרבייטער וואָס מעהר מענשען וועלכע אַרבייטען אַקטיוו אין דער פּאַרטיי, און אָפּציהען וואָס מעהר די, וואָס זיינען סאָציאַליסטיש קנאַפּ באַוואוסטזיניג. פון בלויז עטליכע נומערען איז, פאַרשטעהט זיך, שווער צו אורטיילען, אָבער מיר דוכט זיך, אַז דער קלאַסען־שטאַנדפּונקט ווערט ניט אין אַלע דורכגעפיהרט פעסט און באַוואוסטזיניג, און אַז ניט אַלע מיטאַרבייטער האָבען זיך שוין איינגעלעבט מיט'ן געדאַנק, אַז דאָס איז אַן אָרגאַן פון אַ ר ב י י־ט ע נ ד י ג ע ן פ אָ ל ק, וועלכער איז נאָר אויף אַזוי פיעל פאַרבונדען מיט דער אינטעליגענציע, אויף וויפיעל זי רייסט איבער מיט איהר סביבה און שטעלט זיך אונטער דעם איינפלוס פון אידע־אַליסטישע מאָטיוען, צו פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון דעם פאָלק, און זאָגט זיך אָפּ פון וועלכע עס איז זעלבסטבאַפרידיגענדיגע אינטע־רעסען. דאָס אַרבייטענדיגע פאָלק דאַרף דערשפּירען מיט זיין גאַנצען וועזען אַז דאָס איז באמת ז י י ן אָרגאַן, אַז אַלץ און אַלע דינען איהם און דריקען אויס בלויז זיינע אינטערעסען, אַז אין אָט דעם אָרגאַן איז אַלץ באַגייסטערט פון איהם, אַז דער איינציגער באַלעבאָס איז ער, און אַלע אַנדערע קומען צו איהם צו־גאַסט, און ניט ער איז אַ גאַסט ביי די וואָס ווינשען איהם גוטעס.

אויב, פריינד, איהר וועט נאָר האָבען צייט, וואָלט איך געווען גליקליך צו קריגען פון אייך אַ בריוועל. מאַכט מיר באַקאַנט מיט דער לאַגע פון דער פּאַרטיי־אַרבייט, מיט די פּאַרטיי־אָרגאַנען און מיט די אויסזיכטען פאַר דער צוקונפט. אַזוי ווי אייגענע, ווילט איהר, מעגליך,

אונז נאָר טרייסטען, מאַכען אונז האָפען אויף א גיכער באפרייאונג, בעט איך אייך, ווי חברים, מיטצוטיילען אונז די ווירקליכע לאַגע פון דער זאַך. איהר פארשטעהט, ווי ניט קלוג עס וואָלט געווען עפּעס צו באהאַלטען פון אונז: מיר זיינען ניט קיין אינסטיטוטקעס און קענען קוקען דער ווירקליכקייט גלייך אין די אויגען. וויסען דעם אמת איז פאר אונז נויטיג, כדי צו זיין אימשטאנד, לויט דער לאַגע פון דער זאַך, איינצוטיילען אונזערע ארבייטען (מיר פארברענגען דאָך דאָ ניט די צייט אין גאָרנישט).

א הייסען גרוס אַלע חברים. טייערער מיכאיל ראפאילאָוויטש, ווער שנעל געזונט! אָט וואָלט איך איצטער מיט פארגעניגען דיר אָפּגעגעבען מיין געזונט, וואָרים איך ווייס ניט וואָס צו טאָן דערמיט.

וואָס זיינען אייערע מיינונגען וועגען א ציטונג פאר די ברייטע מאסען? האָב געזעהן אַן אנאָנס וועגען „בורעוועסטניק", אָבער איך האָב ניט גוט פארשטאַנען וואָס עס באהאַלט זיך אונטער איהם...

פארוואָס מיידט איהר אויס די אַלטע פארטייאישע נעמען? ווי גוט עס וואָלט זיך געפּאַסט פאר א סאָציאַליסטישער ציטונג דער נאָמען, צום ביישפּיל, „גאָלאָס טרודא". פארבייגעהענדיג. ניט ווי א פאָרוואורף, נאָר אין דער פאָרם פון א פראַגע: פארוואָס האָט איהר פאָרגעצויגען אריינצוגעהן אין דעם אַלטען אָרגאַן מיט אזא אומ־ענדליך־נארישער פארגאַנגענהייט, און ניט ארויסטרעטען אין א ניי־געגרינדעטען פאר דעם צוועק? „סין אָטעטשעסטוואַ" (דער זוהן פון פאָטערלאַנד)! צום טייוועל, איידער מען וועט זיך איינלעבען מיט'ן געדאַנק, אז דאָס איז ווירקליך א זוהן פון פאָטערלאַנד און ניט א „סוקין סין" (א הינטישער זוהן), וויפיל צייט וועט נאָך דארפען אוועקגעהן! ס'איז אינטערעסאַנט אז דעמזעלביגען בייזען שפּאַס האָט דער מזל אָפּגעשפּילט אויך די „אָטעטשעסטווענייע זאפּיסקי", אָבער אויב איך האָב קיין טעות ניט, האָט דער רעדאַקציע באַנג געטאָן ביז דער לעצ־טער מינוט וועגען אָט דעם נארישען נאָמען, און מיכאַילאָווסקי האָט אפילו אָפען דערקלערט ערגעץ־וואו, אז אויב „עס וואָלט פון זיי אָפּגע־האנגען", וואָלטען זיי אויסגעקליבען א מעהר־פּאַסיגען נאָמען. טראַכט איהר ניט אפשר וועגען קלענער מאַכען דעם אבאָנעמענט־פּרייז אויף 8 רובעל? 12 רובעל איז שוין א צו־גרויסע בורזשואזישע סומע. ווי גרויס איז דער טעגליכער טיראַזש, און ווי געהט זיך פאנאנדער די צווייטע אויסגאַבע? ווי האַלט עס מיט דער פּארטייאישער בראָ־

שורען-ליטעראַטור? וועט טאַקע די „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָסיאַ" זיך פאַר־מאַכען, און די גאַנצע אויסלענדישע אויסגאַבע איז שוין מעהר ניט נויטיג? צו וואָס מיר האָבען דערלעבט, צו וואָס מיר האָבען דער־לעבט!

וואָס וועט איצט זיין מיט דער „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ"? וואו און ווי איז איצט מאַרק אַנדרעיעוויטש? ווי האָט איהר באַגעגענט אונזערע אַלטע? וועלכע באַציהונגען האָבען זיך איינגעשטעלט ביי אייך מיט זיי, און וואָס האָבען זיי אריינגעבראַכט צו אייך? איך האָב אייך שוין געשריבען וועגען אַנטאָנאָוו'ן. ער, מאַרטינאָוו און פּאַנקראַטאָוו וועלען קענען שפּילען אַ גרויסע ראָליע אין דער פאַר־איינינגונג פון פּראָלעטאַריאַט מיט'ן פויערטום. טראָגט ברייט פאַנאַנדער זייערע נעמען, מאַכט זיי פּאָפּולער און טייער פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז באַרעכטיגט און דאַרף זיך גרויסהאַלטען מיט זיי. מיט אַנטאָנאָוו'ן, וועלכער האָט נאָך ניט קיינע פאַרבינדונגען, באַמיהט זיך צו זעהן זיך מיט איהם פּערזענליך און איהם באַזאָרגען. ער איז אַן אומגעוועהנליך ליבער און האַרציגער מענש. וואָס מאַכט אין געזונט וויערא ניקאָלאַיעוונאַ (פיגנער)? האָט זי באַקומען אַ מעגליכקייט פאַנאַנדערצואוויקלען די פליגלען? איז לאָפּאַטין שוין אריין אין שפּאַן? שרייבט, איך בעט אייך, וועגען אַלץ בפּרטיות. מאַראָזאָוו, צום טייוועל, ווען ער וואָלט ניט אַוועקגע'פּטר'ט אַ לעבען אויף זיין כעמיע, וואָס פאַר אַ טייערער מענש ער וואָלט איצט געקענט זיין! אַ גרוס זיי אַלעמען.

די חברים גריסען אייך אַלעמען. סאַזאָנאָוו האַלזט אייך.

דערצעהלט די פּרטים פון פויערשען אויפשטאַנד. וואָלט גערן געוועזן צו דערוויסען זיך וועגען דעם אַנטייל דאָרטען פון א. אָס. זיינען זיי זיך צונויפגעקומען אָרגאַניזאַציאָנסמעסיג, אָדער ער וואַרט נאָך אַלץ אויף אַ געלעגענהייט, ווי אַ וואָלף אין וואַלד, אין איינזאַמ־קייט? אַ גרוס איהם אַ האַרציגען! ווי איז אונזער אמת'ע לאַגע אין דער אַרמיי? פאַרדרעהט ראַיעטשקאַ ווירקליך אַזוי די קעפּ פון די וואוילע אַרמייצעס, ווי מען האָט זיך באַריהמט פאַר אונז? וואָס מיך האָט געבראַכט אין אַן אומזיניגער אַנטציקונג איז די פּאָזיציע פון דער פויערימשאַפט. אָט דאָס איז אונזערער אַ זיג, אַ ווירקליך אויסגעליטענער! וויפיל אָפּשפּעטונג און חוזק־מאַכעריי האָט די פּאַרטיי געהאַט אויסצושטעהן צוליב אָט דער פראַגע! און איהר

קענט איצט מיט פולען רעכט זאָגען, אז ווען ניט די שטאַנדהאַפטיגקייט פון דער פּאַרטיי בנוגע אָט דעם פּונקט, ווען ניט איהר צוגרייטענדיגע ארבייט, וואָלט דער גראד פון באוואוסטזיניגער באציהונג פונ'ם פּויער־טום געווען אַ גאַנץ אַנדערער, און די רעזולטאַטען פאַר די פּויערים וואָל־טען בלי ספק געווען ווענינער גינסטיגע. גרויזאַמע איראָניע פון שיקזאַל! דאָס פּויערטום קען ארויסגעהן פון קאַמף מיט אַ סאָציאַלען נצחון — טראָץ דער פּאַרטיי, וואָס רופט זיך סאָציאַליסטישע (איך רייד וועגען די סאָצ. דעמאָקראַטען), און אָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי שטעהט פון הינטען אַפילו פון דער „נאָוואָיע וורעמיא"! איך וועל ניט אויספּייען ענדיגען. עס האַלזט אייך אַלעמען אייער איבערגעבענער

גר . . .

2

טייערע חברים!

מיט אַ פריידיג און ציטערענדיג האַרץ הערען מיר זיך צו צו די ניט־קלאָרע, טומעלדיגע אָפּקלאַנגען פון דעם קאַמף, וואָס שומעט דאָרט הינטער די ווענט פון אונזער טורמע. דאָס, וועגען וואָס מיר האָבען אַזוי ליידענשאַפטליך געטרוימט, וואָס עס האָט אונז זיך אויסגעוויזען אַמאָל אַזוי נאָהענט און אַמאָל אַזוי אומענדליך ווייט, הויבט אָן מקוים צו ווערען: דאָס לאַנד הויבט זיך אויף, עס רייסט די קנעכטישע קייטען, און אינמיטען פון דעם חושך, וואָס וויקעלט ארום אונזער קרעפּאָסט, זעהען מיר די אָפּגלאַנצען פון דער מאָרגענרויט פון פריי־הייט, וואָס געהט אויף איבער רוסלאַנד. אַ שרעק כאַפּט ארום דער נשמה ביים געדאַנק וועגען דעם שרעקליכען פּרייז וואָס מען האָט באצאָהלט פאַר אָט דער מאָרגענרויט, וועגען די מורא'דיג שווערע קרבנות וואָס דאָס פאָלק האָט געבראַכט. ווי אַן אייביגע שמאַך זאָל ליגען אויף די פּאַררעטערישע קעפּ פון די שולדיגע אָט די פאַראַנט־וואָרטליכקייט פאַר די דאָזיגע קרבנות, און זאָלען זיי זיין אַן אייביגער פאָרוואורף פאַר די, וועלכע האָבען ניט געהינדערט דער באַנדע קור־טיזאַנען און אַוואַנטוריסטען צו רייסען שטיקערווייז דעם פארמאָרעטען, אויסגעמוטשעטען לאַנד. אַלץ מעהר מוט און ביזגערליכע עהרליכקייט פאָדערט זיך אין אָט דעם גרויסען מאָמענט פון אַלע די, וועלכע האָבען פאַרטיידיגט די אינטערעסען און די פרייהייט פון פאָלק; אַלץ מעהר נסיונות וואַרטען אויף אייך ווייטער, חברים פון דער פּאַרטיי סאָ־ציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען!

א סך פארזוכען וועלען זיין צו פארראַטען און פארקויפען דאָס פאָלק פאַר דעם טאָפּ לינזען, וואָס דער אָפּשטאַרבענדיגער רעזשים איז גרייט נאָכצוגעבען דער בורזשואזיע, וועלכע וועט אויפבויען איהר וואוילשטאַנד אויף די פּלייצעס פון פאָלק און די רעוואָלוציאָנערען, וואָס האָבען זיך אָפּפערענדיג אַריבערגעטראָגען די גאַנצע לאַסט פון קאַמף. עס וועלען אָוועקגעהן פון אייך די וואָס זיינען קאַלט צו די אינטערעסען פון דעם אַרבייטענדיגען פאָלק; עס וועלען זיך פּרוּ־בירען קומען די וואָס זוכען פּאָפּולאַריטעט, די וואָס האָבען ווי טרוסען זיך באַהאַלטען פריהער. די פּאַרטיי וועט זיך ניט קימערען וועגען די ערשטע און וועט ניט צולאָזען די צווייטע. מיט אַ זיכערען קאַמ־פּאַס — די פרייהייט און דאָס גליק פון דעם אַרבייטענדיגען פאָלק — וועט די סאָצ. רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי זיך דורכשלאָגען צווישען די רייהען פון די אָפענע שונאים און די מאַסקירטע פריינד. מיר, די אָפּגעריסענע פון דער פּאַרטיי דורך דער רעגירונג, אָבער פאַרבונדענע מיט איהר דורך אידעאישע ניט־צורייסבאַרע בענדער, זיינען מיט דער גאַנצער נשמה, מיט אַלע געפיהלען און געדאַנקען מיט אייך, ניט־פאַרגעסבאַרע חברים, מיט אייער שעפערישער און פּרוכטבאַרער אַר־בייט. דורך אונזערע עלטערע ברידער, וועלכע זיינען צוואַנציג יאָהר געפּייניגט געוואָרען אין די נעגעל פון דעספּאָטיזם, און פאַרלאָזען היינט דעם פינסטערען שליסעלבורג, שיקען מיר אַ הייסען חבר׳שען גרוס אַלעמען, אַלעמען וואָס קעמפּפען אונטער דער פאָהן פון סאָציאַליזם. פרעהט זיך מיט די אָנגעקומענע און טרויערט ניט וועגען די איבער־געבליבענע און פאַר׳יתום׳טע.

מיט דעם פעסטען גלויבען אין דעם פּאָליטישען טאַקט, אין דער מוטיגקייט און זעלבסט־פאַרלייקענונג פון דער ס. ר. פּאַרטיי, אין דעם כח און שטאַנדהאַפטיגקייט פון דעם אַרבייטענדיגען פאָלק, קוקען מיר מונטער אין רוסלאַנד׳ס צוקונפט, נעמען מיר מונטער אויף די צושיידונג מיט די חברים, באַדויערען נאָר, וואָס אויך דאָ האָט די רעגירונג אויסגעפּלאַנעוועט שווער צו מאַכען זייער גורל.

28טען אָקטאָבער, 1905. גריגאָרי גערשוני.

# צוויי בריװ.

עס געהען אויף קאַטאָרגע צוויי גרופּעס „פּאָליטישע פאַרברעכער“. אין איינער געפינען זיך די געוועזענע שליסלבורגער ג. גערשוני, פ. קאַרפּאָוויטש, י. סאַזאָנאָוו און ס. סיקאָרסקי; אין דער אַנדערער — מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ. מיר האָבען געקראָגען די בריוו, וואָס די שליסלבורגער און ספּירידאָנאָוואַ האָבען זיך דורכגעשריבען מיט צוויי חדשים צוריק. די קאָרעספּאָנדענץ רעדט אַזוי פיעל צום קאָפּ און האַרץ, מאַכט אויפ׳ן לעזער אַזאַ שטאַרקען איינדרוק, אַז מיר האָבען מורא אָפּצושוואַכען דעם איינדרוק דורך וועלכע עס איז איבעריגע באַמערקונגען. —

„מיסל“, דעם 18טען יולי, 1906.

.1

## צו מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ.

טייערע, גוטע חבר׳טע! שוין אַ שטיקעל צייט ווי מיר קלייבען זיך צו שרייבען צו אייך און האָבען עס ביז איצט ניט געטאָן. און די צייט געהט... ווער ווייס וואָס דער מאָרגענדיגער טאָג וועט ברענגען?... מען דאַרף זיך צואיילען.

אָבער וואָס שרייבען, ווי אַזוי שרייבען? וואו נעמט מען די ווערטער, מיט וועלכע מען זאָל קענען אויסדריקען כאָטש ווי־פיעל עס איז די געפיהלען, וואָס ברענען דורך ווי אַ בליץ דעם מאַרך און דאָס האַרץ, דערהערענדיג די ערשטע אויפרודערענדיגע נאַכריכט וועגען אייך! עס איז אַזוי ווילד, אַזאַ שרעק, אַזאַ קאָשמאַר!

מיר וואָלטען געזאָגט: דאָס איז אוממעגליך, דאָס איז אַ משוגעת, א שווערער ווילדער חלום, ווען מיר וואָלטען, ליידער, ניט געוואוסט אַז עס עקזיסטירט אויף דער ערד אַ גאָט־פאַרשאָלטענער ווינקעל וואָס רופט זיך רוסלאַנד, און אַ קרענקליכער וואהנזין, וואָס הייסט אַ זעלבסט־הערשערישער רעזשים.

אבער אינמיטען פון אָט דעם חושך און שרעק שיינט פאר אונז מיט אַ העל ליכט אייער מוטיגע, שטאָלצע, געוואַגטע געשטאַלט, חבר׳טע! מיר ווילען ניט באַליידיגען, טייערע, אייערע אומענדליכע

לײדען מיט דעם אויסדרוק פון מיטלייד און צאָרן. ווי א זעלבסט־באוואוסטע סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנערין, וואָס האָט ארײנגעזויגען אין זיך אלע לײדען פון דעם ארבײטענדיגען פאָלק, וואָס ברענט מיט האַס אויף זײנע אונטערדריקער פאר אלע באלײדיגונגען און דערנידערונגען וואָס זיי האָבען פארשאפט דעם דאָזיגען פאָלק; ווי א מיטגליעד פון דער פארטײ, וואָס האָט גענומען אויף זיך אויסצופיהרען דעם אורטײל אויף דעם פאַרגוואַלטיגער פון די טאַמבאָווער פויערים, און וואָס האָט אָפּגעגעבען איהר גאַנצען לעבען פאר דער טובה פון פאָלק — איהר שטעלט ניט אײערע לײדען העכער פאר די לײדען פון יענע, צוליעב וועמענס הײליגער זאך איהר האָט זיך איבערגעגעבען אינגאַנצען, ניט איבערלאָזענדיג קײן זאך ניט. און אויב די ידיעה פון די ברוטאלע פײניגונגען, וואָס מען האָט אייך געפײניגט, האָט געמאַכט אויפציטער־רען ניט נאָר גאַנץ רוסלאַנד, נאָר אויך אײראָפּא, איז עס דערפאר ווײל אין אײער גורל האָט זיך קאָנצענטרירט, ווי אין א ברען־פונקט, דער גורל פון צוויי וועלטען: פון דעם צארישען רעזשים און פון דעם באוואוסטזיניגען ארבײטענדיגען רוסלאַנד. און איהר, חבר'טע, זײנט אָהן צווייפעל זײן סימבאָל. אָבער דער סימבאָל ניט נאָר פון דעם געפײניגטען לאַנד, וואָס גײט אָפּ מיט בלוט אונטער דעם קנאפּעל פון דעם שיכור'ן, צעווילדעטען קאַזאַק — איהר זײנט דער סימבאָל אויך פון דעם יונגען, זיך אויפהויבענדיגען, קעמפענדיגען, שטאָלצען און זיך אָפּפערענדיגען רוסלאַנד. און אין דעם איז די גאַנצע גרויסקײט, די גאַנצע שעהנקײט פון אײער, אונז טײערען, געשטאַלט.

ליבינקע! אײערע לײדען לאָזען זיך ניט אויסמעסטען. פאר זיי קענען מיר נאָר ארונטערבויגען דעם קאָפּ. אָבער מיט וואָס פאר א ליכטיגען געפיהל פון ענטציקטער באפרידיגונג, מיט וואָס פאר א שטאָלץ און ליעבשאפט בויגען מיר זיך פאר אײער באצויבערענדיגען מוט, פאר אײער ניט צערשטערבארער שטאַנדהאפטיגקײט און אומבאַ־גרענצטען גלויבען, פאר דער גרויסקײט פון דער זאך וועלכער איהר דינט און פאר דער אלמעכטיגער אידעע וואָס באגײסטערט אײך, און ניט אײך, אזא יונגער און שוואכער, אזוינע גיגאַנטישע כחות!

אָט דעריבער טראַכטען מיר מיט אזא שטאָלצער פרייד וועגען אײך, איהר אונזער וואוילער חבר, און וועגען דער רויטער פאָן, אונטער וועלכער איהר זײט אויסגעוואַקסען, שטאַרק געוואָרען און געקעמפט. אויסנעמליך זײנען אײערע לײדען, אָבער אויסנעמליך איז אויך דער

זיג וואס איהר האט געוואונען. דער ווילד־ברוטאלער אנפאל אויף איך האט אויפגעהויבען הויך — „כדי אלע זאלען זעהן" — צוויי סימבאלישע פיגורען, און זיי באלויכטען אזוי העל, אז זיי האבען זיך אויפגעשטעלט פאר די פארוואונדערטע מיליאנען אין זייער גאנצער ניט־צוגעפארבטער נאקעטקייט. און איבער זיי דונערט, ווי די קלעפ פון דעם געפאהר־גלאק, די ווארנענדיגע שטים: זעהט, איהר אלע — אט זיינען מעשים וואס קומען ארויס פון דינען דעם צארישען רעזשים, און אט זיינען מענשען, אט זיינען זאכען וואס קומען ארויס פון דינען דער טובה פון די ארבייטענדיגע: קלייבט אויס פון די ביידע, באשליסט צו וועמען צוצושטעהן. קיין איין מאל ביז איצט איז אזוינס ניט פארגעקומען; אלץ איז דערפיהרט געווארען ביז זיין לאגישען סוף, עס זיינען ארונטערגעטראגען געווארען די איינהאלטענדיגע יסודות, ארונטערגעריסען זיינען אלע מאסקעס. די פארשטעהער פון ביידע זייטען האבען אין זיך קאנצענטרירט די קלארסטע און העכסטע כאראקטעריסטישע שטריכען. די דאזיגע שטריכען האבען ווי מיט א האמער א קלאפ געטהאן אויף דעם געפיהל און באוואוסטזיין אפילו פון די סאמע פרידליכע און בלינדע. און איז עס ניט וואונדערליך אז אלע, וועלכע זיינען נאך ניט האפנונגסלאז פארלארען, האבען מיט שרעק, עקעל און שווידער זיך אפגעקערט פון איין זייט, און געבויגען די קעפ מיט ליעבשאפט, האפנונג און פארעהרונג פאר דער אנדער זייט?

אין דעם באוואוסטזיין פון אט דעם גרויסען נצחון אייערן, אין דעם שטאלצען, גליקליכען געפיהל, אז איך האט זיך איינגעגעבען מיט אזא אונגעוועהנליכען ערפאלג ניט נאר צו ווארפען אויפ'ן מזבח פון דער רעוואלוציע אייער אייגענעם לעבען, נאר אויך שטאנדהאפטיג אויסצוהאלטען די אלע פייניגונגען, וואס נאר משוגעת און פארברעכען האבען געקענט אויסקלערען, וועט איהר, חבר'טע, באקומען רוה און באפרידיגונג, און די דאזיגע רוה און באפרידיגונג וועט די צוקונפט, וועלכע זי זאל ניט זיין, פון אייך ניט אוועקנעמען.

אויב עס ווארט אויף אייך די צארישע תליה, אט די לעצטע עהרענהאפטיגע טריבונע פון דעם רעוואלוציאנער — ווייסען מיר, אז איהר וועט ארויפגעהן אויף איהר מיט פרייד און מוטה, און וועט ברענגען מיט אייער מוטיגען טויט נאך א בלום אין דעם מארטירער־קראנץ פון די פרייהייט־קעמפער. איהר קענט שטארבען — איהר האט

גענוג אויפגעטאָן. אָבער עס קען אויך זיין, אז עפּעס נאָך שווערער ווי דער טויט דערוואַרט אייך. אָך, עס איז ביי קיינעם קיין ספק ניט, אז אונזער קאָנסטיטוציאָנעלע רעגירונג, וואָס איז פאר׳שיכור׳ט פון בלוט, וואָלט מיט א ווילדער הנאה אויך אייער בלוט אויסגעטרונקען. אָבער זי וועט וואהרשיינליך ניט וואַגען. מעגליך אז זי וועט אייך איבערלאָזען דאָס לעבען. איז, יעמאָלט, חבר׳טע, שטעהט אייך פאָר אויסצופיהרען אייער לעצטען גרויסען אויפטהו: לעבען. יאָ, ליבינקע, דאָס זיינען ניט גלאַט ווערטער, ווען מיר זאָגען „דעם גרויסען אויפטו״ — מ י ר  ו ו י י ס ע ן  ו ו אָ ס  מ י ר  ר י י ד ע ן. און מיר ווייסען אזוי פיעל, אז אין אַט דער מינוט פרעגען מיר זיך: צי קען קלעקען פאר דעם די מענשליכע כחות? ווען פאר אונז וואָלט גע־שטאַנען א געוועהנליכע פרוי, וואָלטען מיר, גאָרניט פארטראַכטענדיג זיך, געענטפערט: ניין, זי וועט ניט קענען. אָבער איהר... אייער גייסט, וואָס איז געשמידט געוואָרען אין שמעלץ־קעסעל פון ליעבשאַפט און האַס, וועט דאָס אונמעגליכע מאכען מעגליך, און אייך זאָגען מיר מיט גלויבען און שטאָלץ: א י י ך וועט קלעקען, א י י ך מוז קלעקען כחות! געדענקט, אונזער טייערע, איהר קענט נאָר אָדער שטאַרבען אויף דער תליה פון די הענט פון דעם צארישען תליון, אָדער לעבען מונטער און פריידיג ארומגערינגעלט פון דער ליעבשאַפט פון דעם ארבייטענדיגען קלאַס, וואָס האַט אייך ארויסגעפיהרט. מיר דאַרפען אייך ניט דערמאָנען, אז פון דער מינוט אָן וואָס איהר זייט אריינגע־טראָטען אין דער פּארטיי, האָט איהר אָפּגעגעבען אייער לעבען דעם פאָלק.

און אויב דעם פאָלק וועט זיך איינגעבען ארויסצורייסען אייך פון די הענט פון דעם תליון, מ ו ז ט  א י ה ר  ל ע ב ע ן. איהר מוזט לעבען דערפאר וואס די רעגירונג דאָרשט נאָך אייער טויט, נאָר קען זיך ניט באַשליסען אייך צו דער׳הרג׳ענען. איהר מוזט לעבען דער־פאַר, ווייל יעדער טאָג, יעדע מינוט פון אייער לעבען, וועט זיין א פאָרוואורף און א סם פאר דער מערדערישער באַנדע וואָס רופט זיך די צאַרישע רעגירונג. איהר מוזט לעבען דערפאַר, ווייל יעדער טאָג און יעדע מינוט פון אייער לעבען וועט זיין א טרייסט און א באַפריי־דיגונג פאר דער באַוואוסטזיניגער און ארבייטענדיגער מענשהייט. אויב אייך איז באַשערט צו שטאַרבען אויף דער תליה, בענטשען מיר אייך אויפ׳ן טויט. אויב אָבער אייך איז באַשערט צו לעבען, נעמט

אויף דאָס לעבען ווי עס פּאַסט פאַר אייך, וואָס האַלט אַזוי הויך די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע פאָן. מיר וועלען מיט פרייד אייך באַגריסען אויפ׳ן שוועל פון לעבען. איהר וועט דאַן אָנקומען אין אונזער פאַמיליע, אויף אַקאַטוירער קאַטאָרגע, וואו מיר וועלען אייך באַגעגענען מיט אַזוי פיעל ברידערליכער ליעבע און וואַרימער סימפּאַטיע, אַז זיי וועלען פאַרהיילען אייערע וואונדען. הייס נעהמען מיר אייך אַרום, טייערינקע, שטאָלץ אונזערע, מיט דער גאַנצער קראַפט פון ענטוזיאַסטישער ליבע צו אייך, מיט פריידיגער באַוואונדערונג און חבר׳שער שטאָלץ! שטאַרבט בראַוו, לעבט מוטיג און פריידען!

ג. גערשוני, פּ. קאַרפּאָוויטש, ס. סיקאָרסקי, יעגאָר סאַזאַנאָוו.

מאָסקווע, פוגאַטשעווער טורעם, מערץ, 1906.

.2

## מאַריא ספּירידאָנאָוואַ׳ס ענטפער.

טייערע חברים! ווען איך האָב געלייענט אייער בריעף, וואָס איז פול מיט אַזאַ ליעבשאַפט צו מיר, און מיט אַזאַ פאַרעהרונג פון מיין טהאַט, האָט מיך די גאַנצע צייט באַהערשט נאָר איין געפיהל: איך בין ניט ווערטה אַזאַ ליעבשאַפט און אַזאַ באַוואונדערונג. מיינע טייערע, איך האָב דאָך געטאָן דאָס וואָס יעדער ס. ר. האָט געזאָלט טאָן. צי מוז ניט א ס. ר. אין די פּאַלען, וואָס ווערען אַרויסגערופען דורך די אומשטענדען פון דער זאַך, זיין אַ טעראָריסט; צי מוז ניט אַ ס. ר. שווייגען אונטער די קלעפּ און פּייניגונגען פון די הענקער; צי מוז ניט אַ ס. ר., אפילו ווען ער ליגט א געפאַלענער אויף דער ערד דורך דעם פאָלק׳ס שונאים, נאָך אַלץ קעמפען מיט זיי; און לסוף, צי מוז ניט אַ ס. ר. פאַראַכטען דעם טויט און מיט פרייד אָפּגעבען זיין לעבען פאַר דעם גליק און כבוד פון פאָלק? דאָס אַלץ מוז טאָן אַן אמת׳ער ס. ר.; איך בין עס געוועזן און נאָר דערין ליגט מיין פאַרדינסט. דער געדאַנק, אַז איך קען מיט רעכט אָנרופען אייך, וועלכע זייט אַלעמאָל געווען פאַר מיר די גרויסע און ליכטיגע מוסטערס פון טוערס און מענשען, מיינע נאָהענטע חברים, אַז איך האָב דערפאַר באַצאָהלט א גענוג טייערען פּרייז — אָט דער געדאַנק איז מיר אַ פרייד; דער געדאַנק אַז דאָס לאַנד באַפרייט זיך פון די קייטען מיט מעכטיגע כחות דורך אַ גרויסען קאַמף, און אַז אין אָט דעם

קאַמף ליגט אויך מיין חלק: אָט דער געדאַנק מאַכט מיר גליקליך. די שרעקליכע שאָטענס פון דאָס געוועזענע שטעהען אויף פאַר מיר ווי פינסטערע רוחות און סטראַשען מיך צו דערשטיקען, אָבער פון מיר טרעט ניט אָפּ דער לעבעדיגער גלויבען אין דער ליכטיגער צוקונפט פון'ם פאָטערלאַנד און די ליעבע צו איהם; און איך וועל לעבען, מיינע טייערע, און וועל זיך סטאַרען צו דערלעבען אונזער אַלעמענס באַפרייאונג. מעגליך אַז איך וועל האָבען די פרייד ווען עס איז, אויף דער פרייהייט, אייך אומצואַרמען און באַגריסען אַלס פרייע בירגער. ווי גליקליך וואָלט איך זיך געפיהלט ווען דאָס וואָלט געקומען ווי א רעזולטאַט פון אונזער קאַמף און פון אונזערע ליידען. אַזוי פיעל אונ־פאַרגעסליכע חברים האָבען ניט אַזא טרייסט, זיי זיינען טויט און אפילו די פרייהייט קען זיי ניט לעבעדיג מאַכען. מיר וועלען אויפ־שטעהן פון די קברים צום נייעם לעבען; אונז איז באַשערט צו דערזעהן אַנשטאָט א דערשלאָגענעם קנעכט־פויער, א בירגער און הערען זיין פרייען געזאַנג. איז, לאָמיר זיך פרעהען, מיינע ליעבע פריינד; לאָמיר זיין מוטיג און אָהן מורא דערוואַרטען די צוקונפט. איך נעהם אייך אַלעמען אַרום און קוש אייך צערטליך. איך האָף אייך צו זעהן פערזענליך אויף דער פריי.

מאַרוסיאַ.

# די רעדע וואָס גערשוני האָט געהאַלטען אויף דעם עקסטרענעם צוזאַמענפאָהר פון דער פּאַרטיי ס. ר.

(אין טאַמערפאָרס, פינלאַנד, אין פעוראל, 1907)

חברים! איך נעם זיך האַלטען מיין רעדע מיט אַ געוויסען שווערען געפיהל. די פראַגען וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דער טאַקטיק פון דער פּאַרטיי אין דעם דומע־פעריאָד האָבען זיך ארויסגעוויזען אויף דעם צוזאַמענפאָהר צו זיין אַזוינע קאָמפּליצירטע, אַז זיי האָבען ארויס־גערופען ליידענשאַפטליכע דעבאַטען צוויי טעג נאָכאַנאַנד. עס האָבען שוין גערעדט אַרום 50 רעדנער. די פראַגע איז זיכער שוין אויס־געשעפּט. עס איז קוים מעגליך צו זאָגען עפּעס נייעס, און דאָך, ווי עס זעהט אויס, דערוואַרט איהר צו הערען פון אונז אַ נייעם וואָרט. איך וואָלט ניט געוואָלט פאַרשווענדען אייער טייערע צייט; עס זיינען אָבער פאַראַנען אַ רעכט ביסעל אומשטענדען וואָס באַוועגען מיך אויסצונוצען מיין רעכט אויף אַ וואָרט.

אין משך פון אָט די צוויי שטורמדיגע טעג, אויסהערענדיג די רעדנער, האָב איך זיך ניט געקענט באַפרייען פון איין געוויסען גע־דאַנק: עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל וואָס די פּאַרטיי באַטראַכט ערנסטע פראַגען; עס איז אָבער דאָס ערשטע מאָל, וואָס איהר קומט אויס צו באַשליסען די פראַגען אונטער אַזוינע אומגעוועהנליכע ערנסטע אומשטענדען. איהר אַלע, חברים, צי שטעלט איהר זיך פאָר מיט דער גאַנצער קלאָרקייט די באַזונדערע וויכטיגקייט פון דעם איצטיגען מאָמענט און ממילא די וויכטיגקייט פון דעם באַשלוס, וואָס מיר וועלען היינט אָננעמען?

איין געדאַנק, ווי אַ מורא׳דיג דראָהענדיגער שאָטען, שטעהט פאַר מיר און לאָזט מיך ניט אָפּ, און איך וואָלט געוואָלט ער זאָל פּונקט אַזוי דראָהענדיג שטעהן פאַר אייערע אויגען. דאָס איז דאָס באַ־וואוסטזיין, אַז פון דעם היינטיגען טאָג אָן זיינען מיר ניט מעהר קיין פאַרשלאָסענע קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַציע, נאָר אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, וואָס טרעט ארויס אויף דער ברייטער געזעלשאַפטליכער אַרענאַ, אַ

פּאַרטיי וואָס איהרע באַשלוסען קענען אין אַ געוויסען גראַד טרייבען די פּאַסירונגען אין איין זייט אָדער אַנאַנדערער.

היינט פּאַסען מיר אַ באַשלוס און מאָרגען וועט ער ווערען באַוואוסט איבער'ן גאַנצען לאַנד, דער גאַנצער וועלט. אויף אונזער באַשלוס וואַרט מען. און וואָס וועט זיין אויב דער כאַראַקטער פון דעם באַשלוס וועט געהן להיפך צו די דערוואַרטונגען און געזינונגען פון דעם אַרבייטענדיגען קלאַס, וואָס האָט אונז געשיקט אַהער?

אָט־אָ די באַזונדערע וויכטיגקייט פון דעם מאָמענט צווינגט מיך אריינצואוואַרפען זיך אין דעם סאַמע פייער פון די דעבאַטען און ארויסזאָגען פאַר אייך מיין מיינונג. איך בין ווייט פון דעם געדאַנק, אַז מיין מיינונג וועט נויגען די רעזולטאַטען פון די דעבאַטען אין דער אָדער יענער זייט. ניין; איך באַשליס זיך צו רעדען דערפאַר, ווייל מיר דוכט זיך אַז די חלוקי דעות וואָס האָבען זיך ארויסגעוויזען זיינען ניט קיין חלוקים אין מיינונגען, נאָר אַ רעזולטאַט פון מיספאַרשטענדענישען. אונזער ניט־איינשטימונג איז אַן אויסערליכע, און די אורזאַך איז, וואָס די רעדנער האָבען זיך גלייך אַוועקגעשטעלט אויף אַ ניט־ריכטיגען וועג. וואַרט אויס, איך וועל עס אייך גלייך דערווייזען.

דער ציל פון דעם איצטיגען עקסטרענעם צוזאַמענפאָהר איז אַ קלאָרער און באַשטימטער: אָנמערקען אין אַלגעמיינע שטריכען די טאַקטיק פון דער פּאַרטיי און אויך פון איהר פּאַרלאַמענטאַרישער גרופּע אין און אויסער דער דומע. פאַר יעדען סטראַטעג איז קלאָר, אַז אויסאַרבייטען אַפריהער אַ באַשטימטע דעטאַלירטע טאַקטיק איז לחלוטין אוממעגליך, היות ווי אונזער טאַקטיק איז אַ שכל'דיגע געגען־טאַקטיק לגבי דער טאַקטיק פון דער רעגירונג, און דער כאַראַקטער פון אונזער טאַקטיק ווערט באַשטימט אויסשליסליך לויט דעם כאַראַקטער און דער ריכטונג פון יענער.

בכן האָבען אַלע די, וואָס האָבען באַגרינדעט זייער טאַקטיק אָנגעמענדיג אַפריהער אַ געוויסע פּאָזיציע פון דער רעגירונג, זיך אַוועקגעשטעלט אויף דעם פאַר דער פּאָליטיק אומדאַנקבאַרען וועג פון נביאות זאָגען. „די זון באַלייכט ניט צוויי מאָל איינע און די זעלביגע מיינונג אין קיסר'ס הויף" — דאָס איז די פולשטענדיגסטע כאַראַקטעריסטיק פון דער פּאָליטיק פון אונזער קאַמארילאַ. דאָס האָבען אויסגעצייכענט פאַרשטאַנען די יאַפּאַנעזער, וועלכע זאָגען אַז מיט דער רוסישער רעגירונג קען מען איצט קיינע עסקים ניט האָבען, ווייל

מען קען קיינמאָל ניט פּראָאויסזאָגען ווי זי וועט האַנדלען מאָרגען.

אונזער אויפגאַבע דאַרף דעריבער זיין פעסטצושטעלען די פּרינ־ציפּען לויט וועלכע מיר דאַרפען זיך פיהרען אין אונזער געגען־טאַקטיק אויף דער טאַקטיק פון דער רעגירונג. כדי אָבער איינצושטעלען די ריכטיגע געגען־טאַקטיק, מוזען מיר קודם כל פאַרלאָזען דאָס פעלד פון אַלגעמיינע פראַזען און רעוואָלוציאָנערע אויסגעשרייען, מען מוז זיך רעכענען מיט דער ווירקליכקייט, ניט מיט חלומות, מען מוז זיך אַרונטערלאָזען פון די וואָלקענס, „אַנריהרען דעם הימעל מיט'ן קאָפּ, אָבער מיט די פיס זיך אָנשפּאַרען אויף דער זינדיגער ערד".

און פריהער ווי אַלץ מוזען מיר אַוועקשטעלען זיך די פראַגע: וואָס ווילען מיר, וועלכע מיטלען האָבען מיר דורכצופיהרען אונזער ציל, און אויף וועלכען אופן קענען מיר וואָס פּרוכטבאַרער זיך באַ־נוצען מיט די מיטלען וואָס מיר פאַרמאָגען?

פון אַלע זייטען האָט מען דאָ געהערט: אַ באוואָפענטער אויפ־שטאַנד! די דומע איז אַ נול, ניטאָ וואָס צו רעכענען זיך מיט דער דומע! בלויז אַ באוואָפענטער אויפשטאַנד קען ראַטעווען דאָס לאַנד! — און איך פאַרשטעה ניט און טראַכט, צו וואָס רעדען אַזויפיל און אַזוי לײדענשאַפטליך וועגען זאַכען וואָס זיינען אַזוי קלאָר פאַר אַלעמען, און אַנטקעגען וועלכע קיינער טענה'ט ניט? ווער פון אונז, און ניט נאָר פון אונז ס. ר. נאָר ווער פון אַלע רעוואָלוציאָנערען, מעהר אָדער ווייניגער באוואוסטזיניגע מענשען צווייפעלט איצטער אין דעם, אַז אויב דאָס פאָלק אַליין וועט זיך ניט אריינמישען איז קיין זיג ניט מעגליך? די פראַגע איצטער באשטעהט דאָך ניט אין דעם, מען זאָל איינזעהן די נויטיגקייט פון אַן אויפשטאַנד — דערמיט זיינען אַלע איינשטימיג; די פראַגע איז, וואָס זאָל מען טאָן כדי אַז דער אויפשטאַנד, וואָס מיר האָבען שוין לאַנג אָנדערקענט, זאָל אָנדערקענט ווערען פון פאָלק און זאָל איהם אָנהויבען?

אָט דאָס איז די פראַגע, ארום וועלכער די דעבאַטען האָבען געדאַרפט זיך קאָנצענטרירען; אָבער וועגען דעם האָט זיך ווייניג גערעדט, און וואָס מען האָט יאָ גערעדט איז ווייניגסטענס פאַר מיר געווען אינגאַנצען ניט איבערצייגענד.

חברים! די וויכטיגקייט פון דעם מאָמענט פאַרפליכטעט אונז אַ סך, און קודם כל פאַרפליכטעט עס אונז צו זיין פאָלקאָם אָפענהערציג און קוקען דעם אמת אין די אויגען אָהן מורא. לאָמיר זיין אָפען־הערציג. אַ סך דעלעגאַטען וועלכע ארבייטען צווישען די פויערים

האָבען דאָ איבערגעגעבען זייערע געפיהלען; די פּויערים דערוואַרטען גאַרנישט פון דער דומע, זיי גלויבען נאָר אין אַ באוואָפענטען אויפשטאַנד. וועגען די ארבייטער איז דאָך געווים אָפּגערעדט. אויב אָבער אזוי איז די מעשה, האָבען מיר זיך געפרעגט, איז אום וואָס געהט עס? פאַר וואָס איז קיין אויפשטאַנד ניטאָ, נאָר פאַראַן זיינען פּויערים און ארבייטער דעפּוטאַטען אין דער דומע?

איך האָב קיין ספק ניט, אַז די דעלעגאַטען, וואָס האָבען דאָ גערעדט, האָבען גאַנץ ריכטיג אויפגעכאַפּט און אונז איבערגעגעבען די שטימונגען פון די פּויערים און די ארבייטער מאַסען — נאָר מיט אַ קליינער באמערקונג: פון יענע מאַסען, מיט וועלכע זיי, די דעלעגאַטען, האָבען זיך באגעגענט. און איך וויל זיי ענטפערען מיט די ווערטער פון יענעם בינעזער, וועמען אַ דאָקטאָר האָט געוויזען די דאַנק-בריף פון זיינע געזונט-געוואָרענע פּאַציענטען: „איהר ווייזט מיר הונדערט בריף פון קראַנקע וועלכע זיינען געזונט געוואָרען; דאָס איז שעהן. איך וויל אָבער נאָך וויסען וויפיל בריף וואָלט איהר באקומען פון די קראַנקע וואָס זיינען געשטאָרבען ווען טויטע וואָלטען געקאָנט שרייבען?"

יאָ! מען גיט אונז איבער די מיינונג פון הונדערטע טויזענדער פּויערים און אַרבייטער, וואָס זיינען גרייט צו געהן אין אַן אויפשטאַנד. וואָס איז אָבער די מיינונג פון די צעהנדליגער מיליאָנען, מיט וועלכע אונזערע דעלעגאַטען האָבען ניט גערעדט און וויסען ניט זייער שטימונג? איך האָב קיין מורא ניט דאָ צו דערקלערען, אַז די מיינונג פון אונזערע דעלעגאַטען, וועלכע איז אַ ריכטיגע בנוגע דער מאַסע צווישען וועלכער זיי האָבען געאַרבייט, איז אינגאַנצען ניט ריכטיג בנוגע צו דער גאַנצער מאַסע בכלל.

ביי אונזערע אָרטיגע טוער, צוליב דער אומפאַרמיידליכער קאָנספּיראַטיוויקייט, פאַרשלאָסענקייט און דעם באגרעניצטען קרייז פון די באציהונגען, ווערט געשאַפען, אַזוי צו זאָגען, אַ פּסיכאָלאָגיש אומפאַרמיידליכע אָפּנאַרונג פון דער ראיה. ארומדרעהענדיג זיך די גאַנצע צייט צווישען די אויסגעפּראָפּאַגאַנדירטע אָדער כמעט אַזעלכע פּויערים און אַרבייטער, הויבען אָן אונזערע טוער ביסלאַכווייז אָנצונעמען די מיינונגען און שטימונגען פון אָט די לפי ערך שמאָלע קרייזען אַלס די מיינונג און שטימונג פון די ברייטע פאָלקס-מאַסען. דעריין ליגט דער וואָרצעל פון אונזער שטענדיגער איבערראַשונג פון דער

ווירקליכקייט, און עס איז נויטיג, חברים, מיר זאָלען דאָס אויפגעבען אום יעדען פּרייז.

לאָמיר זיך נאָר אַריינטראַכטען אין דער לאַגע ווי זי איז. אַט איז שוין כמעט צוויי יאָהר ווי אַלע רעדען וועגען דער אומפּאַרמייד־ליכער נאָהענטקייט פון אַ רעוואָלוציאָנערען אויפריים. אָבער דער מאָמענט פון אויפריים ווערט מיט איינגעשפּאַרטער אויסגעהאַלטענקייט אַלץ אָפּגעלעגט פון ווינטער אויף פריהלינג, פון פריהלינג אויף זומער, פון זומער אויף הערבסט, פון הערבסט ווידער אויף ווינטער, און אַזוי כסדר. דערמאָנט זיך, צי האָט מען ניט גערעדט דעם פאָריגען ווינטער און הערבסט, אַז דער פריהלינג וועט אַזוי ניט אַוועקגעהן מיט גאָרנישט? און דערוויילע איז ער טאַקע אַזוי אַוועקגעגאַנגען. און צי האָבען ניט אַלע דעם זומער געמיינט, אַז אויב די דומע וועט צוטריבען ווערען, וועט דאָס לאַנד זיך אויפהויבען? איך בין דעמאָלט געווען פון דרויסען פון לעבען. אָבער די שטימונג פון לאַנד איז הפנים געווען אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט זיך איבערגעגעבען אפילו דאָרט אין סיביר דורך די ווענט פון דער תפיסה. פריש געדענק איך ווי אין אָוונט, בעת'ן איבערצעהלען די אַרעסטאַנטען, איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע אַז די דומע איז צוטריבען געוואָרען, און ווי אַלע, די קאַטאָרזשניקעס, די וועכטער, די אויפזעהער האָבען זיך צונויפגעשטופּט צוזאַמען, אַלע פאַרכאַפּטע פון איין געפיהל: אַט וועט דאָס אַ קלאַפּ טאָן אַ דונער! די וועכטער און די אויפזעהער האָבען ווי פאַר־לאָרענע מיט אויפרעגונג אונז געפרעגט: נו, וואָס־זשע איצטער? וואָס זאָל זיין? צי דען וועט ווידער פאַרשוויגען ווערען? געדאַרפט אמאָל דערקלערען די סאָלדאַטלאַך זיי זאָלען געהן פאַר איינס, הייסט עס, מיט'ן פאָלק און אַ סוף אַן עק!...

קיין ספק ניט, אַז אַזוי איז געווען די שטימונג אין דעם גאַנצען לאַנד. גאַנץ אין איינקלאַנג מיט אַט דער שטימונג האָט אונזער צענ־טראַל קאָמיטעט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו אַן אויפשטאַנד. אַזאַ אויפרוף איז דערנאָך אַרויסגעלאָזט געוואָרען צוזאַמען מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. און דאָך, ניט קוקענדיג אויף די אַלע אָביעקטיווע גינסטיגע פאַקטען, ניט קוקענדיג אויף דער פולשטענדיגער זיכערקייט, אַז עס וועט זיין אַן אויפשטאַנד — איז קיין אויפשטאַנד ניט געווען.

איך ווייס ניט ווי איהר האָט געפיהלט, נאָר מיר דאָרטען, אויף קאַטאָרגע, האָבענדיג צייט, האָבען זיך געמאַטערט אין אַנגסט און שרעק פון דעם שווערען געדאַנק: וואָס־זשע, נאָך אַלעמען, איז עס

פאַר אַזאַ פון די געטער פארשאָלטען לאַנד, דאָס דאָזיגע רוסלאַנד, אַז קיינע געזעצען פון געזעלשאַפטליכער באַוועגונג האָבען אויף איהם קיין ווירקונג ניט? ווי די זאַך זאָל ניט זיין, איינס איז קלאָר, און מיר דאַרפען עס שטאַרק אריינגעמען אין זכרון: די ווירקליכקייט, ווי שרעקליך זי איז, האָט ביז היינטיגען טאָג נאָך ניט אויפגעשטורעמט דעם פאָלק'ס נשמה; דער הויפּט נערוו איז נאָך ניט אָנגעריהרט געוואָרען, עפּעס פעהלט נאָך דאָס פאָלק זאָל באַגרייפען, אַז אַ חוץ זיינע קייטען האָט עס גאָרנישט צו פאַרלירען, און באַגרייפענדיג דאָס, זאָל עס געפינען אין זיך גענוג מוט אריינצואוואַרפען זיך אין קאַמף. אָט־אָ דעם הויפּט נערוו, דאָס דאָזיגע עפּעס, וואָס איז נאָך געבליבען ניט אָנגעריהרט, מוזען מיר זעהן צו געפינען.

איין באַמערקונג: איך ווייס אַז די ניט־ווירדיגע האַנדלונג פון די דעפּוטאַטען, וועלכע זיינען אַוועקגעפאָהרען קיין וויבאָרג און דער־נאָך צו זיך אַהיים, האָט געקענט אין אַ היבשען גראַד אָפּשוואַכען די שטימונג פון די מאַסען; איך דענק אָבער ניט, אַז דאָס איז געווען די איינציגע אורזאַך פאַר וואָס דאָס לאַנד האָט געשוויגען.

און ווייטער? די איזאָלירטע העלדישע ארויסטרעטונגען פון סוועאַבאָרג, קראָנשטאַט, רעוועל און ליבאַו זיינען געבליבען ניט אונ־טערשטיצט, און דאָס לאַנד, צו זיין שאַנד, טראָגט געדולדיג אריבער די וואַקכאַנאַליע פון דער רעגירונג'ס ברוטאַליטעט. יאָ, חברים, עס טראָגט אריבער געדולדיג, וואָרים די ענטפערס וואָס מען האָט געגעבען דער צווישעטער רעגירונג, די קלעפּ וואָס מען האָט געשאָטען אויף איהר, זיינען געגעבען און געשאָטען געוואָרען ניט פון דעם גאַנצען לאַנד, נאָר פון איינצעלנע פּערזאָנען און אָרגאַניזאַציעס.

וואָס איז דער זין פון דער געשאַפענער לאַגע, און וואָס דאַרף זיין אונזער באַציהונג צו דער דומע?

דער ענטפער איז פּשוט. לאָמיר אָננעמען אַז די דומע ווערט ניט צונויפגערופען, אַז מען דערוואַרט ניט קיין דומע־טעטיגקייט אין דער נאָהענטער צוקונפט. סטאָליפּין קיניגט, דאָס לאַנד שווייגט. וואָס וואָלטען מיר דאַן געהאַט אין אויסזיכט? וועלכע פּלענער וואָל־טען מיר יעמאָלט געהאַט אויף אויפצוהויבען אַ באַוואָפענטען אויפ־שטאַנד? איך ווייס ניט ווי איהר, אָבער איך שטעל זיך פאָר, אַז די לאַגע וואָלט געווען אַן אומענדליך שווערע. עס פיהלט זיך עפּעס אַ טויטער פּונקט, אַ פּאַרצאַמטער ווינקעל, וואוהין די באַוועגונג איז אויף אַ צייט פאַרטריבען געוואָרען. און איך וואַג צו דענקען, אַז דאָס

ערשטע, וואָס וואָלט אַרומגעבאַפּט די מאסען, וואָלט געווען אַן אָפּהענ־דיגקייט, אַ פאַרלאָרעקייט און אַ באוואוסטזיין פון איהר אומבאהאָל־פענקייט.

די דומע, אין אַ גראָבען אויסדרוק, איז געווען דאָס שטרויעלע, אָן וועלכען עס כאַפּט זיך אָן דער וואָס טרינקט זיך. פארשטעהט זיך, ניט די דומע אַליין פאַר זיך — דאָס איז טאַקע וואָס טיילט אונז אָפּ פון די קאַדעטען, — נאָר יענע פּאָסירונגען וועלכע מוזען אומ־פארמיידליך זיך פאַנאַנדערוויקלען אין פאַרבינדונג מיט דער עקזיס־טענץ פון דער דומע. פון דעם שטאַנדפּונקט זעהען מיר אויס זעהר ניט־וויכטיג די דערקלערונגען אַז די דומע איז אַ גאָרנישט, אַ נול, וואָס מען דאַרף עס איגנאָרירען. די דומע איז אַ גאָרנישט, אויב מיר וועלען זיך באַציהען צו איהר ליכטזיניג; זי איז אָבער זעהר אַ סך אויב מיר וועלען זיך באַציהען צו איהר ווי עס פּאַסט פאַר אַן ערנסטער פּאָליטישער פּאַרטיי.

אויב מיר גיבען־צו, און מיר קענען ניט דאָס ניט צוגעבען, אַז אין די ערשטע צייטען וואָס די דומע איז ניטאָ האָבען מיר קיין אהנונג ניט ווי אַזוי די פאָלקס־באַוועגונג וועט ארויסקריכען פון דעם טויטען ווינקעל וואו זי איז אריינגעפאַלען; אויב מיר אָנדערקענען, און מיר קענען ניט ניט־אָנדערקענען דעם אָרגאַניזירענדיגען און רעוואָ־לוציאָניזירענדיגען איינפלוס פון דער דומע, וועט אונז פולשטענדיג קלאָר ווערען אונזער באַציהונג צו דער דומע, ווי אויך די טאַקטיק פון אונזערע דעפּוטאַטען אין איהר און די טאַקטיק פון דער פּאַרטיי אויסער דער דומע.

***

קודם אָבער — אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם ויכוח, וואָס געהט נאָך אָן בנוגע דעם באָיקאָט אויף דער ערשטער דומע און דעם ניט־באָיקאָטירען די צווייטע. איך קען ניט האַלטען דעם באָיקאָט פון דער ערשטער דומע פאַר אַ פעהלער. אין „דיעלאָ נאַראָדאַ" האָב איך געשריבען וועגען דעם מעהר באריכות, איצטער וועל איך עס מאַכען קורץ. דער באַשלוס פון צוזאַמענפאָהר וועגען באָיקאָט איז פאָרגעקומען אָנהויב יאַנואַר. דאַמאָלסט האָט דער צוזאַמענפאָהר קיין אַנדער באַשלוס ניט געקענט אָננעמען. די דאָזיגע מיינונג איז געווען די איבערוויעגענדיגע פאַר אַלע לינקע, איינשליסענדיג דעם „סאָיוז פון סאָיוזען". און זי איז געווען איבערוויעגענדיג דערפאַר, וואָס יעמאָלט,

אין די ערשטע טעג פון דעם טריאומף פון דער רעאַקציע, האָט מען ניט געקענט פאָראויסזעהן, אַז עס וועט זיך איינגעבען דעם אַרבייטער־קלאַס כאָטש וויפיל ניט איז דורכצופיהרען זיינע פּאַרטרעטער. דער באַיקאָט־באַשלוס איז יעמאָלט געווען אין איינקלאַנג מיט דער אַלגע־מיינער שטימונג פון די באַוואוסטזיניגע אַרבייטענדיגע מאַסען. אַרום אַפּריל האָט זיך געביטען די לאַגע און עס האָט זיך געביטען די שטימונג. עס איז צוגעקומען אַ נייער פאַקטאָר: די משוגענע בלוד־טיגע רעפּרעסיעס פון וויטע־דורנאָוואָ האָבען געטריבען די גאַנץ מעסיגע און אָפּגעשטאַנענע צו לינקס. די מאַסען זיינען געלאָפען צו די שטים־קעסטלאַך. דאָס איז געווען זייער רעכט, אָבער דאָס באַווייזט ניט, אַז מיר זיינען באַגאַנגען אַ פעהלער אין יאַנואַר.

גאַנץ אַנדערש שטעהט די זאַך איצטער. דער ויכוח וועגען באַיקאָט געהט איצט אָן בלויז דורך אַ מיספאַרשטענדניש. פאַר אונז שטעהט די פראַגע, צי דאַרף די פּאַרטיי סאָצ.־רעוואָלוצ. געהן אין דומע אָדער ניט. און ווען איך הער די לײדענשאַפטליכע קריגערייען וועגען דער פראַגע אין די קאָמיטעטען, ווילט זיך זיי דערמאָנען: רבותי, איהר מאַכט דעם חשבון אָהן די באַלעבאַטים!

יאָ, אָהן די באַלעבאַטים! וואָרים וואָס אַזוינס איז די פּאַרטיי סאָצ.־רעוואָלוצ.? צי דען איז זי אָט די קליינע גרופּקעס וואָס האַלטען זיצונגען אין די קאָמיטעטען? די פּאַרטיי — דאָס איז דער אָרגאַ־ניזירטער אַרבייטענדיגער קלאַס פון די אַרבייטער און פּויערים. זיין ווילען איז דער ווילען פון דער פּאַרטיי. ווען די פּאַרטיי באַשליסט צי מען זאָל געהן אין דומע אָדער ניט, מיינט עס קאָנקרעט, אַז די אַר־בייטער און פּויערים באַשליסען, צי זיי זאָלען זיך באַטייליגען אין די וואַהלען, צי ניט. און אויב די שטים פון דער אָרגאַניזירטער פּאַרטיי פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערימשאַפט באַשליסט קלאָר און באַ־שטימט מען זאָל געהן, מוזען די קאָמיטעטען און די צענטראַלע ביוראָס פון דער פּאַרטיי — אָט די אויספיהר־אָרגאַנען פון דעם אַרבייטענדיגען קלאַס — דורכפיהרען אין לעבען זיין באַשלוס.

אויף קיין אַנדער באָדען קענען מיר ניט שטעהן.

דאָס איז אָבער נאָך ווייניג. אין דעם געגעבענעם פאַל ווערט די אויפגאַבע גרינגער דערמיט, וואָס ניט נאָר מיר דאַרפען, נאָר מיר קענען, ניט איבערבייטענדיג אונזערע פּרינציפּען. געהן אין דומע. מיר קענען געהן, ווייל אונזער באַציהונג צו דער דומע געהט זיך איצטער מיט גאָרנישט פאַנאַנדער פון די באַציהונגען פון דעם אַר־

בייטענדיגען קלאַס צו איהר. איצטער דערוואַרט ער שוין אויך ניט עפּעס ממשות'דיגעס פון דער דומע גופא; איצטער ווייס ער שוין אויך, אַז די דומע — דאָס איז נישט מעהר ווי אַ דריי־פיר הונדערט אומבאוואָפענטע מענשען — אַ גאָרנישט לגבי דער מאַכט פון דער רעגירונג, אויב דאָס פאָלק וועט ניט זיין מיט זיי, אָבער אַ ניט באַזיגבאַרע מאַכט אויב דאָס פאָלק וועט זיין מיט זיי בפועל ממש און ניט נאָר מיט ווערטער אַליין. די דומע איז איצטער אין באַוואוסטזיין פון פאָלק בלויז איין עטאַפּ אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און אַלס אַזעלכע שלאָגט פאַר דער אַרבייטענדיגער קלאַס זיינע פאַרשטעהער, זיי זאָלען איהר קלוג אויסנוצען.

איך זעה ניט אַנטקעגען וואָס מיר וועלען זיך פאַרזינדיגען, אויב מיר וועלען מקיים זיין אָט דעם ווילען זיינעם.

באַשליסענדיג יאָ אַנטייל צו נעמען אין דער דומע, באַגעגענען אונזערע דעפּוטאַטען שוין גלייך אויפ'ן שטעל די ערשטע דערנער איהרע — די נויט אונטערצושרייבען דעם אַזוי גערופענעם פייערליכען צוזאָג. דער באַשלוס פון אָט דער פראַגע, דוכט מיר, איז אַ גאַנץ פּשוט'ער. די נויט צו געבען אַזאַ אונטערשריפט האָט מען פון פריהער געוואוסט. דער געוועהלטער דעפּוטאַט האָט דערמיט אַליין, וואָס ער האָט זיך געלאָזט באַלאָטירען, שוין געענטפערט אויף דער פראַגע. איצטער ריידען וועגען דעם איז שוין צו־שפּעט.

די פראַגע, צי אונזערע דעפּוטאַטען מאַכען אויס אַ פראַקציע אָדער אַ גרופּע, איז, נאָך מיין מיינונג, דאָ אויפ'ן צוזאַמענפאָהר גאָר איבעריג אפילו צו באַטראַכטען. ערשטענס, קען די פראַגע ניט באַשלאָסען ווערען אין דער אַבוועזענהייט פון די דעפּוטאַטען. צווייטענס, דער באַשלוס הענגט אָפּ פון אַ סך אומשטענדען פון אַ פּאָליטישען און יורידישען כאַראַקטער, וועלכע זיינען איצטער נאָך ניט קלאָר. איך דענק ניט, אַז מען דאַרף צוגעבען דער זאַך בכלל אַ באַזונדער באַדייטונג. מיר קענען זיך באַגרעניצען מיט דער באַשטימונג פון דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון דעם וואונש, אַז אין דומע זאָלען אַרויסטרעטען סאָצ.־רעוואָל. דעפּוטאַטען; בעת די פראַגע וועגען דער פאָרם פון דעם אַרויסטריט זאָל באַשטימט ווערען פון צ. ק. אינאיינעם מיט די אָרגאַניזירטע דעפּוטאַטען.

וואָס דאַרף זיין די טאַקטיק פון אונזערע דעפּוטאַטען אין דומע?

קודם כל, דוכט זיך מיר, דאַרף מען זיך אָפּזאָגען פון אַריינגעהן אין איבעריגע פּרטים. לאָמיר ניט פאַרגעסען: עס רעדט זיך דאָ

וועגען פאָלקס פארטרעטער, וועגען אונזערע פאָלקס פארטרעטער. דער כאראקטער פון זייער טעטיגקייט, ווי אויך די אכטונג וואָס די פארטיי דארף פיהלען צו זיי, שטעלען אוועק די פראגע אין באשטימטע גרע־ניצען. אונזער פארלאמענטארישע גרופע אָדער פראקציע — דער נאָמען איז ניט וויכטיג — דארף זיך באנוצען מיט דער ברייטסטער פרייהייט און אווטאָנאָמיע. עס וואָלט געווען פאלש און ניט־טאקטיש מצד דער פארטיי אוועקצושטעלען די גרופע פון דער דומע אונטער א פרטים׳דיגען קאָנטראָל, און בינדען זיי אין אלע פראגעס מיט די רעזאָלוציעס און טאקטיק פון דער פארטיי. עס פארשטעהט זיך, די ס. ר. פארטיי וועט ניט אָננעמען אזא פאָזיציע אין באצוג צו די פאָלקס פארטרעטער. די פראגע, הייסט עס, קומט ארונטער צו דעם פונקט פון אויפשטעלען א פרינציפיעלע טאַקטיק.

מיר אלע דאָ זיינען איינשטימיג אין דעם, אז די דומע פאר זיך אליין איז אוממעכטיג, אז זי איז ניט אימשטאנד איינצופיהרען פריי־הייטען און אומצוקערען די ערד צו די פויערים, אז זי וועט אומ־פארמיידליך צוטריבען ווערען, אז זי האָט א באדייטונג נאָר אויף אזויפיל, אויף וויפיל זי דינט דער רעוואָלוציאָניזירונג פונ׳ם לאנד. דער אויספיהר דערפון איז, אז די טאקטיק פון די ס. ר. דעפוטאטען מוז זיין א רעוואָלוציאָנערע. דער אויספיהר איז, פארשטעהט זיך, א ריכטיגער. אָבער א קליינע באמערקונג. „ניט יעדערער וואָס שרייט אוים: קדוש, קדוש, פארדינט צו געהן אין גן־עדן, נאָר בלויז דער, וואָס געהט אין גאָט׳ס וועגען”. ניט יעדערער וואָס שרייט: רעוואָ־לוציע, רעוואָלוציע, איז ווערט דעם נאָמען רעוואָלוציאָנער, נאָר דער, וואָס טוט די ארבייט פון דער רעוואָלוציע. לאָמיר מאכען א שארפען חילוק: עס איז דאָ א רעוואָלוציאָנערע ארבייט, און עס איז דאָ א רעוואָלוציאָנערע פראזע. עס איז דאָ א טאקטיק, וואָס איז רעוואָ־לוציאָנער אין עצם, און עס איז דאָ א טאקטיק וואָס איז רעוואָלוציאָנער בלויז אין פאָרם.

לאָמיר נעמען א ביישפיל: מען האָט מיך אויסגעקליבען פאר א דעפוטאט (אלץ קען פאסירען אויף דער וועלט). איך בין א רעוואָ־לוציאָנער; איך בין א געגנער פון אלערליי קאָמפראָמיסען. איך קום אריין אין דומע, געה ארויף אויף דער קאפעדרע און זאָג, אָט די דומע איז א באטריגערישע, איך האָב דאָ ניט וואָס צו טאָן. איך קער זיך אום צום קיסר׳ס פאָרטרעט, וואַרף איהם די האנדשו אין נאָמען

פון דעם אַרבייטענדיגען קלאַס, און אויסשרייענדיג: אַרונטער די זעלבסטהערשאַפט! זאָל לעבען די רעוואָלוציע! געה איך אַוועק.

אַ רעוואָלוציאָנערישער אויפפיהר, ניט אמת! און אפשר גאָר אַ נאַרישע שקאַצעריי? וואָרים וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? צי וועל איך דערמיט כאָטש וויפיל עס איז אַ שטופ טאָן דעם פאָלק אויפ'ן וועג פון אויפשטאַנד? און צי וועלען מיר ניט זאָגען מיינע באַוואוסטזיניגע וועהלער: האָבען מיר דען דיך געשיקט אַהין, כדי דו זאָלסט גלייך דעמזעלביגען טאָג זיך אומקערען צוריק?

מען זעהט, אַז דערפון, וואָס מיר זיינען אַזוי זיכער אַז די דומע וועט צוטריבען ווערען, פאָלגט נאָך כלל ניט, אַז מיר מוזען אונטער־שטופען דעם צוטרייבען, און אַז דאָס איז גוט פאַר אונז אונטער אַלע אומשטענדען. אונזערע דעפוטאַטען דאַרפען זיין געגען דער טאַקטיק, וואָס שעפט זיך אויס מיט די ווערטער: געקומען, אַ קוק געטאָן און צוטריבען געוואָרען.

מיר האָבען קיין מורא ניט פאַר דעם צוטרייבען. נאָר אַזוי ווי כדי צו אָרגאַניזירען און רעוואָלוציאָניזירען די מאַסען איז די דומע אונז נויטיג, טאָרען מיר ניט צוליב ריין אויסערליכע טעמים, וועלכע דאָס פאָלק וועט קוים פאַרשטעהען, אַרויסרופען און פאַר־שנעלערען דעם אומפאַרמיידליכען מאָמענט.

די דומע דאַרף ווערען דעם לאַנד נאָהענט און טייער. אונ־זערע דעפוטאַטען דאַרפען זיין, אין דעם פאָלקס־באַוואוסטזיין, מענשען וואָס ווילען און קענען אַרבייטען לטובת דעם לאַנד. און זאָל קלאָר ווערען פאַר'ן גאַנצען פאָלק דאָס, וואָס פאַר אונז איז שוין לאַנג קלאָר — נעמליך, עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען דעם פאָלק'ס אויסדערוועהלטע; ענטשלאָסען, ניט פאַרלייגענדיג די הענט, האָבען זיי עהרליך געוואָלט מקים זיין דעם חוב וואָס דער אַרבייטענדער קלאַס האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט, אָבער ווי נאָר די צאַרסקע רעגירונג האָט זיך איבערצייגט, אַז זיי האָבען זיך ערנסט גענומען פאַר דער אַרבייט, האָט זי זיי צוטריבען. און וואָס שאַרפער די טאַקטיק וועט זיין אין עצם, און וואָס וויניגער שאַרף אין פאָרם, אַלץ וועזינטליכער פאַר דער זאַך פון דער רעוואָלוציע וועלען זיין די רעזולטאַטען. אין קורצען, די טאַקטיק פון אונזערע דעפוטאַטען דאַרף זיין אַזעלכע, אַז אין באַ־וואוסטזיין פון פאָלק זאָל די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר צוטרייבען די דומע ליגען אין איר גאַנצער שווערקייט אויף דער רעגירונג.

איין אומשטאַנד מאַכט די אַרבייט פון אונזערע דעפוטאַטען קאָמ־

פליצירט אין העכסטען גראַד, און פאָדערט גאָר א גרויסע פאָליטישע טאַקטישקייט. די דומע איז אַן אָפּאָזיציאָנערע, אָבער דער צונויפשטעל פון דער אָפּאָזיציע איז בשייכות צו די פּאַרטייען ניט קיין איינאַרטיגער. קיין איין פאַרטיי האָט ניט קיין אבסאָלוטע מערהייט. באַטראַכט נאָר, וואָס פאַר א שווידערליכע לאַגע עס קען זיך באַקומען, אויב די דעפּוטאַטען וועלען, אָנשטאָט אָנצואַווענדען חבריש זייערע כחות אַנטקעגען דעם אַלגעמיינעם פיינט, וועלכער איז איצטער באַוואפענט פון קאָפּ ביז די פיס, זיך פאַרנעמען, לויט דער רוסישער געוואוינהייט, מיט באַקעמפען איינער דעם אַנדערען.

שטעלט זיך פאָר, אויב דורך די קריגערייען צווישען זיך און דעם ניט־איינשטימיגען אַרויסטריט פון די לינקע וועט געשטערט ווערען די אַרבייט פון דער דומע, און די רעגירונג וועט מיט רעכט זיך ווענדען צום לאַנד און דערקלערען: אָט זעהט, אייערע דעפּוטאַטען קענען אפילו צווישען זיך ניט אויסקומען און טוען גאָרנישט אויף! צי וועט דאָס פאָלק ניט פאַרלירען דעם גלויבען אין דער סאַמע מעגליכקייט פון פאַרוואַלטונג דורך פאָלקס פאַרטרעטער?

באַהויפּטען דאָך ניט ווייניג מענשען אפילו איצטער, אַז א פאַרלאַמענט איז פאַר רוסלאַנד אינגאַנצען א ניט־צוגעפּאַסטע אינסטיטוציע; אַז דאָס רוסישע פאָלק איז ניט דערוואַקסען צו א פאַרלאַמענטאַריש לעבען און מוז רעגירט ווערען פון פאָטערליך־אויפּפּאַסענדיגע הערשער. לאַכט ניט פון אַזעלכע רייד! זייער אונזיניגקייט איז קלאָר פאַר אונז, אָבער דער געדאַנק פון די ברייטע מאַסען קען גאַנץ לייכט אַוועקגעהן אויף אָט דעם וועג, אויב זיי וועלען די ערשטע צייט ניט זעהן אין זייערע דעפּוטאַטען מענשען, וואָס קענען צוליב טובת הכלל אָפּוואַרפען אַלץ, וואָס איז קליינליך און ניט־וויכטיג.

אין דעם גרויסען קאַמף, וואָס שטייט אונז פאָר, איז נויטיג די העכסטע עקאָנאָמיע פון די כחות. עס איז א פאַרברעכען צו פאַרשווענדען איין קערנדעל פולווער פאַר גאָרנישט. און אין די ראַנגלענישען פון׳ם קאַמף טאָרען מיר אויף איין סעקונדע ניט אַרויסלאָזען פון אויג דעם הויפּט שונא. דער דאָזיגער הויפּט שונא איז איצטער, אָט די מינוט — די צאַרישע זעלבסטהערשאַפט און די העכערע פּריצימשאַפט וואָס אונטערשטיצט זי. האַלט עס ניט פאַר אַן אַפּיקורסות ווען איך זאָג: אין דעם איצטיגען מאָמענט זעה איך ניט אויפ׳ן שלאַכט פעלד קיינע אַנדערע ערנסטע געגנער; און עס איז קלאָר, אַז אַלע קלעפּ דאַרפען געריכטעט ווערען אַהין. איך בלייב ביי דער אַלטער

מיינונג: די קאַדעטען זיינען דערווייל נים אונזערע שונאים און זיי־נען פאַר אונז ניט געפעהרליך. מיר זיינען פאַר זיי שונאים, און געפעהרליכע שונאים, אָבער קעמפען מיט זיי איצ־טער האָבען מיר ניט נויטיג. זייערע טעג זיינען געציילטע; באַזונ־דערע היסטאָרישע באַדינגונגען האָבען זיי אַרויסגעפירט אויפ'ן קאַמף־פּלאַץ; וואָלטען זיי געשטאַנען פעסט אויף איהם, וואָלטען זיי ניט קיין קליינע נוצען געבראַכט דער זאַך פון פרייהייט. אָבער ווי נאָר, מיט זיי אָדער אָהן זיי, די פרייהייט וועט אויסגעקעמפט ווערען, וועלען זיי אַלס פּאַרטיי אין רוסלאַנד פאַרשווינדען. די מאַסע וועט מיט זיי ניט גיין: פאַר דער מאַסע איז דער אָרט נאָר אין די רייען פון סאָ־ציאַליזם. צוליב וואָס, אַלזאָ, זאָלען מיר פאַרלירען כחות אויף צו קעמ־פען מיט זיי? און ניט נאָר אומזיסט פאַרלירען כחות, נאָר דערצו נאָך שטערען זיי טאָן דעם טייל ניצליכער אַרבייט, וואָס זיי קענען בלי ספק ברייננגען.

בנאמנות, עס הייסט אינגאַנצען ניט גלויבען אין דער גערעכ־טיגקייט און לעבענספייאיגקייט פון דער אייגענער פּאַרטיי, ווען מען שרעקט זיך אַזויפיל פאַר מיטאַרבייטערשאַפט אין קאַמף מיט'ן שונא. פאַר דער זאַך פון פרייהייט איז היינט ניצליך יעדער איינער, וואָס שלאָגט דעם פיינט פון פרייהייט. זיי אַלעמען זאָגען מיר — זייט ווילקאָמען! און מיר זאָגען עס אויפריכטיג און אָהן מורא, ווייל מיר ווייסען און גלויבען, אַז אין דעם מאָמענט ווען מען וועט קע־נען אָפען און אין דער גאַנצער ברייט פונאַנדערוויקלען פאַר דעם אַר־בייטענדיגען קלאַס דעם פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, וועט ער געהן אונטער איהר פאָהן און נאָר אונטער איהר פאָהן.

מיר דאַרפען אָנווענדען אַלע כחות צו זעהן, אַז אַלע סאָציאַליס־טישע גרופּעס זאָלען אַרויסטרעטען אין איינשטימונג און פריינדליך צוזאַמען, בעת אין קאַמף פאַר פרייהייט און אַנטקעגען דער רעאַקציע — אינאיינעם מיט דער גאַנצער אָפּאָזיציע. זאָל די פאַראַנט־וואָרטליכקייט פאַר אַן איינצעל־אַרויסטריט, פאַר אַ צושפּאַלטונג פון דער אָפּאָזיציע, פאַלען ניט אויף אונזער גרופּע אין דער דומע. וואָרים עס איז קלאָר, אַז אַזאַ פאַראַנטוואָרטליכקייט וועט זיין אַ שווערער שטיין, אַ מצבה־שטיין, אויף דער פּאַרטיי און ער וועט זי דערשטיקען.

איך האָב שוין אויסגעברויכט מיין צייט, און איך דאַרף נאָך פאַ־נאַנדערקלייבען דעם לעצטען פּונקט. איך וועל זעהן צו זיין קורץ.

מיר ווייזט זיך אויס, אַז די פראַגע וועגען טעראָר אין דעם פּעריאָד פון דער דומע, וואָס האָט אַרויסגערופען אַזוינע לײַדענשאַפטליכע דעבאַטען, האָט זיך גענומען אין אַ גרויסען ערך צוליב אַ מיספאַרשטענדעניש. אייניגע, כלומר׳שט פאַרטיידיגענדיג דעם פאָרשלאַג פון צ. ק., האָבען גערעדט וועגען דער נויטיגקייט אָפּצושטעלען דעם טעראָר, אַנדערע האָבען גערעדט דאַגעגען. אין אמת׳ן אָבער האָט דער צ. ק. קיין פאָרשלאַג וועגען אָפּשטעלען דעם טעראָר ניט אַרייַנגעטראָגען. עס רעדט זיך נאָר, אַז לויט דער מיינונג פון דעם צ. ק. קענען די אומשטענדען זיין אַזעלכע, אַז אין דער נאָהענטער צוקונפט וועט מען דאַרפען אָדער פאַרשטאַרקען דעם טעראָר, אָדער איהם אָפּשטעלען פאַר אַ געוויסער צייט.

אַנטקעגען דער מעגליכער נויטווענדיגקייט צו פאַרשטאַרקען דעם טעראָר רעדט הפנים קיינער ניט. דערפאַר אָבער פאַלט מען אָן לײַדענשאַפטליך אויף דער מיינונג, אַז עס קען זיין נויטווענדיג איהם אָפּצושטעלען אויף אַ געוויסער צייט.

די אַטאַקעס זיינען געווען אַזוינע שטאַרקע, אַז איין רעדנער האָט אפילו אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז ער זעהט בכלל ניט די נויטיגקייט אָפּצושטעלען דעם טעראָר, וואָרים ער קען זיך ניט פאָרשטעלען, אַז אַ טעראָריסטישער אַקט זאָל ווען עס איז זיין אוננוּצליך. ווען מיר הערען אַזוינע רייד, פאַר׳גנב׳עט זיך ניט ווילענדיג דער געדאַנק, אַז אין דער פּאַרטיי נעמען אַנטייל פּערזאָנען, וועלכע זיינען אַהער אַרייַנגעפאַלען על פּי טעות, וואָרים זייער אָרט איז גאָר צווישען די אַנאַרכיסטען. פון ווען אָן איז עס פאַר אַ סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער דער טעראָר געוואָרען אַ זעלבסטגענוגענדער מיטעל, פּאַסיג און ניצליך צו אַלע צייטען און אונטער אַלע אומשטענדען? מיר זיינען אַ פּאַרטיי וואָס דערלויבט טעראָר; אָבער מיר ווייסען, אַז עס זיינען פאַראַן אומשטענדען, אונטער וועלכע ער איז ניט נאָר אוננוצליך, נאָר העכסט שעדליך. יאָ, לאָמיר נעמען אַ בייַשפּיל. איהר געדענקט דעם 14טן פעברואַר, דעם טאָג וואָס באָגאָליעפּאָוו איז דער׳הרג׳עט געוואָרען. דערמאָנט זיך יענעם אונגעהויערען געזעלשאַפטליכען אויפהויב, יענע אַלגעמיינע פרייד וואָס קאַרפּאָוויטש׳עס קויל האָט אַרויסגערופען. וואָס וואָלט אָבער געווען, ווען אַן ענטוזיאַסטישער נאָכפאָלגער קאַרפּאָוויטש׳עס וואָלט גלייך נאָכדעם דערשאָסען וואַנאָווסקי׳ן? איהר געדענקט סאַזאַנאָוו׳ס באָמבע, ווען אין רויך, אין בלוט,

אין געשריי פֿון די געפֿאַלענע שטיקער, איז אונטערגעגאַנגען דער קאָשמאַר פֿון לאַנד — פּלעווע׳ס רעזשים, און די פּאָליטישע באַדייטונג פֿון דעם טעראָריסטישען אַקט האָט זיך אויפגעהויבען אויף דער גרעסטער הויך; שטעלט זיך פֿאַר אַז גלייך נאָכדעם האָט מען געוואָרפֿען אַ באָמבע אונטער סוויאַטאָפּאָלק-מירסקי׳ס קאַרעטע. אָט האָט איהר צוויי אַקטען: אין איין פֿאַל — אומגעהויערע נוצען, אין דעם אַנדער פֿאַל — ניט ווענינער אומגעהייערער שאָדען. דער טעראָריסטישער אַקט פֿון דער פּאַרטיי ס. ר. איז ניט אַ פֿיזישער מאָרד, אַ פֿיזישע פֿאַרניכטונג פֿון דעם מאַכטהאָבער. דער טעראָר האָט פֿאַר אונז אַנאַנדער באַדייטונג, און אפשר איז טאַקע איצט ניט איבעריג צו דערמאָנען און איבער׳חזר׳ן עס קלאָר און דייטליך.

ווען דער געזעלשאַפֿטליכער צאָרן, דער געזעלשאַפֿטליכער האַס קאָנצענטרירט זיך אויף אַ וועלכען עס איז רעגירונגס אַגענט — אַליץ איינס צי אַ הויכער, צי אַ נידעריגער; ווען דערדאָזיגער אַגענט ווערט דער סימבאָל פֿון גוואַלט און דעספּאָטיזם; ווען זיינע מעשים ווערען שעדליך פֿאַר׳ן כלל; ווען דאָס לאַנד האָט ניט קיינע מיטלען ווי צו מאַכען איהם אונשעדליך, און ווען דער פֿאַקט גופא וואָס ער לעבט איז אַ באַליידיגונג פֿאַר דעם געזעלשאַפֿטליכען געוויסען — דאָס עפֿענט די טיר פֿאַר דעם טעראָר, דעם אויספֿיהרער פֿון דעם פּסק, וואָס איז איינגעקריצט געוואָרען אין די הערצער פֿון די באַוואוסטזיניגע בירגער. און ווען די באָמבע רייסט אויף, רייסט זיך אַרויס פֿון דעם פֿאָלק׳ס ברוסט אַ זיפֿץ פֿון דערלייכטערונג. יעמאָלט איז אַלעמען קלאָר: עס איז דורכגעפֿיהרט געוואָרען דעם פֿאָלק׳ס משפּט. קיינע דערקלערונגען זיינען ניט נויטיג, מען דאַרף ניט קיינע פּראָקלאַמאַציעס. דאָס לאַנד האָט געוואַרט אויף דעם משפּט; דאָס לאַנד ווייס פֿאַר וואָס דער טיראַן איז דער׳הרג׳עט געוואָרען; דאָס לאַנד ווייס, אַז ס׳איז ניט מעגליך געווען איהם ניט צו הרג׳ענען, דאָס לאַנד ווייס, אַז נאָר הרג׳ענענדיג איהם האָט מען געקענט ראַטעווען פֿון איהם דאָס פֿאָלק. אָט ווען אַ מאָרד, פֿון וועלכען די מענשליכע נאַטור טרייסעלט זיך בטבע אָפּ, ווערט אַ גרויסער אויפטו, און דער „מערדער" ווערט אַ נאַציאָנאַלער העלד.

דערפֿון אָבער פֿאָלגט נאָר איין שלום: אַ טעראָריסטישער אַקט איז דערלויבט ניט יעמאָלט ווען מען קען עס טאָן, נאָר ווען מען דאַרף עס טאָן, און אַז עס זיינען פֿאַראַן פֿאַלען, ווען די געוואָרפֿענע באָמבע דער׳הרג׳עט ניט נאָר דעם, אויף וועמען מען

האָט זי געוואָרפען, נאָר אויך די אָרגאַניזאַציע, אין וועמעס נאָמען זי איז געווארפען געווארען.

ארויסגעהענדיג פון דער אַלגעמיינער פּאָזיציע איז ניט שווער צו מאַכען דעם ריכטיגען אויספיר בנוגע דעם איינצעל פּאַל, וואָס אינטערעסירט אונז דאָ — צי מען דאַרף אָדער ניט אָנווענדען טעראָר אין דעם פּעריאָד פון דער דומע.

מעג מען אָנפיהרען טעראָר אין אָט דעם פּעריאָד? — יאָ און ניין. יאָ, אויב די דומע וועט ניט מאַכען קיינע ענדערונגען אין לאַנד; יאָ, ווען דאָס לאַנד וועט ניט דערוואַרטען אַז די דומע אַליין קען עפּעס ענדערען. ניין, אויב די דומע, אַ קשיא אויף אַ מעשה, וועט זיך ארויסווייזען צו זיין אימשטאַנד אָנצוהויבען איינפיהרען פּאָליטישע פרייהייט אין לאַנד, וואָס קומט אום פון רעכטלאָזיגקייט. ניין, אויב דאָס לאַנד וועט ניט זעהן קלאָהר די ריכטונג פון דער רעגירונג; אויב די האָפענונגען און די אויפמערקזאַמקייט פון דער געזעלשאַפט וועלען זיך קאָנצענטרירען ארום דער דומע און ארום דעם קאַמף אין דער דומע.

מען זאָגט: צי לאָזט זיך גאָר דענקען, אַז אין איין צייט קען עק־זיסטירען די דומע און דער טעראָריסטישער קאַמף? יאָ, ענטפערען מיר, עס לאָזט זיך דענקען! אויב עס איז מעגליך זיך פאָרצושטע־לען אַ לאַנד וואו עס זיצט אַ פּאַרלאַמענט פון אַ נאַטירליכער קאָנסטי־טוציע, און דאָך באַווייזט זיך די קאָזאַצישע נאַגאַיקע, וואָס דיקטירט אַלע געזעצען און הוליעט איבער די רוקענס פון די „הייליג־אומבאַ־רירבארע" געזעצמאַכער — דאַרף, ווי אַ אומפאַרמיידליכע דערגענצונג צו אַזאַ קאָנסטיטוציע, זיין דער טעראָר. וואו די נאַגאַיקע שמייסט, דאָרט קומט אויך דער רעוואָלווער און די באָמבע.

אַזוי איז געווען, אַזוי איז איצט און אַזוי וועט עס זיין. די געשעהענישען האָבען זייער לאָגיק און אָנטקעגען דער דאָזיגער לאָ־גיק קענען מיר זיך ניט שטעלען. די זאַך ענדערט זיך ניט דורכ־דעם, וואָס אין דומע וועלען זיצען אונזערע דעפּוטאַטען. עס געהט בכלל ניט אין דעם ווער עס זיצט אין דומע, נאָר אין דעם, וואָס קענען די זיצער אין דומע געבען דעם לאַנד. און אונזער טאַקטיק קען זיך אויסדריקען קורץ: ביי אַ גוטער דומע איז אַ שלעכטע באָמבע אַן איבעריגע און העסליכע זאַך; ביי אַ שלעכטער דומע איז אַ גוטע באָמ־בע אַן אומפאַרמיידליכע זאַך.

און אַזוי ווי די שאַרפקייט פון קאַמף העננט אָפּ אינגאַנצען פון

דער רעגירונג, און מיר ווייסען ניט אין דער איצטיגער מינוט וואָס זי פֿאַרמעסט זיך צו טאָן; אַזוי ווי אין יעדען מאָמענט, צוליב די קאָמפּליקאַציעס פֿון דער געשאַפֿענער לאַגע, קען זיך פֿאָדערען, אין פֿאַר־בינדונג מיט דער רעגירונגס פּאָליטיק, אַן ענדערונג אין דער קאַמף־טאַקטיק, אָדער זי צו פֿאַרשטאַרקען, אָדער צייטווייליג זי אָפּצושטע־לען — דאַרף אָט די טאַקטיק אוועקגעשטעלט ווערען אין אַזוינע באַ־דינגונגען, וואָס זאָלען זיין צוגעפּאַסט צו קענען זי שנעל איינרע־גולירען.

דער איינציגער זיכערער מיטעל דערצו איז — אוועקצושטעלען אַלע טעראָריסטישע אַקטען, וועלכע האָבען אַן אַלגעמיינע פּאָליטישע באַדייטונג, אונטער'ן שטרענגען קאָנטראָל פֿון דעם צענטראַל קאָ־מיטעט.

דאָס מיינט, אַז דער צ. ק. קען, לויט דער געענדערטער פּאָלי־טישער לאַגע, אין יעדען געגעבענעם מאָמענט אָפּשטעלען די טעראָ־ריסטישע אַקטען וואָס ווערען צוגעגרייט. דאָס מיינט, אַז די פּאַר־טיי וועט קענען זיך באַשיצען פֿון אומנויטיגע און צוועקלאָזע אַק־טען אין אַ געוויסען מאָמענט.

אָט דער מאַסרעגעל דאַרף זיין אַ צייטווייליגער, ביז עס וועט ענדליך קלאָר ווערען דער רעגירונגס פּאָליטיק; דערנאָך וועט דער טע־ראָר פֿאַררעגיסטרירט ווערען אין די פֿריער אָנגענומענע און באַשלאָ־סענע פֿאָרמען פֿון דער פּאַרטיי.

לאָמיר ניט פֿאַרגרעסערען און ניט פֿאַרקלענערען די באַדייטונג פֿון פֿאָרמירען אונזער גרופּע אין דומע. ווען אין יאָר 1789 האָט לודוויג דער 16טער געסטראַשעט צו צוטרייבען די נאַציאָנאַלע פֿאַר־זאַמלונג, האָט מיראַבאָ זיך געווענדט צו די דעפּוטאַטען מיט די ווער־טער: „בירגער, איהר זיינט היינט די זעלביגע ווי נעכטען — לאָמיר צוטרעטען צו די דעבאַטען". ווען ניקאָלאַי דער צווייטער, וועמעס גורל, קען מען דענקען, וועט זיין דערזעלביגער וואָס לודוויג'ס, האָט דורך אַ קייזערליכען באַפֿעהל צונויפֿגעקליבען די דומע, קענען מיר אויך זיך ווענדען צו אייך מיט דיזעלבינע ווערטער: „חברים, מיר זיינען היינט דיזעלביגע ווי נעכטען — לאָמיר צוטרעטען צו דער אַרבעט"!

יאָ! מיר זיינען היינט דיזעלביגע וואָס נעכטען. אָבער די אומ־שטענדען, די באַדינגונגען אין וועלכע מיר אַרבעטען, קענען מאָרגען זיין אַנדערע — דאַן וועלען מיר האַנדלען אַנדערש. ווען די באַדינ־

גונגען וועלען בלייבען די אייגענע, וועלען אונזערע טעטיגקייטען זיין דיזעלביגע.

חברים! איך וויים, איך וויים גאַנץ גוט, אז די שוידערליכע אומשטענדען פון דער רוסישער ווירקליכקייט האָבען אָנגעצונדען מיט צאָרן און האַס די הערצער פון אַלע עהרליכע מענשען. איך וויים, אז אויב מיר וואָלטען געוואָלט צווינגען די צאַרישע דינער, אונזערע הערשער, אויסצוקויפען זיך פאַר אַפילו בלויז אַ טויזענטען טייל פון די אונענדליכע ליידען און צרות, וואָס זיי האָבען פאַרשאַפט דעם פאָלק, פאַרענטפערען זיך כאָטשע אין קלענסטען גראַד פאַר די גאַנצע ימים אונשולדיגע בלוט און טרערען — וויים איך, חברים, אַז דער גיהנום אַליין וואָלט ניט געקענט צוטראַכטען גענוג גערעכטע שטראָפען און פייניגונגען, וועלכע זיי האָבען גענוג פאַרדינט.

אָבער דאָ היינט וועלען מיר באַהאַלטען טיף אין האַרצען די אַלע געפיהלען. דאָס אַלץ האָבען מיר געלאָזען דאָרטען, הינטער דעם שוועל פון אָט דעם זאַל. דאָ זיינען מיר אונלייִדענשאַפטליכע געזעלשאַפטליכע טוער, וואָס וואַרפען זיך אונטער בלויז דער קאַלטער פאָליטישער אויסרעכענונג. האַרטער ווי שטאָל און קעלטער ווי שטיין זאָלען היינט זיין אונזערע הערצער, און ביים באַשליסען די פראַגען לאָמיר זיי אונטערוואַרפען צו דער שטים פון איבערלייגונג. פאַר דעם געפיהל פון נקמה טאָר דאָ קיין אָרט ניט זיין.

גרויס איז אונזער פאַראַנטוואָרטליכקייט צו די וואָס האָבען אונז געשיקט, אויב מיר וועלען זיך פיהרען לויט דעם לאָזונג פון אונזער צוזאַמענפאָהר — שטאַרבען עהרליך און קלוג.

די שאַנד פון דער מענשהייט — די צאַרישע זעלבסטהערשאַפט און די פריצישע עקספּלואַטאַציע וועלען מיר צוברעכען, אָבער לאָמיר עס אַזוי צוברעכען, אַז צווישען די ברוכשטיקער און אונטער דעם דערשטיקטען מאָנסטער זאָל ניט צוטראָטען ווערען אונזער פאָהן. אויף די חורבות פון רעכטלאָזיגקייט און אונטערדריקונג וועלען מיר אויפהויבען אונזער ניט־פאַרפלעקטע רויטע פאָהן פון דעם רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם. (האַרציגע און דויערענדיגע אפּלאָדיסמענטען).